



ניו־יאָרק, נ. י.

תשט״ו — 1955

# GENERATIONS OF YESTERYEARS

## Amolyke Doiros

by ELIEZER KUPERMAN



צייכנונגען פון

**הערדי דאַניעלס**

(הערשל דאַנילעוויטש)

*Printed in the U.S.A. by*

SHULSINGER BROS. LINOTYPING AND PUBLISHING CO.

21 East 4th Street, New York 3, N. Y.

253

# הקדמה

עס איז דוכט זיך נישט בנמצא קיין איין אַסטראָווצער איד, וואָס האָט פון דאָרט אויסגעוואַנדערט מעבר לים זינט דעם אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט ביז די צוואַנציקער יאָרן, וועמען עס זאָל נישט נאָכגיין אין זכרון דאָס געשטאַלט פונעם אַסטראָווצער רב און רבין, ר׳ מאיר יחיאל זצ״ל.

די דאָזיקע זעלטענע פּערזענלעכקייט איז געווען אַ חד בדרא נישט בלויז צוליב זיין גאונות. בעיקר איז ער אַזוי באַליבט געוואָרן צוליב זיין פּשטות און פאַלקסטימלעכער צדקות; צוליב זיין מענטשן־ליבשאַפט און דורכן אייגנאַרטיקן דרך פון מילדערן אפילו דעם הלכהשן דין לטובת דעם מענטשלעכן יחיד. זיין תורה האָט אַלעמאָל געמוזט שטימען מיט יושר און רחמים.

אויך איך, זיין בן־עיר און תלמיד ייִנגערהייט, האָב זיך זינט 1910 ביז היינט נישט געקענט באַפרייען פון דער תשוקה אים צו געשטאַלטיקן ליטעראַריש לויט מיינע כוחות. אָבער דאָס טאָג־טעג־לעכע לעבן האָט מיר נישט געגעבן די געהעריקע מעגלעכקייטן זיך אָוועקצוזעצן בכובד ראש און איך האָב עס דערפאַר אָפּגעלייגט ביז אַצינד. איך האָב עס אָבער געפילט אויף זיך אַזויווי אַ מין נדר, וועלכן איך פּרוּוו דאָ איצט מקיים זיין.

איך האָב די לעצטע יאָרן געלעבט אין דער שווייץ, אין דעם הערלעכן פראַנצויזיש־שווייצאַרישן שטעטל ניו־שאַטעל, אויפן וועג צווישן באַזל און גענף. דאָס פּרעכטיקע שטעטל איז געבויט אין דער פאָרם פון סימעטרישע טעראַסן, צווישן די פאָדער־אַלפּנדיקע יורא־בערג און די פענסטער פון די הייזער שפּיגלען זיך דאָרט אין די כוואַליעס פונעם גרעסטן שווייצער טייך, דעם „ניושאַטלער זעע״.

דאָרט, אין די כישופדיק־זילבערנע לבנה־נעכט, אָדער ביים צונ־טער־פייערדיקן זון־אויפגאַנג, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן אויך פון טיפן טייך אַרויס, האָב איך גאָר אָוועקגעוואַנדערט אין חלום צו יענעם מקור פון מיין קינדהייט. אין די העלע פאַרנאַכטן, ווען די ווייס־לויטערע שניי־בערג פון די בערנער אַלפּן ווערן באַלויכטן פון זון־אונטערגאַנג און זעען אויס ווי פאַנטאַסטיש־גאָטישע, אַלט־ריטער־לעכע שלעסער, האָב איך זיך ווידער פאַרשפּינט מיט מיינע יוגנטלעכע

בענקשאַפטן און זיי אַזויווי אַרויסגעצויבערט פון די בערג. מעגן זיי איינגעדייט ווערן צווישן דיכטעריש־טרוימערישע וויזיעס? ווער ווייסט.

איך האָב דאָרט אויסגעחלומט די מערסטע געשטאַלטן, וועלכע ווערן אַריינגעבראַכט אין דאָזיקן בוך מיינעם און דאָ, אין ניו־יאָרק, האָב איך פאַרענדיקט מיין חלומות־יצירה. עס איז מעגלעך, אַז ווען איך זאָל געווען אַרבעטן איבער מיין ווערק נאָך עטלעכע יאָר, אַזויווי איך האָב עס געפּלאַנט, וואָלטן אַ סך אַריינגעגעבענע דערציילונגען דערגרייכט זייער געהעריק־קינסטלעריש שלימות. איך האָב זיך אָבער דערמאָנט אין דעם פּסוק פון פרקי אבות: ואל תאמר לכשאפנה אשנה, שמא לא תפנה...

דאָס האָט מיך פּשוט געטריבן צום פיבערדיקן פיקסירן מיינע געשטאַלטן — און בעיקר די מעכטיקע פיגור פונעם אָסטראָווצער צדיק, וואָס גייט אַדורך כמעט איבער אַלע דערציילונגען פונעם דאָזיקן בוך.

איך ווייס דערביי, אַז צו זיין ליכטיקער געשטאַלט — וויפיל אָרט און וויזיע איך האָב אים נאָר אָפּגעגעבן אין מיינע שילדערונגען — וועט מען זיך נאָך מוזן אומקערן. איך האָב אָבער דערוויייל געטאָן דאָס מייניקע.

איך וויל דאָ אויך אויסדריקן מיין האַרציקן דאַנק דעם קינסטלער־פּראָזאאיקער מ ע נ ד ל מ אַ ן פון תל־אביב, ישראל, פאַר זיין דערמוטיקן מיך שרייבעריש נאָכן איבערלייענען מיין ערשטע דער־ציילונג „ר' איטשל שוסטער". זיין בריוו מיט די וואַרעמע ווערטער פון לויב האָבן מיך סטימולירט צום ווייטערדיקן שרייבן און אַרויס־געבן מיין ערשט בוך, וואָס ליגט דאָ פאַרן לייענער.

**אליעזר קופּערמאַן**

ניו־יאָרק, יאַנואַר 1955.

# אינהאַלט:

# ר׳ איטשל שוסטער

איטשל שוסטער איז געווען אַ נידעריקער, אַ ברייטער, מיט אַ גרויסן קאָפּ און קליינע, לאַכנדיקע אויגעלעך, וואָס מען האָט זיי קוים אַרויסגעזען פון צווישן דער געדיכטעניש פון זיינע באָרד און פאות און די שאַרפע ברעמען.

הגם איטשל שוסטער האָט קוים געקענט דאַווענען, האָבן אים פונדעסט־וועגן קינד און קייט און אַפילו די עלטסטע באַלעבאַטים און די גרעסטע לומדים גערופן נישט אַנדערש ווי נאָר „רבי איטשל״.

ר׳ איטשל האָט געוואוינט אין אַן אָרעם קעלער־שטיבל אין שול־געסל. און כאָטש דאָס איז געווען אי זיין דירה און אי זיין וואַרשטאַט, האָט עס זיין ווייב, איטע לאה, תמיד געהאַלטן ריין, ציכטיק. דאָס איינציקע פענסטער, וואָס איז געווען נידעריק, כמעט ביים סאַמען טראָטואַר, פלעגט ווינטער־צייט, ווען מען האָט דערויף אַרויפגעזעצט די טאָפּל־פענצטער, זיין באַצירט מיט וואַטע, אָנגעשניטענע צאַצקעס און רויטע, ערדענע בלומען־טעפּלעך מיט פאַרשיידנפאַרביקע בלימעלעך.

ר׳ איטשל פלעגט אויפשטיין כעלות־השחר: זיך וואַשן די הענט, דאָס באַוואַקסענע פּנים, זיך געווישט מיטן לייוונטענעם האַנטוך און געזאָגט די ברכה: על נטילת ידים. דערנאָך האָט ער זיך צורעכט געמאַכט זיין שוסטער־בענקעלע; די כלים אויף זיין נידעריק שוסטער־וואַרשטאַטל; פאַרצויגן אַ שטיוול אויף אַ קאָפּיטע; אַריינגעוואָרפן אין מויל אַריין אַ גאַרשטש שטיפטן; מיט דער לינקער האַנט האָט ער אַרויסגענומען פון צווישן זיינע ליפּן איינצלנע שטיפטלעך, און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער ריטמיש זיי אַריינגעקלאַפּט מיט זיין העמערל; און שטיל, אַז ער זאָל נישט אויפוועקן זיין ווייב, האָט ער זיך אונטערגעברומט פאַרשיידענע ניגונים׳לעך — אַ חזנישן „ובמקהלות רבבות״; אַ ימים־נוראים׳דיקע תפילה; אָדער גאָר אַ פּויליש לידל פון דער „קראַקאָווסקע וועסעלע״, וואָס האָט זיך ביי אים אין זיכרון נאָך פאַרוואַלגערט פון זיינע יונגע יאָרן.

ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, האָט ר׳ איטשל זיך אויפגעהויבן פון זיין שוסטער־בענקעלע; זיך נאָכאַמאָל אַרומגעוואַשן כדבעי; זיך אויף די שפּיץ פינגער געפּאַרעט ביים שענקל: — פאַר זיך האָט ער אָנגעגאָסן אַ גלעזעלע ביינציקער אָקעוויט, פאַר דער קאַץ, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „דאַרע פאָדעשווע״, אַ טעלערל מילך. דערנאָך האָט ער גענומען דעם טלית־און־

תפילין, דעם אַלטן כל־בו־סידור, און געלאָפן אין אַלטן בית־המדרש אַריין צום דאַוונען.

גלייך ווי אידן אין בית־המדרש האָבן אים נאָר דערזען, האָבן זיי אים אַנטקעגנגעטראָגן אַ וואַרעמען „גוט מאָרגן, רעב איטשל״. אַלע האָבן זיך צע־רוקט, געמאַכט אים פּלאַץ, יעדער האָט אים געוואָלט האָבן לעבן זיך.

צוויי אידן זיינען געווען אין שטעטל, אַרום וועלכע עס האָבן זיך, נאָכן אינדערפריאיקן דאַוונען, און אין אָוונט, בין מנחה למעריב, אַרומגעזאַמלט רעדלעך אידן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן: מאיר סרולעס — אַ שטיקל חזן, אַ שטיקל משכיל, וואָס האָט געלייענט העברעאישע ביכער, געקענט תנ״ך אויף אויסנווייניק און געווען אַ גרויסער פּאָליטיקאַנט; און ר׳ איטשל שוסטער.

מאיר סרולעס פלעגט דערציילן נייעסן פון דער מלחמה צווישן טערק מיט „פאָניע גנב״; מעשות פון דער ענגלישער מלכה מיט איר אידישן מיניסטער, דעם שני־למלך, דיזראַעלי; ווי אַזוי ער האָט געקראָגן פאַר ענגלאַנד די דאַר־דאַנעלן, און נאָך אַזעלכע וועלט־וואונדער. ער האָט אויך ליב געהאַט צו דערציילן וועגן ראָטשילדן און זיין פאַרמעגן; וועגן משה מאָנטעפיאָרע, וואָס נעמט זיך אָן פאַר אידן און וואָס פאַר אים זיינען אָפן אַלע טירן פון די קעניג־ליכע פּאַלאַצן און ער פועל׳ט אויס טובות פאַר אידן און הויבט זייער חשיבות אין דער וועלט. אידן אין בית־המדרש האָבן אויפגעשטעלט מויל און אויערן אים צו הערן, זיך צו דערוויסן וואָס עס טוט זיך אויף גאָטס גרויסער וועלט.

ר׳ איטשל שוסטער ווידער, פלעגט דערציילן גאַנץ אַנדערע מיני מעשות. צו זיינע מעשות האָט זיך מייסטנס צוגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם דער פּראָסטער עולם. מיט זיין חכמה, גוטסקייט און פריילעכע הלצה׳לעך, איז ר׳ איטשל געוואָרן זייער עצה־געבער, טרייסטער און אויפמונטערער. ער האָט זיי דערציילט מעשה׳לעך וועגן אינדישע פּרינצן און פּרינצעסינס, וואָס באַזיצן אַזעלכע מיני גאָלדענע שיכלעך, וואָס הויבן זיי אויף און טראָגן זיי איבער וואוהין זיי דאַרפן, אונטער די וואָלקנס, אונטער די הימלען; וועגן זייערע היילן און פאַרבאָרגענע פּאַלאַצן, געבויט פון ריינעם גינגאָלד, געפוצט מיט העלפאַנט־ביין, געפּאַסט אין שמאַראַגדן, רובינען און אַנדערע איידל־שטיי־נער, וואָס שימערירן, לייכטן און פאַרבלענדן די אויגן אַזוי, אַז עס איז אומ־מעגלעך אין זיי אַריינצוקוקן; ער האָט אויך פאַר זיי געשילדערט די פּראַכט פון גן־עדן און די שרעקלעכע עינויים קשים פון גיהנום; דערציילט וועגן יצר־הרע, דעם שטן־מקטרג, וואָס רעדט אָן אידן צו שלעכטס; וועגן שדים, רוחות און כל מיני שרעטעלעך, וואָס פאַרפירן אידן אין וועג, טוען אָפּ כל מיני הלצות, שפּיצלעך, און ווערן דערנאָך נעלם און מען ווייסט קיינמאָל נישט וואו זיי זיינען ערגעץ אַהינגעקומען. און פאַרענדיקט האָט ר׳ איטשל אַלעמאָל

די מעשיות זיינע מיט אַ קלוגן מוסר־השכל וואָס מען דאַרף זיך דערפון אָראָפּ־לערנען, אַז גאָט ברוך־הוא׳ס שטראָף מיידט קיינמאָל נישט אויס די רשעים, און אַז דער שכר פון חסד, רחמים און עולם־הבא איז אָנגעברייט פאַר די גאָטפאָרכטיקע און צדיקים — — —

שטאַרק ליב געהאַט האָבן די פּראָסטע אידן, בעלי־מלאכות, ר׳ איטשלס מעשות וועגן אליהו־הנביא און די למד־וואָו צדיקים. ער האָט זיי געשילדערט אַזוי, אַז זיי זיינען אַרויסגעקומען ווי מענטשן פון פאָלק, כמעט די זעלביקע ווי די אידן גופא, וואָס האָבן זיך צו זיינע מעשות צוגעהערט. ער האָט אפילו אָפט, ברמיזא, אָנגעוואונקען אויף עמעצן פון די בני־העיר. האַלב־שפּאַסיק און האַלב־ערנסט האָט ער אַמאָל געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז דער און דער איז פון יענע זעקס־און־דרייסיק און ער האָט גלייך צוגעגעבן:

— אָבער דאָס איז נישט פאַר מיינע כוחות אים צו פּאַקן ביי דער האַנט. צו אַזאַ זאַך דאַרף מען ראוי זיין. מען דאַרף זיין אַ פּשיסכער — אַ איד־הקדוש. — — —

און ביסלעכווייז האָט מען ר׳ איטשלס מעשיות אָנגעהויבן מצרף צו זיין מיט ר׳ איטשלען אַליין. זיין התנהגות, זיין גוטסקייט, זיין גאָטספאָרכטיקייט און זיינע מעשים־טובים זיינען געוואָרן איינגאַנצן ענלעך צו די וואָס ער פלעגט דערציילן וועגן אליהו הנביא און די למד־וואָוו׳ניקעס, די נסתרים. און מען האָט וועגן אים אַליין אָנגעהויבן דערציילן איינער דעם אַנדערן אויסטערלישע זאַכן: וועגן אַן אָרעמען קלעזמער, וואָס האָט געצויגן חיונה פון שפּילן אויף זיין קלאַרינעט אויף די מערק, אויך אַמאָל אויף אַ חתונה מיט דער שטאָטישער קאַפּעליע, און פון דעם וואָס פורים פלעגט ער אַרומגיין צו די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים, זיי אָפּשפּילן, און זיך אַזוי אַרום פאַרדינען אויף פּסח. מאַכט זיך אַ מעשה, און עס געשעט מיט דעם אָרעמען איד אַ מכשול: ווינטער, אין אַ גליטש, פאַלט ער און צוברעכט די כלי־זמר פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין אָרעם אויסקומעניש — דאָס קלאַרינעטל. און דאָ שטעלט זיך פונקט אין שטעטל דער גרויסער, דריי־טאָגיקער יריד; אויך קומט גראָד אונטער אַ חתונה, און עס רוקט אָן דער פורים. אָן זיין קלאַרינעט, וואו וועט ער נעמען אויף פּסח? — — —

זיינע חברים, די קלעזמאָרים, נישט נאָר האָבן זיי מיט אים נישט געהאַט קיין מיטלייד, נאָר זיי האָבן נאָך אָפּגע׳חוזק׳ט פון זיין אומגליק:

— קלעפּ אים צו מיט ניכטערן שפּייעכץ — — —

איז דער קלעזמער, אַ צעבראָכענער, אַריינגעפאַלן צו ר׳ איטשלען און פאַר אים אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ. האָט אים ר׳ איטשל, מיט זיין אייביקן שמייכל און בטחון, געטרייסט:

— זאָרג זיך נישט, שאַיעלע, אַ געפּאַלענעם העלפט גאָט! — און ער האָט אים אָנגעגאָסן אַ גלעזעלע בראָנפן: — לחיים, שאַיעלע! נישקשה, עס איז דאָ אַ גוטער גאָט אויף דער וועלט, וואָס איז מפרנס יעדע באַשעפעניש, שפּייזט אַפילו אַ וואָרעם אונטער דער ערד, וועט ער דיך אויך נישט פאַרלאָזן! — און ער האָט אים צונויפגעקלעפּט דעם צעבראָכענעם קלאַרנעט מיט זיין שוסטער־קליי און געזאָגט — גיי אַרויס, שאַיעלע, אויפן יריד און שפּיל, אַז דו וועסט ווערט זיין ביי זיין ליבן נאָמען, קענסטו מיט אָט דעם צעבראָכענעם קלאַרנעט אויך געהאָלפן ווערן. ביי גאָט ברוך־הוא איז אַלץ מעגלעך! — — —

דער קלעזמער האָט ר׳ איטשלען געפאָלגט. איז אַרויס אויפן יריד. גע־שפּילט אויף דעם צעבראָכענעם קלאַרינעטל. און ער איז אַליין פאַרחידושט געוואָרן. די צעבראָכענע, צונויפגעשטוקעוועטע כלי האָט גאָר אַרויסגעבראַכט זעלטענע טענער. עס האָט זיך אַרום אים אַרומגעקליבן אַן עולם. זיי האָבן ווי פאַרכישופטע זיך צוגעהערט צום שפּילן און אים צוגעוואָרפן מטבעות. און פּלוצים האָט זיך גאָר צווישן דעם עולם פּוי׳ערן באַוויזן אַן אַלטער מאַן, וואָס פריער האָט מען אים קיינמאָל דאָ אויפן יריד נישט געזען, און ער האָט דעם קלעזמער געגומען צוואַוואַרפן גרויסע געלטער — זילבערנע מטבעות און גילדענע רענדלעך — — —

און פאַרענדיקט האָט מען כמעט תמיד דידאָזיקע מעשה מיט די ווערטער:

„— — — און ווען שאַיעלע קלעזמער וואָלט זיך נישט געווען אָפּגע־שטעלט פון שפּילן, און וואָלט נישט געווען אויסגעשריגן: „אוי, דאָס איז דאָך נישט קיין פשוטער פּויער, דאָס איז דאָך אליהו־הנביא!" וואָלט ער געווען געקאָנט זיין אַ געהאָלפּענער אויף זיין גאַנץ לעבן, פאַר זיך, פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער" — — —

מען האָט אויך דערציילט וועגן איטשלען, אַז איינמאָל איז אַ קצב, אַ קל, אַ נישט־אָפּגעהיטער אין אידישקייט, אַרום האַלבער נאַכט גראָד פאַרבייגע־גאַנגען די שול, האָבן אים די מתים אויפגערופן צו דער תורה. איז דער קצב אַ דערשראָקענער, מער טויט ווי לעבעדיק, ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, געלאָפן צום רב פרעגן אַ שאלה, ווי אַזוי ער זאָל זיך נוהג זיין. אויפן וועג, האָט ער אָנגעטראָפן ר׳ איטשלען. האָט ער אים דערציילט וואָס עס איז אים אָקאָרשט צו האַנט געקומען. האָט ר׳ איטשל צו אים געזאָגט:

— דו דאַרפסט נישט מטריח זיין דעם רבין, ער זאָגט איצטער חצות, זיי אים נישט מבטל. נאַדיר מיין שטעקן, גיי, וועק אויף דעם שמש, זאָל ער דיר אויפשליסן די שול; מאַך די ברכה איבער דער תורה; הער אויס ס׳לייענען די פרשה; מאַך די צווייטע ברכה, און גיי אַרויס פון שול מיט הינטער־טריט

און זאָלסט זיך, למען־השם, נישט אומקוקן — וועט עס אַדורכגיין אָן שום מכשול.

און אַזוי איז געווען, דער קצב איז ניצול געוואָרן און איז אַרויס פון שול בשלום — — —

אַזוי איז אויסגעוואַקסן ר׳ איטשלס נאָמען אין שטאָט, און ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין בית־המדרש, אָדער ערגעץ אַנדערש צווישן מענטשן, האָט מען אים באַגעגנט מיט גרויס דרך־ארץ און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, און אַפילו דער רב אַליין, וואָס איז יומם־ולילה געזעסן און געלערנט און זיך נישט פאַרגונען קיין מינוט, כדי חלילה נישט נכשל צו ווערן אין ביטול־תורה — האָט ר׳ איטשלען שטאַרק מקרב געווען; זיך צוגעהערט צו זיינס אַ מעשהלע, אַ חכמהלע, אַ גלייכווערטל, און דערפון שטאַרק הנאָה געהאַט.

***

אַז ר׳ איטשל איז געקומען אויף דער עלטער, זיינע פּלייצעס זיינען גע־וואָרן געבויגן און ער האָט שוין מער נישט געקאָנט זיצן אויף זיין שוסטער־בענקעלע און אַרבעטן, האָט ער אויפגעגעבן זיין קעלער־שטוב אין דעם שול־געסל, זיין שוסטעריי, זיך געדונגען אַ קליין אַלקערל, ביי יענעם, פאַר אַ שיבוש דירה־געלט, און באַשלאָסן זיך מפרנס צו זיין פון גיין איין מאָל אין דער וואָך איבער די הייזער נאָך נדבות פאַר זיך און זיין אידענע.

אַז דער רב האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם וואָס ר׳ איטשל פּלאַנט דאָ צו טאָן, האָט ער אים דערפון אָפּגערעדט, און אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין זען אַז מען זאָל פאַר אים באַזאָרגן אויף אַ בכבודיקן אופן, פון מתן־בסתר, אויף אַלע זיינע הצטרכותן. אָבער ר׳ איטשל האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט:

— רבי, אַ שיינעם דאַנק אייך. אָבער איך וויל נישט ווערן קיין בעל־מיוחס אין שטאָט. איך, איטשל דער שוסטער, האָב זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען אַרויסצוגיין יעדן פרייטיק איבער די הייזער און נעמען פון אונזערע בעלי־בתים וויפיל זיי קענען מיר געבן. איך וויל נישט זיין מער יחסן, ווי אַ שטייגער, דער אַלטער, בלינדער, מאיר סטאָליער און נאָך אַזעלכע בכבודיקע אידן, גע־וועזענע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן אויף דער עלטער געמוזט קומען אויף דעם ברויט. פאַרקערט, איך דאַנק און לויב דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס ער האָט מיך אויף דער עלטער געלאָזן מיט אַ פאָר געזונטע פיס און אָן אַרומגערינגלטן מיט, קיין עין־הרע, אַ שטאָט מיט גוטע, טייערע אידן, מיט וועלכע איך און מיינע אָבות־אבותי האָבן דאָ געלעבט. — און ער האָט, ווי זיין שטייגער, גע־שמייכלט און געהאַט שוין דערויף אַ גלייכווערטל: — עס מאַכט נישט אויס, רבי, איך האָב זיך אַזויפיל יאָרן מפרנס געווען פון מיינע הענט, וועל איך אין

די לעצטע פּאָר יאָר, וואָס איז מיר נאָך פאַרבליבן צו לעבן זיך מפרנס זיין פון מיינע פּיס. ביז איצטער פון יגיעת־כפּים, וועט פון אַצינדערט אָן זיין פון יגיעת־רגלים! — — —

***

דעם ערשטן פרייטיק נאָך סוכות, באַלד נאָכן אָפּדאַוונען מיטן ערשטן מנין, האָט ר׳ איטשל זיך אַרויסגעלאָזן איבער די הייזער נאָך נדבות.

דער טאָג איז געווען אַ האַרבסטיקער, אַ קילער, אַ נעפּלדיקער; אַ דריב־נער רעגנדל האָט געשמיצט אין פּנים און באַשווערט דאָס גיין; ר׳ איטשל אָבער איז געגאַנגען מיט אַן אַרויפגעהויבענעם קאָפּ. ער האָט זיך געפילט ווי אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, וואָס האָט ערלעך אָפּגעדינט זיין צייט, און איצט איז ער, עלעהיי ביי מלכות, ביי זיין עדה אידן אויף אַ מין עמעריטור. נישט, חלילה, קיין קיצבה וועט דאָס זיין, נאָר אַ מין פּענסיע, אַ „זשאַלאָוואַניע״. אַט פּאָר די אַלע אידן האָט ער דאָך אַזויפיל יאָרן געגנייט שטיוול; געלייגט האַלבע פּאַדעשוועס, קנאַפּליעס, לאַטעס; אַז עס זאָל אידן נישט אַריינרינען; זיי זאָלן זיך, חלילה־וחס, נישט פאַרקילן. און ער האָט זיי קיינמאָל, חס־ושלום, נישט איבערגעריסן מיטן פּרייז. אַז עמעצער האָט גראָד נישט געהאַט צו באַצאָלן, האָט ער אים, חלילה־וחס, אויך נישט געלאָזט גיין באָרוועס. די גרעסטע בעלי־בתים, די גרעסטע לומדים, זיינען געווען זיינע קונים. אַפילו דער רב אַליין אויך — — —

ר׳ איטשל האָט זיך צוגעקוקט צום שטעטל. דער בלאָער טייך איז געווען האַרבסטיק־שוואַרץ; די הויכע טאָפּאָל־ביימער, ביי די ברעגעס, זיינען געשטאַ־נען נאַקעטע, פאַרחלומטע; זייערע נאַקעטע צווייגן האָבן אַרויסגעשטאַרצט, ווי די דאַרע פינגער פון אַ שווינדזיכטיקן.

צוערשט איז ר׳ איטשל אַריינגעגאַנגען אין די געוועלבער פון מיטן מאַרק. באַלד ביי די ערשטע באַגעגענישן מיט זיינע בני־עיר, האָט ער דערזען אַז ער האָט זיך נישט אָפּגענאַרט אין זיין גלויבן, אין זיין פאַרטרויען צו מענטשן. איטלעכער האָט אים אויפגענומען בסבר פּנים יפות. אַז ער איז אַריינגעקומען צו פריזוע שאַיעס אין ווייַן־געשעפט, האָט זי, די גבירטע, די מיוחסת, זיך פאַר אים אויפגעשטעלט; אַנטקעגנגעטראָגן אים דעם פיינעם „גוט־מאָרגן״; דערלאַנגט אים אַ גאַנצן קופּערנעם צענער און אים נאָך צוגעוואונטשן אַ גוטן שבת. דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי רבקהלע אשר הערצ׳ס — זי האָט אים אויף אַ זייער בכבודיקן אופן דערלאַנגט אַ זעקסער. איז ער אַריינגעקומען צו ר׳ פינטשע, דעם פּראָפּינאַטאָר, האָט ער אים נאָך צו דער נדבה מכבד געווען מיט אַ גלעזעלע בראָנפן און אַ מאָן־קיכל צום פאַרבייסן. איז ער צוגעקומען

צו פייגעלע באַזעכאַווערס הויז, איז זי גראַד נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען, אין איר שיינער בריטשקע מיט די צוויי קאַרע פערד, פון אונטערוועגס, וואו זי פאָרט אַרום די גאַנצע וואָך האַנדלען מיט די שררות. איר משרת און אַנטריי־בער, דער לאַנגער אהרן, איז נאָך געשטאַנען מיט דער בייטש אין האַנט און אים דערציילט וועגן די יאַזדעס זיינע מיט דער באַלעבאָסטע איבער די פּריצישע פאָלווארקן און הויפן. זי, פייגעלע אַליין, איז אים אַקעגנגעגאַנגען; אים אַריינגעבעטן אין שטוב אַריין; זיך ביי אים נאָכגעפרעגט וועגן די פּאַר־לויפענישן אין משך פון דער וואָך אין שטאָט. זי האָט אים אַריינגעפירט צו איר מאַן ר׳ נתנ׳ען, דעם גרויסן לערנער און אַלעקסאַנדער חסיד, וואָס מישט זיך נישט אין די געשעפטן און וויסט רעכט נישט וואָס עס איז אַזוינס אַ צורת־מטבע, נאָר ער זיצט יומם־ולילה און לערנט. ער האָט אים געבעטן זיצן, אָבער ר׳ איטשל האָט זיך נישט געוואָלט אָוועקזעצן, נישט געוואָלט ר׳ נתנ׳ען מבטל זיין פון לערנען, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ הלצהלע:

— זיך זעצן?! וואָס רעדט איר עפּעס, ר׳ נתן?! ביי מיר איז דאָך היינט אַ מינוט אַ רענדל! — — —

און צום היימישסטן האָט זיך ר׳ איטשל געפילט ווען ער איז אָנגעקומען אין דענקעווער געסל, וואו עס וואוינען די אָרעמע קרעמערס, פּשוטע בעלי־מלאכות, דאָרפס־לייפערס, בעלי־עגלות און טרעגערס. אַז ער איז אַריינגעקו־מען אין יענע שטיבער, האָט ער זיך ווידער געפילט ווי אַמאָל, ביי זיך אין דער היים. זיינע מענטשן; זיין געזאַנג; זיין פרייד און זיין טרויער.

מען האָט אים אומעטום אויפגענומען מיט גרויס גוט־ברודערשאַפט. מען האָט אים אומעטום געוואָלט מיט עפּעס מכבד זיין. טייל האָבן געשטעלט פלעשלעך בראָנפן מיט פאַרבייסעכצן; די באַלעבאָסטעס האָבן אים געוואָלט געבן צו פאַרזוכן פון זייער שבתדיק געבעקס; פון זייערע פריש־אָפּגעקאָכטע פיש; אָבער ער האָט זיך דערפון אַרויסגעדרייט מיט אַ ווערטל, אַ הלצהלע:

— מ׳עט שוין עסן און טרינקען צוזאַמען, אם ירצה־השם, פורים! — — —

דער איינציקער ביי וועמען ר׳ איטשל פלעגט זיך יאָ צוזעצן און אָפּרוען אַביסל, איז געווען אברהמעלע שוסטער. ער איז געווען זיינער אַ ידיד נאָך פון די קינדער־יאָרן. זיי זיינען ביידע געווען לערן־אינגלעך ביי שאַיע פּיוולען, וואָס איז שוין לאַנג אויפן עולם האמת. זיי פלעגן זיך ביידע אַדורכ־שמועסן; זיך אויספרעגן איינער דעם אַנדערן ווי עס לעבט זיך זיי היינט, און זיך דערמאָנען אָן אַ שיעור מעשיות און פּאַסירונגען פון זייערע קינדער־יאָרן; פון אַמאָליקע צייטן; ביז ר׳ איטשל האָט זיך געכאַפּט אַז דער שבת רוקט אָן, האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין אַלטן גוטן פריינט און אַהיימגעגאַנגען.

אַהיימגעקומען צו זיך אין אַלקער, האָט ער שוין געטראָפן זיין איטע

לאהן כמעט אַן אָפּגעפּאַרטיקטע מיטן שבת מאַכן; דעם אַלקער, אַן אויפֿ־גערוימטן לכבוד שבת.

ר׳ איטשל האָט אַרויסגענומען פון די קעשענעס אַלע זיינע קופּערנע מטבעות, זיי איבערגעגעבן דעם ווייב און ביידע זיינען געווען צופרידן, וואָס דער וואָס לעבט אייביק און אויך זייערע בני־עיר פאַרלאָזן זיי נישט אויף זייערע עלטערן יאָרן און זיי וועלן האָבן זייער אויסקומעניש פאַר דער קומענ־דיקער וואָך, אויב השם־יתברך וועט נאָר שענקען דאָס לעבן.

***

אָבער לאַנג איז ר׳ איטשל איבער די הייזער נישט געגאַנגען. דעם זעלביקן ווינטער איז ער קראַנק געוואָרן; געוואָרן פאַרשוואַכט און וואָס אַ טאָג אַלץ שוואַכער, ביז ער האָט שוין מער פון בעט נישט געקאָנט אַראָפּגיין.

דער אַלטער פעלדשער בולאָק — וואָס כאָטש ער האָט געטראָגן אַ קורצן ראָק און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק, איז אָבער געווען אַ גוטע נשמה, האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ און אָרעמעלייט פלעגט ער היילן אומזיסט און אָפּט זיי נאָך איבערגעלאָזן אַ פּאָר גראָשן — האָט ר׳ איטשלען איינגעגעבן פּראָש־קעס; געשטעלט אים טרוקענע און געהאַקטע באַנקעס און פּיאַווקעס; אָבער ער האָט אפילו נישט געקאָנט מער באַוועגן מיט די הענט און זיין פנים האָט גע־קראָגן דעם אויסזען פון אַלטן פּאַרמעט.

די חברה „ביקור חולים" האָט געשיקט אַלע נאַכט אַן אַנדערן צו וואַכן ביים חולהס בעט. זיי האָבן מיטגעבראַכט פאַרן שלאָפן ציטרינען, פּאָמעראַנצן און נאָך אַזעלכע דערלאַבעכצער, אויף אונטערצולענען און דערהאַלטן ר׳ איטשלס אָפּגעצערטן גוף.

יעדן טאָג זיינען ר׳ איטשלען געקומען מבקר־חולה זיין די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט, און די שענסטע באַלעבאָסטעס האָבן געטראָגן יאַיכלעך און גריצלעך צו איטע לאהן, אויף צו שטאַרקן און דערכאַפּן איר קראַנקן מאַנס אָפּגעשוואַכט האַרץ.

אַפילו דער מרא־דאתרא, דער רב, ר׳ מאיר יחיאל אַליין, בכבודו ובעצמו, איז יעדע וואָך געקומען ר׳ איטשלען מבקר־חולה זיין, און האָט איבערגעלאָזן, ביים אַוועקגיין, אויפן שענקל עטלעכע קערבלעך, אויף דער וואָך חיונה.

אַז עס איז שוין געוואָרן מיט ר׳ איטשלען גאָר שלעכט, האָט מען גע־ברענגט צום קראַנקן דעם פאַרפוילישטן, אידישן דאָקטאָר מאַלינגער. ער האָט אים פאַרשריבן פלעשער רפואות, וואָס מען האָט געלאָזט מאַכן ביים גויעשקן אַפּטייקער, זשאַקאָווסקי.

ביים אַרויסגיין, איז איטע לאה, אַ באַצערטע, דעם דאָקטאָר נאָכגעגאַנגען, אים געקושט די האַנט:

— הער דאָקטאָר, וואָס זאָגט איר עפּעס? — — —

האָט דער דאָקטאָר מאַלינגער פאַרקנייטשט זיין קליין, דאַר פּנימל, געקוועטשט מיט די שמאָלע אַקסל און געענטפערט אויף פּויליש:

— איין גאָט ווייסט.

האָט שוין איטע לאה פאַרשטאַנען אַז עס האַלט נעבעך מיט איר איטשלען שוין זייער שמאָל, איז זי, מיט עטלעכע שכנות, אַוועקגעלאָפן אין אַלטן בית־המדרש אַריין מיט אַ גרויס געוויין:

— אידן! זאָגט תהלים, בעט גאָט, אַז מיין מאַן זאָל האָבן אַ רפואה־שלימה! — — —

און זיי האָבן זיך, מיט אַ געיאָמער, אַ לאָז געטאָן צום ארון קודש:

— רבונו־של־עולם! דו ביסט דאָך אַן אל רחום וחנון, האָב רחמנות, נעם מיר נישט פון דער וועלט מיין טייערן מאַן, לאָמיך ניש׳ בלייבן קאָ׳ פּינצטערע אל־מ־נה!!! — — —

און די אַנדערע ווייבער האָבן איר אונטערגעהאָלפן מיט זייערע יללות, וואָס זיינען געגאַנגען עד לב השמים:

— גאָטעניו! האָב רחמנות!!! — — —

בינו־לבינו, האָט מען שוין אָנגעצונדן ביים עמוד ליכט; אידן און חדר־אינגלעך האָבן געזאָגט תהלים; אויסגעלייגט די פּסוקים אַזוי, אַז עס זאָל זיך באַקומען דעם קראַנקנס נאָמען — ר׳ יצחק בן משה; וואָס דאָס איז אַ גרויסע סגולה אַז דער קראַנקער זאָל געהאָלפן ווערן מיט אַ רפואה שלימה.

פון בית־המדרש, איז איטע לאה מיט די ווייבער אַוועק אויפן גוטן־אָרט; זיך געוואָרפן מיט אַ מאוימ׳דיק געוויין אויף די קברים פון גוטע־אידן און פון זייערע אייגענע אָבות, און מיט אַ יאָמערלעכן תחינה־ניגון האָט זי זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן זיך מיען פאַר איר מאַן, וואָס איז נעבעך אין גרויס סכנה, אַז עס זאָל אָפּגערופן ווערן אין הימל דער שלעכטער גזר — — —

*****

אָבער אַז איטע לאה איז, אַ פאַרוויינטע און אַ ביסל אַ דערלייכטערטע, אַהיימגעקומען פון בית־עולם, האָט זי שוין גאָר ביים קראַנקנס בעט געטראָפן ר׳ מרדכי נעשעס, דעם גבאי־ראשון פון דער חברה־קדישא, מיט נאָך עטלעכע אירע, וואָס זיינען זיך מתעסק ביים טאָן מיט מענטשן דעם חסד של אמת.

ר׳ מרדכי נעשעס, אַ לובלינער חסיד, אַ פריילעכער איד מיט אַ שאַרפער צונג, האָט זיך צוגעבויגן צום קראַנקן:

— ר׳ איטשל, מען איז דאָך נאָר אַ בשר ודם, אַוודאי וועט אייך גאָט העלפן און איר וועט געזונט ווערן, האָבן אַ רפואה שלימה, אָבער פאָרט, ווייסט איר דאָך, אַז אַ מענטש מוז שטענדיק זיין גרייט, טאָמער רופט מען אים; וויל איך מיט אייך זאָגן ווידוי.

און אַן אַנדערער חברה־קדישא־מאַן האָט אַ פרעג געטאָן:

— ר׳ איטשל איר ווילט אפשר לאָזן עפּעס אַ שטיקל צוואה?

האָט ר׳ איטשל אַ לעצטן שמייכל געטאָן און געזאָגט מיט אַ שוואַך קול:

— געלויבט השם־יתברך, איך האָב נישט קיין גיטער איבערצולאָזן און מען וועט זיך נישט דאַרפן שלאָגן איבער דער ירושה — — — בלויז איין זאַך וואָלט איך געוואָלט: אַז די שטאָט זאָל נישט לאָזן פאַלן מיין איטע לאה׳ן. זי איז אַן אשה־צנועה, ממש אַ צדיקת — — —

איטע לאה האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין. אויך ביים קראַנקן האָט זיך דאָס אָפּגעצערטע פאַרמעט־פּנים פאַרצויגן מיט צער. האָבן די חברה־לייט נישט דערלאָזט דערצו:

— אידענע, זייט נישט מצער דעם קראַנקען!

— דער דאָקטאָר ווייסט פון זיינע הענט און פיס און לייב און לעבן!

— ר׳ איטשל וועט נאָך, מיט גאָטס הילף, האָבן אַ רפואה־שלימה און נאָך מאַכן פורים די אמתע כוסה! — — —

און כדי צו פאַרטרייבן דעם טרויער פון אַלקער, האָבן די חברה־קדישאַ־לייט זיך גענומען דערציילן „פריילעכע״ חברה־קדישאַ מעשיות: אַז דער און דער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט ער צוגערופן דעם חברה־מאַן וואָס איז געקומען מיט אים זאָגן ווידוי און געזאָגט: „איך האָב צו ענק אַ בקשה: ביים מטהר זיין פּירט זיך דאָך, אַז מען שניידט אָפּ ביים מת די נעגל, און מיט שפּליטערלעך האָלץ, ווי עדות, פאַרוויקלט מען זיי אין אַ שטיקל פּאַפּיר און אָדער מען פאַרברענט זיי, אָדער מען וואַרפט זיי אַריין אין קאַסטן שמות וואָס שטייט אין פּאַליש פון שול; וויל איך, אַז איר זאָלט מיינע נעגל ליבער אַריינוואַרפן אין קעלער פון פינטשעס פּראָפּינאַציע, כדי אַז מען וועט מיך צוריק אַראָפּשיקן אויף דער וועלט אויפזוכן מיינע נעגל, זאָל איך דאָרטן קענען דערווייל פון די פעסער כאַפּן דעם אמתן טרונק בראָנפן״. אַן אַנדערער נוטה־למות ווידער, אַ איד אַ לץ, זאָל האָבן געבעטן, אַז מען זאָל אים נישט טראָגן אויף די אַקסל, ווייל דאָס איז פאַר אים צו הויך, עס וועט אים שווינדלען פאַר די אויגן. און אַ דריטער גוסס זאָל ווידער האָבן אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז מען זאָל אים נישט מטהר זיין אונטער די אָרעמס, ווייל ער איז קיצל־דיק — — —

אָבער די אַלע כלומרשט „פריילעכע״ מעשיות האָבן נישט געקאָנט מער

אַרויסברענגען קיין שמייכל אויף ר׳ איטשלס פּנים; אויך נישט פאַרטרייבן איטע לאהס צער; און אַוודאי און אַוודאי נישט דעם מלאך־המוות, וואָס איט־לעכער האָט ממש געפּילט אַז ער שטייט שוין ביי ר׳ איטשלען צוקאָפּנס — —

ר׳ איטשל האָט געמאַכט אַ צייכן אַז מען זאָל אים געבן וואַסער צו וואַשן די הענט און מען זאָל מיט אים זאָגן ווידוי; און די זעלבע נאַכט איז ר׳ איטשל נפטר געוואָרן.

ווען אַלע מלווים זיינען שוין געווען אַוועק פון פרישן, זאַמדיקן קבר, האָבן די קברות־לייט געזען ווי פון שטיינערנעם בית־עולם פּאַרקאַן איז אַראָפּגע־שפּרונגען ר׳ איטשלס ווייסע קאַץ, די „דאַרע פּאָדעשווע״ מיט די שוואַרצע פלעקן. אַ צעשראָקענע, מיט טרויער אין אירע שאַרפע, קעצישע אויגן, האָט זי זיך צונויפגעקורטשעט, געקראָגן אַן אויסגעשפּיצטן הויקער, און זי האָט אַרומגעזוכט איר שפּייזער און באַשיצער. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג אויף ר׳ איטשלס פרישן קבר, און זי האָט אויפגעריסן די בית־עולמדיקע שטילקייט מיט איר קעצישן געוויין. — — —

# בערעלע דרעוונער

בערעלע דרעוונער — אַזוי האָט מען אים גערופן נאָכן נאָמען פונם דאָרף, לעבן אָסטראָווצע, וואו ער און נאָך זיינע אבות אבותיו האָבן געלעבט.

דרעוונע איז געווען אַ גרויס דאָרף מיט אַ סך הייזער, אַרומגערינגלט פון בערגלעך, וועלדער און שוואַרץ־ערדיקע לאַנקעס. אין דאָרף האָבן זיך געפונען אַ סך פרוכטבוימער, וואָס האָבן אין פרילינג זיך באַדעקט מיט ווייסער בליעכץ און אויסגעקוקט ווי אויסגעצירטע כלות אונטער דער חופה.

פון די בערגלעך זיינען געפלאָסן שמאָלע, אָבער אימפעטיק־לויפנדיקע וואַסער־שטראָמען, וואָס האָבן זיך געקרייזלט אַרום די אַרויסשטאַרצנדיקע שטיינער און זייער פליעסקען האָט געקלונגען, ווי דאָס פּאַטשן פון קינדעריש׳ע הענטלעך. דאָ און דאָרט האָט מען געזען אין דעם וואַסער רינגען פון שפּי־לעוודיקע פישלעך.

אין די וועלדער זיינען געוואָקסן שוואַרצע און רויטע יאַגעדעס, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די בלעטער פון זייערע נידעריקע צווייגן. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין מאַלינעס, און אַפילו אַגרעסן און ווינפּערלעך האָט מען געקענט געפינען.

ווייסע קראַליקלעך זיינען אַרומגעשפּרונגען אַזוי לייכט און שטיל, ווי שטיל עס זיינען געפאַלן די נאָדלען פון די סאָסנע־ביימער. גרויע און רויט־לעכע וועווערקעס האָבן געקלעטערט אויף די שטאַמען, קראַצנדיק מיט זייערע שאַרפע נעגל די קאָרע. טויבן, בלויע, ווייסע און פּאַפּעליאַטע, זיינען לאַנגזאַם אַרויסגעפלויגן פון זייערע טויבנשלאַקן אינמיטן דאָרף, גענישטערט און גע־זוכט קרישקעלעך, קערנדלעך שפּייז.

די מערסטע הייזער זיינען געווען באַדעקט מיט שטרויענע דעכער, וואו די ווינקל־פלעכטן אויף אַלע פיר זייטן האָבן אויסגעקוקט ווי שבתדיקע חלות. נאָר אַ טייל פון די הייזער איז געווען באַדעקט מיט שינדלען אָדער רויטע קאַפּליעס און געווען ווייס געקאַלעכט.

פון די שטאַלן האָט זיך געהערט דאָס מעקען פון קי און דאָס הירזשען פון די פערד. לעבן זיי האָבן זיך געפונען הויכע סטויגן מיט היי און קופּעס פון טונקל־ברוינער צואה פאַר באַמיסטיקן די פעלדער. ס׳האָבן זיך געהערט די מרוטשערייען פון חזירים און דאָס בילן פון הינט.

די הינט זיינען פּאַראויסגעלאָפן די יונגע, בלאַנדע שקצימלעך, וואָס האָבן

געטריבן מיט זייערע לאַנגע בייטשן די פעטע קי צו די שפּעדיקע היי־לאַנקעס, אָדער צוריק אין די שטאַלן צום מעלקן. יונגע שיקסלעך מיט פלאַקסענע קעפּלעך האָבן געטריבן מיט קורצע פּריש־גרינע ריטלעך די גאַנערדיקע גענדז צו די סאַזשעלקעס נישט ווייט פונם דאָרף.

ביי איינער פון די סאַזשעלקעס איז געשטאַנען אן אויסגעדאַרטער, האַלב־פאַרפוילטער בוים, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ לאַנגער טרומפּייט. אויפן בוים האָט זיך געמאַכט זיין נעסט אַ באָטשאַן. ער פלעגט שטיין אויף איין פיסל אויסגעצויגן ווי אַ סטאַטוע, און לויערן מיט די שאַרפע אויגן ווי אַ שפּאַרבער צו פאַרצוקן אַ וואַגאַבונדישן פראָש.

דאָס דאָרף איז געווען פול מיט אַרומלויפנדיקע ווייסע און ברוין־גאָלדיקע הינער, וואָס נישטערן און שאַרן מיט די פיס־נעגל אָדער זוכן מיט די מויל־שנאָבלען זשערנעס און ווערימלעך. טייל הענער מיט רויטע קאַמען האָבן אויסגעציקלט ווי חזנים אַ שלשלתדיקן קוקוריקו.

פונם בערגל אויף רעכטס האָט אַרונטערגעקוקט ווי אַ וועכטער די ווייסע תיפלה מיטן טורעמדיקן שפּיץ, גרויסן רויטן צלם און גרויסן מעשענעם גלאָק, וואָס האָט געשראָקן מיט אימהדיקע קלאַנגען. נאָענט פון דעם קלויסטער האָט זיך געפונען דאָס גרויסע לאַנגע הויז, אַרומגערינגלט פון אַ גרויסן גאָרטן פול מיט בוימער, גרינסן און בלומען, וואו ס׳האָט געוואוינט דער גלח סאָסנאָווסקי.

אַקעגנאיבער, אויף אַ צווייטן בערגל, איז געשטאַנען אַ הויז מיט רויטע לאָדנס און מיט אַ נידעריקן אייזערנעם צוים אַרום אַ גאָרטן; דאָרטן האָט שוין לאַנג געוואוינט בערעלעס גזע, און יעדער דור האָט דאָס אָרט אויפגעפרישט און באַנייט.

ביים אַריינקומען אינם דאָרף האָט מען דערזען אַ לאַנגן, שטיינערנעם בעקן, ווי אַ מולטער, אין וועלכן עס האָט כסדר געשטראָמט דאָס וואַסער פון אַ דערבייאיקן קוואַל. דאָרטן האָט מען אָנגעטרונקען די פערד און די פי, וואָס האָבן געזשליאָקעט דאָס פרישע וואַסער מיט זייערע לאַנגע צינ־גער. שטענדיק האָט מען דאָרטן געזען אויך אַ סך פאַרשיידענע פויגלען, וואָס האָבן געשטעקט זייערע שנאָבלען אינם וואַסער און באַלד אויפגעהויבן זייערע דינע העלדזלעך ביי יעדן שלונג.

אינמיטן דאָרף איז אויך געשטאַנען אַ גרויסער ברונעם מיט אַ הילצער־נער קאָרבע, אויף וועלכן עס האָבן זיך געוויקלט די גראָבע שטריק, וואָס האָבן אַרויפגעצויגן די קאַנען וואַסער.

נישט ווייט פון דאָרף האָט זיך אויך געפונען אַ קרעטשמע — אַ גרויס ווייס־געקאַלעכט הויז מיט אַ סך פענסטער. אינעווייניק זיינען געווען אַ סך טישן און בענק, ווי טישלעך און בענקלעך. ביי דער זייט פונעם ציגלנעם

קאמין זיינען געשטאַנען אויף עטלעכע טישן און בענק אַ סך בלעכענע קענד־לעך און גלעזער פון פאַרשיידענע גרייסן און מאָסן. דערביי זיינען געווען פעסלעך מיט אייזערנע רייפן, טייל אָפענע, טייל פאַרקאָרקעוועטע, פול מיט ביר און שטאַרקן אָקאָוויט.

דאָס דאָרף דרעוונע האָט געהאַט אַ שם ווייט און ברייט צוליב דער פרוכטבאַרער ערד ווי אויך צוליב דעם, וואָס נאָכן אָפשאַפן די פאַנשטשיזנע (לייב־אייגנטום), האָבן די דרעוונער פויערים געקראָגן גרעסערע שטחים ערד איידער די איינוואוינער פון די אַנדערע דערפער. דרעוונע איז געווען אַ נעסט פון פוילישע מורדים („פאָווסטאַנצעס") קעגן די רוסישע הערשער און ווען די רוסישע רעגירונג האָט די מרידה דערשטיקט, האָט זי די דרעוונער פריצים פאַרשיקט קיין סיביר און זייער לאַנד פאַרטיילט די באַפרייטע פויערים.

די דרעוונער פויערים זיינען אויך געווען אַ שם־דבר צוליב זייער גרויס־וואוקסיקייט, געווען ריזן. אַז מ'פלעגט וועלן זאָגן אויף אַ זאַך, אַז זי איז אומ־געוויינלעך־גרויס, האָט מען זי פאַרגליכן צו דרעוונע. אַ שטייגער: דרעוונער קי, דרעוונער אייער וכדומה. דערפאַר אַז מ'פלעגט זאָגן אויף עמיצן, אַז ער איז אַ דרעוונער חכם — האָט דאָס געמיינט, אַז ער איז אַ גרויסער שוטה.

אויך בערעלעס אַ זיידע, בעריש, איז געווען פון די אומגעוויינ־לעכע מענטשן: הויך, ווי אַ סאָסנע, מיט אַן איידל געשניצט געזיכט און גרויסע ברענענדיקע אויגן, וואָס האָבן ממש פאַרכשופט. די פויערים פון דאָרף פלעגן קניען פאַר אים, ווי פאַר אַ הייליקן. אויך די אַרומיקע פריצים האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס חשיבות אין זייערע פּאַלאַצן־הויפן. זיי האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַן אָפשטאַמיקן פון דוד המלך. ביי די געהיימע אסיפות זייערע צוצוגרייטן דעם לעצטן אויפשטאַנד, פלעגט בעריש זיי אָנצינדן מיט זיינע פייער־פלאַמיקע ווערטער צו מקריב זיין זיך פאַר פוילנס באַפרייאונג. ער פלעגט פאַרטרייבן זייערע ספקות אין דער מעגלעכקייט צו באַזיגן די ממשלת זדון, די ברוטאַלע, באַרבאַרישע מאַכט פון די קאַזאַקן און מאָסקאַלן. ער האָט זיי גערופן צו מסירת־נפש און קידוש־השם פאַר דער דער־לייזונג פון פוילן.

בעריש האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן העלפן די פאָליאַקן. ער האָט צו־געגרייט עטלעכע אידישע מורדים־גרופן פון די געגנטן פון אָסטראָווצע און צויזמער. אויך ער איז דעריבער פאַרשיקט געוואָרן נאָכן דערשטיקן די מרידה און מ'האָט אָפילו נישט געוואוסט, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

פון אים איז בלויז פאַרבליבן אַ זכר — אַ פאָן מיטן פוילישן אָדלער, און אַ פירקאַנטיק מיצל, וואָס די מורדים האָבן געטראָגן בשעת דעם אויפ־שטאַנד.

די באָבע רבקהלע, וואָס האָט געשמט מיט איר שיינקייט און אשת־חילדיקייט, האָט געפירט די מסחרים מיט שטאָלצער שטרענגקייט. אויב עמיצער האָט נישט געגנוג שנעל אויסגעפּאָלגט אירע באַפעלן, האָט זי אַזאַ קלאַפּ געטאָן אָן דיל מיט איר רעכטן פוס, אַז אַלע פלעגן פאַרציטערט ווערן.

רבקהלע האָט נאָך בעררישעס אַרעסט געקערט וועלטן, אָפּגעשלאָגן אַלע טירן פון נאַטשאַלסטווע, געפּאָדערט צו באַפרייען איר מאַן אָדער אויך זי פאַרשיקן אַהין, וואו בעריש געפינט זיך. ס'האָט אָבער קיין זאַך נישט געהאָלפן.

ווען זי איז, נאָך אַלע אומזיסטיקע באַמיאונגען, צוריקגעקומען אַהיים אין דרעוונע, האָט זי אָנגעטאָן דאָס לעצטע מאָל דאָס פּוילישע מורדים־מיצל, וואָס בעריש האָט געטראָגן. זי האָט אויך פאַנאַנדערגעוויקלט די פאָן מיטן אָדלער, זי באַנעצט מיט הייסע טרערן, זיך זעגענדיק מיט בערישן דורך איר. דערנאָך האָט זי צונויפגעוויקלט די פאָן ווי אַ מאַמע וויקלט אָן עופהלע, זי צוגע־טוליעט צו איר פאַרפייניקטן, פאַרבענקטן האַרץ און באַהאַלטן בחדרי־חדרים אין דעם הויף דאָס אָפּצוהיטן ווי אַן אבן־טוב. און אויך די קינדער נאָך איר האָבן די זאַכן אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונם אויג.

**
*

די גאַנצע משפּחה האָט לאַנגע דורות געהאַנדלט מיט די אַרומיקע פּריצים און מיט די פּויערים פונם דאָרף.

בערעלעס אורעלטערן פלעגן אַראָפּברענגען צו זיך מלמדים פאַר די מיידלעך — די אינגלעך האָט מען געשיקט צו אַזעלכע שטאָטישע מלמדים, וואָס האָבן גוט געקענט סיי אידיש, סיי פּויליש, און אויך חשבונען.

בערעלעס פאָטער האָט זיך געפירט לויטן נוסח פון זיין גזע: זיין צו גאָט און צו לייט. פאַר די טעכטער האָט מען נישט געזוכט קיין חתנים, וואָס זאָלן זיין מיוחסים אָדער למדנים.

מיר ווילן נישט קיין באַנק־קוועטשער, — פלעגט זאָגן לייבל, בערעלעס פאָטער, — פאַר אונז איז גענוג אַ ביסל תורה און, להבדיל, געפּוצטע שטיוול. מיר ווילן אַ חתן, וואָס זאָל זיין אַ מעורב עם הבריות, צו גאָט און צו לייט, אַ איד פון אַ גאַנץ יאָר.

אויך בערעלע איז דערצויגן געוואָרן אינם דאָזיקן דרך. ער איז געווען אַ מיטלוואוקסיקער, מיט אַ קיילעכדיק פּנים, רויטע באַקן, דיקלעכע ליפּן, קורצע נאָז און אַ פאַרשוירן בערדל. ער איז געווען שטאַרק ווי אַ דעמב. יונגערהייט פלעגט ער זיך פאַרמעסטן אין גבורה מיט אַלע יונגע פּויערים אינם דאָרף.

נאָכן פאָטערס טויט האָט ער איבערגענומען די בעל־הביתשקייט. מיט זיין חכמה, גוטהאַרציקייט און גוטע מידות איז ער געוואָרן זייער באַליבט

אינם דאָרף. ער איז געווען אַלעמענס עצה־געבער. מ׳האָט קיין זאַך נישט געטאָן, ביז בערעלע האָט דערצו מסכים געווען.

דער גלח סאָסנאָווסקי, דער איינציקער קליינוואוקסיקער, אויסגעדאַר־טער מענטש אינם דאָרף, מיט אַ פּנים פון אַ נזיר, האָט שטאָלצירט מיטן קענען ריידן עטלעכע ווערטער לשון־קודש, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אין דעם גלחים־סעמינאַר אין צויזמער. יעדעס מאָל ביים באַגעגענען זיך מיט בערעלען, האָט ער צו אים אַ זאָג געטאָן:

— „מא שמעכאַ (מה שמך) ?" (וואָס איז דיין נאָמען ?)

און בערעלע האָט אים שוין צום טויזנטסטן מאָל געענטפערט:

— „בערעק שמי" (בערעק איז מיין נאָמען).

דעם גלחס גרויסע אויגן פלעגן דעמאָלט אויפשטראַלן פאַר שמחה — צי פון זיין בריהשאַפט אין לשון־קודש, אָדער פון זיין באַגעגעניש מיט דעם ליבן בערעקן, וואָס איז אין זיינע אויגן געווען דער בחיר־היצירה פון זיין פּאַראַפיע.

סאָסנאָווסקי פלעגט ביי זיינע גאָטעסדינסטן אין דער תיפלה אָנווייזן די פויערים אויף „אונזער בערעקן", ווי אויף איינעם וואָס גייט אין גאָטס וועגן און וואָס דאַרף זיין פאַר זיי אַ ביישפּיל. ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער איז נישט קיין קריסט, פלעגט ער צוגעבן.

ווען דער גלח האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיטן פויער סטופּ־ניצקי, דער גרעסטער שיכור, וואָס האָט יעדן טאָג געשלאָגן דאָס ווייב מכּת־רצח, איז ער געקומען בעטן בערלען, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן און פּרואוון אַרויספירן דעם שיכור אויפן ריכטיקן וועג.

בערעלע איז אַוועק אין דעם שענק. ער איז אַריינגעקומען מיט זיין ברייטן שמייכל און זיך דאָרטן היימיש באַגריסט מיט אַלעמען. אַלע פויערים האָבן זייערע היטלען אויסגעטאָן אויס דרך־ארץ צו אים, זיך מיט אים פריינטלעך אַרומגעכאַפּט. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אַז ער איז נישט געקומען אַהין גלאַט אַזוי זיך, אַז ער האָט געוויס אַ וויכטיקן ענין מיט זיי אויפצונעמען. אויך דער „סאָלטיס" (דער דאָרף־עלטסטער) מיט נאָך עטלעכע חשובע פויערים זיינען אים אַקעגנגעקומען און מיט אים אַ שמועס פאַרפירט.

בערעלע האָט באַלד אָנגעהויבן:

— דער גלח האָט שטאַרק עגמת־נפש פון סטופּניצקיס מעשים. און בכלל פּאַסט עס נישט פאַר אונזער דאָרף. מילא, טרינקען, אַפילו אַביסל מֶער ווי מען דאַרף, איז נישט זייער קיין פיינע מידה. אָבער פאַרפאַלן: אַ מענטש האָט שוואַכקייטן. עס ווערט אַ שלעכטע געוואוינהייט. אָבער ממיתן אַ ווייב יעדן טאָג — אַזאַ רציחה וועט גאָט נישט פאַרשווייגן. ער וועט באַשטראָפן דאָס גאַנצע דאָרף אונזערס.

דער סאָלטיס דזשעלינסקי האָט זיך איבערגעקוקט מיט די אָרומיקע פּויערים. זיי זיינען צוגעגאַנגען צום טויט־שכורן סטופּניצקין, וואָס האָט געערדט פּאַר פּייער און פּאַר וואַסער, אים אָנגענומען ביים קאָלנער און אַרויסגעפירט. אין דרויסן האָבן זיי אים מכבד געווען מיט אַ פּאָר זעץ אין דער מאָרדע, פון וואָס ער האָט זיך אויסגעניכטערט און געגלאָצט ווי אַ קאַלב מיט זיינע רויט־פאַרלאָפענע אויגן.

דער סאָלטיס האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, נאָכן מאַכן אים דעם ריכטיקן „מי שברך״, אַז ער מעג טרינקען און זיך אַפילו אָנגיסן ווי אַ פּאַס. אָבער ער מוז אויפגעבן זיינע טאָג־טעגלעכע שלעגערייען, אויב נישט, וועלן זיי אים אַרויסטרייבן פון דאָרף, ווי אַ קרעציקן הונט.

אין דאָרף איז בערעלע געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ פּריצישער קורץ־בדיי־טער מאַרינאַרקע מיט ברייטע טאַשמעס צו פאַרקנעפּלען און אַ צוגעפּאַסט היטל. אַ סך מאָל האָט מען אים געזען רייטן אויף איינעם פון זיינע יונגע פלינקע פערד, פאַכנדיק מיט אַ בייטשל, מיט אַ שטאָלצן, אויפגעהויבענעם קאָפּ צו די וועלדער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע. פאַרבייגייעדיק האָבן געצויגן זייערע היטלען און געבויגן זיך מיט גדויס פריינטלעכקייט צו אים, זייער קלוגן, גוטהאַרציקן פריץ. מיט וואַרעמער פשטות האָט ער געענט־פערט אויף זייערע באַגריסונגען.

ווען ער איז געקומען אין שטאָט אַריין, איז דאָס שוין געווען אַן אַנדער בערעלע. ער האָט געלאָזט די בריטשקע זיינע מיטן פורמאַן אַנטעקן הינטערן באַרג אויף דער טומאה־גאַס אַרום מלך שענקערס הויז. אַזוי זומער, אַזוי ווינ־טער. זומער האָט מען אים געזען שפּאַצירן אין זיין העלער קאַפּאָטע מיטן ווייס־זייבערן געפּרעסטן העמד, שוואַרץ שניפּסל, טוכן פּויליש היטל און זיל־בערנעם שטעקן.

ער האָט באַגעגנט אַלע קרעמער און בעלי־מלאכות מיט פּשוטער צוגע־לאָזנקייט, געהאַט צייט פאַר יעדן, וואָס וויל נאָר מיט אים אַ שמועס פאַרפירן. טייל קליינע קרעמער האָבן אים אַדיינגערופן אין זייערע קראָמען אָפּצוצאָלן די געבאָרגטע גמילת־חסדימלעך. אַנדערע האָבן געבעטן נייע הלוואות צו קאָנען צאָלן זייערע פעליקע וועקסלען.

פּאַרטיק מיט זיינע עסקים, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט צווישן דעם רעדל אידן אינם מאַרק, וואו מען מאַכט פאַר אים פּלאַץ און מען נעמט אים אַריין אין סאַמע מיטן. דאָרטן האָט מען געהערט אַלע פּאַטשטן, רכילותן, די שטאָ־טישע און אַלגעמיינע נייעס פון דער וועלט. און אַמאָל אויך אַ גלייכווערטל פון מאירל צוקער, דעם דאַזאָר.

אָט קומט אַ איד צו לויפן און באַקלאָגט זיך פאַר מאירלען, הלמאי ער

האָט שוין עטלעכע חדשים קיין בריוו נישט געקראָגן פון זיין זון, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. ענטפערט אים דער דאָזאָר:

— דאַגה׳ט נישט, אדרבה, ס׳איז אַ גוטער סימן! ווייל אויב ס׳וואָלט אים שלעכט געגאַנגען, וואָלט ער דאָך אייך באַוואָרפן מיט בריוו.

בעדעלע האָט דאָרטן געהערט די אויסטערלישע מעשה, וואָס האָט פּאַסירט ערשט לעצטן שבת מיט חיים, דעם דרדקי־מלמד, מיטן רויטן קאָרק, וואָס לויפט אומגעבעטן אויף אַלע חתונות, בריתן, פּדיון־הבנ׳ס. דאָרטן, ביים סער־ווירן, רוקט אים אונטער שמאילע, דער שמש, אַ גלעזל פינף־און־ניינציקער, אַ שטיקל לעקעך, אַמאָל אַ שטיקל געדעמפּט פלייש, וואָס פאַרשמעקט מיטן ריח פון די שוואַרצע אינדישע נעגעלעך. און אַזוי בגילופנדיק האַלט ער אונטער דעם אַלטן חזן ר׳ מאירלען; טראָגט יעדן מחותן אַקעגן דער ערשטער דעם ברייטן, פריילעכן: מזל טוב!

דאָס ווייב זיינס עטל איז, פון טראָגן, קינדלען און קנאַפּער פרנסה, געוועזן דער היפּוך פון חיימען — אַ חלושה, וואָס שלעפּט זיך קוים אַרום אויף אירע קראַנקע פיס.

איז חיים אַרויס לעצטן פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן עסן זיך אַ ביסל אָפּ־צו־קילן פון דער תמוזדיקער חמימה. ער איז פאַרגאַנגען אויפן שאָסיי, פאַרביי דעם בית־עולם, אַרויף צום קינעווער באַרג און גרויסן געדיכטן וואַלד.

פלוצים האָט אים באַגעגנט די קיילעכדיקע, פליישיקע, שבת־גויע, מאַגדע. די ימח־שמוניצע האָט זיך צוגעשאַרט צו אים — און זי האָט, רחמנא לצלן, אים פאַרפירט. ער, דער קלוגער חיים, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט זיך עפּעס אינגאַנצן פאַרלוירן און נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט ער איז.

מאַגדע האָט געוואָלט פון אים, אַז ער זאָל איר באַצאָלן צוויי גילדן. און חיים, אַ פאַרלוירענער, אַ צעפלאָמטער, האָט זיך ביי איר געבעטן ווי ביי אַ גזלן, אַז ס׳איז שבת, מ׳טאָר קיין געלט נישט טראָגן. ער האָט דעריבער נישט קיין געלט. און דער חכם פון דער מה־נשתנה האָט איר געגעבן זיין טלית־קטן אַלס משכון זי זאָל עס האַלטן ווי אַ פּקדון ביז זונטיק.

אָבער זי, מאַגדע, האָט קיין צייט נישט געהאַט צו וואַרטן. און שבת נאָכן טשאָלנט, ווען עס שפּאַצירן זיך אַזוי אַלע בעלי־מלאכות און טרעגער אינם מאַרק, האָט זיך מאַגדע באַוויזן מיט אַ גרויסן, טעדקישן טלית־קטן אין אירע לאַפּעס און געוואָלט אים פאַרקויפן אום שבת.

האָט מען זי געפרעגט:

— מאַגדע, ביי ועמען האָסטו געגנבעט דעם טלית־קטן?

האָט זי דערציילט די גאַנצע מעשה. איז געוואָרן אַ גרויס גערודער אין מאַרק. כהרף־עין איז די געשיכטע געוואָרן באַוואוסט צו קינד און קייט. חיים

האָט זיך באַגראָבן פון בושה. ס'האָט זיך געטאָן חושך אין שטאָט. די בעלי־בתים האָבן מער נישט געוואָלט שיקן זייערע קינדער צו אים אין חדר.

די פינצטערע ידיעה איז דערגאַנגען אויך צום רבֿ. און ער, וואָס האָט נישט געקענט, ווי זיין שטייגער איז געווען, צוזען קיינעמס צער, איז באַלד מוצאי שבת, נאָך דער הבדלה, אַוועק צו חיימען אין שטוב. מען האָט דערציילט, אַז אַנשטאָט אים צו מוסרן, שטראָפן, האָט ער אים גאָר גענומען טרייסטן. און דער רבֿ האָט באַלד אויפן אָרט אים אַרויסגעגעבן אַ תשובה, ער זאָל פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר.

דער רבֿ האָט אויך געשיקט דעם שמש צוזאַמענברענגען די בעלי־בתים פון די קינדער אין חיימס חדר. און ער האָט אויף זיי גוזר געווען, אַז נאָך מאָרגן, זונטיק אינדערפרי, זאָלן זיי שיקן זייערע קינדער אין חדר, ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען.

דער רבֿ האָט זיי אויך געזאָגט, אַז חיים איז אַן אמתער בעל־תשובה און איז דערפאַר גרעסער פון אַ צדיק גמור. ער האָט אַלעמען אויך געבעטן, למען השם, מיט קיין איין וואָרט מער נישט צו דערמאָנען די מעשה, און מ'זאָל חלילה חיימען נישט מבייש זיין. און ווי אַ פּערזענלעכן ביישפּיל, האָט ער נאָך חיימען מפייס געווען מיט געבן אים די חזקה פון זאָגן קינות אין דער אַלטער שול דעם תשעה באָב הבע"ל. ביז דעמאָלט האָט עס געזאָגט דער דיין ר' שמואל, וואָס איז נפטר געוואָרן.

בערעלע, הערנדיק די פּרטים, האָט פאַר שמחה אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן מיט זיין זילבערנעם שטעקן, און געזאָגט צום רעדל אידן:

— געלויבט צו גאָט, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו האָבן אַזאַ צדיק פאַר אַ רבֿ.

בערעלע האָט זיך שפּעטער אַליין אַריינגעכאַפּט צו חיימען אין חדר. זיין אויסרייד איז געווען, אַז ער איז כלומרשט געקומען געוואויר ווערן, וואָס פאַראַ פּעולה אין לערנען עס האָט געמאַכט זיין שוועסטערקינד יאַנקעלע. דערביי האָט ער אויף אַן איידעלן אופן געפּועלט ביי חיימען, אַז ער זאָל נעמען ביי אים אַ גמילת־חסד אויף די ימים־טובים. ער האָט חיימען אויך געוואונטשן, ס'זאָל אים זיין מיט מזל ביים איבערנעמען די נייע חזקה פון זאָגן קינות אין דער אַלטער שול. און כאָטש ביז אַהער פלעגט ער זאָגן קינות אין דעם אַלטן בית־מדרש, אָבער דאָס יאָר, אם ירצה השם, וועט ער לכבוד חיימען קומען צו אים אין שול.

און אַז ס'איז געקומען תשעה־באָב, האָט טאַקע בערעלע געהאַלטן וואָרט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן איבערגעקערטן שטענדער, נישט ווייט פון די שטיגן צום ארון קודש, וואו חיים איז געזעסן אין זיין אָרימען שוואַרצן,

פאַרפעטסטן כאַלאַט, וואָס האָט געגלאַנצט פון אַלטקייט, מיט אַן אַלטן קאַפּל און אין ווייסע זאָקן.

לכתחילה, ווי דער מנהג, האָבן יונגוואַרג שטיפעריש זיך איבערגעוואָרפן מיט שטעכיקע גרינע בערעלעך (שישקעס). זיי האָבן עס געוואָרפן אויך אויף די דערוואַקסענע — די בערעלעך האָבן זיך איינגעגעסן אין די בערד פון די בידעריק־זיצנדיקע מתפללים. אַלע, אַלט און יונג, זיינען געווען אָנגעטאָן אין אַלטע קליידער און אַרומגעגאַנגען אין די זאָקן.

אויך בערעלע איז געזעסן אין אַן אַלטער שוואַרצער קאַפּאָטע און ווייסע זאָקן, ווי אַלע אבלים, וואָס האָבן געטרויערט אויפן חורבן ירושלים.

חיים מיט זיין באַסאָווער שטימע האָט אָנגעהויבן זאָגן די קינות, פריער זייער שטיל, פאַרטרויערט אין בענקענדיקן צער, און וואָס אַמאָל טיפער און שטאַרקער, באַגלייט פון העשענדיקע טרערן. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן רעווען, ווי אַ פאַרוואונדעטער לייב, און מיטגעריסן אַלעמען. און אַז ער איז געקומען צו „אלי ציון ועריה״... האָט די גאַנצע עדה מיטגעוויינט, ממש איי־בערגעלעבט נאָכאַמאָל דעם גרויסן חורבן פון ציון.

אַפילו די קינדער האָבן פאַרגעסן די בערעלעך אין זייערע הענטלעך. דאָס געוויין האָט זיך געטראָגן דורכן שול־הויף און אַריינגעדרונגען אין אַלע דריי בתי־מדרשים פונם שול־הויף. און אין דער ווייבערשער שול האָט דאָס געוויין טאָקע דערגרייכט עד לב השמים.

נאָכדעם איז מען אַוועק פון דער שול, בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך צום בית עולם, אויף קבר־אבות. די חדר־אינגלעך האָבן זייערע הילצערנע שווערדלעך, געפאַרבט אין פאַרשיידענע קאָלירן, אַריינגעשטעקט אין די ווייכע קברים פון זייערע נאָענטסטע.

ביים אַרויסגיין פון בית־עולם האָבן אַלע גערעדט פון חיימס קינות־זאָגן. נאָר דער בייזער און שטעכיקער שמואלקע פעלדשער האָט דער איינציקער זיך אַ וויצל געטאָן, אַז חיים האָט אפשר נישט אַזוי געוויינט אויפן חורבן ירושלים, ווי אויף זיין אייגענעם חורבן. אָבער אַ סך פון די צוהערער האָבן אויסגעשפּיגן, דערמיט אויסגעזעצט קעגן די רכילותדיקע רייד.

אויך בערעלע איז געווען אויסער זיך פון חיימס קינות־זאָגן. נאָכן פאַר־פאַסטן, ביים טרינקען דאָס גלעזל בראָנפן מיטן שטיקל האָניק־לעקעך, האָט בערעלע געזאָגט זיין ווייב חיהלע אַז אַ דאַנק חיימס זאָגן קינות האָט מען גאָרנישט געפילט דעם תענית.

ווינטער איז בערעלע דרעוונער אַריינגעקומען אין שטאָט מיטן ברייטן, רויטן שליטן און די גרין־רויטע געשטרייפטע וואָלענע צודעקן. די קאַרע פערד מיט די גלעקלעך אויף זייערע העלדזער און כאָמעט האָבן הילכיק אַריינ־

געקלונגען אין דער לויטערער שניי־פּראַסטיקער ווייסקייט אַריין. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיין שאָפּענעם פּעלץ מיטן קיילעכדיקן הויכן פוטערנעם היטל. אַלץ האָט פון אים געבלאַנקט מיט פריצישער נגידישקייט, נאָר אָן דער מינדסטער גאווה.

נאָכן באַזאָרגן זיינע עסקים, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אינם אַלטן בית־מדרש. ער האָט דאָרטן אויסגעטאָן דעם פּעלץ מיטן היטל, און געבליבן זיצן אין זיין שוואַרצער קאַפּאָטע, געגייט ביים בעסטן שניידער משהל פּנחסעס. נאָכן אָנטאָן דאָס סאַמעטענע קאַפּל, האָט ער זיך אָוועקגעזעצט לעבן ר׳ נפתלי דאַ־לאַסערס גרויסן סאַמאָוואַר און באַשטעלט וואַסער מיט מילך פאַר זיך און פאַר די טרעגער, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין בית־מדרש זיך אָנוואַרעמען. דערווייל האָט ער מיט זיי שטיל געשמועסט, בכדי נישט צו שטערן דאָס לערנען פון די בית־מדרשניקעס, און ער האָט הנאה געהאַט פון די זיס־אומעטיקע גמרא־קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן.

ביים אַוועקגיין האָט ער זיך האַרציק געזעגנט מיט ר׳ נפתלין און געשטופּט אים אַ קערבל פאַר דעם הייסן וואַסער מיט מילך. ער האָט דערנאָך געפרעגט דעם שמש מאיר פאַרבער, צי ער האָט נאָך געגוג האָלץ צום הייצן די אויוונס אין די דריי בתי־מדרשים. בערעלע האָט שוין די האָלץ־חזקה נאָך פון זיינע אָבות איבערגענומען.

בערעלע דרעוונערס ווייב, חיהלע איז אָבער געווען אַ גרויסע מרשעת. זי האָט געטריבן די אָרעמע לייט פונם הויז. ס׳האָבן נישט געהאָלפן דעם מאַנס תחנונים און זיינע בייזע רייד פון דראָען איר, אַז מיט איר רשעותדיקן וועג וועט זי אויך אים פון הויז פאַרטרייבן. האָט זיך בערעלע געגעבן אַן עצה. ער איז זיי נאָכגעלאָפן אויף די שליאַכן און מהנה געווען מיט אַ ברייטער האַנט.

ער האָט נאָך פאַרענטפערט זיין ווייב: איר זאָלט קיין פאַראיבל נישט האָבן אויף איר, מחמת זי איז עפּעס לאַ־עליכמדיק... און ער האָט געבעטן זיי זאָלן איר מוחל זיין. צוליב שלום־בית האָט ער איבערגעלאָזט ביי מלך שענקער יעדע וואָך עטלעכע קערבלעך צו צעטיילן די שטאָטישע און די דורכגייענדיקע אָרעמעלייט. ער האָט אויך אָפּגעמאַכט, אַז יעדן פרייטיק־צו־נאַכט זאָל מלך אויף זיין חשבון מיטנעמען פון שול צוויי אורחים אויף שבת.

בערעלע איז איינמאָל אויך געקומען צו ר׳ מאיר יחיאלן, דעם אָסטראָוו־צער רב, און באַקלאָגט זיך פאַר אים אויף זיין ווייב. ער האָט געגעבן אָנצוהערן דעם רב, אַז ער קען פון דער אשה־רעה מער נישט אויסהאַלטן: איז אפשר זאָל ער זי גטן? דער רב האָט נישט מסכים געווען.

***

דער רב איז אַגב, אַ סך געווען שולדיק פאַר בערעלעס חתונה־האָבן מיט חיהלען, די יתומה, הינדעס בת־יחידה. חיהלע איז געקומען אַרבעטן ווי אַ דינסטמיידל פאַר בערעלעס מוטער. זי איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד.

צו פערצן יאָר, ווען בערעלעס עלטערן פלעגן שבת נאָכן עסן זיך צולייגן, האָבן בערעלע און חיהלע זיך אַרומגעשפּילט. זיי פלעגן שפּילן אין באַהעלטע־לעך, זיך אַרומכאַפּן מיט שטיפערישער פריידן. די ערשטע צייט פלעגן זיי פאַררויטלט ווערן, אָנהויבן שטאַמלען, זיך פאַרשעמען. אָבער וואָס ווייטער איז מען געוואָרן אַלץ נאָענטער, ממש ווי איין לב ונפש.

עס זיינען אַריבער עטלעכע יאָר. שדכנים האָבן נישט אויפגעהערט אָפּשלאָגן די שוועלן פון בערעלעס עלטערנס הויז, גערעדט אים די שענסטע שידוכים. נאָר בערעלע האָט אַלעמאָל באַוויזן צונישט מאַכן די בעסטע שי־דוכים, זיך אַרויסדרייען מיט כלערליי תירוצים.

איינמאָל אַ שבת־צו־נאַכט, נאָך דער הבדלה, האָבן טאַטע־מאַמע זיך געגרייט אָפּצופּאָרן קיין ליפּסק זען אַ כלה פאַר זייער גראַטענעם זון. די בריטשקע איז שוין געשטאַנען געשפּאַנט פאַר דער טיר. זייער אַלטער פורמאַן קוויאַטקאָווסקי מיט די לאַנגע פאַרדרייטע וואָנצעס איז געשטאַנען מיטן היטל אין דער האַנט, גרייט צו עפענען די בריטשקע־טיר.

אָבער ביים געזעגענען זיך איז בערעלע אַרויפגעפאַלן אויף דער מוטערס אַקסל מיט אַ העשנדיקן געוויין, ווי אַמאָל, ווען ער איז נאָך אַ קליין קינד געווען. אויף דער פראַגע פון דער מאַמען, וואָס איז געווען זייער איבערראַשט, פאַרוואָס ער וויינט, האָט ער איר דערציילט וועגן זיין תקיעת־כף, זיין צוזאָג חתונה צו האָבן מיט חיהלען.

אויף דער מוטערס פּנים האָבן זיך געביטן אַלע קאָלירן. זי האָט אָפּגעווישט זיין פאַרוויינט פּנים, אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון אי־בעראַשונג. דער פאָטער האָט אויסגעטון דעם מאַנטל און היטל, געבליבן אין קאַפּל בייזלעך צערודערט, גענומען לויפן הין־און־צוריק אין דער גרויסער סאַליע, דערנאָך האָט ער גענומען קלאַפּן מיט רוגזה אין טיש, שרייענדיק, אַז מ׳זאָל די חצופה, דאָס דינסטמיידל, באַלד פונם הויז אַרויסטרייבן.

— שיין דערלעבט זיך! שמחה דרעווגער וועט טאַנצן דאָס מצוה־טענצל מיט הינדע, די מאַרקזיצערין — האָט ער געברומט ווי צו זיך.

אָבער בערעלע האָט זיך אויסגעגלייכט, געשטעלט זיך אַקעגן דעם טאַטן און געזאָגט צו אים:

— אויב מ׳וועט אַרויסטרייבן חיהלען, גיי איך מיט איר אַוועק, וואו די אויגן מיינע וועלן מיך טראָגן. מיר וועלן אַ חופה שטעלן אָן דיר, כדי איינצו־שפּאָרן די בושה פון „טאַנצן דאָס מצוה־טענצל מיט הינדע, די מאַרקזיצערין".

דער פּאַטער איז נשתומם געוואָרן צו הערן אַזעלכע רייד פון זיין שטילן, געצערטלטן בן־יחיד. די מאַמע האָט זיך געבראָכן די הענט. זי האָט געשיקט בערעלען שלאָפן אין זיין חדר. אים האָט אָבער קיין שלאָף נישט גענומען. ער האָט זיך געדרייט אַ גאַנצע נאַכט אויף זיין געלעגער, אויפגעכאַפּט געציילטע ווערטער פונם היציקן וויכוח צווישן פּאַטער און מוטער. זי האָט געפרעגט שטיל, ווי אַ געבעט:

— שמחה, אפשר איז עס אַ גאָט־זאַך, אַ זיווג פון זיין ליבן נאָמען?

ס'איז ביי זיי געבליבן באַלד אויף צו מאָרגנס זיך שואל עצה צו זיין ביים רב. און אָט זיינען זיי שוין אַריין צום מרא דאתרא. שמחה איז אַריין אינעווייניק אינם רבס חדר, וואָס איז געווען פול מיט ספרים. קיין סך מעבל איז דאָרט נישט געווען — בלויז אַ טיש, אַ פּאָר בענקלעך און איין גרויסע שטול מיט לעדער אויסגעבעט.

שמחהס ווייב איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, מחמת קיין אשה טאָר נישט אַריבערטרעטן די שוועל פונם רבס חדר. דער רב, הויט און ביינער, אַ בלאַסער, איז געזעסן ביי אַ גרויסן ספר. ווען ער האָט דערזען שמחהן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אים געגעבן שלום. שמחה האָט באַלד אויסגעשאָסן:

— רבי, אַ גרויסער אומגליק האָט אונז געטראָפן!

ער האָט אים דערציילט די מעשה באריכות, מיט אַלע פּרטים.

שמחהס ווייב, פייגע, האָט קוים באַוויזן אַריינצורייִדן די זעלבע עטלעכע ווערטער פון איר אַלטער טענה:

— רבי, אפשר איז עס אַ גאָט־זאַך? אַ זיווג?

שמחה איז אין כעס געוואָרן וואָס פייגע מישט זיך אַריין. ער האָט זיך דערמאָנט דאָס ווערטל: „נשים דעתן קלות", אַז ווייבער זיינען לייכטזיניק.

דער רב האָט געפּרואווט זיי באַרואיקן מיטן וואָרטשפּיל:

— שמחה, ווען עס קומט צום ענין כלות זיינען ווייבער שוין גאָרנישט קיין קלות.

דער רבי האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן צו די אָפענע בלעטער פון דעם ספר און זיך פאַרטראַכט. ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערן דאָס זשומען פון אַ פליג אינם ווינקל פון אַ שויב. אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט זיך דער רב אָנגערופן:

— ר' שמחה, אייער ווייב איז גערעכט. גייט אַהיים, גרייט צו דאָס תנאים־שרייבן און זאָל זיין אין אַ גוטער, מזלדיקער שעה. ס'איז מיין עצה, אַז צווישן די תנאים און דער זמן־חתונה זאָל די כלה זיך געפינען ביי איר מוטער אין הויז. מען דאַרף איר מאַכן דעם שענסטן אויסשטייער, ווי עס פּאַסט פאַר אייך און אייער געראָטענעם בן־יחיד. אַי, די מחותנתטע פּאַסט אייך נישט צוליב

איר פראָסטער משפחה — איז דאָך, ראשית, שוין מכמה דורות איינגעפירט אין אייער גזע זיך נישט מתחתן צו זיין מיט קיין מיוחסים. ס׳איז אַלעמאָל אַ סך וויכטיקער דער יחוס עצמי, כאָטש ס׳איז אוודאי לייכטער צו לעבן דעם בעל־יחוס.

שמחה האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס גיט דער רב אָנצוהערן וועגן זיך אַליין.

— ער, דער גרויסער גאון, איז דאָך אַליין אַ בעקערס אַ זון.

— דאָס וואָס ס׳געפעלן אייך נישט די מחותנים — האָט דער רב געזאָגט

— איז אויך נישט קיין בייז. אדרבה, גאָט וויל אייך אפשר אויספרואוון, אויב איר זייט נישט נכשל געוואָרן מיט גאוה, רחמנא לצלן. טאָ זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה. אין דעם זכות וועט אייך גאָט ברוך הוא מזכה זיין מיט אַ סך נחת פון זיי.

פייגע האָט אַריינגעשריגן אַ הויכן „אמן״! קומענדיק אַהיים האָט זי באַלד אַריינגערופן חיהלען אין דער גרויסער סאַליע, פון איר אַרונטערגענומען דאָס פאַרטוך, איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און צו איר געזאָגט:

— קינד מיינס! איך וועל דיך אַהיימפירן צו דיין מאַמען, מיין מחותנתטע.

חיהלע איז געווען גערירט ביז טרערן, זי איז געווען פול מיט גליקזעליקייט און האָט איר קעפל אויף פייגעס האַלדז געלייגט, ווי אויף אַן אייגענער מאַמען.

דיזעלבע וואָך האָט מען אַ תנאים געשריבן און געפּראַוועט אַ גרויסע סעודה אינם הויף פון שמחה און פייגע דרעוונער. הינדען, מיט איר משפחה, האָט מען אויפגענומען בכבוד גדול.

נאָכן ברעכן די טעלער, ביים ווינטשן זיך מזל־טוב, האָט זיך די מחתונתטע פייגע צעוויינט פאַר שמחה. זי האָט זיך צעקושט מיט הינדען. זי איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו דער כלה, איר אָנגעטאָן אַ דימענטענע קאַליע מיט שיינע אָפּאַלן געפּאַסט, איר אויך געגעבן אַ בראָשקע מיט אַ רינגל, אַ גאַנצן גאַר־ניטור — זיך צעקושט, איר געוואונטשן עס צו טראָגן מיט פיל גליק און געזונט און צוגעזאָגט איר געבן צו דער חתונה נאָך טייערערע מתנות.

מ׳האָט אויך לאַנג די חתונה נישט אָפּגעלייגט. מ׳האָט גערופן משהל פנחסעס, ער זאָל קומען מיט זיינע שניידער־געזעלן קיין דרעוונע צו מאַכן דעם אויסשטייער פאַרן חתן בערעלע. און פייגע איז אַוועק מיט דער כלה צו ר׳ אשר הערץ אינם שניט־געשעפט, זי זאָל זיך אויסקלייבן דעם שענסטן אויסשטייער, די טייערסטע זיידנס און סאַמעטן, טוכן און לייוונטן.

פייגע האָט אויך נישט פאַרגעסן איר מחותנתטע, הינדע. זי האָט אויסגעקליבן פאַר איר אַ חתונה־קלייד פון דעם שענסטן זיידענעם סאַטין־דע־ליאָן. מ׳האָט גערופן אַבע־אהרנען, דעם בעסטן דאַמסקע שניידער, ער זאָל אַהיימנעמען צו זיך די שטויסן זיידנס און סאַמעטן פאַר חיהלעס חתונה־קליידער.

די חתונה איז געווען אינם דאָרף. אַלע דאָרפסלייט האָבן זיך מיטגעפרייט אויף דער שמחה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז איבער די שבע־ברכות. דער רב איז געקומען צו פאָרן אין מאירל יוזשוס וועגעלע צו דער חופה. דער רב איז געווען דער מסדר־קידושין, כאָטש ער פלעגט עס זעלטן טאָן. אין דעם פאַל האָט ער געמאַכט אַ יוצא מן הכלל, געוואָלט באַשיינען די אָרימע יתומה מיט דער אָרימער משפחה.

***

דער רב האָט דעריבער ניט מסכים געווען צו אַ גט. ער האָט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביז זיי האָבן חתונה געהאַט. ער האָט זיך געפילט אַ ביסל שולדיק פאַר זיין אַריינמישן זיך אין דעם שידוך. האָט ער געזאָגט בערע־לען, אַז אויב ער איז ביכולת, זאָל ער פאַרטאָפּלען זיין צדקה־געבן: „אַ העלפט דערפון זאָל גיין פאַר דיין ווייבס וועגן. דערפאַר וועט זי ווערן אויך אַ שותף צו דיינע מעשים־טובים. און אין דעם זכות וועט דיר גאָט העלפן און זי וועט, אם ירצה־השם, בעסער ווערן".

יאָרן־לאַנג האָט בערעלע אויסגעפאָלגט דעם רבס עצה. ביז איינמאָל איז זיין ווייב חיהלע שטאַרק קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אַנטצינדונג. בערעלע האָט צו איר געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים פון ראַדאָם און וואַרשע. ס׳איז שוין באַלד נישט געבליבן קיין סימן פון איר שיינקייט — איר ווייס־ראָזעווע פּנים איז געוואָרן ווי אַלטער געלער פּאַרמעט, און פון גאַנצן, גרויסן גוף זיינען געבליבן הויט און ביינער. עס זיינען נאָר געבליבן אירע פּעך־שוואַרצע האָר. אירע שוואַרצע אויגן האָבן איצט אַן אימה אַרויפגעוואָרפן. זיי האָבן אויס־געקוקט, ווי אויסגעלאָשענע לאָמטערנעס.

בערעלע איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר בעט. ער האָט אין תוך גענומען געהאַט גרויס אהבה צו איר, נישט נאָר רחמנות. ער האָט געגלעט אירע שיינע האָר. פּלוצים האָט זי געזאָגט צו אים מיט אַ ציטער און אַ געוויין אין איר קול:

— בערעלע, מיין געליבטער מאַן! מיט וואָס וועל איך קומען צום רבונו של עולם? ווי און ווינד איז מיר. כ׳וועל דאָך קומען אויפן עולם האמת אַ ליידיקע, אַ פאַרשעמטע! אויב גאָט, דער אל מלא רחום וחנון, וועט מיר העלפן, מיר מוחל זיין מיינע נאַרישע רשעות, גיב איך דיר אַ תקיעת־כף און אַ הייליקן נדר צו גיין אין דיינע דרכים פון צדקה און מעשים־טובים.

בערעלע האָט זי געטרייסט, דערציילט איר פון דעם רבס עצה און פאַר־זיכערט אַז זינט דעמאָלט איז זי אַ גלייכער שותף מיט אים.

חיהלע האָט געשטראַלט פאַר שמחה, האָט אויפגעהויבן אירע שוואַכע, געלע הענט, געדאַנקט גאָט פאַרן חסד און זכיה צו האָבן אַזאַ מאַן, ווי בערעלע.

זי האָט באַנעצט מיט איר האַלב־פאַרטריקנטער צונג אירע פון היץ פאַרברענ־
טע ליפּן און מיט אַ קרענקלעכן שמייכל איז זי איינגעשלאָפן.

עס האָט זיך איר געחלומט אַ וואונדערלעכער חלום. איר מאַמע הינדע, אין
ווייסע תכריכים, נעמט זי פאַר אַ האַנט, ווי בשעת זי איז אַ קליין קינד געווען,
און פליט אָפּ מיט איר אין הימל אַריין. דאָרטן, אין אַ גרויסן בלויען היכל,
פול מיט ספרי־תורות און מילי־מיליאָסן ברענענדיקע ליכט, זיצט אַ בית־דין
פון לויטערע מלאכים מיט ווייסע פליגלען און מען פירט דורך אַ משפט איבער
איר.

דער קטיגור, דער שלעכטער בייזער מלאך, פּאַכעט שטורמיש מיט זיינע
פליגלען. ער רעכנט אויס אַלע אירע חטאים און חסרונות. דער עיקר דער־
ציילט ער מיט די גענויסטע פּרטים, ווי אַזוי זי האָט געטריבן די אָרימע
פון איר הויז. דעריבער פאָדערט ער, אַז דער מלאך־המות, וואָס שטייט
דערביי אין דעם לינקן ווינקל, זאָל תיכף ביי איר צונעמען די נשמה.

אָבער דער סניגור, דער גוטער מלאך, שפּרייט אויס ווי אַ שוץ זיינע
פליגלען איבער איר. ער ציט אַרויס אַ לאַנגן, ווייסן פאַרמעט פון וואַנען ער
לייענט וועגן די שותפותדיקע מצוות און מעשים־טובים, אַ דאַנק דעם רב׳ס
עצה צו איר מאַן. דערנאָך לייגט ער זיי אַרויף אויף דער פייערדיקער וואָגשאָל
און ווייזט דעם בית־דין, אַז דאָס גוטס וועגט אַריבער דאָס שלעכטס. ער
פאָדערט דעריבער אַ פּסק פון געזונט, היילונג און אריכת־ימים פאַר דער
קראַנקער חיהלע.

דער קטיגור טענהט אָבער, אַז נאָר מעשי־עצמה זאָלן זיך רעכענען,
און אַז די בעסטע מעשים, געטאָן דורך אַן אַנדערן, אפילו פון אַן אייגע־
נעם מאַן, קאָנען נישט זיין קיין רעכטפערטיקונג. דער סניגור ענטפערט
מיט אַ קול דממה דקה, מיט טענער, וואָס קלינגען ווי די זיסע טענער פון
יהושע־יעקל׳ס פידעלע, אַז מאַן און ווייב, פאַרבונדן אין לויטערער אהבה,
געהייליקט דורך חופּה וקדושין, ווערן איינס, אַ צירוף פון אחד, ווערן גלייכע
שותפים צום גוטן, וואָס איז די געטלעכקייט אַליין.

דער בית־דין, אין שלייערן פון בלויע און ראָזעווע וואָלקנס, אַמפּערט זיך
וועגן אַ פּסק־דין. בשעת־מעשה שטייט לעבן איר די מאַמע און ווישט מיט
אַן עק פון די תכריכים דעם שוויס, וואָס רינט פון איר טאָכטערס פּנים.
דער בית־דין קאָן זיך נישט אייניקן און בעט דעם כביכול אַליין אַרויסגעבן
דעם פּסק. חיהלע פילט ווי די מלאכים וואָלטן זי געוואַשן בכדי צוצוגרייטן פאַר
אַ נייעם לעבן.

גאָר אין די וויטסטע וויטן, אין מילי־מיליאָסן שלייערן פאַרהוילן, זיצט
דער כביכול אויפן כסא־הכבוד, וואו טויזנטער זונען פאַרבלענדן די אויגן. און

באותו הרגע הילכט אַריין דורך בליצן און דונערן דער פּסק, אַז געדעכט איז דער אָסטראָווצער צדיק ר׳ מאיר־יחיאל.

דער דאָקטאָר מאַלינגער איז דעמאָלט געשטאַנען ביי חיהלעס בעט צו־זאַמען מיט בערעלען, איר מאַן, וואָס האָט אָקאָרשט צוגעמאַכט דעם תהילים, און באַזונדער שטאַרק געוויינט ביים קאַפּיטל „תפילה למשה״, בעטנדיק ביי גאָט אַ רפואה־שלמה פאַר זיין ווייב.

חיהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, ביידן אַנגעקוקט און געבעטן אַ טרונק וואַסער. איר פּנים האָט צום ערשטן מאָל צוריקגעקראָגן דעם ווייס־ראָזעווען קאָליר. אירע אויגן האָבן אַ לייכטן גלאַנץ געטאָן. אירע ליפּן זיינען עטוואָס רויטלעכער געוואָרן.

דער דאָקטאָר האָט מיט אַ ווייסן האַנטוך פון איר דעם שווייס אָפּגעווישט. ער האָט איר דערנאָך געגעבן אַ טרונק וואַסער און אַ לעפעלע רפואה פון אַ רויט פלעשלע. ער האָט געטאַפּט חיהלעס שטערן און אויסגערופן אַ פריי־דיקער צו בערעלען:

— אַ דאַנק גאָט! זי איז איבערגעקומען דעם קריזיס!

***

אַז זי איז געזונט געוואָרן, האָט זי געקויפט גרויסע טעפּ, אַלערליי גע־שירן, איז אַוועק אויפן זועג, וואָס האָט געפירט צו דער שטאָט, אָפּגעוואַרט די פאַרבייגייענדיקע אורחים און אָרימעלייט, זיי געבראַכט אין איר הויז אַריין און זיי מכבד געווען מיטן בעסטן און שענסטן. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי זייער הויז איז אָנגעפולט געוואָרן מיט אַלערליי אורחים, וואָס האָבן געגעסן און געגעכטיקט ביי זיי.

שטענדיק האָט בערעלע ליב געהאַט צו עסן מיט די אורחים ביי איין טיש. און אויב ער איז שטאַרק געווען פאַרנומען אין די וועלדער, האָט ער זיך געאײַלט אַהיים, רייטנדיק אויף זיין שוואַרץ־און־ווייס געפלעקטן פערד. אַרונ־טערשפּרינגענדיק, איז געווען זיין טבע צו גלעטן דאָס פערד, און די שטומע חיה האָט מיט דער צונג זיינע הענט געלעקט.

ער האָט ליב געהאַט צו טרעפן די אורחים עסנדיק מיט אַפּעטיט, און דער עיקר צו זען זיין חיהלע מיטן ברייטן פאַרטוך, ווי זי פאָרעט זיך אַרום די געסט מיט ליבשאַפט. פאַר שמחה און נחת האָט ער זיך געריבן די הענט.

בערעלע האָט לעבן זיין הויז אויפגעבויט אַ ספּעציעלע שטוב מיט באַ־קוועמע געלעגערס פאַר די וואַנדערנדיקע אָרימעלייט און אורחים. חיהלע האָט געקאָכט פאַר זיי דיזעלבע מאכלים, וואָס זי און בערעלע האָבן ליב צו עסן — יעדן טאָג אַן אַנדער מאכל. באַזונדערס האָבן זיי ליב געהאַט דעם רויטן

קאַפּושניאַק פאַררייִשט מיט צוגעברענטע ציבעלעס, וואו ביים גיסן אַ ביסל באָרשט אינעם געגליטן פּענדל ווערט אַ פּאַרע און רויך ווי אינעם מרחץ ביים גיסן די שעפּעלעך וואַסער אויף די געגליטע שטיינער; און וואו ביים אַריינ־וואַרפן אינעם טאָפּ די האַלב־שוואַרצע אויסגעפּעטסטע ציבעלעס הויבט זיך אָן אַ געיעג צווישן די פעטע אויגן, וואָס האָבן זיך מיוחסדיק אַזוי געקייטלט איינער אינעם אַנדערן, זיך אַזוי רחבותדיק אויסגעשפּרייט נישט דורכצולאָזן די הייסע פּאַרע.

זומער פלעגט זי קאָכן גרויסע סאַגאַנעס מיט מעליקע קאַרטאָפל, זיי דורכשאָקלען מיט אַסך פּוטער, זאַלץ און פעפער, און דערלאַנגען צום טיש אין טיפע שיסלען. פאַר יעדן אורח פלעגט זי נאָך צושטעלן אַ טעפּעלע קאַלטע זויערמילך, פאַרצויגן מיט אַ דיקלעכע הויט, ווי געלע פּוטער.

ווינטער, ווען זי האָט צוגעגרייט דאָס געגזענע שמאַלץ אויף פּסח, פלעגט היהלע שמעלצן די קאַרטאָפליעס מיט אַ סך געגנזן־שמאַלץ. אַ טייל פלעגט געגנוצט ווערן ווי חמצדיקע גריוון, וואָס זי פלעגט צערייבן מיט אַ גרויסן הילצערנעם לעפל. די ברוינע גריוון האָבן אַרויסגעקוקט פון די צעריבענע קאַרטאָפליעס, ווי באַהאַלטענע ראָזשינקעס. זיי האָבן געקנאַקט אין מויל, ווי שבתדיקע געטריקנטע באַניע־קערלעך. דער זאַפט פון די גריוון פלעגן די אורחים זאָגן, האָט דעם טעם פון פרישע קאַרשן.

דער באַליבטסטער מאכל צו וואַרימעס איז געווען קליסקעלעך מיט קיילעכיקע ווייסע אַרבעס, וואָס בעתן קאָכן קומט פאַר אַ ווילדער געיעג: ווער ס'וועט פריער פאַרלירן זיין טויט־העמדלדיקן איסזעץ. זיי קריגן דערנאָך אַ לעבעדיקן, ראָזעווען קאָליר, ווערן פעט און ס'ווערט זיי ענג אינעם טאָפּ, און היהלע וואַרפט נאָך אַריין די פּירעקיקע, פון אייער אויסגעטריקנטע, געלע קליסקעלעך. זי שעפּט נאָכדעם מיטן בלעכענעם לעפל דאָס הייס־קאָכיקע וואַסער אַריין אינעם גליענדיקן פּענדל מיט די האַלב־שוואַרצע פאַרברענטע ציבעלעס, געשניטן אין קליינע פּירעקיקע שטיקלעך. בעתן גיסן מאַכן די ציבעלעס אַזאַ רעש, ווי מ'וואָלט זיי ממש געקוילעט.

די שוואַרצע פעטקייט גיסט מען אינעם גרויסן טאָפּ אַריין, פון וואָס עס ווערט אַ מאכל פון די מעדני מלאכים — עס צעגייט ממש אינעם מויל, ווי אַמאָל דער מן אינעם מדבר — טויזנט טעמים האָט דאָס. די אורחים האָבן עס באַטראַכט פאַר זייער באַליבטן מאכל, ווי אַמאָל, להבדיל, ביי עשו'ן — לינדזן.

פאַר וועטשערעס האָט היהלע שטענדיק געקאָכט פולע טעפּ מיט פלייש און פעטע יויכן מיט קאַשע אָדער הירזש, קאַרטאָפליעס מיט שעפּסענע יויך. טיילמאָל רינדפלייש מיט אַ סך מאַרכביינער, וואו דער געלער מאַרך איז זיך באַלעבאַטיש אַרומגעשוואואומען; חוצפּהדיק, פאַרשייט, שטענדיק פון אויבן.

ווען חיהלע האָט אַמאָל געקאָכט עפּעס אַ מער אײדל עסן, אַ שטײגער אַ הינערשע יויך מיט דינע גרויפּן־הײטלעך, זײנען די אורחים נישט געווען צופרידן. זײ האָבן געמורמלט: דאָס זײנען פּריצישע עסנס, גוט פאַר קימפּע־טאָרינס אָדער קראַנקע. האָט מען זײ געמוזט מפּײס זײן מיט עקסטראַ מאָנ־קיכלעך, מאַנדלברײטלעך, צי מיט טײ פונם גרויסן מעשענעם סאַמאָוואַר, וואָס מאַריאַשע האָט צוגעגרײט פאַר אַלעמען.

***

אײנמאָל, ווען בערל מיטן ווײב זײנען פאַרבײ די תּפֿילה, האָט ער אָנגעוויזן חיהלען, אַז ס'איז אַ גרויס רחמנות אויף די אַלטע „דזשאַדעס", וואָס זיצן אײנ־געהילט אין שמאַטעס אַרום דעם שטײנערנעם צוים און קײען זײערע שטיקער האַרט ברויט. בערעלע האָט געפּועלט בײ זײן ווײב צו שיקן יעדן טאָג מיט זײער דינסט מאַריאַשע הײסן באָרשט מיט קאַרטאָפּליעס פאַר די קריסטלעכע בעטלער.

***

נאָך דער רעוואָלוציע האָבן זיך גענומען גרינדן אין פּוילן שטאַטישע און דאָרפישע קאָאָפּעראַטיווע געוועלבער מיט שילדן פון „סוואָי דאָ סוועגאָ" (אײ־גענע צו אײגענע) און די אַלגעמײנע שנאה צו אידן האָט אויך נישט אויסגעמיטן דאָס דאָרף דרעוונע.

בערעלע האָט אָנגעהויבן פילן, אַז אַ גרויסע ענדערונג צום שלעכטן פאַר אידן איז געקומען אין פּוילן, כאָטש צו אים אַלײן האָט מען נאָך קײן שנאהדיקע מעשים נישט אַרויסגעוויזן. ער האָט אָבער אײנגיכן אויך אויסגעפינען, אַז די אינגערע, אונטערוואַקסנדיקע פּויערים שטערן זײערע טאַטעס צו פאַרקויפן זײער ווייץ און קאָרן צו אים.

ער האָט אויך געזען, אַז צוליב דער וואַקסנדיקער שנאה צו די אידן, וואַנדערן אויס בײם אָנהײב פון ערשטן וועלט־קריג כמעט אַ העלפט פון די אידישע, אײנגעזעסענע פון דורות, תּושבים פון זײן נאָענטער שטאָט אָסט־ראָוועצע. ער האָט געטראַכט, אַז ווען ער איז נישט אַזוי טיף־דורותדיק אײנגע־פונדעוועט אין זײן דאָרף דרעוונע, וואָלט ער אויך געטאָן דאָס זעלבע. דערווײל קלאַמערט ער זיך צו זײן אַלטער הײם, ווי אַ פויגל צו זײן נעסט.

פּוילן איז נאָכן קריג ווידער פאַראײניקט און אויפגעריכט געוואָרן. דאָס גאַנצע פאָלק האָט געיובלט. דער דרעוונער גלח סאָסנאָווסקי האָט אָנגעטאָן זײן פײערלעכסטע ווײסע סוטינע און דעם גרויסן צלם, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען אויף אַ קײט ביז זײן בויך. ער האָט געהײסן קלינגען אין אַלע טומאה־גלאָקן. און ס'זײנען אָנגעקומען אַזויפיל פּויערים, אַז זײ האָבן איבערגעפּלײצט די

טומאה און דעם הויף, און גרויסע מענגעס זיינען נאָך געבליבן אין די אַרומיקע געסלעך.

נאָכן גאָטעס־דינסט, איז דער גלח מיט זיינע נושאי־כלים אַרויס מיט די גרויסע צלמים און הייליקע בילדער, געטראָגן אויף שטאַנגען, און מיט גרויס עקסטאַז גערעדט וועגן דעם גרויסן היסטאָרישן טאָג פאַר פוילן. ביי אַלע אַנוועזנדיקע האָבן זיך געגאָסן טרערן פון פרייד פון דערלעבן דעם געגאַרטן טאָג, אַפילו די לאָמע, מיט זייערע קוליעס אונטער די אָרעמס, און די אַלטע „דזשאַדעס" מיט זייערע וואַנדער־שטעקנס, זיינען געשטאַנען ווי אויסגע־גלייכטע.

דעם גלחס פייערדיקע ווערטער האָבן נאָך שטאַרקער געצינדן אַלעמענס געמיטער. דער סאַמע באַגייסטערטער מאָמענט איז געקומען, בעת ער האָט אויפגעוויקלט די אַלטע פוילישע פאָן מיטן אָדלער, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין דעם קלויסטער. דער גאַנצער נאַראָד ווי איין מענטש, האָט געקושט די באַפרייטע ערד און געזונגען קניענדיק די אַלטע פוילישע הימנע.

בערעלע מיטן ווייב זיינען אויך געקומען פייערן און פרייען זיך מיט פוילנס באַפרייאונג: ער איז געווען אָנגעטאָן אין דעם קאַנטיקן פוילישן היטל, הויך געהאַלטן אין האַנט די אַלטע פוילישן פאָן, וואָס איז געבליבן פון זיין זיידן בעריש, דעם „פאָווסטאַניעץ", און פריידיק מיטגעזונגען.

פלוצים זיינען צוגעלאָפן עטלעכע יונגע שקצים, אַרונטערגעריסן ביי אים דאָס היטל פון קאָפּ און פון דער האַנט די פאַרהייליקטע פאָן, וואָס איז מיט אַזויפיל מסירת־נפש אָפּגעהיט געוואָרן נאָך פון זיינע אָבות. עס האָבן זיך אויך געהערט געשרייען „דאָ פאַליעסטיני".

בערעלע מיטן ווייב זיינען געווען אויסער זיך און זיך אַרויסגעשאַרט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.ביידע זיינען אַוועק אַהיים פאַרשעמטע, שטילשווייגנ־דיקע. פון זייערע אויגן האָבן זיך געגאָסן די ערשטע טרערן אויף דער באַ־פרייטער פוילישער ערד. אינם הויז האָט ער זיך געזעצט אין אַ ווינקל און געוואָלט מיטן שכל באַנעמען, וואָס דאָ איז אָקאָרשט פאָרגעקומען. צום הויז האָבן דערגרייכט די יובלדיקע געשרייען און געזאַנגען פונם פוילישן המון.

די געשרייען האָבן זיך אַלץ נענטער געהערט ביי זיין הויז. באַלד האָבן גענומען פאַלן שטיינער און פלעשער אין זיינע פענסטער. די שויבן האָבן גע־קראַכט מיט הילכיקן בראַזג. חיהלע האָט געציטערט פון אַנגסט און גערופן צעשראָקן: ראַטעוועט! בערעלע האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן, געעפנט די טיר און אַרויס מיט נאַקעטע פויסטן אַנטקעגן די ווילדע פראַים, זיך צו פאַר־מעסטן מיט די אָנפאַלער.

צום גליק איז געקומען צו לויפן דער אַלטער סאָלטיס גדוזשניצקי מיט אַ כאָפּטע עלטערע פויערים און פאַריאָגט די כוליגאַנעס. זיי האָבן געבעטן מחילה ביי בערעלען פאַר די ווילדע מעשים, און פאַרזיכערט אים, אַז דרעוונער פויערים וועלן אים באַשיצן און לעבן מיט אים בשלום, ווי זיינע אבות האָבן דאָרטן געלעבט מיט זיי פאַר הונדערטער יאָרן.

בערעלע האָט זיך אויסגעגלייכט, אויפגעהויבן שטאָלץ זיין קאָפּ, געדאַנקט זיי מיט געציילטע ווערטער און אויסגערופן: — גאָט אינם הימל איז מיין באַשיצער און באַשירמער! דערנאָך איז ער אַריין אין הויז, געשטעלט זיך אין מזרח־זייט דאַוונען מנחה און ביי דער שמונה־עשׂרה צעוויינט זיך ווי אַ קינד.

נאָכן דאַוונען האָט ער געזאָגט צום ווייב:

— חיהלע, כ'האָב אָנגענומען אַן ערנסטן באַשלוס. דער אייביקער גורל פון אונזער פאָלק איז אין ויסעו־ויחנו, וואַנדערן, רוען און ווייטער וואַנדערן. מיר פאַרלאָזן נאָך היינט ביינאַכט דאָס דאָרף. די שויבן־לעכער זיינען שדים־לעכער, וואָס וואונדיקן מיין צעווייטיקט האַרץ. מיר'ן וואוינען מיטן אידישן ציבור פון אונזער שטאָט אָסטראָווצע. מסתמא איז אַזוי באַשערט, אַז איך זאָל דאָ זיין דער לעצטער פון מיין גזע.

בערעלע מיטן ווייב האָבן אַלץ איינגעפּאַקט. זייער אַלטער, געטרייער פּאַראָבעק, סטאַשעק, האָט געפרעגט אַ דערשראָקענער:

— און מיט מיר וואָס וועט זיין?

— דו קאָנסט גיין מיט אונז, אויב דיר איז עס ניחא.

און אין דרייען האָבן זיי אַרויסגעטראָגן די פאַרפּאַקטע זאַכן, אַריינגעלייגט אין דער בריטשקע און געפאָרן אין שטאָט אַריין.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי מלך שענקער. ווען יענער האָט זיך דער־וואוסט פון אַלעם וואָס ס'איז געשען, האָט ער פאַרבראָכן די הענט און געבליבן ווי געליימט. אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ביז ער האָט זיי געזאָגט:

— נו, וואָס עס זאָל נישט זיין טאָר מען נישט פאַרלירן דעם בטחון. איז די בעסטע זאַך צו טרינקען אַ לחיים, און דאַנקען דעם השם יתברך פאַר זיינע דרכים, וועלכע מיר פאַרשטייען נישט אַלעמאָל. און אויב ס'איז גאָטס שטראָף, מסתמא זיינען מיר דאָס ווערט. און מיט גאָטס הילף וועט איר זיך נעמען צו אַ נייער פּרנסה און מצליח זיין.

באַלד אויף מאָרגן האָט בערעלע געקויפט אַ גרויס אַלט הויז אין דעם שמאָלן טומאה־געסל, וואָס פירט אינם מאַרק אַריין.

די אידן פון דער שטאָט זיינען באַצערט געוואָרן פון בערעלעס שווערע נסיונות. זיי האָבן געטרייסט אים און זיין ווייב חיהלע מיט זייערע וואַרעמע

בליקן, די בעלי־בתים, ווי די סוחרים און בעלי־מלאכות האָבן זיי מקרב געווען, פאַרבעטן זיי אין זייער הייזער צו עסן און שלאָפן. בערעלע האָט געזאָגט:

— כ׳האָב נישט גענוג געלערנט קיין תורה צו קאָנען ווערן אַ ישיבה־בחור און עסן „טעג” ביי אייך.

זיין נחלה אין דאָרף האָט בערעלע פאַרקויפט דעם דענקעווער פריץ; דאָס מעל און תבואה פון זיינע שפייכלעך האָט ער געברענגט אין שטאָט אריין צום פאַרקויפן; די אַרענדירטע וועלדער האָט ער איבערגעגעבן צו שלום, דעם וואַלד־סוחר — ער וויל מער קיין מגע־ומשא נישט האָבן מיט יענער זייט פונם געוועזענעם „שלאַגבאַנק”.

מיט זיין פאַרבליבענעם ביסל פאַרמעגן האָט ער איבערגעבויט דאָס גע־קויפטע הויז און געמאַכט עס פאַרן אַן אכסניא. ער מיטן ווייב און זיין אַלטן פאַראָבעק, וואָס האָט נישט געוואָלט אַוועק פון זיי, וועלן מיט אייגענער שווערער מי אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי ס׳איז זיי נאָך באַשערט צו זיין אויף דער ערד.

מאירל צוקער האָט זיך דערפרייט בשעת ער האָט באַגעגנט בערעלען. ער האָט אים אָבער אָפן געזאָגט:

— דיין גלות פונם דאָרף איז זייער אַ ביטערער אָנזאָג פאַר אונז אַלעמען. די שטיינער אין דיינע פענסטער זיינען געפאַלן גאָר נישט אַזוי ווייט אויך פון דאַנען. אָבער גאָט איז אַ פאָטער, און זאָל זיין מיט מזל און מיט גליק!

בערעלעס אכסניא איז געוואָרן ווייט און ברייט באַקאַנט צוליב איר זויבערקייט, ווי אויך צוליב דער וואַרעמער גאַסט־פריינטלעכקייט צו אַלעמען פון דעם בעל־הבית און זיין ווייב.

בערעלען האָט נאָר פאַרדראָסן וואָס ער קאָן מער ניט מהנה זיין די אָרעמע אורחים, די שטענדיקע נע־ונדניקעס. מיט די לעצטע גראָשנס האָט ער געבויט אינם הויף פון דער אכסניא אַ ספּעציעלע שטוב פאַר אורחים. עס האָט אים שוין אָבער נישט געסטייעט קיין געלט זי אויסצוריכטן מיט די נויטיקע מכשירים. איז ער אַוועק צו די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים און בעל־הביתטעס בעטן זייער הילף.

ברכה־פעסל, די נגידישע אשת־חיל, האָט געגעבן דעם ערשטן צושטייער: ציכן און ליילעכער, און אויך שטיקער וויסן לייוונט פאַר העמדער, וואָס בערעלעס ווייב וועט אויפנייען צו געבן יעדן אָרעמאַן אַ פריש ריין העמד פאַרן לייגן זיך אויף דעם ריינעם ליילעך און ציך פון דעם ציכטיק־אויסגעבעטן בעט.

אַנדערע באַלעבאָסטעס האָבן נאָכגעטאָן ברכה־פעסלען. און עס האָט נישט לאַנג גענומען ביז דאָס אורחים־הויז איז געוואָרן אויסגעשטאַט מיט אַלע נויטי־קע איינריכטונגען, פאַר אַ באַזונדערער קיך. אַ חוץ פרייען נאַכטלעגער, האָבן די

אורחים דאָרטן געקראָגן אויך עסן די גאַנצע וואָך אָן געצאָלט. אויף שבת און יום־טוב האָט בערעלע צעשיקט די אורחים צו די שענסטע באַלעבאַטים און באַלעמלאָכעס פון דער שטאָט.

בערעלע האָט אָפּגעשאַפט דעם אַלטן מנהג, אַז די אורחים שטעלן זיך אַוועק ביי דער טיר פון דער שול פרייטיק־צונאַכט נאָך קבלת־שבת. טייל פון זיי שטייען מיט בעטנדיקע אויגן, — אַנדערע שטייען ווי דרענגער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, וואָס האָבן געוואָרפן אַן אימה אויף די אַרויסגייענדיקע פון דער שול; שטייען מיט האַרץ־קלאַפּעניש און דערוואַרטונג, אַז מ׳זאָל זיך אויף זיי מרחם זיין און נעמען אַהיים ווי אורחים אויף אַ גאַנצן שבת.

בערעלע האָט אין דעם געזען פאַרשעמונג פון דעם מין מענטש, שיעור נישט שפיכת־דמים. האָט ער איינגעשטעלט, אַז פרייטיק פאַרנאַכט, אָדער ערב יום־טוב, באַזוכט ער אַליין אַלע בעל־הבתישע הייזער און לאָזט זיי וויסן, אַז ער שיקט זיי אַן אורח. און ס׳האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז מ׳זאָל אים חלילה, אין דעם אָפּזאָגן.

דאכע, משהל פנחסעס האָט איינמאָל אויסגעדריקט איר פאַראיבל אויף אים, הלמאי ער שיקט איר שטענדיק אויף שבת און יום־טוב נאָר קרעציקע:

— וואָסי, איר מעגט אַמאָל אַוועקנעמען די האַנט פונם האַרץ און משהלען מיט זיין הויזגעזינט מהנה זיין מיט אַ ריינערן, אַ מער אָנגענעמען אורח — האָט זי געטענהט צו אים.

האָט איך בערעלע געענטפערט:

— דאָכע־לעבן, דאַרפסט אין דער אמתן זיין צופרידן. דיין מזל איז קיין עין הרע אַזוי שיין, וויל דער שכר מצוה פאַר אַזעלכע אורחים איז נאָך גרעסער. דאָס איז דאָך גאָר אַ זכיה. איך גיב דיר אַ געלעגנהייט צו טאָן די גרעסטע און שענסטע מצוות.

אַמאָל איז ברכה־פעסל געוואָרן מסוכן־קראַנק. איז בערעלע אַוועק צו איר מבקר־חולה זיין. זי האָט אָפּנים געפילט, אַז דער מלאך־המות שטייט שוין ביים בעט צוקאָפּנס, און געזאָגט צו אים:

— געדענק, אַז כ׳בין געווען פון די ערשטע צו העלפן, איינאָרדנען דיין אורחים־הויז פאַר די אָרימע לייט!

ער האָט איר געענטפערט שמייכלענדיק און טרייסטנדיק:

— גאָט ווייסט אַלץ. אָבער מיטן אייבערשטן פירט מען נישט קיין חשבונות, וויל ס׳וועט אים שטענדיק נאָך אַ רעשט אַרויסקומען. מצוות און מעשים־טובים זיינען נאָכמער אָנגענומען ביי גאָט, ווען מ׳טוט זיי לשמה, מיטן גאַנצן האַרצן און מ׳זוכט נישט קיין שכר פאַר זיי. נאָר גאָט ברוך הוא זאָל

איך העלפן מיט אַ רפואה שלמה און איר זאָלט זוכה זיין צו נייע מעשים טובים.

בערעלע האָט אויך איינגעפירט אַ נייעם מנהג פון מעשר געבן. ביי יעדן בעל־הבית, וואָס האָט געבויט אַ ניי הויז האָט ער גענומען מעשר אין ברעטער און אין פאַרטיקע טירן און פענסטער. דאָס האָט ער געגעבן צושטייער יעדן בעל־מלאכה, וואָס האָט נישט געהאַט געגוג געלט צו פאַרענדיקן זיין שטוב. קודם־כל האָבן עס געקריגן די יתומות, וואָס בויען שטיבער צו קריגן גיכער חתנים.

און מצווה גוררת מצווה. ער איז געווען זייער דערפינדעריש אויסצווזוכן נייע מינים מצוות. פאַר זיינע שווער־פאַרהאַרעוועטע עטלעכע גילדן, וואָס ער האָט אָפגעשפאָרט האָט ער געקויפט די שענסטע טליתים פאַר אָרעמע חתנים — און ער האָט געברענגט זיי די כלות צוזאַמען מיט די שיינע כל־בו־סידורים, געדרוקט מיט גרויסע אותיות און אויף עברי־טייטש.

בערעלע איז, אמת, שוין נישט געווען דער אַמאָליקער רייכער פריץ, וואָס פירט דעם גרויסן שטאָט פון זיין גזע. אָבער מאירל צוקער, דער שטאָט־חכם, האָט געזאָגט מיט רעכט, אַז זינט דער דרעוונער האָט זיך צווישן זיי באַזעצט איז ער געוואָרן דער באַליבטער פרנס, וואָס איז פאַר אַלעמען אַ ביישפיל מיט זיין דרך פון דער לויטערסטער מענטשלעכער גוטסקייט.

# דער צירק

## לאַזער שטריקמאַכער און זיינע טעכטער

הינטערן „טומאה״־באַרג, אויף לינקס פונם אַפּטער שאָסיי און דעם טייך „ליאס״, האָט זיך געפונען אַ לאַנגע לאַנקע, וואו עס זיינען געשטאַנען די לעצטע הייזער פונם פויליש־אידישן ישוב. דאָרטן האָט געוואוינט לאַזער, דער שטריקמאַכער.

ער איז געווען אַ הויכער, אַ קרעפטיקער. די פלאַקסן־האָריקע קוטשמע און באָרד האָבן זיך געקרייזלט, ווי די געדרייטע שטריק, וואָס ער האָט גע־פלאָכטן אויף די הילצערנע סלופּעס און באַרעדלטע שטאַנגען אינם אָפענעם פעלד לעבן זיין הויז.

זיינע לענדן האָט אַרומגעגאַרטלט אַ ברייטער זאַק, ווי אַ פאַרטוך מיט טיפע קעשענעס, אָדער לאַנגע טאָרבעס, אָנגעפולט מיט גערייניקטן גאָלדיקן פלאַקס. מיט פעסטע טריט פלעגט ער אַזוי שפּאַנען אַ גאַנצן טאָג הין־און־צוריק, הין־און־צוריק און מיט ביידע הענט ציען דאָס פלאַקס פון זיינע קעשע־נע־טאָרבעס.

יעדן אויסגעפלאָכטענעם שטריק האָט ער ליב געהאַט צו גלעטן מיט זיינע שטאַרקע, מאַזאָליעדיקע הענט, פילן די ווייך־מחיהדיקע גליטשיקייט. דאָס האָט אים פאַרשאַפט אפשר נישט ווייניקער תענוג, ווי עס האָט דורכ־געלעבט זיין ווייב חיהלע, די פעטע, בדייטע אידענע, וואָס האָט ליב געהאַט צו גלעטן די צעפּ פון זייערע צוויי מיידלעך באשקע און רבקה בשעת זי האָט זיי פאַרפלאָכטן יעדן ערב־שבת פאַר ליכט־בענטשן.

די דערוואַקסענע טעכטער האָבן אַ גאַנצע וואָך געהאָלפן ביי דער אַרבעט זייער טאַטן, צו ווען זי זיינען געווען זייער ענלעך — אים געהאָלפן ביי די רעדלעך און ביים רייניקן דאָס פלאַקס. זיי האָבן געהאַט קורצע נעזלעך, רויטע, זומער־באַשפּרענקלטע באַקן און העלע, צעפלאָסענע קעפּ האָר. זומער זיינען זיי געגאַנגען באָרוויס, געווען אָנגעטאָן אין דינע ציצענע קליידלעך, וועלכע דער ווינט האָט אָפט צעבלאָזן ווי צעעפנטע פאַראַסאָלן. דעמאָלט פלעגן זיי שעמעוודיק כאַפּן מיט די הענט די זוימען פון די קליידער און צוריק פאַרדעקן זייערע שיינע פיס און קערפּער־טיילן.

דער טאַטע פלעגט אָנקוועלן פון זייער טיכטיקע און פלייסיקע אַרבעט און ביי דער וועטשערע לויבן די געראָטענע טעכטער פאַר דער מאַמען:

— די בעסטע זין פון אַלע שטריקמאַכער וואָלטן נישט געקאָנט אַרבעטן בעסער פון אונזערע בת־מלכהס, קיין עין־הרע זאָל זיי נישט געשען!

חיהלע פלעגט דערביי נחתדיק שמייכלען, אָפּזיפצן, אויפהייבן אירע פאַרגלאָצטע אויגן צום באַלקן און זאָגן:

— טאַטעניו, זיסער!...

דאָס האָט געמיינט אויף איר לשון, אַז גאָט זאָל זיי צושיקן די לייטישע חתנים, וואָס זיי זיינען ווערט...

***

טאַקע די מיידלעך האָבן דערזען די ערשטע פון דערוויטנס צוויי גאַלאָפּירנדיקע, אויסגעפּוצטע רייטער. אַפילו די פערד האָבן אויסגעקוקט אומגעוויינלעך — מען האָט אַזעלכע שיינע, אויסגעפּאַשעטע, אויסגעכאַליעטע פערד גאָר נישט געזען אין דער שטאָט. ביים דערנענטערן זיך, האָבן די רייטער אַרונטערגעצויגן זייערע באַגילדעטע און באַפּרענדזלטע היטלען פון קאָפּ מיט פריצישער פראַנטישקייט, געזאָגט „דזשען דאָברי" און אָפּגעשטעלט די פערד ביי איינעם פון די סלופּעס. זיי האָבן געבעטן ביי לאָזערן דערלויבעניש צוצובינדן אויף אַ ווײַלע די ברוינע לייצעס צו איינעם פון זיינע סלופּעס. זיי דאַרפן אויסמעסטן אַ דערבייאיקן פּלאַץ פאַרן צירק, וואָס קומט אָהער אויף אַ שטיקל צייט.

לאָזער האָט אַרונטערגענומען דאָס קאַפּל, צעוויטעט זיך מיט די פריצים און געענטפערט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געזען קיין צירק, נאָר אויב דאָס וועט נישט שטערן זיין מלאכה, אַרט אים נישט וואָס זיי וועלן טאָן. זעענדיק זייערע פאַרשוויצטע פּנימער, האָט ער געשיקט די טעכטער ברענגען פאַר זיי אַ קאַלטן טרונק, ווי אויך אַ גרויסן קובל וואַסער פאַר די פערד. ער האָט באַכגעשריגן די מיידלעך, אַז זיי זאָלן באַנוצן צוויי פאַרצעלייענע טעפּלעך פונם פאַרעווען געפּעס.

די רייטער האָבן אַלץ אויסגעמאָסטן און אויך אַריינגעקלאַפּט שטיקלעך האָלץ אין פאַרשיידענע פּונקטן. דאָס האָבן זיי דורכדעם באַצייכנט די ערטער, וואו עס וועלן אויפגעשטעלט ווערן די קאַרוזעליע, די טראַפּעזן, די שטייגן פאַר חיות און אַלע אַנדערע ביידלעך און געשטעלן פונם צירק. מיט גרויס העפלעכקייט האָבן זיי זיך געזעגנט מיט לאָזערן און די טעכטער, געדאַנקט זיי פאַר זייער גאַסטפריינטלעכקייט, זיך אַרויפגעכאַפּט מיט גרויס פלינקייט אויף די געזאָטלטע פערד, ווי אמתע אולאַנער, אַ צי געגעבן מיט די צוימלעך, אַ לייכטן שמיץ געטאָן מיט זייערע ווייסע, לעדערנע בייטשלעך, ווידער געצויגן זייערע מיצן און צוריקגעריטן אין דער ריכטונג פונם שאָסיי און דעם „טומאה"־באַרג. און לאַנג האָבן באַשקע און רבקה באַגלייט מיט

בענקשאַפט אין זייערע אויגן די אויסטערלישע גרוס־בדענגער פון דעם וויטן לעגענדאַרן ציַרק.

**\
*

לאָזער האָט איבערגענומען די מלאכה, ווי דאָס הויז מיט האַק און פּאַק, פון זיין טאַטן אברהם־בער, ע״ה. פון אים האָט ער דאָס איבערגענומען די מידה צו זיין אַ גרויסער מפונק און מדקדק זיין, אַז זיינע שטריק זאָלן אַרויס־קומען וואָס ריינער, שענער און שטאַרקער.

לאָזער האָט געטאָן אַלצדינג נישט צו פאַרשעמען זיין גזע פון שטריק־מאַכער, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך דעם בעסטן נאָמען אין דער גאַנצער געגנט, צווישן פּריצים, ווי צווישן פּראָסטע פּויערים און מעשטשאַנעס, און ווער שמועסט נאָך, להבדיל, צווישן די אידן, וואו זיינע שטריק זיינען פאַר־רעכנט געוואָרן פאַר די בעסטע.

ער האָט זיך טיילמאָל געגרויסט פאַר זיינע שכנים. מיט אַ שטאָלצער מינע האָט ער דערציילט, אַז זיינע שטריק ווערן גענוצט אויף די שענסטע שיפן, וואָס פאָרן אויף דער ווייסל, און אַפילו אַזעלכע, וואָס געפינען זיך אינם דאַנציקער האַפן.

לאָזער האָט אויך געמאַכט ספּעציעל־געפלאָכטענע שטריקלעך, ווי זיי־דענע טראָלדן, פאַר זיינע גוטע שכנים, די בעלי־עגלות, צו נוצן אַלס בייטשן, ווי אויך אַנדערע סאָרטן שטריק פאַרן געוויינלעכן אומגאַנג פון די שטעטל־דיקע אידן. ער האָט נישט גענומען ביי זיי קיין געלט. זיי האָבן אים אָפּגע־צאָלט מיט פרייע יאַזדעס אין די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן אויך מיטגענומען אַלע חול־המועדן זיינע טעכטער קיין אָזשעראָוו צו זייערע קרובים, די פערד־הענדלער און קלעזמער (כלי־זמר).

ער האָט אויך געמאַכט שטריק פאַר זיינע שכנים, די גויאישע שטאָט־ליקעס, וואָס האָדעווען אין זייערע הויפן חזירים, קעלבער און עופות. ער האָט זיי געלאָזט קומען און ביי אים נעמען וויפיל שטריקלעך זיי דאַרפן. דערפאַר האָט לאָזערס ווייב געקענט קומען, ווען זי האָט נאָר געוואָלט, אין די גויאישע הויפן. אפילו די הינט האָבן שוין געקענט חיהלען, און איר געלאָפן אַקעגן, לעקן אירע הענט. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס יעדן מאָל, ווען זי איז געגאַנגען אין דער יאַטקע קויפן פלייש, האָט זי אינזינען געהאַט אויך איינצוהאַנדלען עטלעכע גוטעביינער פאַר די הינט.

חיהלע איז געקומען אין די הויפן ווי אַן אייגענע, אַ היימישע, צוגעגאַנ־גען אַליין צו די הינער־שטייגן יעדן דאָנערשטיק און גענומען פרישע אייער צו באַקן אייערקיכלעך. לאָזער האָט זייער ליב געהאַט זיי צו טונקען אין דער פאַרגליוועטער פיש־יויך מיט די רויטע מערן־ראַנדלעך יעדן שבת

אין דער פרי, ווען ער איז געקומען פון השכמה־מנין אינם קליינעם בית־מדרשל, וואו ס׳דאַווענען זיינע שכנים — בעל־עגלות, טרעגער, טאַנדעט־שניידער און שוסטער. ער האָט געפילט טויזנט טעמים אין די קיכלעך, וואָס האָבן פאַרשמעקט די שטוב מיטן געשמאַקן ריח. באַזונדערס נאָכן קידוש־מאַכן איבער אַ גרויס גלעזל פינף־און־ניינציקער.

שבת אינדערפרי האָט זיך אויך חיהלע פאַרגונען צו נעמען אַ האַלב גלעזל בראָנפן. זי, צוזאַמען מיט די טעכטער, האָבן געטונקען די צעבראָכענע שטיקלעך אייערקיכלעך אינם געשמאַקן בראָנפן. און די גאַנצן משפחה האָט פאַרביסן מיט די געפילטע לעשטשעס און קאַרפן־פיש.

נאָכדעם האָט לאָזער מעביר געווען די סדרה מיט זיין קלינגענדיקן קול בעת חיהלע האָט זיך געזעצט אַקעגןביים אָפענעם טייטש־חומש, שאָקלענדיק זיך שבת־מנוחהדיק פרום, בעטנדיק ביי זיין ליבן נאָמען פאַרן געזונט פון איר מאַן און קינדער און אויף גוטע זיווגים פאַר זיי. זי האָט דערביי איבערגעריסן איר פאַרטראַכטקייט, קוקנדיק אויף איר מאַן מיט גרויס תענוג, ווען ער טרילערט ווי אַן אמתער בעל־קריאה ביי אַ פזר און אַ שלשלת. דאָס האָט געקלונגען אין אירע אויערן מיט אַזאַ מתיקות, וואָס צעגייט אין אַלע אברים, ממש ווי מלאכים וואָלטן שירה געזונגען.

די מיידלעך האָבן געגלעט, ווי דער שטייגער איז, מיט די הענט זייערע האָר, אויסגעגלייכט די צעפּ, וואָס האַלטן זיך נאָך צוזאַמען, ווי מען וואָלט זיי אָקאָרשט פאַרפלאָכטן. דאָס איז אַ דאַנק דעם, וואָס די מאַמע האָט ערשט נעכטן, פאַרן ליכט־בענטשן, באַפעסטיקט די צעפּ מיט אַ ביסל אַרבעס־יויך ביים קעמען זיי לכבוד שבת. חיהלע האָט דאָס גענוצט ווי אַן אַלט אויסגעפּרובירט פּאָרטל נאָך פון איר מאַמען, בכדי נישט צו דאַרפן נוצן אַ קאַם און מחלל שבת זיין. נאָכדעם האָבן זיי אָנגעטאָן זייערע שבתדיקע קליידלעך און אַוועק אינם דענקעווער געסל צו זייערע חברטעס. דאָרטן האָט מען גערעדט וועגן כלות, זייערע וויפּראַוועס און אויסשטייערס, וואָס ווערן געמאַכט ביי די שניידער אינם געסל; און וועגן דעם ווער עס האַלט ביי ווערן אַ כלה.

דערנאָך איז מען געגאַנגען שפּאַצירן און זיך איבערגעקוקט מיט די שניידער־און שוסטער־אינגלעך, וואָס האָבן פרי אָפּגעדאַוונט מיטן השכמה־מנין און געוואַרט ביז זייערע מייסטערס וועלן קומען פון דער גרויסער שול, פון אַלטן בית־מדרש אָדער חסידים־שטיבלעך. דערווייל זיינען זיי אַרומגעגאַנגען אינם געסל אויסגעפּוצטע, טייל אין קורצע געהאַקטע קאַפּאָטעס מיט ווייס־געוואַשענע גומענע קעלנער און פאַרביקע קראַוואַטלעך; טייל אין קורצע קורטקעס מיט היטלען, וואָס האָבן גלאַנצאָווענע דאַשעקעס. אַ סך פון זיי האָבן שפּאַצירט פּאַוואָליע, קנאַקנדיק די פּלאַכע, באַבייכלטע, ברוין־געטריקנטע

באַניעקערלעך און וואַרפנדיק וואוילינוגעריש, געשיקט מיט די ליפּן די שאָלן, וואָס פליען פון זייערע מיילער כמעט טרוקענערהייט, ווי זיי וואָלטן פונם ווינט געטריבן געוואָרן.

אַמאָל האָט מען זיך באַגעגנט. די מיידלעך האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט עטלעכע אָפּגעהאַקטע ווערטער, האַלטנדיק שעמעוודיק האַלב־אַראָפּגע־לאָזט די אויגן. און די שניידערישע פּאַצעטלעך האָבן זיי מכבד געווען מיט גאַרשטלעך באַניעקערלעך אָדער מיט די שמאָלע, טונקל־גרויע סעמעטשקעס. די מיידלעך האָבן זיך פאַררויטלט צניעותדיק ביים נעמען זיי פון די בחורשע הענט.

איינמאָל האָבן אַלע מיידלעך געוואָרפן נייגעריקע בליקן אויפן זעלנער, דעם שיינעם פּיוועלע, אַ גוטער שניידער, וואָס איז אַהיימגעקומען אויף אור־לויב אַזש פון כערסאָן. ער איז געגאַנגען אויסגעגלייכט ווי אַ ווירע מיט אַ וואַזשנער מינע און געדרייט זיך די בלאָנדע וואָנצעלעך אויף זיין ווייס־ראָזע־ווען פּנים. פּיוועלע האָט אויסגעזען אין זיין נייעם מונדיר, ווי אַן אָפיציר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ רעדל מיידלעך מיט זיין חבר לייבעלע שיענער, וואָס האָט ליב געהאַט צו קנייפּן די מיידלעך. זיי האָבן געפרעגט ביי באַשקען און רבקהן, ווען עס קומט דער צירק. דערווייל האָט לייבל שיענער געשטרעקט זיין האַנט צו באַשקעס קליידל, ווילנדיק כלומרשט זאָגן מבינות אויפן שטאָף פון וואָס עס איז געמאַכט. זי האָט זיך שנעל אַוועקגערוקט, זיך פאַררויטלט שטאַרק און געזאָגט צו אים בייזלעך:

— כ׳בעט ענק, לאָט׳ס מעך געמאַך! גייט׳ס צו די דינסטמיידלעך!

פּיוועלע איז, נישט געקוקט אויף זיין וואַזשנער זעלנערישער האַלטונג, גראָד געווען בטבע אַ שטילער, באַשיידענער, נישט קיין פאַררעסענער. זיין הילוך איז געווען ווי פון אַ שוועבנדיקן פויגל — קוים וואָס מען הערט זיינע טריט. אַזוי איז אויך געווען דער אופן פון זיין ריידן — אַ רענדל אַ וואָרט, געציילט די ווערטער, ווי מ׳ציילט פּערל. אין דעם איז ער געווען געראָטן אין זיין טאַטן, ר׳ מרדכי, וואָס האָט געוואוינט אויפן „מקום״ אינם דענקע־ווער געסל. די בעל־מלאכות פונם באַרימטן געסל האָבן פון אים געהאַלטן אַן עולם ומלואו, אָפּגעגעבן אים גרויס כבוד, כאָטש ער איז געווען אָרימער פון זיי אַלעמען, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין ריכטיקע מלאכה אין זיין האַנט.

ר׳ מרדכי האָט זיך גאָר אַ סך אויסגעשטאַנען אין זיין לעבן איבער פאַר־שיידענע סיבות. געווען אַמאָל אַ קעסטקינד, שפּעטער געהאַנדלט מיט אייער, צו וואָס ער האָט זיך נישט אויסגעטויגט. מ׳האָט זיך געוויצלט, אַז די אייער, וואָס ער פלעגט שיקן קיין לאָדזש און וואַרשע, האָבן געהאַט גלעזערנע הייטלעך.

נאָכן פאַרטאַכלעווען דעם נדן, איז ר׳ מרדכי געוואָרן אַ טרעגער אויף דער ראַמפּע ביים אָנלאָדן און אויסלאָדן וואַגאָנעס מיט סחורה. אָפילו זיין וועגעלע מיט די צוויי אייזערנע רעדלעך, אָנגעלאָדן מיט די זעק מעל אָדער תבואה, פלעגט ער פירן מיט אַזאַ געלאַסנהייט און וואַזשנעקייט, ווי ער וואָלט געפירט גאָלדענע רענדלעך אָדער איידלשטיינער. ער איז אויך געווען אַלעמאָל דער זויבערסטער און ציכטיקסטער. ביים אַהיימגיין פאַרנאַכט מיט די אַנדערע טרעגער פון דער אַרבעט, האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָס גייט מיט זיי עפּעס אַ טשינאָווניק, אַ לייזיקגייער, צי אַ גביר אַ סוחר.

ר׳ מרדכי האָט געהאַט אַ סך זין, און אַלע זיינען לויט זייער כאַראַקטער געווען געראָטן אינם טאַטן. פייוועלע, דער עלטסטער, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איידלקייט אויך ביים נייען: יעדעס שטעכל מיט דער נאָדל איז ביי אים געווען געוואויגן און געמאָסטן, ווי אַן עבודת־קודש. זיינע חברים, די שניידער־יונגען, ביי משהל פּנחסעס און אַנדערע באַרימטע שניידער־מייסטערס פון דענ־קעווער געסל, האָבן באַטראַכט פייוועלען פאַר זייער שיינדל, געשמועסט צווישן זיך, אַז דאָס וואַקסט אַ נייער משהל, און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק... — ער וועט נאָך ווערן דער גרעסטער שניידער־מייסטער, דער גרעסטער קינצלער אין דעם פאַך אויף דער גאַרער וועלט.

ביי אַלע מיידלעך פון שטעטל, די רייכסטע און שענסטע, איז אויסגעגאַנגען דאָס חיות נאָך אים, האָבן זיך אַ סך געשושקעט און געזיפצט איבער אים. דערפאַר קאָן זיין, אַז ביי באַשקען האָבן זיך אַרויסגעריסן די בייזע ווערטער אויפן חשבון פון לייבלען בכדי גאָר נושא־חן צו זיין ביים ליבלינג פייוועלע.

באַשקע האָט אָבער נישט געוואוסט, אַז שוין אַ לאַנגע צייט איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע ליבע צווישן פייוועלען און פערעלע, משהלעס שוועגערין, דאכעס אינגסטע שוועסטער. פערעלע איז געווען אַ שלאַנקע שאַטינקע, מיט אַ פּאָר־ריסענעם קאָפּ, גרויסע בלויע אויגן, פליישיקע רונדע היפטן און קיילעכדיקע שטייפע בריסטן. דאכע האָט זי אַריינגענומען אין שטוב צו פירן די באַלעבאַ־טישקייט, כדי זי זאָל, צוליב זייער טאַטנס פאַראַרעמונג און ירידה, נישט זיין געצוואונגען צו גיין דינען ביי פרעמדע מענטשן אַלס פּראָסטע דינסט.

פייוועלע פלעגט נישט איין נאָדל צעבדעכן, אָדער מיט דער נאָדל זיך אַריינשטעכן אין זיינע פינגער און זיך גוט צעבלוטיקן צוליב זיין פאַרקוקן זיך אויף איר. ער פלעגט אין לעצטן פאַל אַרייננעמען דעם צעשטאָכענעם פינגער אין מויל אַריין אַרויסצונאָגן דאָס רינענדיקע בלוט און דורכדעם אָפּשטעלן דאָס בלוטן. נאָר ס׳איז מאָדנע, אַז פייוועלע האָט דעמאָלט גאָר געפילט, ווי ער וואָלט געקושט און גענאָגט פערעלעס בלוט־רויטע שנירלדיקע, געטאָקטע ליפּעלעך.

פון באַשקעס בייזע ווערטער איז ביי לייבלען אויף אַ ווײַלע אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. דער עלעגאַנטער פּיוועלע האָט זיך פאַררויטלט, ווי אַ שעמעוודיק יונג מיידל. ער האָט געפּרוּאווט מיט געקליבענע און געציילטע ווערטער פאַרענטפערן זיין חבר לייבל, אַז יענער האָט, חלילה, נישט געמיינט קיין שלעכטס:

— עך דאַרפט אים שוין קענען פאַר זיינע שפּאַסערייען און הלצהלעך; עך דאַרפט זיך נישט באַליידיקן; עך קענט דאָך אים שוין נישט פון היינט; עך ווייסט, אַז ער איז אַ פיינער בחור, אַ גוטע נשמה!

לייבל איז שנעל געקומען צו זיך אַ דאַנק פּיוועלעס ליבווערטער. ס'האָבן ביי אים אויפגעלויכטן זיינע גרוי־וואַסערדיקע אויגן. ער האָט פאַררוקט זיין דאַשעק אין אַ זייט. ער האָט זיך אָנגערופן צו זיין גוטן חבר:

— דאַרפסט מיך נישט שטאַרק פאַרענטפערן. איך פיל מיך גאָרנישט אַזוי זינדיק. וואָס האָב איך דאָ כויטע־בייגל (חוטא בעגל) געוועזן? האָט'ס נישט קיין מורא, באַשקעלע, — יאָך וועל פון ענק קיין שטיקל נישט אָפּבייסן!

פּיוועלע האָט מיטן רעכטן אויג געוואונקען צו לייבלען, צוגעלייגט זיין ווייז־פינגער צום מויל, ער זאָל אויפהערן זיינע וואוילינגערישע ריידעלעך. לייבל האָט געפאָלגט און זיך אָפּגעשטעלט. די מיידלעך האָבן געזאָגט פּיוועלען „אַ גוטן שבת", צוגעבנדיק:

— מיר וועלן דאָך ענק נאָך אַוודאי זען פאַר אינענס צוריקפאָרן!...

זיי האָבן זיך נאָכדעם אויסגעדרייט איבער דער אַנדערער זייט געסל, זאָגנדיק, אַז זיי דאַרפן באַלד גיין נאָכן טשאָלנט.

***

עס האָט זיך געפירט, אַז די וואָס האָבן געדאַוונט אין דער שול, אין די בתי־מדרשים אָדער אין די חסידים־שטיבלעך האָבן מעביר געווען די סדרה פון דער וואָך נאָכן קומען פון דער מקווה — פאַרן שחרית. אָבער די השכמה־לייט פלעגן מעביר־סדרה זיין ערשט נאָכן קידוש־מאַכן און פאַרבייסן. נאָר אויך זיי האָבן געמוזט וואַרטן אויפן שבתדיקן מאָלצייט ביז די בעקער וועלן עפענען זייערע פאַרקלעפּטע אויוונס. דעמאָלט זיינען אַלע געקומען נאָך זייערע אַריינגעשטעלטע טשאָלענטער.

אָרעם און רייך, למדן און פּראָסטאַק — אַלע האָבן דעריבער געמוזט עסן די שבתדיקע סעודה אין דערזעלבער צייט. און דאָס זמירות־זינגען אין אַלע שטובן, מיט די פאַרשיידענע ניגונים, האָבן זיך אויסגעמישט און געוואָרן איין געזאַנג, אַ געטלעכע הימנע צום בורא־עולם, געזונגען פון שבתדיקע, חדווהדיקע אידן.

די טשאָלענטער זיינען אָבער געווען פאַרשיידענע — טשאָלנט צו טשאָ־

לענט איז נישט געווען גלייך. דער אונטערשייד איז געווען אין דעם וואָס מ'האָט אין די טעפּ אַריינגעלייגט. שוין פון דעם דרויסנדיקן אויסזען פון די טעפּ און די שטאַרצן אַליין האָט מען געקענט דערקענען צו וועמען זיי געהערן; וויסן וואָס עס געפינט זיך אינעווייניק. ס'איז, אַ שטייגער, געווען באַוואוסט, אַז די קופּערנע טעפּ און שטאַרצן געהערן צו די מיוחסים, די גרויסע באַלעבאַטים; די אייזערנע ווייס־געגלייזטע — צו די גאַנץ פּאַרמעגלעכע; און די שטיינערנע, — צו די אָרעמע.

דער בעקער מלך שמעגדע, אַ שטייגער, איז געווען אַ מאַדזשיצער חסיד. אין מאַדזשיצער שטיבל האָט ער געדאַוונט מוסף פאַרן עמוד און אויסגעזונגען דעם כתר מיטן רבינס לעצטן כתר־מאַרש פון פיר און צוואַנציק פאַלן. גייענדיק אַהיים האָט ער נאָך אונטערגעברומט דעם מאַדזשיצערס ניגון, וואָס מאַכט פאַרגעסן אָן אַלץ און אַלעם. אָבער נאָכן אַריבערטרעטן די שוועל פון זיין הויז האָט ער שוין געטראָפן אַ סך מיידלעך און ווייבלעך, וואָס וואַרטן אויף זייערע טשאָלענטער. מלך האָט אַרויסגערוקט די טעפּ נישט נאָך זייער יחוס, נאָר לויטן ברענגען זיי צו אים ערב־שבת. די וואָס האָבן זיי געבראַכט די לעצטע, האָבן עס איצט גראָד געקראָגן די ערשטע.

אַז די טעכטער האָבן געבראַכט דעם טשאָלנט, האָט זיך לאָזער געוואַשן די הענט, זיי אָפּגעווישט מיט אַ ריין, שבתדיק האַנטוך און אָפּגעדעקט דאָס טישטעכל, וואָס חיהלע האָט אויסגעהאָפּטן, ווען זי איז געוואָרן זיין כלה. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן מיט שבתדיקן דרך־ארץ די צווי גרויסע, געפלאָכטענע חלות, וואָס פינקלען און גלאַנצן טונקל־ברוין פונם מיט געגנזענע פעדערס אָנגעשמירטן אייל פאַרן באַקן. ער האָט געמאַכט די המוציא ביים איבערשניידן די חלה אויף צווייען מיטן מעסער, וואָס ער האָט אויסגעשאַרפט ערב־שבת אויפן לאַנגן גרויסן שטיין פון זיין שוועל, אָפּגעשניטן אַ המוציא פאַר זיך, געטונקען אינם גלעזערנעם זאַלצמעסטל און געמאַכט די ברכה: המוציא לחם מן הארץ.

שוין ביים שניידן די המוציאס פאַרן ווייב מיט די טעכטער האָט ביי אים געגומען רינען די סלינע קוקנדיק אויפן טעלער ציבעלעס מיט די צעריבענע אַרבעס, פאַרפּוצט מיט אַ ביסל געגנזנשמאַלץ און ברוינע גריוון, ווי קאַרשן. און נאָכן פאַרטיק ווערן מיט דער פּאָטראַווע, האָט ער אויסגעטרונקען נאָך אַ האַלב גלעזל בראַנפן, געווישט זיך מיט ביידע הענט די באָרד, פון וועלכער עס זיינען געפאַלן קרישקעלעך, און געגומען זינגען זמירות. באַשקע און רבקה האָבן אים אונטערגעהאַלטן כאָטש שטיל און איינגעהאַלטן. וואָלטן זיי געווען אינגלעך, איז אַנדערש: דעמאָלט וואָלטן זיי געזונגען מיטן טאַטן אויפן גאַנצן קול.

ביים זינגען די זמירות צווישן איין מאכל און אַ צווייטן האָט ער געקוקט מיט ליבשאַפט אויפן ווייב און די קינדער. ער האָט געדאַנקט דעם רבונו של עולם פאַרן טאָן מיט אים דעם גרויסן געגאָד און אים מזווג זיין מיט אַזאַ געטרייער, האַרציקער אשת־חיל, אים מזכה זיין מיט אזעלכע שיינע, כשרע אידישע טעכטער; ער האָט אויך געדאַנקט דעם אייבערשטן פאַרן שבת־קודש, פאַרן רוען פון זיין שווערער פראַצע און האָרעוואַניע און עסן די שבתדיקע טעם־גן־עדנדיקע מאכלים, ווי לאָקשנקוגל, מערנצימעס, טשאָלענט און געפילטע פיש און גריזון און בראָנפן.

אַוודאי וואָלט גוט געווען, ווען גאָט זאָל אים האָבן מזכה געווען אויך מיט עטלעכע זין, האָט ער געטראַכט — אָבער ער איז נישט מתרעם, ער האָט נישט קיין פאַראיבל אויף גאָט ברוך הוא, וואָס פירט די וועלט מיט חסד און רחמים, טיילט צו יעדן בשר־ודם, וואָס אים קומט. דערפאַר איז ער בטוח, אַז גאָט וועט אים בקרוב צושיקן איידעמס, וואָס וועלן זיין ווי גוטע זין. נאָך דער חתונה וועלן זיי אַלע בלייבן אין זיין הויז, זיצן צוזאַמען ביים שבתדיקן טיש און ער וועט בענטשן במזומן — מיט אַן אייגענעם מזומן פון מאַנספאַרשוינען. וואָס רעדט ער מאַנספערשוינען — ער וועט פילן ווי דערביי וואָלטן געזעסן די אבות: אברהם, יצחק יעקב, און די פרויענצימער — די אמהות: שרה, רבקה, רחל ולאה. ער וועט דערפילן גאָטס פלאַטער... יאָ! אַזוי וועט דאָס זיין!

אָבער ביז וואָס און ווען האָט ער זיך געוואַשן די שפּיץ פינגער אינם האַלבן גלאָז וואַסער, וואָס באַשקע האָט אים געבראַכט. ער האָט געבענטשט זייער געשמאַק, געשאָקלט זיך אין דער לענג זייער אויפגעהייטערט און פאַרלאָזט נאָכן בענטשן דעם שבת־קודשדיקן טיש.

נאָכן כאַפּן דעם שבתדיקן דרימל, איז ער אַוועק אינם נייעם בית־מדרש הערן ר׳ חיים, דעם מגיד, דרשנען איבער דער סדרה פון דער וואָך. די מעשיות פונם מגיד זיינען דעמאָלט געווען אַזוי היימיש־נאָענט, אַז לאָזער האָט זיך געפילט ווי ער אַליין איז איינער פונם חומש אַרויס. ר׳ חיים האָט אַזוי אויסגעטייטשט די מעשה׳ס פונם חומש, ווי זיי וואָלטן ערשט אַצינד געשען.

נאָכדעם איז לאָזער אַוועק אַהיים עסן שלוש־סעודות, די שיריים פונם שבת. אין דער האַלב־פינסטערקייט פון די צוגעפאַלענע נאַכט־שאָטנס, ביים שיידן זיך מיטן הייליקן שבת, האָט ער גענומען זינגען פאַרבענקט טרויעריקע, מיט אומעט און קומער אָנגעפילטע ניגונים. ער האָט געבענשט מיט טיפן בטחון, אַז גאָט וועט אים העלפן אין דער נייער, קומענדיקער וואָך.

חיהלע איז דעמאָלט געזעסן אין אַ ווינקל קעגן אים. מ׳האָט זי קוים

אַרויסגעזען פון די געדיכטע שאָטנס. די טעכטער זיינען געזעסן לעבן איר אויף נידעריקע בענקלעך. די מאַמע האָט געהאַלטן ביידע הענט אויף זייערע קעפּ ווי זיי וואָלטן נאָך געווען קליינע קינדער. זי האָט געזאָגט מיט טיפער פרומקייט „גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב". באַשקע און רבקה האָבן געפילט די ליבע, בענטשנדיקע הענט פון זייער האַרציקער מאַמע, נאָכגעזאָגט יעדעס וואָרט, וואָס חיהלע האָט אויסגעצויגן ווי מ'ציט אויף אַ שנירל גע־קליבענע, לויטערע פּערל. חיהלע איז געווען זיכער, אַז דער אויבערשטער הערט זיך צו צו איר יעדעס וואָרט, אַז עס פלאַטערן איצט אין איר הויז אַרום זיינע גוטע מלאכים, באַגלייט פון די נשמות פון אברהם, יצחק ויעקב און שרה, רבקה, רחל ולאה.

לאָזערן האָט זיך שטאַרק נישט געוואָלט שיידן אַזוי שנעל מיטן שבת־קודש האָט ער אויסגעצויגן וואָס לענגער דאָס בענטשן. ער האָט די ווערטער גע־זאָגט זייער פּאַמעלעך. ביז ס'איז געוואָרן שטאָק פינצטער. ער האָט געפּרעפּלט די לעצטע ווערטער פון בענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט חיהלעס לעצטע ווערטער, אַז די נייע וואָך זאָל זיין געבענטשט מיט געזונט און פּרנסה.

לאָזער האָט זיך דערנאָך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל ביי דער מזרח־וואַנט און געדאַוונט מעריב. דער גרויסער שאָטן זיינער אויף דער וואַנט האָט זיך מיטגעשאָקלט ביז ער איז אויסגעגאַנגען שמונה־עשרה.

רבקה, די אינגערע טאָכטער, האָט זיך באַוויזן מיט אַן אָנגעצונדן חלב־ליכטל אין איר רעכטער האַנט. איר פּנים ווי דעם טאָטנס איז געוואָרן באַ־לויכטן, עס האָט אַרויסגעשיינט איר העל־קיילעכדיק יונג געזיכט מיט די בלאָנדע צעפּ. פונם ליכטל איז געפאַלן אַ בלאַסער שיין אויף דער מאַמען, אויף באַשקען און אויף דער גאַנצער שטוב. לאָזער האָט נאָכדעם געמאַכט הבדלה איבער אַ גלעזל בראָנפן, געשטעלט דאָס גלעזל אויפן טיש און אויפ־געהויבן זיינע הענט אַקעגן דעם ליכטל, וואָס רבקה האָט אויפגעהויבן ווי אַ סגולה צו קריגן אַ הויכן חתן. אויך דער טאַטע האָט צוגערוקט צום ליכטל זיינע צען פינגער, וואָס לייכטן דורכזיכטיק אַלס אַ סגולה צו פּרנסה — גאָט זאָל בענטשן דעם מענטשנס שאַפנדיקע הענט. ער האָט דערנאָך געשמעקט פון דעם ירושהדיקן, זילבערנעם בשמים־ביקסל — אַ דערמאָנונג פון ארץ־ישראל. ער האָט צו אַלעמען געזאָגט:

— גוטוואָך!

— אַ גוטע וואָך! — האָבן אים געענטפערט חיהלע, באַשקע און רבקה.

— אַ געזונטע וואָך! — האָט נאָך חיהלע צוגעלייגט.

און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואָך פון פלייסיקער, מיזאַמער אַרבעט פאַר לאָזערן. ער האָט צוגעגרייט אַלע מכשירים פאַרן מאָרגנדיקן אַרבעטס־

טאָג, ווען ער שטייט אויף, ווי זיין שטייגער, כּעלות, און הייבט אַליין אָן ציִען דעם פלאַקס ביז די טעכטער קומען שפּעטער ארויס אים העלפן אין דער אַרבעט.

## די שטאָט גייט אויף רעדלעך

ס׳איז געווען אַ הייסער תּמוזדיקער טאָג. לאָזער, אַ באָרוועסער, דאָס קאָפּל פּאַררוקט אַהינטער ביזן האַלדז־צו, בעת די אַרבל פון העמד זיינען פאַרקאַטשעט, די ציצית פון טלית־קטן שאָקלען זיך, איז געגאַנגען הין־און־צוריק, הין־און־צוריק, פון איין שטאַנג צום צווייטן שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבעט.

פלוצים, מיט גרויס איבערראַשונג האָבן אים די טעכטער געריפן אָנצוקוקן דעם אָנקומענדיקן ציִרק־קאַראַוואַן. ער איז שטיין געבליבן מיט די שטיקער פלאַקס אין זיינע הענט, זיך אויסגעגלייכט, אַריינגעשטופּט דעם פלאַקס אין זיינע צוויי הענגענדיקע טאָרבעס, זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און שטערן מיט דער רויטער פאַטשיילע, וואָס ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון זיין רעכטער הויזן־קעשענע.

לאָזער איז געווען פאַרחידושט ווי אַ קינד פון דעם לאַנגן פאַרביקן קאַראַוואַן: עס זיינען פאַרבייגעפאָרן צענדליקער וועגענער, איינגעשפּאַנט אין ברוינע און ווייסע פערד מיט קלעצערדיקע פיס, ווי ביי עלפאַנטן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון זיין שטוב. דער ערשטער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ שיינער, וואַזשנער פריץ, וואָס האָט געריטן פאָראויס אויף אַ קאַרע פערד. ער איז געווען אָנגעטאָן אין רייטהויזן פון העלן געוואַנט, געהאַלטן אַ יעגערבייטשל אין זיין רעכטער האַנט. דער לעדערנער פערד־צוים איז געווען באַדעקט מיט מעשענע און באַגילדעטע קנעפּ. דאָס פערד האָט ווי אונטערגעטאַנצט אויף אַלע זיינע פיר פיס.

דער פריץ האָט באַטראַכט מיט זיין שאַרפן בליק אַלע אָנקומענדיקע וועגענער. דערנאָך איז ער אַרונטערגעשפּרונגען פונם פערד, ווי אַ יונגער שגץ, כאָטש ער איז שוין געווען אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געהאַט אַ העל פּנים מיט בלאָנדע, לאַנג־פאַרדרייטע וואָנצן, ווי אַ „דזשעדזשיק״.

דער פריץ האָט אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען ווי אַ גענעראַל, וואו און ווי און ווען אַלץ און אַלע זאָלן זיך אויסשטעלן. צום ערשט האָט ער געהייסן אויסשפּאַנען אַלע פערד און זיי פירן אַרויף צו די הויכע גראָזן. באַלד האָט מען שוין געהערט זייער פריילעך הירזשען, בעת זיי בייגן זייערע לאַנגע העלדזער צום פרישן היי. ווען זיי האָבן זיך אָפּגעקילט האָט מען זיי געפירט אין טייך אַריין טרינקען און באָדן זיך צוזאַמען מיט זייערע רייטער אויף זיי.

דערנאָך האָט דער פּריץ, ווען מען האָט געזען אַז ער איז גוט אויפגעלייגט, — 

דערנאָך האָט דער פּריץ, ווען מע נאָמען עס איז געווען שטשעלסקי, געהייסן שנעל אויפשטעלן די שווערע לייוועגטשענע ביידלעך — טייל פון זיי זיינען שוין געווען היפּש צעלעכערט, אַנדערע האָבן בלויז געהאַט שוואַרצ־לעכע פלעקן פון די רעגנס.

פאַן שטשעלסקי, דער בעל־הבית פונם צירק, האָט געוויזן די באַדינער, וואו אויסצושטעלן די שטייגן פון די פאַרשיידענע חיות, וואָס האָבן זיך גע־פונען אויף גרויסע וועגענער; וואו אויפצושטעלן די שטאַלן־ביידלעך פאַר די דייטשפערד, די טענצער־מיוחסים; און וואו צוזאַמענצוקלאַפּן די ביליקע גע־צעלטן, אַביסל אָפּגערוקט פונם צירק, פאַר די שלעפּ־פערד, פּראָסטאַקעס מיט די פּראָסטע וועגענער.

נאָענט צום אַריינגאַנג האָט מען אָוועקגעשטעלט די וועגענער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שטובן מיט קליינע פענסטער, פאַרהאַנגען מיט ריינע, פאַרביקע פאַרהענגלעך.

אין דעם סאַמע מיטן פונם גרויסן צירק־שטח האָט מען אַריינגעקלאַפּט אַ הויכן סלופּ. פון דעם שפּיץ האָט מען אַרויפגעצויגן ריזיקע לייוונטן אויפן גרויסן עיגול, ווי אַ קיילעכדיקן דאַך און קופּאָל פון אַ קלויסטער. אַרום און אַרום זיינען אויף שטאַנגען אַרויפגעצויגן געוואָרן די ווענט־לייוונטן. זיי זיינען באַפעסטיקט געוואָרן מיט שטריק ביי די נידעריק־אַריינגעקלאַפּטע קלעצלעך אין דער ערד.

נישט ווייט פונם גרויסן צירק־עיגול האָט מען אויפגעשטעלט די קאַרו־זעליע מיט די הילצערנע פערדלעך און בריטשקעס, געפאַרבט אין די משונה־דיקסטע שרייענדיקסטע קאָלירן, וואָס הוידען זיך אַרויף און אַראָפּ אויף שטאַנ־גען ביים לאָזן זיי אין באַוועגונג. די בריטשקעס זיינען געווען פאַרשיידענע: טייל — ווי פּריצישע קאַטשן, טייל ווי ווענעציאַנישע גאָנדאָלעס, אָדער ווי שליטנס.

די קאַרוזעליע איז געבראַכט געוואָרן אין באַוועגונג דורך אַ ספּעציעלער דאָד, וואָס אַ שטאַרקער מענטש האַלט אין דרייען אין צענטער פונם קרייז. פון אָנהייב, ביז די קאַרוזעליע צעלויפט זיך, איז שווער זי צו דרייען. אָבער וואָס מער אימפּעט זי קריגט, אַלץ לייכטער איז דאָס דרייען, ביז זי דרייט זיך שוין אַליין פון דער אייגענער פונאַנדערגעלאָפענער קראַפט; זי פליט אין אַ גאַ־לאָפּ, אַזש עס שווינדלט פאַר די אויגן.

דעמאָלט הענגט מען אַריין קליינע אייזערנע רינגען, ווי ציגיינערישע אוירינגלעך, אויף אַ הויכן סלופּ, וואָס געפינט זיך אַביסל אָפּגערוקט פון דער קאַרוזעליע. די יונגע שקצים אָדער ספּריטנע שניידער־יונגען און אַנדערע באַלמעלאָכעס האָבן זיך געהויבן פון זייערע גאַלאָפּירנדיקע הילצערנע פערד־

לעך, אויסגעשטרעקט זייער רעכטע האַנט און געגוצט גרויס פלינקייט ארויס־צושלעפּן איינעם פון די אייזערנע רינגען. די גליקלעכע, וועמען דאָס געלינגט, קריגן דערפאַר אַ פרייע יאַזדע אויף דער קאַרוזעליע. אָבער דער עיקר וויל מען דאָס באַוויזן, כדי זיך איבערצונעמען מיט דער בריהשער פלינקייט פאַר די שיקסלעך אָדער מיידלעך, וואָס שטייען אַרום און באַוואונדערן מיט זייערע ברענענדיקע אויגן די מזלדיקע יונגען.

לכתחילה האָבן נאָך לאָזער מיט די טעכטער געאַרבעט ביים פלעכטן זייערע שטריק ווי פריער. אָבער ווי נאָר די קאַרוזעליע איז פאַרטיק געוואָרן און דער גרויסער שפּיל־קאַסטן מיט די זילבערנע רערן האָבן אָנגעהויבן דאָס מוראדיק־שרייענדיקע שפּילן, האָט לאָזער געזען ווי ביי באַשקען און רבקהן פאַלן די שטריק פון די הענט, מחמת זייערע קינדיש־נייגעריקע אויגן זיינען געווען געווענדט צו דער קאַרוזעליע.

ער אַליין האָט אויך נישט געקאָנט רואיק איינשטיין, — אויך אים האָט זיך געגלוסט אַרויפצוקריכן אויף אַ הילצערנעם פערדל און זיך דרייען. אַך, ווי גוט עס מוז זיין צו פליען ווי אַ פויגל! אָבער ער האָט זיך געשעמט אפילו צו טראַכטן וועגן דעם. ס'איז דאָך נישט שיין פאַר אַ טאַטן פון דערוואַקסענע קינדער צו טאָן אַזאַ זאַך, און נאָך פון טעכטער, וואָס שטייען שוין אין שידוכים.

אָבער די טעכטער האָט ער יאָ געלאָזט פאָרן אויף דער קאַרוזעליע. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן די שבתדיקע מלבושים און זיך אויסגעזעצט אין די פאַרביקע קאַרעטן מיט אויפגעהויבענע קעפּ און וואַזשנע מינעס. מיט זייערע לאַנגע פאַרפלאָכטענע צעפּ, די העל־פלאַקסענע, האָבן זיי אויסגעזען ווי גראַף וויעלאָפּאָלסקיס טעכטער.

בעתן דרייען זיך פון די טעכטער האָט ער געשעפּט נחת פון זייער שיינעם אויסזען און וואָס אַן אמת — זיי אויך מקנא געווען. ער האָט זיך אָבער געמוזט באַנוגענען מיט העלפן זיי אַרויפגיין אויף דער קאַרוזעליע, זיי אַריינזעצן ווי קליינע קינדער. דערביי האָט לאָזער באַטאַפּט די פערדלעך, זיך אָנגעלענט אין זיי. ער פלעגט זיך כלומרשט פאַררעדן מיט די טעכטער אָדער מיטן ראָד־דרייער, צו פאַרהאַלטן זיך דאָרטן וואָס לענגער, ביז די קאַרוזעליע האָט זיך אָנגעהויבן דרייען — געפילט כאָטש אַ ביסל דעם טעם דערפון — און אָן חשק אַרונטערגעשפּרונגען. ער האָט דערנאָך מיט קנאה נאָכגעקוקט די גליקלעכע, וואָס דרייען זיך אינם פאַרכשופטן קרייז.

לאָזער מיט די טעכטער זיינען געוואָרן אַזוי פאַרקאָכט מיטן צירק, אַז זיי האָבן פון קיין אַנדער זאַך נישט געקאָנט טראַכטן און ריידן. לאָזער האָט זיך באַקאַנט מיט אַלע מענטשן פון דעם צירק. אַפילו מיטן אַפריקאַנער נעגער,

וואָס האָט געוויזן קונצן מיטן לייב — געוואָרן מיט אים אַ גאַנצער פּאַן־בראַט. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער שוין געוואָרן אַ גאַנצער שמעלקע מיטן פּאַן שטשעלסקי אַליין.

לאָזער האָט אים געוויזן זיינע שטריק — געוואָלט הערן זיינע מבינות. דער פּאַן האָט זיי באַטראַכט, באַוואונדערט דעם זויבערן פיין־געציכטעטן פלאַקס, אָן אַ שמץ פון פרעמדער מישונג, וואָס האָט געבלאַנקט ווי זייד. ער האָט געזאָגט לאָזערן:

— אַזעלכע שיינע שטריק האָב איך אַפילו נישט געזען אין פויזן, פון וואַנען איך שטאַם. אפילו אין דאַנציג, וואָס איז באַרימט מיט אירע בעסטע שטריקמאַכער, וואו אונזער צירק שפּילט שוין פון כמה יאָרן, קאָן מען אַזעל־כע שטריק נישט קריגן.

לאָזער, אַ צעשטראַלטער פונם לויב, איז אריינגעלאָפן אין הויז און אַרויסגעטראָגן זיינע פיינסטע מוסטערן, ווי אויך די זייער פיינע שטריק פון זיין טאַטן, וואָס ער האָט געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב. ער האָט אים אויך גע־וויזן אַ שטיקל פון אַ ספּעציעלן שטריק, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר דאַנ־ציגער שיפן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט ביז שטשעלסקי האָט באַשטעלט ביי אים פאַר אַ גוטן פרייז 20 פּוד שטריק, אַריינגערעכנט אַ זעלטן־פיינעם שטריק פאַר דער שיינער וואַנדאַ, די שטריק־און דראָטן־גייערין. שטשעלסקי איז איין פּרי־מאָרגן אַראָפּגעקומען צו לאָזערן צוזאַמען מיט דער פּאַניענקע אויסצוקלייבן פאַר איר די ריכטיקע שטריק. דאָס האָט שטאַרק געשמייכלט לאָזערן. פאַר גרויס גדולה האָט ער געגלעט זיין געדיכטע באָרד. ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס זיינע שטריק וועלן וואַנדערן איבער דער וועלט און וואָס וואַנדאַ וועט ווייזן אירע קונצן אויף זיי. ער האָט באַדאַנקט דעם פּריץ און דער פּאַ־ניענקע פאַרן גרויסן כבוד און צוטרוי צו אים.

זינט דער צירק איז געוואָרן זיין שכן איז ביי אים געוואָרן ווי אין חול־המועד — מ׳אַרבעט טאַקע אין דרויסן נישט ווייט פונם צירק, אָבער נאָר אינדערפרי. מ׳הויבט זיך אויף בעלות, ווען עס שאַריעט אויף טאָג. די זומער־פרימאָרגנס מיט זייער העלער בלויקייט, מיט דער לאַשטשענדיקער ,טויאיקער, שמעקנדיקער לופט, מיט די לייכטע גלעטנדיקע ווינטלעך, וואָס בלאָזן פון דעם טייך מיטן שטילן שאָרכן פון די ביימער און קוסטעס אַרום, מיטן געזאַנג פון די פאַרשיידענע פייגל אויף די אַרומיקע ביימער — דאָס אַלץ האָט אים אָנ־געשטעקט מיט פרישקייט ביים אויפהייבן זיך און גיסן אויף זיינע הענט די נעגל־וואַסער. זיין ברכה צו גאָט האָט זיך אויסגעמישט מיט דער פרימאָרגן־פרייד אין דרויסן. ווען ער האָט אויפגעמאַכט די לאָדנס פון זיינע צוויי פענס־

טער, האָט ער אין זיך איינגעזאַפּט די שטאַרקע מאָרגנלופט. אַ דערפרישטער האָט ער געפילט דעם מחיהדיקן גענוס פון גאָטס געגעבענעם לעבן.

***

ער האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון שטוב, צוגעגרייט פלאַקס צו דער אַרבעט, אויפגעשטעלט אין דרויסן די שטעקנס, וואו ס'פליען די פייגל פאַרביי. ער האָט געקאָרמעט זיינע טויבן אינם דאַכשלאַק, וואו זיי וואָרקען בלאָזנדיק זיך אים אַנטקעגן, בעת ער דערלאַנגט זיי די פּראַסע מיטן שיסל וואַסער.

ביים אַרויפקלעטערן אויף דעם לייטער צו זיין טויבנשלאַק, האָט ער באַ־שלאָסן, אַז מ'מוז היינט איבערציילן די טויבן. ער איז נעכטן געווען שטאַרק פאַרנומען אַרום דעם ציריק, טראַכט ער, צי האָט שמואלקע, דער איינגסטער זון פון דעם שיינער זייגערמאַכער, אפשר עפּעס שוין אָפּגעטאָן מיט זיינע טויבן?

שמואלקעס טאַטע, אהרן, מיט די בנים האָבן געוואוינט ביים אַנדערן עק פון דער אויבערשטער צייל לעבן פערד־מאַרק. עס איז זיי געגאַנגען גוט מיט פּרנסה, זיינען זיי דערפאַר געוואָרן נישט נאָר געזונט ווי די גויים, נאָר אויך מיט לייכטע קעפּ. דער אַלטער אהרן האָט זיך געפירט ווי אַ דזשעדזשיק, ער האָט זיינע זינדלעך פרי אַרויסגענומען פון די חדרים, ווייל ער וויל נישט, האָט ער געזאָגט, קיין באַנק־קוועטשערס. זיי זיינען אַלע ביי אים געוואָרן זייגערמאַכער. מען האָט געוואוסט, אַז אהרן קוועלט און שעפּט נחת פון זייערע פאַרשייטע שפּיצלעך. ער האָט באַזונדערס הנאה געהאַט פון זיין איינגסטן זינדלס שטיקלעך מיט טויבן. רק ער מוז האָבן די שענסטע טויבן אין שטאָט. ער פירט גאַנצע מלחמות אפילו מיט די טויבנשלאַקן פון די שטאָטישע גויים.

שמואליק האָט טאַקע אַרויסגעשיקט זיינע „שענסטע פּאַניענקעס" טויבן, די בלוי־זילבערנע, די גוט־אויסגעכאַליעטע, צו פאַרנאַרן אַלעמענס טויבן אין זיין טויבנשלאַק אַריין. אַ סך מאָל האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער שיינער טאַטע זיינער אויף דער הויכער צייל, אָנגעטאָן אין זיין געפּוצטער, געהאַקטער קאַ־פּאָטע, און פאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל ווי אַ שטערנזעער. ער האָט נחת געקליבן פון זיין זונס געוואונענע טויבן־שלאַכטן... זיין זונדל האָט געהאַט אַ טריפה מזל, אים האָט זיך שטענדיק איינגעגעבן אַז זיינע טויבן זאָלן פאַר־פירן אַלעמענס טויבן צו אים אין טויבנשלאַק אַריין.

וועגן דעם זיינען שוין אפילו געווען לעגענדעס. מ'האָט געשמועסט יאַקבי, אַז נישט די „שיינע פּאַניענקעס" באַווייזן די קונץ, נאָר אַז ער האָט עפּעס אַזעלכע סודותדיקע מאכלים פאַר זיי אין זיין טויבנשלאַק, וואָס פרעמדע טויבן דערשמעקן פאַר מיילן ווייט. אמת, שמואלקע האָט דערנאָך אַלעמען אומגעקערט די פאַרנאַרטע טויבן. אָבער ס'האָט אַלעמען פאַרדראָסן, די אידן, ווי די נישט־אידן, פאַרוואָס אַזאַ שנעק זאָל זיך רייצן מיט אַלעמען, האָבן

די אויבערהאַנט איבער אַלעמענס טויבן. אַלע האָבן שוין געוואוסט פון זיינע קונצן:

ווען מען קומט צו אים אָפּנעמען די טויבן, גייט ער זיך אַזוי אַריין — ס׳רעדט זיך אַזוי: גיין — ער פליט אַריין. און ווי נאָר זיי דערזעען אים, סיי די אייגענע, סיי די פאַרנאַרטע טויבן, שטעלן זיי זיך אַלע אויף זיין קאָפּ, אויף זיינע אַקסלען, הענגען אַרום אים ווי די בינען אַרום אַ בינשטאָק. ער שטעקט די שנאָבלען זייערע אין זיין מויל אַריין, ווי ער וואָלט זיך קושן מיט זיי, זיי טרינקען די שפּייעכץ פון זיין מויל און ער לאַכט מיט זיין שוואַרץ פּנימל און שוואַרצע אייגעלעך. און אַזוי גלעטנדיק זיי, גיט ער צוריק די טויבן. אָבער מען פּילט, ווי ער באַטראַכט אַלע פּאַר נאַראָנים, ווי איינער רעדט: דער בעל־הבית איבער אייערע טויבן איז נאָך אַלץ איך. אַפילו ווען ער ברענגט אַליין אָפּ די טויבן צו די אַנדערע טויבנשלאַקן. ער קען שוין יע־דערנס טויבן, ווי די פינף פינגעלעך זיינע.

דערפאַר האָט לאָזער איבערגעציילט זיינע טויבן. גאָט צו דאַנקען, זיי זיינען אַלע דאָ. זיי עסן פון זיינע הענט, שפּרינגען אויף דער שיסל וואַסער, נאָך איידער ער שטעלט זי אַוועק.

**
*

ביים זונאויפגאַנג און ווען די זון איז נאָך אין גליענדיקער רויטקייט, האָט זיך שוין געהערט דאָס שאַרן פון זיינע טעכטערס באָרוועסע פיס. אויך זיין געזונט, קיילעכיק און לייביק ווייב חיהלע — להיפוך צו די דינע טאַליעס און שלאַנקע פיגורן פון זיינע טעכטער — איז שוין געווען אויף אירע פיס. זי האָט שוין דאָס פייער אינם אויוון געמאַכט — ער האָט שוין געזען דעם רויכוואָלקן, וואָס ציט זיך פון זיין קוימען. באַלד וועלן די מיידלעך זיך וואַשן, זאָגן ברכה און עסן אָנבייסן די גרויסע שטיקער ברויט מיט פּוטער דיק געשמידט, פאַרטרינקען מיט ציקאָריע און מילך, זיס פאַרצוקערט. דער־נאָך וועט מען זיך נעמען געשמאַק צו דער אַרבעט.

לאָזער האָט געפילט, אַז מ׳מוז אין די פרימאָרגנס אַריינכאַפּן וואָס מער אַרבעט, ווייל אַזוי שנעל ווי די קאַרוזעליע הויבט זיך אָן צו דרייען מיט די שפּילנדיקע מאַרשן און פאָלקע־מאַזורקעס, לייגן זיך שוין נישט די הענט ביי זיי צו דער אַרבעט. זיי האָבן ליב געהאַט צו שטיין לעבן די צוויי גרויסע קאַ־טערינקעס ביים אַריינגאַנג פון צירק. צוויי עלטערע גויים מיט פאַרביקע קאַשקעטן און ברייטע פּלודערן האָבן געדרייט די קאָרבעס. אויף איינער איז געשטאַנען אַ געל־גרינער פּאַפּוגאַי מיט אַ פאַרבויגענעם שנאָבל. אויף דער צווייטער — אַ גדוי־ברוין מאַלפּעלע מיט אַ ווייס בייכל, וואָס איז אַרומגע־שפּרונגען אין אלע זייטן ווי דער אומרו פון אַ זייגער. דער פּאַפּוגאַי און דאָס

מאַלפּעלע פלעגן ציען צעטלען פון אַלע קאַלירן פאַר די יעניקע, וואָס האָבן איינגעצאָלט צו קופּערנע דרייערס. אויף די צעטלען זיינען געשטאַנען גוטע ווערטער. וועגן דעם מזל פון זכה־בגורל.

לאָזער איז נישט געגאַנגען אינם צירק צו די ביינאַכטיקע שפּילן. כאָטש מ׳וואָלט אים מיט כבוד אַריינגעלאָזן פריי, אָן געצאָלט, ווי אַן אָנגעלייגטן גאַסט. פאַרנאַכט אָבער, ווען אַלע צירק־מענטשן האָבן זיך געגרייט צו די פאָר־שטעלונגען, ווי אַ גוטער שכן, איז ער אַרומגעגאַנגען פראַנק און פריי אין אַלע אָפּטיילונגען. ער האָט ליב געהאַט צו גלעטן די שיינע צירק־פערד, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי זייד און אַטלאַס. ער האָט הנאה געהאַט פון קוקן אויף די חיות אין די שטייגן, ווי אויך אויף די ריזיקע עלפאַנטן.

אָבער לענגער ווי אומעטום האָט לאָזער פאַרבראַכט ביי דער שטייג פון דעם לייב, דעם קעניג פון אַלע חיות.

לאָזער און די טעכטער זיינען שוין שיר נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ טייל פונם צירק. זיי האָבן געמעגט טאָן זאַכן, וואָס אַנדערע האָבן נישט גע־טאָרט. למשל, זיי האָבן ביינאַכט געקאָנט נאָכפאָלגן דעם גאַנצן גאַנג פון דעם שפּיל דורך אַריינקוקן אין די פאַרשיידענע לעכער און עפענונגען. מ׳האָט זיי נישט אַוועקגעטריבן, ווי מען האָט דאָס געטאָן צו אַנדערע, וואָס פלעגן זיך אונטערגנבענען צו אַ שפּאַרונע פאַרן זעלבן צוועק. — אינם צירק האָבן גע־ברענט גרויסע נאַפט־לאָמפּן. ס׳איז געווען ליכטיק, ווי בייטאָג, און מ׳האָט געקאָנט זען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק, די גאַנצע פאָרשטעלונג.

***

לאָזער האָט דערנאָך איבערדערציילט ביי די מאַרק־רעדלעך, ווי אויך ביי די רעדלעך אינם אַלטן בית־המדרש און אין די חסידים־שטיבלעך, די נסים ונפלאות, די וואונדער איבער וואונדער, וואָס ער זעט אינם צירק.

אויפן מאַרק האָט מען שטענדיק געקענט טרעפן פאַרשיידענע מינים רעדלעך. אין איינעם אַזאַ רעדל האָט מען געשמועסט בלויז וועגן ענינים פון דער אייגענער שטאָט. מען האָט זיך געטיילט מיט די לאָקאַלע, טשיקאַווע נייעסן. די גוטע מעשים האָבן פאַרשאַפט אַ נחת רוח די ליידיקגייער פון מלך אביונס גיטער. מ׳האָט אויך דערציילט מיט בייזקייט און חוזק וועגן די שלעכטע מעשים, וועגן די עוולות פון בין אדם לחברו, און אַמאָל אויך גע־שאָלטן און געזידלט די נישט־גוטע. אמת, דער ראַדזינער רבי האָט מדעיש־עולם געווען קעגן דעם חטא פון לשון־הרע, ווייל עס פרעסט אויף דעם געט־לעכן ניצוץ פון מענטשן. אויך דאָס האָט די מענטשן נישט אָפּגעשטעלט. ביים באַריידן יענעם האָט מען זיך בלויז באַוואָרנט מיטן התנצלות: „כ׳זאָל נאָר

נישט זינדיקן מיט די רייד". דאָך האָט דאָס אַביסל איינגעהאַלטן דעם עולם, ער זאָל זיך נישט פּאַסמאַקעווען מיט די רכילותן און פּאַטשטן.

אין אַן אַנדער רעדל האָט מען גערעדט פּאָליטיקע און באַרעדט די גאַנצע וועלט. אין אַ דריטן האָט מען זיך דערציילט סתם שיינע מעשיות, געהערטע, געלייענטע און אַפילו אַליין אויסגעטראַכטע. פאַרן לעצטן רעדל איז געווען אַמבעסטן צוגעפּאַסט די צייט פון בין מנחה למעריב.

אינעם אַלטן בית־מדרש, ווי אין די חסידים־שטיבלעך, איז אָט־דער צייט־פאַרטרייב געווען זייער פאַרשפרייט. מ'האָט זיך דאָרטן אין רעדלעך דערציילט מעשיות פונם אַלטן רבין, זכרונו לברכה, וועגן זיינע מופתים און מידות טובות, ווי אויך פונם איצטיקן חסידישן רבי, וועגן זיין גייעם דרך און פאַרמעסט, און וועגן אַנדערע רביים און גוטע אידן.

דאָ איז מען שוין געזעסן פאַרדבקהט, אין אַלעדליי פּאָזעס, אין די האַלב־פינצטערע שטיבלעך. מ'איז געזעסן מיט די קעפּ אָנגעלענט אויפן שולחן, אויפן עמוד אָדער אויף די אייגענע הענד. מ'האָט געהערט די וואונדער־געשיכטעס און דערביי געשוועבט אין די עולמות העליונים, אַריין אין דער העכסטער פאַרגעסנקייט און התפּעלות.

און פּלוצעם, אינמיטן פון דער מעשה, האָט איינער געקאָנט פאַרציען אַ ניגון. אַנדערע האָבן אים אונטערגעכאַפּט. מ'האָט געזונגען און זיך געשאָקלט. אין דער פינצטער האָבן זייערע שאָטנס און סילועטן ווי געטאַנצט אויף די ווענט, ביז מ'האָט לסוף אָנגעצונדן ליכט און געדאַוונט מעריב.

אינם אַלטן בית־מדרש זיינען געווען רעדלעך פון פּראָסטע, שווער פאַר־האָרעוועטע בעלי־מלאכות — שניידער, שוסטער, טרעגער, בעלי־עגלות. די זעלבע סאָרטן מענטשן, וואָס אויפן מאַרק. דאָך איז דאָ געווען אַנדערש. דאָ, אַרומגערינגלט מיט ווענט פון ספרים, מיט ספרי־תורות, אַרום דעם פּיר־קאַנטיקן אויוון ביים כיור אָדער אַרום דעם באַלעמער, האָבן די רעדלעך געהאַט אַן אַנדער פּנים.

## שייקע קוואָקע

ביי איינעם פון אָט־די רעדלעך איז דער שטענדיקער ראש־המדברים געווען שייקע „קוואָקע", דער טאַנדעט־שניידער, וואָס האָט מיט זיינע פינף בנים גענייט צייגענע הויזן פאַר די פּויערים און זיי פאַרקויפט אין די מערק־טעג און אויף די יאַרידן.

שייקע איז געווען אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ ברייטן באַוואַקסענעם קאָפּ. ער האָט געירשנט נאָך פון זיינע אָבות, טאַנדעטנע שניידער פון אַ סך דורות,

די חזקה צו פֿאַרפֿאַסן און שפּילן יעדן פּורים די „קראַקאָווסקע וועסעליע". ער מיט זיינע בנים, וואָס זיינען געוואָרן אַזעלכע זינגער ווי ער, האָבן זיך פֿאַרשטעלט אַלס פֿאַרצייטיקע קראקעווער פּויערים, אָנגעטאָן פּוילישע טראַכ־טען מיט וויאַניקעס־צווייגן אין זייערע הענט און אויפֿגעפֿירט דאָס שפּיל אויף חצי־אידיש און חצי־פּויליש. דעם טאַטן שייקע פֿון די פֿינף הויכע, ריזיקע בנים האָט מען אַ נאָמען געגעבן „קוואָקע", ווייל מ׳פֿלעגט אין אַ שפּאַס אויס־רופֿן: „אָט גייט די קוואָקע מיט די הינדעלעך."

שייקע האָט אויך אָפּגעהיטן דעם אַלטן מנהג פֿון זיינע אבות, אַז יעדן אסתר תענית, ווען זיין ווייב ציפּע באַקט די פּורים־חלה, די המן־טאַשן און די פּורים־שטעפּענטן, געפֿילטע מיט פֿלוימען און ראָזשינקעס, געטונקען אין האָניק, באַקט זי אָפּ אַביסל מער פֿאַר שייקעס גרויסן בוים. פּורים פֿאַרנאַכט, — ביים באַפּוצן דעם „וויאַנעק" מיט פֿאַרשיידענע קאָלירטע סטענגעס, וואָס ער האָט צונויפֿגעקליבן ביי די דאַמסקע שניידער פֿון די אָוועקגעשניטענע צויטן, — פֿאַרן אַרויסלאָזן זיך מיט די בנים אינם מאַרק אַריין, האָט ער אַריינגע־שטעקט אַ שטעפּענט אויף יעדן צווייגל. דערנאָך האָט ער זיך ברייטלעך אַרויסגעלאָזט צו דער איבערשטעל צייל, וואו עס וואוינט ר׳ פּינטשע, דער פּראָפּינאַטאָר. דאָרטן האָבן זיי דורכגעפֿירט שוין מכמה יאָרן דאָס ערשטע שפּיל.

ס׳איז נאָך געווען אַביסל צו פֿרי אַריינצוגיין אין דער גרויסער סאַליע, וואו יעדן פּורים האָבן זיך פֿאַרזאַמלט ביי ר׳ פּינטשען די גאַנצע מינצבערגער משפּחה, די גבירישע אַריסטאָקראַטיע. איז שייקע מיט זיינע בנים געשטאַנען אין זייערע פֿאַרשטעלטע בגדים אַלס „קראַקאָוויאַקעס", אַרומגערינגלט פֿון די נאַכלויפֿנדיקע קינדער, מערסטנס יתומים, אָן טאַטעס.

שייקע האָט דערוויל גענומען זינגען אַלערליי לידער פֿונם שפּיל. דערביי האָט ער צוגעוואָרפֿן די קינדער, אין זייערע אויסגעשטרעקטע הענט־לעך, די קלעפּיקע שטעפּענטן, וואָס זיינען געווען אויף די צווייגלעך. טייל האָבן זיי געכאַפּט אין זייערע קליינע קאַשקעטלעך אַריין. די קינדער, פֿריי־דיקע, צעפֿלאַמטע, האָבן זיך געוואָרפֿן מיט די צינגלעך. און שייקע האָט זיי געזונגען דאָס שטענדיקע פּורים־לידל זיינס מיט אַ פּוילישן ניגון:

הײַנט איז פּורים — הויבן מיר אָן
מיט מיין ציפּעס שטעפּענטן;
שפּעטער אַביסל מיט ר׳ פּינטשעס פֿלאָדן — — — —
צווישן אַ כוסה און אַ כוסה,
פֿאַרבייסן מיר ביי יאָסעלע פּעפּער
און ביי ר׳ שמואל דענקעווער —

די גענדזענע מעגעלעך און
פּופּיקלעך די גרויסע...
היינט איז פּורים און מאָרגן איז אויס —
אונז וואַרפט מען נישט
אַפילו אום שושן־פּורים אַרויס...

אויך שושן־פּורים פלעגן זיי טאַקע שפּילן אינם דענקעווער געסל ביים פּריצישן שניידער, דעם גרויסן פּזרן מאיר ליפּסקער, וואו די זעלביקע קינדער האָבן זיך דאָרטן שוין געפילט ווי אין דער היים. שייקע האָט זיי אונטערגע־שטופּט שטיקער האָניק־לעקעך, מאַנדל־ברויטלעך און פלאָדן.

דאָס גאַנצע געסל פלעגט שושן־פּורים קומען זען און הערן דאָס שפּיל. נאָכן פאַרענדיקן, ווען שייקע איז שוין געווען שטאַרק בגילופין — ווען ער האָט געהאַט מער אין קאָפּ ווי אין פלעשל, האָט ער אַוועקגעלייגט דעם וויאָנעק, איז געפאַלן מאירן אויפן האַלדז און געוויזן מיט שטאָלץ אויף זיינע זין:

— זעסט, מאיר, ווי גוט און ווי שיין זיי זינגען און טאַנצן? ווי אמתע קראַקאָוויאַקעס! אָבער אויך דאָס איז בלאָטע. באמת הנאה האָב איך נאָר דעמאָלט, ווען זיי שטעלן זיך אַוועק ביים עמוד און גיבן אַ קנאַק־אָפּ אַ שחרית אָדער אַ מנחה־ומעריב, אַזש עס גייט אַ רויך!

נאָכדעם האָט ער זיך צעוויינט, דערציילט דורך טרערן די פאַרזאַמלטע שניידער־קאָלעגן, ווי אַזוי ער מיט זיין ציפּען האָבן אונטערגעהונגערט אַבי צו קאָנען באַצאָלן דעם מלמד, אשר זאק, שכר־לימוד:

— כ׳האָב נישט געוואָלט, אַז מיינע קינדער זאָלן חלילה אויסוואַקסן האַלבע מאַטשעקעס. דערפאַר האָב איך געטאָן כלערליי עבודת־הפּרך און זיי געמאַכט פאַר לייטישע אידישע קינדער. משהל! מאיר! אברהם־אהרן! לאָמיר טרינ־קען אַ שושן־פּורים׳דיקן לחיים!

איינע פון זיינע עבודת־הפּרכדיקע מלאכות איז געווען מאָלעריי. דאָס האָט ער געטאָן אַפילו ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן. ערב פּסח פלעגט שייקע אַרומלויפן מיט אַ גרויסן קובל קאַלך צו ווייסן די דירות לכבוד יום־טוב. די לעצטע טעג פאַר פּסח איז ער געווען אַזוי פאַרנומען מיט דער אַרבעט, אַז אַפילו זיין גרויס קיילעכיק פּנים, ווי אַ שעפל מיט דער גרויסער שוואַרצער באָרד זיינען געווען אויסגעשמירט מיטן ווייסן קאַלך. און אָפּגע־רעדט פון זיין לאַנגער ווייסער באַדשט, וואָס ער האָט געטראָגן ביים אַרומ־לויפן אויפן מאַרק און אויף די זייטיקע געסלעך.

די ווייבער זיינען אים נאָכגעלאָפן, האָבן זיך ביי אים געבעטן ווי ביי אַ גזלן:

— האָט רחמנות, ר׳ שייקע, פאַרשטערט אונז נישט דעם פסח, לאָזט אונז נישט איבער מיט אַ פאַרחושכטער שטוב אויף יום־טוב.

אָבער שייקע האָט אויך דעמאָלט זיך צו שטאַרק נישט געאײַלט. מחמת ער האָט ליב געהאַט אַפילו אינם גרעסטן פאַר־פסחדיקן ברען זיך אָפּשטעלן ביי די פאַרזאַמלטע רעדלעך אידן צו הערן אַ שיינע מעשה, און דער עיקר אַליין דערציילן אַ טשיקאַווע געשיכטע. מ׳האָט געוואוסט, אַז פאַר אַ שיינער מעשה איז ער גרייט אַוועקצוגעבן אַ גאַנצן זאַק מיט באָרשט. פלעגט ער קומען צום געזעמל, אַוועקשטעלן דעם קובל קאַלך מיט דער לאַנגער באַרשט, ווי ס׳וואָלט נאָך געווען חדשים פאַר פסח.

שייקע האָט אָבער בין מנחה למעריב געהאַט זיין אייגן רעדל אין דעם בית־מדרש. דאָרטן האָט ער שוין אויך געהאַט שטענדיקע צוהערער און באַטייליקטע, ווי מרדכי „דרייקאָפּ״, דער הויכער, שטאַרקער דאָרף־שניידער, מיט דער האַלב־רויטער באָרד און פאות און אַ סך אַנדערע. גערופן האָט מען אים אַזוי, נישט דערפאַר, וואָס ער האָט עמעצן דעם קאָפּ פאַרדרייט. חס־וחלילה! ער האָט נאָר געהאַט אַ טבע ביים תהלים זאָגן יעדן פאַרטאָג צו דרייען שנעל מיטן קאָפּ, ווי מיט אַ ווינטמיל. ער האָט עס משמעות געטאָן צו פאַרטרייבן אַלע וואָכעדיקע מחשבות און קאָנען זאָגן תהילים מיט אַ ריינעם קאָפּ און האַרץ.

אַ גאַנצע וואָך איז מרדכי אַרומגעלאָפן אין די דערפער פאַרריכטן, איי־בערניצעווען אַלטע קליידער ביי פריצים אָדער פויערים. ער האָט געוואוינט אין שולגעסל, אין אַ געירשנטער שטוב, וואָס איז געווען אַ האַלבע חורבה. ער האָט געטאָן אַלצדינג אַבי אָפּצושפּאָרן געגוג אויף שכר־לימוד פאַר זיין איינציקן זון שמואל.

כאָטש שמואל איז געווען אַ זאַהיקע און האָט זיך געהאָדעוועט אין גרויס דחקות און נויט, איז ער דאָך אויסגעוואַקסן אַ גרויסער תלמיד־חכם. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון קאגוט, דעם רייכן גלחישן שניידער פון צויזמער, וואָס האָט אים גענומען אויף אייביקע קעסט.

שמואל איז אַמאָל געקומען צו גאַסט צו די עלטערן. האָט ער זיך באַ־קלאָגט פאַר זיין טאַטן, אַז מיט איין זאַך איז ער נישט צופרידן — זיין שוויגער רבקהלע קאָרמעט אים דך מיט היגערשע יאַיכלעך און אַנדערע איידעלע פּאַטראַווועס אַפילו אין דער וואָכן:

— וואָסי? — פלעגט ער טענהן צו מרדכין — האָסטו געהערט אַזאַ מעשה? כ׳בין אויפגעשטאַנען פון אַ טיפוס, רחמנא לצלן? יאָך גיי דאָרטן אַרום תמיד אַ הונגעריקער! יאָך האָב שוין באַלד נישט קיין כוח אַפילו אַ גמרא אויפצוהייבן! יאָך האָב ליב צו עסן, ווי אין דער היים: צוויי פאַרעס!

דאָס האָט ער געמיינט די צוויי טיפע שיסלען מיט הייסע באָרשט און קאַרטאָפליעס, פון וועלכע עס האָבן זיך געהויבן צוויי פּאַרעס. שמואל האָט זיך געשעמט דאָס צו זאָגן זיין שיין ווייבל שרהלען. אָבער זיין טאַטע האָט זיך באַלד דורכגערעדט מיט דער מחותנתטע רבקהלע, אַז זי זאָל נאָכגעבן דעם פאַרלאַנג פון זיין בן־תורהדיקן בן יחיד און אים קאָכן פראָסטע „צוויי פּאַרעס" אַנשטאָט די איידעלע און טייערע געקעכטסן.

נאָך איינער פון שייקעס רעדל איז געווען אברהם־איטשע, אַ גוטער מענער־שניידער, וואָס האָט גענייט פאַר די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. אַ נידעריק, קרעפטיק אידל, ווי אַ דעמבענער סענק, אברהם איטשע האָט געהאַט אַן אייגענע שטוב נישט ווייט פונם מאַרק. ער האָט שווער געאַרבעט טאָג און נאַכט, מיט זיינע צוויי געזעלן. ער איז געווען איינער פון די וואָס זיינען געקומען יעדן פאַרטאָג אינם אַלטן בית־מדרש זאָגן תהלים נאָך פאַרן ערשטן מנין. אָבער העכער פון אַנדערע פלעגט אברהם־איטשע ווינען ביים זאָגן דעם יהי רצון נאָכן תהלים. דער יהי רצון איז געווען אַ געלעגנהייט אויס־צובעטן ביי גאָט אַלץ אין דער וועלט, אפילו פויגלמילך. באַזונדערס פלעגט ער זיך צעיאָכמערן ביים פסוק: ותמהר ותחיש לגאלינו ותבנה בית מקדשנו ותפארתנו.

לצים צווישן די שניידער פלעגן דערביי שמייכלען און ריידן רכילותדיק צווישן זיך, אַז דאָס וויינט אברהם־איטשע נישט אַזוי צוליב דער בענקשאַפט נאָך דער גאולה, ווי צוליב די אייגענע זינד. ער פלעגט צונעמען אַלע רעשטלעך פון די רייכע טאָמאַשאָווער טוכן און מאַכן פון זיי וועסטלען. אמת, פלעגן זיי זאָגן, אַז דאָס איז יתור אויף דער שניידערישער שפּראַך, און געהערט שוין מקדמונים צו די בעלי־מלאכות. די יתור־רעשטלעך זיינען געוויינטלעך נאָר גוט פאַר וועסטלעך און קאָנען די בעלי־בתים אַלצאיינס קיין נוצן נישט ברענגען. מען האָט אָבער געוואוסט:

עס טרעפט, אַז ער נייט אַ מאַנטל פאַרן דאַרן, ווי אַ לולב־אויסגעטרי־קנטן, אָזשע דעם בלעכער. דעמאָלט בלייבט אברהם־איטשען גענוג יתור אויף אַ לאַנגן, צוויי רייאיקן וועסטל־שפּענצער. ער מאַכט דאָס מיט אויסגע־שטעפּטע, אַריינגעבעטע זואַטע און פאַרקויפט דאָס פאַר אַ ווינטער־שפּענצער. דאָס ברענגט אים אַריין גענוג געלט אויף צו קויפן זיך אויף שבת אַ פלעשל פינף־און־ניינציקער, מיט אַ פעט גענדזל, אַ צוגאָב.

אָט אויף די שפּענצערס, וויינט דאָס אברהם־איטשע ביים פסוק „ותמהר", האָבן געחוזקט די לצים. ער בעט גאָט אים צוצושיקן אַ סך אַזעלכע אויסגע־דאַרטע אידן, וואָס זאָלן נייען ביי אים מאַנטלען, פון וועלכע עס וועט אים בלייבן גענוג סחורה אויף צוויי־רייאיקע וועסטל־שפּענצערס. דער פסוק

„ותמהר" איז שיער נישט פאַרחוזקט געוואָרן ביי די שניידער צוליב דער פאַרבינדונג מיט אברהם־איטשעס צוויי־רייאיקע וועסטן.

אברהם־איטשע האָט אגב אַמאָל געזאָגט זיינע געזעלן, לויט די לצים, אַז זיין צונעמען דעם יתור איז לחלוטין נישט קיין גניבה מחמת כמה טעמים. ראשית, איז דאָך עס נאָר אים צו פאַרדאַנקען, וואָס ער שניידט אַזוי צו, אַז קיין געוואַנט זאָל נישט גיין אין ניוועץ. דאָס איבערבלייבעכץ איז דאָך זיין אויפּטו — געהערט דאָס צו אים על פּי דין און על פּי יושר.

והשנית, האָט ער געהערט פון דעם מגיד ר' חיים, אַז משיח וועט קומען אָדער, אויב אַלע אידן וועלן ווערן צדיקים (כולו זכאי), אָדער גאָלע גויים און רשעים (כולו חייב). איז, לאָמיר זיך אַפילו פאָרשטעלן, אַז אין איין שעה, לאָמיר זאָגן אין אַ יום־כיפּור, ווערן אַלע צדיקים און מען צווינגט דעם אויבערשטן אַרונטערשיקן משיחן. גלויבט זיך מיר נישט, אַז אַפילו אין יענער שעה זאָל איינער פון אונזערע שניידער־יונגען זיך נישט צושאַרן צו אַ דינסט־מיידל אויפן שולהויף, בעת אַלע אידישע אויגן וועלן זיין אַריינגעטאָן אין די מחזורים, און זי כאַטש אַ קיצל טאָן. וועט זיין אויס מיט משיחן און מיט דער גאולה.

בלייבט דאָך צו האָפן, אַז אַלע אידן זאָלן ווערן רשעים — נאָר דאָס וועט דער שטן־מקטרג זיכער נישט דערלעבן. איז דאָך אַדויסגעוואָרפענע אַרבעט צו וויינען איבער דער גאולה. צוצושיקן אברהם־איטשען מער אויסגעדאַרטע אידן וועט דאָך זיין אַ סך לייכטער דעם אויבערשטן ווי צוצושיקן משיחן. דער־פאַר טאַקע איז דער „יהי רצון" פאַר אים אויך ווי אָנגעמאָסטן . . .

און דריטנס, האָט ער אויך אַמאָל געהערט פונם זעלבן מגיד, אַז גאָט האָט דורך משה רבינו אָנגעזאָגט די אידן, אָפּצוהיטן „לעקעד, שיקרע און פייע" (לקט, שכחה ופאה). די אייגנטימער פון די פעלדער האָבן געדאַרפט לאָזן אַזעלכע, וואָס האָבן נישט קיין אייגענע פעלדער צו אויפקלייבן די רעשטלעך, צו לאָזן זיי אויפקלייבן דעם אָפּפאַל, דאָס פאַרגעסענע, און אויך איבערלאָזן פאַר די אָרעמע עקן, פּאות אָדער רעשטלעך און שטיקלעך ביי די ברעגן און ראַנדן פון די פעלדער. היינט אָבער האָבן אידן נישט קיין פעלדער, פון וואַנען די בעלי־מלאכות זאָלן זיך קאָנען פּאַזשיווען. איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז היינט מוז מען זיי איבערלאָזן דעם יתור, זיי לאָזן אויפ־קלייבן דעם אָפּפאַל, די רעשטלעך און שטיקלעך סחורה, בעת זיי גיבן אָרימע שניידער צו נייען פאַר זיי זייערע קאַפּאָטעס און פאַלטענעס.

אין שייקעס רעדל האָט זיך אויך געפונען מאָטל „ציצאַק", אַ דאַרער, מיט אַ קליין פּנים געל ווי וואַקס. עד איז געווען אַ שניידער פון תכריכים, פלעגט אויך פאַרריכטן אַלטע בגדים פאַר די אָרימע טרעגער אינם קינעוועד

געסל. אָבער געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, נעבעך, כאָטש אַ גרויסער ירא־שמים, אַ גוטע נשמה.

מאָטל און זיין ווייב לאה האָבן געוואוינט אין אַ קעלער־שטיבל אינם קינעווער געסל. לאה, זייער אַ הויכע, האָט געהאַלטן די היים זייער ציכטיק, עס האָט אַזש געשפּיגלט פון ריינקייט אין יעדן ווינקל. זיי האָבן געהאַט אַסך זין, וועלכע זיינען געוואָרן גוטע שניידער.

לאה האָט ליב געהאַט צו רייסן פעלדבלימעלעך און דערמיט אויסצירן איר אָרעם הויז. זי און מאָטל זיינען געווען שמח בחלקו־מענטשן, נישט געקוקט אויף די אָרעמע קליידער פון זייערע קינדער, זיינען זיי אָבער געווען אַלעמאָל זייער זויבערע. מאָטל האָט נאָך געטראָגן זיינע חתונה־שטיוול, וואָס זיינען תמיד געווען אויסגעפּוצט מיט אַ גלאַנץ, כאָטש די נאָסיקעס האָבן שוין געגרייכט ביז צו די כאַליעוועס.

מאָטל איז פונדעסטוועגן געווען אויך אַ בעל־צדקה. ער פלעגט פאַר־ריכטן בחינם די קליידער פון זיינע שכנים, די טרעגער און בעלי־עגלות, וואָס זיינען געווען נאָך אָרעמער פון אים. זיין געל פּנים איז געקומען פון אונטערהונגערן; ער האָט אַוועקגעגעבן זיין ביסן פון מויל די קינדער. נישט געקוקט אויף דעם איז ער געווען אויפגעהייטערט, זיין געל פּנים איז אָפט דורכגעשטראַלט געוואָרן פון קינדערשער פרייד. ער איז געווען אַ הייסער, פאַרברענטער חסיד פונם בעלי־מלאכהשן ליפּסקער רבין. און אַפילו אָפּ־געשפּאָרט פון זיינע גראָשנס צו מהנה זיין דעם רבין מיט אַ פיינעם פורימדיקן שלח־מנות פון אַ האַלב קערבל מיט אַ פלאַש ווייין אויף פסח.

אָט די אידן און נאָך אַנדערע שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, צעסליאַ־רעס, זיינען געווען פאַרקאָכטע צוהערער און באַטייליקטע אין שייקע קוואָקעס רעדל. אָט פאַר דעם רעדל האָט דאָס לאָזער, דער שטריקמאַכער, דערציילט די וואונדיירים פונעם צירק.

## אַ מעשה מיט אַ לייב

אַלע פון שייקעס רעדל זיינען געווען פאַרקאָכט אין לאָזערס מעשות. אָבער דער עיקר האָבן זיי געוואָלט וויסן:

— צי האָסטו געזען דעם בעל־דבר אַליין, דעם קעניג פון די חיות, דעם לייב?

— אוודאי האָב איך אים געזען! וואָ׳דען, כ׳האָב אים נישט געזען?

שייקע האָט גענומען אויספרעגן לאָזערן, צי דער לייב אין צירק קוקט טאַקע אויס אַקוראַט ווי די קעגנאיבערדיקע לייבן אויפן פרוכת, איבערן ארון־קודש...

די נאַכט איז צוגעפאַלן בין מנחה למעריב — שוין אַביסל פינצטערלעך אינם בית־מדרש. אָבער מ׳האָט נאָך ארויסגעזען די געהאָפטענע גאָלד־געלע לייבעלעך אויפן רויטן פרוכת־סאַמעט. לאָזער האָט שוין געקענט די פרוכת־לייבן אַ יאָר פערציק. דאָך האָט ער פאַרזשמורדעט די אויגן, מעשה־מבין, צום פרוכת; ער האָט זיך געפילט זייער חשובדיק, וואָס ער און נישט שייקע איז היינט דער הויפּט־דערציילער.

לאָזער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע, בעת אַלע אויגן פון אַרום האָבן געקוקט אויף אים, און געענטפערט באריכותדיק:

— דער לייב אינם צירק איז, פאַרשטייט זיך, אַסך, אַסך גרעסער, פון די להבדיל, לייבן אויפן פרוכת מיט די לוחות און די עשרת־הדברות, איבערן ארון־קודש. ערשט היינט האָט ער געזען דעם לייב אין שטייג, בעת מ׳האָט אים געגעבן צו עסן. דער אפריקאַנער האָט אים צוגעטיילט אַן אָקסענעם גאַנצן לונג־און־לעבער, וואָס דער לייב האָט איינגעשלונגען ווי עס שטייט און גייט אַסך שנעלער ווי מיר שלינגען אַרונטער אַ לחיים... דאָס איז ערשט געווען אַ מין פאַרשפּייז. דערנאָך ערשט האָט ער אים מכבד געווען מיט די עוג־מלך־הבשנדיקע פּאָרציעס פון אַנדערע שטיקער פלייש. אַזאַ יאָר אויף אונז אַלעמען, וואָס פאַראַ אַפּעטיט ער האָט...

— אָבער, דעם אמת געזאָגט, איז דער לייב פונם צירק ווייט פון צו זיין אַקוראַט ווי אונזערע לוחות און עשׂרת־הדברות־לייבן. די בית־מדרש־לייבע־לעך זיינען דאָך אַזעלכע רואיקע, בעלעבאַטעשע, פרוכתדיקע, ארון־קודש־דיקע. אָבער יענער אין שטייג איז דאָך אַקעגן זיי אַ ווילדע חיה, אַ פּרא־אדם, רחמנא לצלן. אויף אונזערע לייבעלעך איז דאָך אַ מחיה צו קוקן: זיי שטייען זיך אזוי שפּילעווודיק געלאַסן, מיט די אַרויסגעשטעקטע צינגעלעך, ווי היי־מישע קעצעלעך, וואָס באַלעקן זיך נאָך אַ שיסעלע מילך. אָבער יענער דאָרטן, דער בעל־דבר, רוט דאָך נישט איין קיין מינוט, רק ער דרייט זיך, ווי אַ בישט־גוטער... האָסט געהערט אַ מעשה? אָט האָט ער זיך ערשט אָנגע־פרעסן ווי אַ דבר־אחר פאַר צען פויערים — עלעהיי רו דיך אָפּ אַ ביסל. אָבער, ניין! נאָר ער שפּאַנט אַדום אַ בייזער, נישטערט, זוכט, שמעקט, גרייט יעדן דורס צו זיין מיט זיינע שאַרפע, שפּיציקע לאַנגע ציין. אַ שיינער קעניג איז ער מיר! אַ רוצח, אַ בלוטדורשטיקע חיה, אַ וואַלד־גזלן איז ער! אָט־וואָס!

שייקע איז אָבער נאָך אַלץ נישט געווען באַפרידיקט. ער האָט געפרעגט לאָזערן:

— איז דער ווידל ביים צירק־לייב דערזעלבער ווי ביי אונזערע אידישע לייבן?

און לאָזער האָט געענטפערט:

— אייסיך־וואָס! ס'איז ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת. קיין פאַרגלייך גאָר. ביי אונזערע פּרוכת־לייבן זיינען דאָך די ווידלען אַזוי שיין פאַרקייקלעכט און געקרייזלט, ווי די פּאות ביי יונגע חסידים. ביי יענעם זאַווערוכע דאָרטן? ביים געפּערלעכן בעל־דבר איז דער עק זיינער אויסגעצויגן ווי אַ קאָלטון פון יאָמעס באָרד... עפּעס אַ חזירשער ווידל, אַ פלעדערוויש.

מרדכי און אברהם־איטשע האָבן גענומען די בערד אין זייערע הענט אַריין. דער לעצטער האָט זיך געוווּנדעט צו שייקען מיט דער שאלה:

— איז אפשר דער אין צירק גאָר נישט קיין אמתער לייב? ווי מיינסטו?

שייקע האָט נישט באַלד געענטפערט, ווי ער וואָלט נאָך נישט זיכער געווען ביי זיך, און דאַרף איבערטראַכטן דעם ענין. ער האָט דערווייל אַרויס־גענומען פון זיין לאַנגער קעשענע דאָס הילצערנע פאַרפּעטסטע שקעטעלע מיטן שנופּטאַבאַק, דאָס אויפגעעפנט פּאַוואָליע, באַזאַכט אַריינגעשטעקט די צוויי פינגער, אַרויסגענומען אַ זשמעניע און אַריינגעשטופּט איןביידע נאָז־לעכער. באַלד האָט זיך דערהערט אַ ניס מיט אַ הילכיקן קראַך און אויף אַלעמען איז געפאַלן ווי אַ רעגן. אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט, געווישט זיך די פּנימער מיט די הענט.

נאָר בינו־לבינו, איידער שייקע האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, האָט זיך געהערט פונם עמוד־שטענדער דאָס קול פונם בעל־תפילה: והוא רחום יכפר עוון ולא ישחית. און אַלע האָבן זיך גענומען געשמאַק צום דאַוונען מעריב.

נאָך מעריב איז מען אַוועק אַהיים עסן וועטשערע.

אויף צומאָרגנס בין מנחה למעריב איז שייקעס רעדל אינעם אַלטן בית־מדרש נאָך גרעסער געוואָרן. מ'האָט שוין אינצווישן איבערדערציילט די מעשה מיטן לייב פאַר נאָך אַנדערע אידן. און אַלע זיינען געווען נייגעריק צו הערן וואָס מער וועגן דעם. מ'האָט זיך אויך געריכט, אַז שייקע אַליין וועט געוויס אויך האָבן צו דערציילן שיינע מעשות וועגן לייבן. אָבער לאָזער האָט דער ערשטער גענומען דאָס וואָרט צוצוגעבן נייעס צו זיין פריערדיקער מעשה:

— כ'האָב אויסגעפונען, — האָט לאָזער אָנגעהויבן, — אַז דער לייב פונם צירק איז גאָר נישט אַזאַ ווילדער און בייזער, ווי ס'האָט זיך מיר ערשט נעכטן אויסגעדוכט. ערשט היינט האָב איך אַליין געזען, ווי דער אַפריקאַנער, דער דינער און דאַרער, ווי אַ שטעקן, און שוואַרץ ווי קוימען־סאַזשע, האָט זיך געשפּילט מיטן לייב, ווי מיט אַ הינטל: אָט לייגט ער די האַנט זיינע אים אין מויל אַריין — און עפּעס וואָס איז ממש אומגלויבלעך — אָט שטעקט ער דעם גאַנצע קאָפּ זיינעם אין דעם לייבס אָפענער געמבע אַריין!

ביי די ווערטער האָט מאָטל „ציצאַק" אויסגערופן:

— אַהאַ, אַט דאָס איז עס! מן־הסתם איז דער לייב שוין זייער אַן אַלטער, אַן צייַן!

לאָזער האָט זיך שטאַרק באַליידיקט אויף מאָטלס אונטערשעצנדיקע רייד און גענומען שווערן:

— כ׳זאָל אַזוי דערלעבן פירן מייַנע טעכטער אונטער דער חופּה. כ׳האָב טאַקע אַזוי לכתחילה אַליין געטראַכט. שעם איך מיך נישט און פרעג דאָס דעם אַפריקאַנטשיק. האָט דער חברהמאַן זיך נישט געפוילט, מיך צוגערופן, מיך געהייסן נישט מורא האָבן, — נאָר ס׳רעדט זיך אַזוי, אַז איך האָב נישט מורא געהאַט, ס׳איז מיר פאַרגאַנגען אונטערן לעפעלע — אָבער כ׳האָב זיך געמאַכט האַרץ, אַ נכפּה אים! זאָל ער נישט מיינען, אַז לאָזער איז אַ צעשראָקע־נער האָז. בין איך נאָענט צוגעגאַנגען צו דער אָפענער שטייג, וואו דער אַפרי־קאַנער האָט געעפנט דעם לייבס פּיסק, און מיר געוויזן זייַנע שאַרפע ציין, ווי די חלפים ביי בערל דעם שוחט. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז דער לייב איז גאָר אַ יונגער שנעק — קיין צען יאָר נאָך נישט אַלט. נאָר וואָדען? זינט מ׳האָט געבראַכט פון יענער זייט סמבטיון דאָס קליינע לייבעלע אין עלטער פון אַ פּאָר חדשים, האָט אים דער אַפריקאַנטשיק געהאָדעוועט און געצערטלט, ווי אַ טאַטע־מאַמע אַ קינד.

אָבער שייקע האָט שוין מער נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך אַריינ־געמישט אין די רייד, געפּרואווט געבן צו פאַרשטיין דעם רעדל:

— לאָזערס לייב איז טאַקע משמעות אַ יונגער. ער איז אָבער נישט פון יענע סאָרטן קעניגלעכע לייבן — אפשר אַ שטיקל קרוב זייערס און אפשר דאָס אויך נישט.

און שייקע האָט גענומען דערציילן אַ מעשה וועגן אַ לייב, וואָס איז נאָך אויסטערלישער און פלאי־פּלאימדיקער פון לאָזערס, בזה הלשון:

— יאָך געדענק עס באַשיינפּערלעך, ווי דאָס וואָלט ערשט היינט געווען. בין געווען דעמאָלט אויף סלוזשבע אין קאַטערינאָסלאַוו, געדינט אינעם פערצנטן פּאָלק, אין דער דריטער ראָטע, אַ יעפרעיטער. נאָר אין דער אמתן געאַרבעט דאָרט אין דער שניידערישער מייסטערסקאַיע. איז אין יענער שטאָט האָב איך דעמאָלט געזען צום ערשטן מאָל אַ ציִרק.

שייקע האָט זיך גוט אויסגעהוסט כדי נישט הייזעריק ווערן אינמיטן פון דער לאַנגער מעשה, וואָס ער וויל איצט דערציילן. דערנאָך האָט ער פאַר־געזעצט:

— איז וואו האַלט איך? יאָ! אין יענעם ציִרק זייַנען געווען אַ סך לייבן, פון דעם סאָרט, וואָס לאָזער האָט אייך דאָ שוין אָפּגעמאָלט — פּראָסטע חי־וקימס! אָבער געווען איין לייב, דאַכט זיך, צו וועלכן מ׳האָט קיין פּראָסטע

סאָלדאַטן, אַפילו נישט דריי בענדלדיקע אונטעראָפיצירן, אָפּגערעדט דעם פּראָסטן נאַראָד, בשום אופן נישט צוגעלאָזן. צו דער שטיג פונם לייב האָט מען צוגעלאָזט נאָר אָפיצירן, הויכע טשינאָווניקעס און מיוחסדיקע, רייכע קופּצעס.

די מענטשן פונם רעדל זיינען שוין ביז גאָר אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מעשה. מיט אָפענע מיילער און אויערן האָבן זיי געשלונגען שייקעס יעדעס וואָרט. שייקעס פאַנטאַזיע איז געוואָרן אַלץ לעבעדיקער, און ער האָט זיי ווייטער דערציילט דאָס פאָלגנדיקע:

— האָב איך אָבער אַליין גערעדט מיט איינעם, וועלכן מ'האָט דעמאָלט יאָ צוגעלאָזט צום לייב. יענער האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּוואונדערן קודם־כל פון זיין אויסזען אַליין: פון זיין שטאָלצן קאָפּ; פון זיין גריווע, פון זיינע פּקח־דיקע, דורכדרינגענדיקע אויגן; פון זיין מעכטיקייט און איבערוועלטיקנדיקער שיינקייט.

— דער לייב האָט אַפילו געהאַט אַ מענטשלעכע געליבטע, — האָט יענער מיר דערציילט. זי איז געווען אַ יפת־תואר, וואָס האָט אַליין אויסגעקוקט ווי אַ קעניגין. נאָר זי האָט געקאָנט אַריינקומען צו אים אין שטיג. און דאָס אויך נישט אין אירע געוויינלעכע קליידער — נאָר אין איר ראָזעווען געפּאַסטן טריקאָטעווען איבערצוג, וואו איר גאַנצע שיינע געשטאַלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים, דעם קעניג פון די חיות. זי פלעגט אַריינקומען צו אים אין שטייג מיט אַ גאָלדן שטעקעלע אין איר רעכטער האַנט און אַ גרויסע זילבערנע רייף אין דער לינקער האַנט. ער פלעגט דעמאָלט אויספאָלגן אַלע אידע באַפעלן: פלעגט דורכפליען דורך דער רייף, וואָס זי פלעגט הייבן אַלץ העכער און העכער, ביז דער לייב איז געפלויגן אַזוי הויך אין דער לופטן ווי אַן אָדלער אויף פליגלען ממש. דערנאָך פלעגט ער זיך פאַרנייגן פאַר איר, ווי עס פּאַסט פאַר אַ וואוילדערצויגענעם לייב פון דער קעניגלעכער פאַמיליע. דאָס איינציקע, וואָס דער קעניגלעכער לייב האָט פאַרלאַנגט פון איר איז געווען אַ שמייכל פון איר לויטערן קעניגלעכן פּנים און אַ גלעט פון אירע ווייכע, לאַטשענדיקע, אַלבאַסטער־ווייסע הענטלעך.

שייקעס ווערטער האָבן די צוהערער אַליין שוין ווי פאַרכשופט. און זיי האָבן זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטן, אַז ער זאָל שפּינען ווייטער די טשיקאַווע, אומגלויבלעכע, אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע געשיכטע:

— די יפת־תואר אַליין — האָט זיך שייקעס מעשה געצויגן — האָט דערציילט, אַז איר לייבן־קעניג האָט אין די טיפע וועלדער הינטער די הרי־חושך אַמאָל צונויפגערופן אַן אסיפה פון אַלע חיות פון דער וועלט. דער לייב האָט גערופן צו איינעם פון יעדן מין — פון אַן עלפאַנט ביזן קלענסטן וועריִמל, אויפן שטייגער פון נחס תיבה. דאָס לייבן־מיידל, וואָס איר נאָמען איז

געווען ראַזאַליאַ קראַקאָווסקאַיאַ, איז דאָרטן געווען די איינציקע פון דער מענטשן־וועלט. אויפן אָרט פון צוזאַמענקום איז נאָך קיין בן־אדם נישט געווען. דער לייב האָט דעריבער געפּועלט ביים אָדלער, דעם קעניג פון די עופות, אַז ער זאָל זי נעמען אויף זיינע פליגלען און ברענגען אויפן פאַרזאַמל־פּלאַץ, וואָס איז געווען אין אַ שיינעם טאָל, הינטער די שפּיציקע פעלזנבערג מיט טיפע אָפּגרונטן. דאָרטן איז זי אַרונטערגעשפּרונגען אויף אַ ריזיקער לאָנקע, נישט מיט קיין געוויינטלעכן גראָז באַוואַקסן, נאָר מיט אַ מאָדנעם פלאַנץ, — איך געדענק שוין נישט זיין נאָמען, — וואָס איז געווען ווייך ווי דער מין פוכענע פעדערן, וועלכער געפינט זיך העט אין אויסטראַליע. און פּונקט ווי זי האָט געקאָנט די שפּראַכן פון די חיות און פייגל, האָט זי אויך געוואוסט אַלע נעמען פון די געוויקסן פון דער גאָרער וועלט. און ווער ווייסט? אפשר האָט זי געקענט מיט זיי אַלעמען זיך אַפילו צונויפרעדן?

שייקע האָט איבערגעריסן צו כאַפּן דעם אָטעם און געצויגן ווייטער:

— בשעת ראַזאַליע האָט דערציילט די חידושים פונם אסיפה־פּלאַץ, האָט זי געהאַלטן אירע אויגן פאַרמאַכט, ווי אינמיטן אַ זיסן חלום, און גערעדט מיט דער גרעסטער בענקשאַפט. זי האָט דערציילט, אַז דער ריזיקער טאָל איז געווען באַדעקט מיט די שענסטע ביימער און בלומען, וואָס זיינען גע־וואַקסן אין הייסע לענדער. געווען דאָרטן בלומען, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי גרויסע זילבערנע קידוש־בעכער, פון וואַנען עס זיינען אַראָפּגעהאַנגען צו צוויי צווייגן, ווי ריזיקע, פאַרדרייטע וואָנצן, און מיט אַ ווינקענדיק, שעלמיש אייגל; געווען דאָרטן ביימער, וועמעס צווייגן עס זיינען אַרונטערגעהאָנגען, ווי טריפנדיקע גרויסע טרערן פון אַ כלה־יתומה ביים באַדעקנס; ביימער, וואָס זיינען געווען הימל־הויך, אמתע עוג מלך הבשנס; ביימער, מיט קעפּ־שפּיצן, ווי קעניגלעכע קרוינען; פלאַנצן, וואָס האָבן אויסגעקוקט, ווי לאַנגע אוגערקעס; פלאַנצן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שלאַנגען; טייל מיט אַלערליי איינשניטן און קאַרבן, ווי להבדיל, די שניצערייען פונם ארון־קודש אין אונזער שול; טייל האָבן געהאַט דעם אָנבליק פון קיילעכדיקע מצה־טישטעכלעך געהאָפטן פון כלהשע הענט; טייל — צווילינג־ביימער מיט איין שטאַם; טייל — ווי הירשן־הערנער, מיט צוויי רונדע עפּל אויף יעדן צווייג, טייל — ווי סטערינענע ליכט, וואָס האָבן געלויכטן ביינאַכט. טייל פלאַנ־צען, וואָס מ'רופט פּאַראַזיטן, ווייל זיי לעבן אויף יענעמס חשבון און טוען אַליין נישט די האַנט אַפילו אין קאַלט וואַסער, און קוקן אויס ווי פאַרפוילטע ציין־פּניאַקעס; אויך אַזעלכע, וואָס מ'רופט קאַניבאַלן, ווייל זיי פרעסן אינגאַנצן אויף די שענסטע גראָזן. ראַזאַליא האָט דאָרטן אויך געזען אַזעלכע ביימער, וואָס זיינען געווען שוואַרץ, ווי די פינצטערסטע נאַכט.

ביים אַריינגאַנג צום טאָל זיינען געווען ביימער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ריזיקע שפּינען מיט זעקס פיס און מער; ביימער, מיט קעפּ פון שיינע פרויען; פון ביידע זייטן אַריינגאַנג זיינען געוואָקסן ווי אַן ערבוואַך יונגע ביימלעך מיט געקרייזלטע קעפּ, ווי יונגע שעפּסעלעך. לעבן זיי זיינען געוואָקסן לאַנגע בלעטער פלאַנצן, וואָס האָבן געלויכטן, ווי אָנגעצונדענע שטורקאַצן. און דער ריזיקער טויער איז געווען באַהאָנגען מיט געוויקסן, וואָס האָבן אויסגעקוקט, ווי מיידלשע צעפּ אין וועלכע עס זיינען געווען איינגעפלאָכטן רויזן פון אַלע קאָלירן און פאַרבן.

אויך שייקע האָט איצט געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט, ווי אין אַ זיסן חלום, ביים איבערדערציילן די מאָדנע זאַכן, וואָס דאָס לייבן־מיידל ראָזאַליע האָט כלומרשט געהאַט דערציילט, בשעת זיין סלוזשבע אין קאַטערינאָסלאַוו, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט אַ צירק און דערזען זיינע וואונדער. קיינער האָט נישט געוואָגט אים איבעררייסן מיט אַ פראַגע אָדער אַ באַמערקונג. נישט איבערצורייסן דעם פלוס פון זיין מענה־לשון ביים אָפּרוען זיך אויסצושנייצן די נאָז, זיך אויסהוסטן און דערנאָך נעמען אַ פרישן שמעק טאַבאַק, האָט ער ווייטער געצויגן דעם פאַנטאַסטישן פאָדעם פון זיין מעשה:

— איז וואו האַלטן מיר? יאָ! ביים אַריינקומען דורכן פאַראַדנעם טויער, האָט ראָזאַליע שוין געזען פאַרזאַמלט אינם ריזיקן טאָל די שלוחים פון אַלע מינים ברואים אין דער וועלט, די גרעסטע ווי די קלענסטע. ווי אַ לייבוואַך פאַרן קעניג פון אַלע חיות, דעם לייב, זיינען געשטאַנען די ריזיקסטע חיות צוזאַמען מיט פאַרשיידענע מינים עלפאַנטן. איין עלפאַנט איז געווען פון אַש־קאָליר, מיט געשניצטע אויערן־לעפלעך, ווי שפּיצן פון שבתדיקע חלה־טישטעכלעך. אָבער די מילי־מילאָסן מינים פון די קלענסטע ווערימלעך האָבן זיך געשפּירט ביי דער אסיפה, ווי גלייכע מחותנים. עס האָבן נישט געפעלט קיין פאַרשיידנאַרטיקע מאָדנע חיות. איין עלפאַנט האָט אויסגעקוקט ווי האַלב־מענטש און האַלב־עלפאַנט. ער האָט געהאַט אַזאַ לאַנגע נאָז, וואָס האָט געקענט גרייכן פאַר מיילן ווייט.

— פונקט ווי אונזער הערשל באָדזשיק, וואָס רוקט זיין נאָז ביי אַלע אסיפות — האָט גראָד מאָטל „ציצאַק" איבערגעריסן, בשעת אַלע האָבן זיך צעלאַכט פון זיין גוטמוטיקן וויץ. שייקע האָט אָבער ניט געלאַכט, נאָר געגלעט זיך דערווייל די באָרד, און ווייטער געפלאָכטן זיין פּלאַדיקע מעשה:

— געווען שלאַנגען, וואָס האָבן געהאַט קעפּ פון פיש; געווען חזירים מיט הערנער, וואָס האַלטן זיך אין גרויסן, און געוויינלעכע חזירים, ווי ביי די ליקעס — אָבער חזירים בלייבן חזירים; געווען אַלערליי סאָרטן פערד, ווי זייערע קרובים די זעברעס, און אַנטעלאָפּן, מיט לאַנגע העלדזער, גע־

שטרייפטע אין אַלע קאָלירן, אויסגעפּוצטע ווי די סעוונער דאָרף־שיקסעס — אָבער פערד בלייבן פערד; געווען אַלערליי הירשן מיט וואונדערלעכע הער־נער, פאַרריסן, ווי שטאָלצע קבצנים; געווען טויזנטער פאַרשיידענע בהמות; שעפּסן מיט אַלערליי גוטמוטיקע, נעבעכדיקע, תמעוואַטע פּנימער; ציגן מיט פרומע און קינדישע פּנימער; קעץ און הינט, און מיליאָנען אַנדערע מינים, וואָס קיינער קען גאָרנישט אויסרעכענען, וואָס איז אוממעגלעך זיי צו גע־דענקען. אָבער קיינער האָט נישט פאַרפעלט צו זיין ביי דער אסיפה.

שייקע האָט דאָ איבערגעריסן זיין דערציילונג, געבעטן אים צו ברענגען אַ טרונק וואַסער, ווייל אים איז געוואָרן טרוקן אין האַלדז. נאָכן אויסטרינקען האָט ער פאָרגעזעצט די מעשה אָן שום שהיות:

— נו, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען, אויבנאָן איז, פאַרשטייט זיך, געזעסן דער קעניג־לייב, בכבודו ובעצמו, מיט זיין גילדערנער גריוועדיקער קרוין. נישט ווייט פון אים — האָט ראַזאַליע ווייטער איבערגעגעבן — איז געזעסן אויף זיינע הינטערשטע פיס אַן אַנדער סאָרט לייב, עפּעס פון גאָר אַן אַנדערער גזע. ער האָט נישט געהאַט קיין האָר אַרום זיין קאָפּ, געהאַט קליינע אויערן, פיס ווי קלעצער, גראַדיקן ווידל און אַ פריי, שמייכלדיק פּנים. להיפּוך צום פאַרזאָרגטן פּנים פונם לייבן־קעניג. ס׳איז אָבער ניש׳קאָ וואונדער, אַז איינער וואָס טראָגט די זאָרגן פון אַלע חיות אויף דער וועלט, זאָל זיין אַזוי ערנסט. אויף די אַרומיקעביימער־צווייגן האָבן זיך געפונען אַלערליי מינים מאַלפּעס: אַ צאָל פון זיי פאַרחושכטע און אומגליקלעכע; איינע האָט געהאַט אַ באָרד פון אַ רוסישן קאַצאַפּ; אַן אנדערע האָט אלץ באַטראַכט מיט א חוזק־מינע; טייל זיינען געווען באַוואָקסן, ווי פּורים־שפּי־לער אין מאַסקעס.

צום ערשטן מאָל האָט זיך שייקעס פּנים צעשמייכלט, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס שפּאַסיקס דערמאָנט, און ווייטער פאָרגעזעצט:

— פאַרן עפענען די אסיפה האָבן זיך צוויי לאַכנדיקע היענעס פון פאַר־שיידענע מינים זיך אַרומגעכאַפּט, געקיצלט איינע די צווייטע, און אויסגע־בראָכן אין אַזאַ ווילדן געלעכטער, אַז דער גאַנצער עולם חיות האָט מיטגע־לאַכט. אפילו דער לייבן־קעניג, וואָס איז אַלעמאָל געווען אַ פאַרזאָרגטער, האָט אויך מיטגעלאַכט.

דאָ איז מאָטל אים ווידער אַריינגעפאַלן אין די רייד. ער האָט אָנגע־וויזן, אַז דער לייבן־קעניג האָט זייער גוט געטאָן, וואָס ער האָט מיטגעלאַכט. מ׳דאַרף אַמאָל פאַרגעסן די שווערע זאָרגן פון דעם מלוכה־עול:

— געט׳ס אַ קוק אויף אונזער קיסר, — האָט ער געטענהט, — וואָס פאַראַ פּנים פון חוזק ער האָט. מ׳שמועסט יאָקבי, אַז זינט דער קאָראָנאַציע

האָט ער נאָך קיין איין לאַך ניט געטאָן. עץ מיינט, אַז ס'איז לייכט צו זיין אַ קעניג? נאָר פאַרגעסט נישט, אַז ס'איז אַן אונטערשייד צווישן אונזער קעניג, וואָס קיניגט כאָטש איבער מענטשן, אָבער דער לייבן־קעניג, נעבעך, דאַרף קיניגן איבער לויטער חיות. יאָך בין אים נישט מקנא.

אברהם־איטשע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן מאָטלס אַריינמישונג. האָט ער זיך צעבייזערט אויף אים:

— פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען ערגער פון חיות. האַק נישט איבער די מעשה! ס'י נישט דיינע תכריכים, וואו דו קענסט איבערהאַקן און איבער־היפּערן גאַנצע שטיקער נעט — אינם קבר קוקט מען דאָך נישט אויף די געניייטע שטעך!

מאָטל איז שוין גרייט געווען אים צוריק־ענטפערן — אים דערמאָנען זיינע באַרימטע יתור־ווערטלעך. אָבער שייקע איז אים פאַרלאָפן דעם וועג:

— יאָ, איז וואו האַלטן מיר? ביים געלעכטער — האָ? טאָ הערט־זשע מיט קאָפּ: דער געלעכטער איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער פאַרדאגהטער לייבן־קעניג האָט מיטגעלאַכט מיטן גאַנצן עולם חיות. מ'איז אָבער נישט געווען זיכער מיטן לעבן. דער כיטרער פוקס האָט זיך באַטראַכט, אַז פונם קייכן פאַר געלעכטער קען אַמאָל אַרויסקומען גאָרנישט קיין גוטס. ער האָט בעתן לאַכן דערזען זייערע אָפענע שאַרפצייניקע מיילער און זיך דערשראָקן. דאָס קען זיך ענדיקן זייער ביטער: אָך און וויי צום געלעכטער, ווי מ'זאָגט ביי אידן. ס'קען אַרויסגיין באָקאָם. האָט דאָס פוקסל אַ שפּרונג געטאָן אויפן לייבס קאָפּ. דער קעניג פון די חיות האָט מיט זיין רעכטער לאַפּע אים אַרונטערגעשאַרט פון דאָרטן. צוליב דעם האָט זיך זיין גריווע אַרונטערגע־לאָזט איבער זיינע אויגן. דערמאָנט דאָס אים אין זיין קרוין, און ער גיט אַזוי ראַפּטום אַ שטאַרקן ברום. און דאָס האָט תיכף איינגעשטילט דאָס גע־לעכטער. נאָר בינו־לבינו האָט זיך אַ לויז אַרומגעכאַפּט מיט אַ פלוי, האָבן זיך צעקושט ווי לייבלעכע קרובים. דערביי, ווי דער שטייגער איז געווען אפילו צווישן די צווייפיסיקע חיות, געגנבעט אַ טראָפּן רויט בלויט איינער פונם צווייטן, פון וואָס זייערע ליפעלעך האָבן זיך פאַררויטלט. האָט דאָס דער פוקס דערזען, רופט ער דעם הויפּטוואַכמאַן, דעם עלפאַנט, ער זאָל מיט זיין לאַנגער נאָז אָפּווישן זייערע טריפהנע פיסקלעך איידער דער גרויסער קעניג וועט עס דערזען.

יאַנקל וואַסער, דער אומגעלומפּערט־הויכער מעל־סוחר, פאַרוויסט פון קאָפּ ביז צו די שטיוול, וואָס איז געווען אינם רעדל און זיך צוגעהערט צו אַלץ מיט איין אויער, האָט זיך פלוצים אַריינגעמישט מיט דער פראַגע, צי

האָט שייקע געהערט פונם וואַרשעווער און פּיטערבאָרגער צירק מיטן נאָמען: ציניזעלי?

— אוודאי! וואָדען! אָט וועגן דעם ציניזעלי־צירק דערציילט איך דאָך — גאָר פאַרגעסן דעם נאָמען! — האָט אים שייקע געענטפערט אַ צעשטראַלטער.

***

יאַנקל וואַסער האָט זיך מתקנא געווען, וואָס שייקעס מעשיות נעמען אויס אַזוי שטאַרק ביים עולם. האָט ער געבעטן מ'זאָל אים לאָזן דערציילן אַ געשיכטע, טאַקע וועגן דעם וועלט־באַרימטן ציניזעלי־צירק, כדי שייקע זאָל דערווייל זיך קענען אָפּרוען, כאַפּן דעם אָטעם. ער האָט די מעשה געהערט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק פונם וואַרשעווער זייגערמאַכער, בראָניסלאַוו, אַ טייערער איד, כאָטש מיט אַ גויאישן נאָמען.

דער זייגערמאַכער האָט געוואוינט קעגנאיבער דער טומאה. אין זיין היים האָבן זיך יעדע נאַכט פאַרזאַמלט זיינע שכנים, איבערהויפּט מעל־סוחרים, ווי יאַנקל פּופּקע, דער קרומער זכריה, שיע דראַנג, ליפּע גלאָמב און אַנדערע. זיי האָבן הנאה געהאַט צו הערן די טשיקאַווע מעשיות, וואָס עס האָט ליב געהאַט צו דערציילן דער זייגערמאַכער מיטן שוואַרצן גלעזל, וואָס האַלט זיך קונציק אויף זיין רעכטן אויג, ווי אַ הייסע גלעזערנע באַנקע אויף אַ פעטער פּלייצע.

יעדע נאַכט נאָך דער וועטשערע זיינען זיי אַריינגעלאָפן צו אים און זיך געזעצט אויף די בענקלעך אַרום דער וואַנט אַקעגן טיר, וואו עס הענגען די פאַרשיידענע וואַנטזייגערס. טייל פון זיי זיינען געווען אויף ספּרונזשינעס מיט געלע, מעשענע פּערפּענדיקלעך, וואָס לויפן אַרום הינטער די שוואַרצע אָפענע שייבלעך, ווי ניט־גוטע; טייל זיינען געווען מיט שווערע וואָגן אויף לאַנג מעשענע קייטן און מיט ברייטע קיילעכדיקע מעשענע אומרוען, ווי טאַצן, וואָס באַוועגן זיך לאַנגזאַם, שווערגעוויכטיק, ווי יוסטע בעלי־בתים; זיי האַלטן אין איין רופן: מאַכטס אַ וואַרע! מאַכטס אַ וואַרע! טיק־טאַק! טיק־טאַק!

אַז ס'איז געקומען צו דער שעה, איז געוואָרן אַ געקלינגערריי: בים־באַם, דזין־דזין. פון איין זייגער איז אַרויס אַ קוקאווקע פון אַ קליין טירעלע, איינגעבויגן דאָס קעפּל און געמאַכט קו־קו! קו־קו!

ער, דער הויכער, ברונעטער זייגערמאַכער, פּאַניע בראָניסלאַוו, איז געזעסן ביים וואַרשטאַטל, געדעקט מיט אַ טישטוך פון ווייסן פּאַפּיר. אויף אים זיינען געווען אָנגעלייגט אַלערליי צוועגלעך. איין צוועגל, וואָס קען מער ניט בייסן, איז געווען ביי דער זייט פאַרזשאַווערט, ווי אַן אויסגעדינטער ני־קאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. עס זיינען אויך געלעגן אַ סך שרויפנציער. אַ סך פון זיי — צעבראָכענע, שטומפּיקע. ס'זיינען אויך געלעגן אַ סך צענומענע זייגערס

און זייגערלעך, טייל מיט אַרויסגענומענע געדערים; טייל פאַרדעקטע מיט רונדע גלעזער. טייל אויסגעשפּילטע, וואָס פון זיי וועט שוין קיין לייט נישט זיין, זיינען געלעגן אָפענע, ווי אויף הפקר — מ׳האָט זיי לאַנג צוריק נאָך אָפּגעזאָגט דאָס לעבן; מ׳נוצט נאָר אַמאָל עפּעס פון זייערע געדערים, ווי אַ שרייפעלע, אַ רעדעלע מחיה־מתים צו זיין די נאָך צום לעבן באַשטימטע, אונטער גלע־זערנע קליאָשן.

דאָרטן, מיטן שוואַרצן גלעזל אינם רעכטן אויג איז בראָניסלאַוו געזעסן און דערציילט די וואונדער פון זיין וואַרשע, פון איר גרויסקייט און שיינקייט. אין זיינע גוזמאות האָט ער אַריבערגעיאָגט אפילו שייקע קוואָקען. די ערשטע עטלעכע יאָר, זינט ער האָט זיך באַזעצט אויפן אָסטראָווצער באַרג, האָבן אים נאָך זיינע שכנים אַביסל געגלייבט. כאָטש אַ סך מאָל פלעגן זיי אויך דעמאָלט זיך אָנקוקן איינע די אַנדערע מיט פאַרדעכטיקטע שמייכלען. זיי האָבן זיך ווי שטומערהייט געפרעגט: איז דאָס מעגלעך? אָבער וואָס ווייטער, אַלץ ווייניקער האָבן זיי אים געגלייבט, — ביז זיי האָבן ניט געגלייבט קיין איין איינציק וואָרט זיינס. דאָך האָבן זיי ליב געהאַט, ניט מיד געוואָרן צו הערן ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל די שטוינענדיקע בייז־וואונדער פון זיין וואַרשע.

ביים אָוועקגיין האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז, געזאָגט אַ גוטע נאַכט, נאָר דערביי אונטערגעמורמלט, נישט וועלנדיק ריידן לשון־הרע אויף אַ מענטשן: בע־מע, מנע! וואָס זאָגט עטץ — הע? אויף וואַרשע קען מען אַלץ גלייבן! אפשר?

איינע פון די אומגלויבלעכע מעשיות האָט עס איצט געוואָלט דער־ציילן יאַנקל וואַסער, דער מעל־סוחר. ער האָט אָנגעהויבן אַזוי צו זאָגן:

— אין דעם וועלט־באַרימטן ציניזעלי־צירק, — האָט דער וואַרשעווער זייגערמאַכער אונז דערציילט, — האָט מען איינמאָל געוויזן אַזאַ מאָדנע קונץ, וואָס לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל, ס׳איז שווער דאָס משיג צו זיין מיט די געוויינלעכע חושים. און דאָך איז ער אַליין געוועזן דערביי, ווען דאָס האָט פּאַסירט.

אַלע אינם רעדל האָבן אָנגעשטעלט אויגן און אויערן. אפילו שייקע איז נייגעריק געוואָרן צו הערן די געשיכטע. האָט ער דאָך אַליין שוין עטלעכע נעכט דערציילט מעשיות וועגן אַ צירק. יאַנקל וואַסער, וואָס רעדט הייזע־ריקלעך, האָט זיך אויסגעהוסט, זיינע באַקן האָבן זיך פאַררויטלט און ער האָט דערציילט:

— עטץ ווייסט דאָך, ווי גרויס עס איז אַ צירק? אַיאָ?

— אוודאי ווייסן מיר! וואָדען, מיר ווייסן נישט? אַ צירק איז אַ צירק. אוודאי אַזוי גרויס, ווי אונזער צירק אויף דער בלאָניע, — האָט געזאָגט לאָזער דער שטריקמאַכער.

— אייסיך וואָס! — האָט יאַנקלען פאַרדראָסן — אונזער צירק אַנטקעגן ציניזעליס איז ווי אַ מילב קעגן אַן עלפאַנט אָדער ווי אַ מלופּים־קינד קעגן עוג מלך הבשן. איר שפּילט זיך מיט וואַרשע? משוגע מיינע שונאים — נאַדיר אַ פאַרגלייך: אַסטראָוועצער בלאָניע מיט וואַרשע!

מאָטל „ציצאַק" איז געוואָרן אומרואיק:

— נו, זאָל שוין זיין טויזנט מאָל אַזוי די גרויס ווי די בלאָניע.

— און איצט — האָט געזאָגט יאַנקל וואַסער — קענט איר זיך אַליין פאָר־שטעלן די גרייס פון דעם קיילעכדיקן חלל אין אַזאַ צירק. לאָמיר זאָגן: אַזוי לאַנג און ברייט, ווי פון דאַנען ביז אַפּט. און מאָלט אייך, אַז אין דעם חלל האָט ציניזעלי אריינגעשטעלט אַן אייזערנע קאַסע, וואָס האָט אויסגע־פילט דעם גאַנצן חלל. וויפל זי האָט געוואויגן, און וואָס פאַראַ שווערע משא עס האָט אַזאַ קאַסע, קענט איר זיך אַליין משער זיין. מה דאָך, אַז ווען מען האָט געבראַכט, און טאַקע פון וואַרשע, אַ קליינע קאַסע פאַר יאָסעלע פעפערס באַנק, האָבן עטלעכע שטאַרקע טרעגער, מיט אַ בערל טשאַטשקע בראש, זיך קוים געקענט מיט איר ספּראַווען. אַלע צוזאַמען האָבן זי געשלעפּט פון דער ראַמפּע און געשוויצט, ביז זיי האָבן זי אַרויפגעלייגט אויף לייבל אַטשעס וואָגן. און וואָס דעמאָלט האָט זיך דאָס אָפּגעטאָן! מ׳רעדט נאָך היינט פון יענע חידושים. ווען דער דאַרער, שטאָלענער נייער טרעגער משהלע שימעס האָט איינער אַליין אויף זיינע פּלייצעס זי אַרויפגעטראָגן אין דער באַנק אַריין, איז דער גאַנצער מאַרק געווען פול מיט מענטשן. מיט אָפענע מיילער האָבן אַלע משהלען באַוואונדערט. איצט שטעלט אייך פאָר, אַז אין דעם ריזיקן חלל פון ציניזעליס צירק האָט מען אַריינגעשטעלט אַזאַ ריזיקע אייזערנע קאַסע. און ווער, מיינט עטץ, האָט זי אויפגעהויבן? ס׳האָט פלוצים אַריינגעשפּאַצירט אַ קליין אַפריקאַנער ליליפוטל, אַנגעטאָן אין רויטע הויז־לעך מיט אַ רויט מונדירל. ער האָט געפירט מיט אַ רויט שטריקל אַ... פלוי... יאָ, אַ פּראָסט־פּשוטע בייס־פלוי, זי צוגעפירט צו דער קאַסע. די פלוי פאַרשווינדט אונטער דער קאַסע און אין אַ רגעלע אַרום זעט מען, ווי זי הייבט די קאַסע אַלץ העכער און העכער, ביזן סאַמע הימל, און אפשר נאָך העכער פון די הימלען... דאָס האָבן געזען טויזנטער מענטשן, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין צירק. אַלע זיינען געקומען זען דעם בייז־וואונדער איבער בייז־וואונדער. דער זייגערמאַכער אַליין איז אויך געווען דערביי...

דערביי האָבן זיך צעלאַכט אויפן קול אַלע אינם רעדל. שייקע קוואָקע

האָט זיך אַזש פאַרהוסט: אײַסיך וואָס! לאָזער האָט געעפנט זײַן האַנט, געוויזן מיטן רעכטן ווײַזפינגער אויף זײַן לינקער דלאָניע און געזאָגט:

— אויב אַזאַ זאַך האָט געקענט פּאַסירן, וועט נאָך דאָ האָר וואַקסן.

יאַנקל וואַסער איז געוואָרן בײַזלעך:

— כ'האָב דאָך ענק באַלד פון אָנהייב געוואָרנט, אַז ס'איז נישט צום פאַרשטיין, אַז ס'איז למעלה מן השכל. אָבער דער וואַרשעווער איז דאָך אַליין געווען דערבײַ. פאַניע בראַניסלאַוו וועט דאָך נישט זאָגן קיין ליגן.

שייקע קוואָקע האָט אים געפּראָוווט אַרויסהעלפן:

— דער זייגערמאַכער וועט דאָך נישט אויסטראַכטן אַזאַ זאַך! אַלאַ וואָדען, ווײַזט אויס, אַז די מעשה געהערט שוין צו שוואַרצקינסטלערײַ. ס'איז אַן אויגן־פאַרבלענדעניש: די קאַסע איז קאַ' קאַסע ניש' און די פּלוי איז קאַ' פּלוי ניש'...

עס האָט זיך ווידער דערהערט דער „והוא רחום"... מען מוז אָפּשטעלן דעם וויכוח און דאַווענען מעריב. נאָך מעריב האָט אברהם־איטשע פאַרבעטן אַלעמען אַז באַלד נאָך דער וועטשערע זאָלן זיי אַלע אַריבערקומען צו אים אין שטוב, וואו מ'וועט פאַרענדיקן די זייער מאָדנע מעשה.

ביים אַרײַנקומען צו אברהם־איטשען האָבן נאָך געזונגען די צוויי „זינ־גער"־מאַשינען. דער בעל־הבית אַליין האָט געפּרעסט אַ גרויסע וועסט אויפן לאַנגן טיש. מיט אַן אָנגעגליט קוילן־אײַזן אויף אַ נאַסן האַלב־פאַרברענטן שטיק לײַוונט. עס האָט דערפון געזעצט אַ פּאַרע, ווי אין אַ באָד אויף דער הויכער באַנק.

אברהם־איטשע האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיי:

— אַ גוט ב'אָוונט אײַך! ס'קאַצל קומט! אַזעלכע טײַערע געסט!

ער האָט זיך געווישט מיטן רעכטן אַרבל דעם פאַרשוויצטן שטערן, אַוועק־געשטעלט דאָס הייסע אײַזן מיט דער ברייטער זײַט אַרונטער אויף אַן אײַזערנעם רייף; אַרויסגעטראָגן אין דרויסן ביי דער שוועל פון דער טיר אַ לאַנגע באַנק. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט. ס'איז געווען אַ ליכטיקע, וואַרעמע זומער־נאַכט. די פולע גילדערנע לבנה איז געווען אַביסל פאַררויטלט אַרום די ראַנדן. זאָגן אַנדערע, אַז דאָס איז אַ סימן, אַז ס'וועט מאָרגן רעגענען. אָבער דער־ווייל איז דער הימל אויסגעשטערנט און די לבנה האָט היימיש אַרונטערגע־קוקט ווי אַן אַלטער גוטער פרײַנט. אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן פון דער בלאָניע. דער צירק איז נאָך געווען באַלויכטן מיט די גרויסע נאַפט־לאָמפּן. עס האָט זיך פונדערווײַטנס געהערט דאָס שפּילן פון די מיליטער־מאַרשן, פּאָלקע־מאַזורקעס און טשאַרדאַשן.

אברהם־איטשעס ווײַב שרה האָט מכבד געווען די געסט מיט גלעזלעך

טיי און מאַלינעס. שייקע איז געווען דורשטיק, נערוועז, און אויסגעטרונקען זיין גלאָז טיי פריער פון אַלעמען. זיינע געדיכטע, נאָך שוואַרצע וואָנצעס, זיינען געווען נאַס און קלעפּיק־זיס פונם סאָק. האָט ער זיך באַלעקט מיטן שפּיץ צונג. באַלד האָט ער גענומען דערציילן אומגעדולדיק דעם סוף פון זיין אײַבערגעריסענער מעשה וועגן דער גרעסטער אסיפה פון אַלע חיות פון דער גאָרער וועלט, וואָס דער לייבן־קעניג האָט אַמאָל צונויפגערופן אין אַ וויַיטן פאַרכישופטן טאָל:

— איז הערט און שטוינט: דעם גרעסטן כבוד ביי דער אסיפה האָט דער לייב צוגעטיילט דווקא דער מוראַשקע, איינס פון די קלענסטע חיהלעך. אין משך פון דער אסיפה האָט ער זי מיט ליבשאַפט געלאָזט אַרומקריכן אויף זיין גריוועדיקער קרוין, זי דערנאָך פאַרליבט אויף זיין לייבן־שפּראַך פאַר איר אַרבעטסזאַמקייט, קלוגשאַפט און גוטסקייט. ער האָט דערציילט וועגן איר געטריישאַפט צו דער משפּחה און דעם מוראַשקעס־פאָלק, ווי זי טיילט זיך מיט אַלעמען. נישט נאָר רייסט זי נישט דעם ביסן פון יענעמס מויל, ווי דאָס טוען אַ סך מענטשן, נאָר איז גרייט זיך מקריב צו זיין איינע פאַר דער צווייטער. ער האָט געגעבן אַ גרויסן ברום און פאַרענדיקט: טאָ לערנט זיך פון דער מוראַשקע, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט בשלום און גליקלעך!

באַלד נאָכדעם זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער אַלע שוואַכע חיות. זיי האָבן זיך באַקלאָגט אויפן גרויסן אומרעכט פון ווערן פאַרצוקט דורך די שטאַרקערע:

— זאָל דער קעניג לייב באַפעלן אָפּצושטעלן דאָס פאַרצוקן איינע די אַנדערע! זאָל ער מאַכן אַ סוף צו דער שרעקלעכער עוולה, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן אונז!

ס'איז געוואָרן אַ ווילדער געשריי. פון אַלע זייטן האָט מען געהערט אַ געברומעריי און געוועוועריי:

— וואָס הייסט? דאָס איז דאָך קעגן דער טבע! פון וואָס ווילן מיר לעבן? ווי אַזוי וועלן מיר עקזיסטירן? מיר מוזן דאָך עסן! מיר ווילן דאָך לעבן! לעבן!

דער קעניג פון די חיות האָט געפּרוּוט איינשטילן די חיהשע תאוות, אָפּשטעלן דעם געפילדער. אַז די געמיטער זיינען איינגעשטילט געוואָרן, האָט צו זיי דער לייב געזאָגט קורץ אָבער שאַרף:

— ניין, דער שטאַרקער טאָר נישט דריקן און שטיקן דעם שוואַכן, איינער טאָר נישט פרעסן דעם צווייטן, קיינער טאָר נישט לעבן אויף יענעמס חשבון, — מען מוז געפינען אַנדערע וועגן פון לעבן, אַז נישט וועט דאָס

קיין לעבן נישט זיין, נאָר אַ גיהנום־טויט, ערגער פון טויט. איידער צו לעבן ווי אַ ווילדע בריאה איז שוין בעסער דער טויט.

אָבער איגנאַנצן האָט זיין ענטפער זיי נאָך אַלץ נישט באַפרידיקט, האָט ער פאַרגעזעצט זיין מוסר־זאָגן. ער האָט מיט זיי גערעדט וועגן די מענטשן, וואָס זיינען אָפט ערגער פון די בלוטדורשטיקע חיות:

— זיי פאַרצוקן איינע די אַנדערע און מאַכן נאָך אַ פרומע מינע דערביי, פעלשן גאָטס נאָמען. אויף אונז קען מען נאָך געפינען אַ זכות, זאָגט דער לייב. — מיר פילן נאָר אויס גאָטס בלינדן באַפעל צו טאָן זיין רצון. מיר זיינען הפקר, אין וויסטע וועלדער אַריינגעיאָגטע, מיר ווייסן נישט פון אונזער קומען און אונזער פאַרגיין. טאָ לאָמיר כאָטש זיין עטוואָס בעסער פון זיי...

די שיינע ראָזאַליע, וואָס איז געזעסן נישט ווייט פונם לייב, הינטער אַ חופה פון אומגעווייגלעכע פאַלמען־ביימער, האָט געוואָלט עפּעס זאָגן צו פאַרענטפערן דעם מענטשן־מין. נאָר זי האָט זיך געכאַפּט, אַז אין דער אמתן איז דאָך דער לייב געווען גערעכט מיט זיינע וואָרע רייד. אַחוץ דעם איז זי ווי פאַרכישופט געוואָרן סיי פון דעם לייבס רייד, סיי פון די וואונדערלעכע געוויקסן און פון אַלע גאָטס וואונדער. זי האָט זיך ווי פאַר־לוירן, געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד און געלויבט דעם אויבערשטן פאַרן געבן איר די געלעגנהייט צו זען זיינע וואונדער...

שרה, אברהם־איטשעס ווייב, האָט דערמאָנט די פאַרזאַמלטע ליבע געסט, אַז ס'איז שוין דער זמן צו לייענען קריאת־שמע, צייט צו גיין שלאָפן. די שכנים האָבן געזאָגט אַ גוטע נאַכט, און אין דרויסן האָט באַגלייט די פאַרחלומטע לבנה די פאַרזאַמלטע אידישע מענטשן צו זייערע אָרימע שטיבער. דאָרטן טוען זיי אויס זייערע מלבושים, לייגן זיך אויף זייערע געלעגערס מיט די קאַפּלעך אויף די קעפּ, מורמלען שטיל אָפּ קריאת־שמע ביים איבערגעבן זייערע ריינע נשמות אַלס פּקדון דעם בורא־עולם, שלאָפן באַלד איין מיט גאָט־באַהאָפטענע און מיט בטחון פון אַ קומענדיקן זינגענדיקן מאָרגן — ברן יחד כוכבי בקר...

## אַרקע און דער לייב

ס'איז געווען אַ חמימהדיקער טאָג, אומגעווייגלעך הייס און דושנע. אפילו די חיות אינם צירק זיינען געווען אומרואיקער, זיך קיין אָרט נישט געפונען, זוכנדיק אָנטרינונג פון דער היץ. אויך דער לייב אין זיין שטייג איז געווען צערודערט, אַרומגעלאָפן ווי אַ נישט־גוטער הין־און־צוריק, אָדער געשטעלט

זיך אויף זיינע פֿאָדערשטע לאַפּעס און געדראַפּעט זיך אויף די גראַטעס, ווי ער וואָלט געזוכט אַ שפּאַרונע, אַן עפֿענונג.

לאָזער האָט אָפּט באַזוכט דעם צירק. ער האָט ליב געהאַט נאָכצוקוקן דעם לייבס אויפֿפֿירונג, באַזונדערס נאָכן הערן די שטויגענדיקע געשיכטעס פֿון שייקען און יאַנקלען. לאָזער האָט געזען, ווי דער אַפֿריקאַנער עפֿנט, ווי אַלע טאָג, די שטייג. צוערשט גיט ער דעם לייב וואַסער צום טרינקען, גלעט אים די געקרייזלטע גריווע, שפּילט זיך מיט אים. און פּלוצים — אַן אומגליק! דער לייב גיט אַ שפּרונג איבער זיין קאָפּ און ער איז אין דרויסן. דער אַפֿריקאַ־נער פֿאַרלירט זיך נישט, הויבט אָן ריידן צו אים, ווי צו אַ שטיפֿעריש קינד, רופֿט אים צוריק אין שטייג אַריין. דער לייב רירט זיך נישט פֿון אָרט. הייבט ער אָן פֿאָכען מיט זיין בייטשל, אים אַריינמאַניען. אָבער עס העלפֿט נישט. דער לייב קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן. לאָזער, נישט טויט און נישט לעבעדיק, האָט געמאַכט פּליטה, אַריינגעפֿאַלן אין שטוב בלייך ווי אַ מת. ער האָט נישט געקענט אויסריידן קיין וואָרט. נאָכן קומען אַביסל צו זיך, האָט ער געבענטשט גומל און געדאַנקט דעם אויבערשטן, וואָס זיין ווייב און זיינע טעכטער זיינען אין דער היים. ער האָט פֿאַרהאַקט די טיר און געלאָפֿן צום פֿענצטער זען, וואָס ווייטער איז געשען:

דער אַפֿריקאַנער האָט געפּרוווט אַלערליי מיטלען, מיט גוטן און בייזן, נאָר דער לייב איז אַלץ מער געוואָרן דערצאָרנט, זיך צעברומט און געעפֿנט זיין גרויסן פּיסק. ס'איז גאָרנישט דער זעלבער לייב. עפּעס איז אַריין אין אים אַ דיבוק, האָט געטראַכט דער אַפֿריקאַנער, וואָס איז אַמאָל געווען צו אים ווי אַ טאַטע און אַ חבר. צום ערשטן מאָל ווי ער דערשרעקט זיך פֿאַר אים — פֿון מורא און פֿון צעטומלטקייט האָט ער זיך גאָר אַליין פֿאַרהאַקט אין דער שטייג.

דער לייב איז בינו לבינו אַוועק זיך שפּאַצירן, פֿון דער בלאָניע איז ער אַרויף אויפֿן שאָסיי, שנעל אַדורכגעשפּאַנט דעם מאַרק, וואו ס'איז געוואָרן די ריכטיקע בהלה. מ'האָט פֿאַרהאַקט אַלע געוועלבער, מ'איז שיעור נישט אויסגעשטאָרבן פֿון שרעק. דער לייב האָט פֿאַרגיכערט זיין גאַנג, ביז ער איז פֿאַרשוואונדן און מ'האָט נישט געוואוסט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

נאָכן ערשטן הונגער, האָט ער אויף דער לאַנקע קעגנאיבער דעם קי־נעווער וואַלד פֿאַרצוקט אַ גרויס קאַלב, וואָס האָט זיך געפּאַשעט לעבן אַ גרויסער סטאַדע בהמות און פֿערד. דערנאָך איז ער אַריין אין וואַלד. אַלע אַנדערע פֿון דער סטאַדע זיינען צעשראָקענע אַליין אַריינגעלאָפֿן אין זייערע שטאַלן, ווי זוכנדיק אַ שוץ. די בעלי־בתים האָבן זיי פֿאַרריגלט.

דער לייב האָט באַלד די ערשטע נאַכט דערפֿילט זיין ווילדע מאַכט.

צומאָרגנס פאַרטאָג האָט ער זיך אַריינגעריסן אין אַ שטאַל, צעבראָכן די ברעטער, ווי זיי וואָלטן געווען דינע שפּענדלעך. ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ יונג פערדל און עס אין אַ רגע צעריסן אויף שטיקער. אַזוי נאַכט איין, נאַכט אויס, האָט ער פאַרצוקט פערד און רינדער.

אָן אימה איז דעמאָלט באַפאַלן אַלע שטעט, שטעטלעך און דערפער ביז אָפּט און צויזמער ביי דער ווייסל. די טירן פון אַלע הייזער און שטאַלן זיינען פאַרהאַקט געוואָרן מיט די שטאַרקסטע שלעסער. ווי נאָר ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט מען אין פאַרשיידענע געגענטן אָפּט געהערט דאָס ווילדע ברומען פונם אַנטלאָפענעם לייב. מאַמעס האָבן דעמאָלט זייערע קינדער צו די בריסטן געטוליעט. די יאַרידן און די מאַרק־טעג האָבן אויפגעהערט, מחמת קיינער האָט נישט געוואָלט פאַרבייפאָרן די וועלדער אפילו ביי טאָג.

דער גאַיאָווע פון קינעווער וואַלד, אַ דאַרער, הויכער, מיט אַ לענגלעכן געזיכט און אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס, ווי ביי אַ כינעזער, האָט געטראָגן אַ דין, מעשן טראָמפּייטל. עס איז געווען צוגעטשעפּעט מיט אַ גרינעם שנור אויף זיין האַלדז. דער וועכטער פלעגט אין יענע נעכט זיך פאַרשליסן אין זיין וואַלד־כאַטע. אויף מאָרגן פלעגט ער אינם האַלץ טאַרטאַק דערציילן, אַז ער האָט געזען דעם לייב דורך דעם קיילעכדיקן לאָך פונם לאָדן ביי דער שיין פון דער לבנה. דער לייב האָט זיך ברייטלעך שפּאַצירט נישט ווייט פון זיין כאַטע, מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און דער באַוואָקסענער גאָלדענער טשופּרינע. דער וועכטער האָט ממש געהערט דעם לייבס פעסטע טריט. די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער און צווייגן זיינען אָפּערגעשפּרונגען פון אונטער זיינע שטאַרקע פיס.

מ'האָט שוין אויך אָנגעהויבן מורא האָבן צו גיין אַפילו בייטאָג אויפן קינעווער שאָסעי, מחמת ער פירט צום וואַלד, ווי אויף די אַנדערע, זייטיקע וועגן. אַלע איינוואוינער פון דער געגנט האָבן זיך געפילט, ווי זיי וואָלטן געווען באַלאַגערט פון אַ ווילדן שונא. ס'האָט שוין אָנגעהויבן אויספעלן ברויט אין שטאָט.

מ'האָט גערופן אַ ספּעציעלע אסיפה אינם נייעם בית־מדרש. דער עולם איז געשטאַנען אַ צעשראָקענער. ווי נאָר אַ ניי־געקומענער פלעגט עפענען די טיר, האָבן אַ סך פון די פאַרזאַמלטע געמורמלט צו זיך: ווער ווייסט, צי דער פירפיסיקער בעל־דבר וועט זיך ניט ראַפּטום באַווייזן אויף דער שוועל, אַ ברום טאָן, צורעכט מאַכן אַ פּאָר מענטשן און נאָכדעם — רופט אים קנאַק־ניסל. מיט פחד האָבן זיי געהערט ווי ר' חיים, דער דאָזאַר, דערציילט פון באַלעמער, אַז ער מיטן רב האָבן געבעטן דעם גראַף וויעלאָפּאָלסקי, צו שיקן

באַוואָפּנטע יעגער אינם וואַלד און פאַריאָגן דעם לייב. פאַן שטשעלסקי, דער בעל־הבית פון צירק, האָט אָבער מיט אַ ספּעציעלן שטאַפעט געבעטן נישט צו שיקן קיין יעגער, ווייל ער מיטן אַפריקאַנער פּרואוון אַלץ טאָן צו כאַפּן דעם לייב אַ לעבעדיקן.

די פאַרזאַמלטע עדה איז שטאַרק דערפרייט געוואָרן פון דער ידיעה. דער עולם האָט אָבער געפרעגט וואָס מען קען דערווייל טאָן ביז עס וועט קומען די ישועה און מ׳וועט פאַקן דעם הברה־מאַן. דאַן האָט זיך אויפגעשטעלט דער יונגער אַרקע, זישע שענקערס זון, דער אומגעלומפּערטער ריז. אַרקע האָט דערקלערט, אַז ער נעמט זיך אונטער צו ברענגען מעל פון די מילן וואָס אויף יענער זייט וואַלד. די פאַרזאַמלטע, מיט גאַפנדיקע אויגן, ווי געפּלעפּטע, האָבן געקוקט אויף אַרקען, ווי אויף אַ חסר־דעה, רחמנא־לצלן.

חיים דער דאָזאָר האָט באַטראַכט אַרקען פון קאָפּ ביז די פיס, געוואָרנט אים וועגן דער גרויסער סכנה פאַר זיין לעבן, דערמאָנט אים דעם לאוו פון אַ מאבד עצמו לדעת:

— לויט אונזער הייליקער תורה טאָר אַ מענטש זיך נישט שפּילן אפילו מיט אייגענעם לעבן, ווייל יעדעס לעבן איז פון גאָט־ברוך־הוא געהייליקט.

— ר׳ חיים, פאַרלאָזט זיך אויף מיר! מיט גאָטס הילף און מיט מיינע שטאַרקע הענט וועט שוין זיין מעל אין שטאָט — האָט געענטפערט אַרקע.

ר׳ חיים האָט אים געהייסן קומען נעמען דאָס שטאָטישע געלט צו צאָלן פאַרן מעל. ער האָט אים געפרעגט וויפיל מעל ער וועט קענען טראָגן, ווייל פון אַ געשפּאַן מיט פערד קען קיין רייד נישט זיין, כאָטש עס שטייט דאָך געשריבן, אַז שלוחי־מצוה אינן ניזקין.

און אַרקע איז אַזוי געגאַנגען יעדן טאָג דורכן וואַלד און יעדן פאַרנאַכט צוריקגעבראַכט עטלעכע לאַנגע זעק מיט מעל. ער האָט זיי געטראָגן אויף דער פּלייצע מיט אַ שטריק אַרומגעבונדן. דאָס מעל האָט ער אָפּגעלייגט אין עטלעכע בעקערייען.

און יעדן פאַרנאַכט האָבן די שטעטלדיקע איינוואוינער געוואַרט מיט האַרצקלאַפּעניש אויף זיין צוריקקומען. זיי האָבן געשטעקט זייערע קעפּ דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס און טירן, אים באַוואונדערט, פון אים געווען אַנט־ציקט און אָפּגעגעבן אַ לויב צו גאָט פאַרן באַשיצן זייער גיבור אַרקע.

איינמאָל, פרייטיק, איז אַרקע אַרויס אויף זיין שליחות כעלות, פריער פון אַלע טאָג, צו קענען קומען פרי צוריק צוליבן ערב־שבת. אויף צוריק־וועגס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביים פרישן קוואַל צווישן די גרין־מאָכיקע שטיינער צו שטילן זיין דורשט. ער האָט אָפּגעבונדן די שטריק און געבליבן שטיין אין דער מיט פון די זעק. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער אָפּגעוואַשן

דעם פאַרשוויצטן שטערן און באַנעצט זיין בלאַנדע טשופּרינע. דערנאָך האָט ער איינגעבויגן זיין מויל צו אָנטרינקען זיך מיטן דערפרישנדיקן קוואַל־וואַסער.

באותו הרגע האָט זיך דערהערט אַ ברום, וואָס האָט מעכטיק אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן וואַלד, און פון די רייען פון די סאָסנעס האָט האַסטיק אַ שפּרונג געטאָן דער לייב.

נישט ווייט פון דעם קוואַל האָט געוואוינט סקזשיוויצקי, דער וואַלד־וועכטער, וואָס האָט יעדן טאָג נאָכגעקוקט אַרקעס גאַנג און צוריקגאַנג. האָט דער וועכטער מורא געהאַט אפילו ארויסצושטעקן דעם קאָפּ פון זיין טיר. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט ער דורך אַ לאָדן־לאָך געזען, ווי אַרקע האָט זיך אויסגעגלייכט, זיך ווי צעשטראַלט פון באַוואונדערונג פון דעם לייבס שיינקייט. ער איז געשטאַנען און געשמייכלט מיט זיינע מילדע, בלויע אויגן דעם לייב אַנטקעגן, אַזוי אַ לאַנגע צייט אומבאַוועגלעך.

דער לייב האָט זיך באַרואיקט, געברומט אַלץ שטילער און באַוועגט אַלץ לאַנגזאַמער זיין לאַנגן עק. דערנאָך האָט דער לייב גענומען גיין אין אַ צירקל אַרום אַרקען. אַרקע האָט נאָכגעפאָלגט געשפּאַנט, כאָטש אָן שרעק, דעם לייבס באַוועגונגען, אָבער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. פון אָנהויב האָט ער געטראַכט, אַז דער לייב וועט אפשר אים לאָזן צורו, מיד ווערן און אַוועקגיין זיין וועג צוריק אין וואַלד אַריין. דעמאָלט וועט ער צוריק אָנלאָדן אויף זיינע פּלייצעס די זעק מעל, זיי אַרומגאַרטלען מיט די שטריק און אַהיימגיין אויף שבת. דער לייב טרעט צוריק עטלעכע טריט. דוכט זיך שוין אַרקען, אַז אָט וועט ער פון אים פּטור — ווינטשט ער אים שוין פונדערווייטנס אַ גוטן שליטוועגס און זאָגט: ברוך שפּטרנו!

נאָר דער לייב האָט פּלוצים חרטה געהאַט; ער שטייט שוין ווידער לעבן אַרקען מיט זיינע פייערדיקע, שפּיזיקע אויגן. דער לייב עפנט דאָס מויל און פאַרמאַכט, ווי ער וואָלט געוואָלט ווייזן זיינע שאַרפע גרויסע ציינער און זיין רויט־פייערדיקן צונג.

אַרקעס שמייכל פאַרשווינדט. ער האָט דערפילט דעם חיהשן לויער אים צו פאַרצוקן. נאָר אַרקע האָט נישט געוואָלט דורס זיין דעם לייב, כאָטש ער האָט געפילט, אַז מיט איין קלאַפּ לייגט ער אים אַוועק ווי אַ שפּענדל. ער וואָלט אָבער עובר געווען אויף שפיכת־דמים, וואָס זיין האַרץ קען נישט פאַרטראָגן.

פּלוצים האָט דער לייב געגעבן אַ שפּרונג אויף אים מיט זיינע פאָדערשטע פליגקע פיס און מיט אַ ברומענדיקן אָפענעם צייניקן מויל. באותו הרגע, נאָך פלינקער פונם לייב, האָט אַרקע אים געגעבן אַ זעץ מיט דער

געביילטער פויסט פון זיין רעכטער האַנט צווישן זיינע אויגן. דער לייב איז אַוועקגעפאַלן מיטן ווייס־שוימיקן מויל, באַנעצנדיק אַרקעס העמד, צו דער ערד, ווי אַן אַרונטערגעהאַקטער בוים. דער לייב האָט זיך איבערגעדרייט לאַנגזאַם, ווי אַ דערשאָסענער, אויף זיין רעכטער זייט, די פיס — האַלב־אויס־געצויגן. אַרקע האָט דערזען, וויאַזוי דער בויך זיינער צוקט נאָך און עטוואָס באַוועגט זיך דער ווידל. דעם לייבס גרויסע אויגן זיינען שוין באַלד אַרי־בערגעצויגן אינגאַנצן מיט די לעפלען, פון זיי לייכטן נאָך אָפיר שמאָלע פּאַסיקלעך ליכט.

אַרקע האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן. ווען ער האָט געזען אַז ער זשיפּעט נאָך, איז ער זייער דערפרייט געוואָרן. אַ גרויס רחמנות האָט אים אָנגעכאַפּט צום געפאַלענעם לייב. האָט ער אונטערגעשטעלט זיינע צוויי צו־נויפגעלייגטע הענט ווי אַ קאַפּל אָנצושעפּן וואַסער פונם שפּרודלדיקן קוואַל און באַשפּריצט דערמיט די חיה. דער לייב האָט געלעקט מיט זיין צונג די צעשפּריצטע וואַסער־טראָפּנס. אַרקע איז דעמאָלט געוועזן זיכער, אַז ער האָט דעם לייב נאָר פאַרוואונדעט, אָבער נישט דערהרגעט. אַ דערפרייטער האָט ער צוריק אָנגעלאָדן די זעק מעל אויף זיך און געלאָזט זיך צו זיין וועג אַהיים.

דער גאָיאָווע סקרזשיוויצקי, וואָס האָט דאָס אַלץ צוגעזען פון זיין ביידל, איז דאַן ארויסגעלאָפן מיט אַ געשריי „אָליע באָגאַ״, צוגעלאָפן צו אַרקען, געצלמט זיך און אַנידערגעקניט לעבן פאַרוואונדעטן לייב. ער האָט געבלאָזן אויף זיין טראָמפּייטל פריילעכע, הילכיקע טענער און געלאָזט זיך לויפן אין דאָרף אַריין אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז די סכנה איז אַריבער. און טיר און טויער און פענצטער האָבן זיך ווידער צעעפנט.

אַרקע האָט שפּאַצירט מיט די זעק מעל אין שטאָט אַריין. ער האָט זיי אָפּגעלייגט ביי די בעקערס, וואָס ר׳ חיים דאָזאָר האָט באַפוילן. ר׳ חיים האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט: — מ׳האָט זיך שוין אַביסל געשראָקן איבער דיר!

— ר׳ חיים, גאָט האָט טאַקע געהאָלפן! שליחים פאַר אַ מצווה ווערן נישט באַשעדיקט, ווי איר האָט געזאָגט אויף דער אסיפה — האָט אים גע־ענטפערט אַרקע. — אם ירצה השם, מאָנטיק וועט ווידער זיין דער יאַריד. די געוועלבער וועלן נאָך שבת־צו־נאַכט זיך עפענען, און די פויערים וועלן ווידער ברענגען זייערע תבואות.

ר׳ חיים האָט נישט געגלויבט זיינע אויערן. ער האָט געוואָלט דערגיין פון אַרקען, וואָס עס האָט פּאַסירט, פון וואַנען עס קומט צו אים די פריידיקע זיכערקייט. אָבער יענער האָט נישט געוואָלט מער ריידן, נאָר אויסגעגלייכט

זיין היטל, אַ זאָג געטאָן „אַ גוטן שבת, ר׳ חיים.״ און אַוועקגעאײַלט אַהיים זיך אויספּוצן לכבוד שבת.

די גרויסע בשורה האָט זיך בליץ־שנעל, ממש ווי אַ וואַלד־פייער, צע־טראָגן איבער אַלע שטעט און דערפער. די גלאָקן פון אַלע קאָשטשאָלן (קלויסטערס) האָבן מיט פריידיקער הילכיקייט זיך צעקלונגען. אין די אי־דישע פענצטער האָבן זיך באַוויזן די שבתדיקע געצונדענע און געבענטשטע ליכט. אין די הייזער האָבן מאַמעס זיך שטאַרקער געפרייט מיט זייערע קינדער. קינדישע הענטלעך האָבן געפּאַטשט און דערוואַקסענע האָבן גע־טאַנצט פאַר פרייד.

ווען אַרקע איז מיטן זיין פאָטער שפּעטער געקומען אין שולהויף האָט דאָרטן שוין אויף אים געוואַרט דאָס גאַנצע שטעטל מיט אידן אים צו באַ־גריסן און זיך פרייען מיט אים. די קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט, זיך געטוליעט צו אים, מיט זייערע הענטלעך געגלעט זיינע הענט און פיס. אויך די גוים זיינען זיך אָנגעלאָפן, געשטאַנען אינדרויסן פונם שולהויף און אַריינ־געשריען לויבנדיקע אויסרופן פאַרן אומדערשראָקענעם, העלדישן אַרקען.

## וואַנדאַ און אַרקע

יענע פרייטיקדיקע נאַכט איז געווען זייער אַן אויסגעשטערנטע. דאָס מאַט־זילבער ליכט פון אַ האַלבער לבנה האָט באַהעלט די לייבן־שטייג, גע־פאַרבט אין קאָלירן, וואָס איז איצט געפאָרן צווישן דיביימער פון וואַלד. די שטייג האָט זיך אָפּגעשטעלט, לויטן אָנווייז פונם וואַלד־גאַיאָווע סקרזשי־וויצקין, ביים קוואַל, וואו דער לייב איז געלעגן.

דער לייבן־צוימער, דער שלאַנקער אַפריקאַנער, מיטן לעדערנעם ווייסן בייטשל, איז פלינק אַרונטערגעשפּרונגען פון דער קעלניע. ער האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט זיין בייטשל — דער לייב האָט זיך אויפגעזעצט אויף זיינע הינטערשטע לאַפּעס. האָט ער אים גערופן זיך אינגאַנצן אויפצושטעלן — דער לייב האָט זיך געפּרואווט אויסגלייכן און אַ הויב טאָן זיין גאַנצן קערפּער, נאָר באַלד איז ער צוריק געפאַלן צו דער ערד.

דער אַפריקאַנער האָט זיך אַרום אים געפּאָרעט די גאַנצע נאַכט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און צערטלעכקייט. ער האָט אויף אים געגאָסן קוואַל־וואַסער, אים דערפרישט, ביז ער האָט אָנגעהויבן טועם זיין פון די גוטע זאַכן, וואָס ער האָט אים דערלאַנגט. דעמאָלט האָט ער געבראַכט די שטייג נענטער, אָנגעלענט דאָס ברעט, וואָס פירט אין דער שטייג אַריין, ביי די

פיס פון לייב, און אים געהאָלפן זיך אויפשטעלן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום איז דער לייב ווידער געפאַלן צו דער ערד.

דער אַפריקאַנער האָט אים ווידער געלאָזט אָפּרוען, געגעבן וואַסער צום טרינקען, דערנאָך אַ פריש שטיקל פלייש, וואָס דער לייב האָט ליב געהאַט. אין אַ שטיקל צייט אַרום איז אים געלונגען אַריינצופירן דעם לייב אין שטייג אַריין. דאָרטן האָט דער לייב זיך ווידער אויסגעצויגן אויפן דיל, ער איז אָבער נאָך אַלץ געווען זייער מיד און שווער געאָטעמט. דאָך האָט ער צוריק פאַרהויבן זיין באַגריוועטן קאָפּ און געקוקט מיט דאַנקבאַרקייט אויפן צוימער, וואָס האָט אים געהאָדעוועט זינט מ׳האָט אים געבראַכט נאָך אַלס קינד אינם צירק. דער אַפריקאַנער האָט געגלעט און געפּיעשטשעט אים, ווי אַ קראַנק קינד, אים איבערגעלאָזט נאָך עסן, צוגעמאַכט די טיר און פאַרהאַקט זי מיטן אייזערנעם ריגל.

***

ס׳האָט געשאַריעט אויף טאָג. פון אַלע אַרומיקע דערפער זיינען געלאָפן פויערים און פויערטעס אָנקוקן דעם געכאַפּטן בעל דבר. עס איז אינגיכן אָנגעקומען אַ שיינע בריטשקע, פון וואַנען עס זיינען אַרויסגעשפּרונגען דער צירק־אייגנטימער פאַן שטשעלסקי און די שיינע, שלאַנקע וואַנדע, מיט אַ האַלב־פאַרריסן נעזל, די שטריק־און דראָטן־גייערין פון צירק. ס׳איז אויך אָנגעקומען אַ גאַלאָפּירנדיקער רייטער, אַ שטאַפּעט פונם גראַף וויעלאָפּאָלסקי, וואָס האָט פון זיין אַרונטערגענומען היטל אַרויסגעצויגן אַ פאַרמאַכטן בריוו. דאָס איז געווען אַן איינלאַדונג, אַז זיי אַלע זאָלן קומען צו אים אין הויף אַריין.

דער שטאַפּעט האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעריטן פאָראויס. נאָך אים איז געפאָרן די בריטשקע, געשפּאַנט מיט צוויי אַראַבישע צירק־פערד־לעך. און צום סוף — דער אַפריקאַנער אויף דער הויכער, פאַרביקער שטייג, וואָס איז געפירט געוואָרן פון צוויי קאַרע פערד. זיי זיינען אַלע פאַר־פאָרן אין דעם הויף, וואָס האָט זיך געפונען אויפן באַרג נישט ווייט פון דעם וואַלד. זיי זיינען אַריינגעפאָרן דורכן גרויסן אייזערנעם טויער אינמיטן פונם שטיינערנעם מויער, וואָס האָט ווי אַ פעסטונג אַרומגערינגלט דעם גאַנצן גוט.

דער גרויסער וואָגן מיטן לייב אין דער שטייג איז אריינגעפירט געוואָרן אין איינעם פון די גרויסע שייערן. די בריטשקע מיטן פאַן שטשעלסקי און מיט וואַנדאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי זיינע אַ טאָכטער, זיינען צוגעפאָרן צו דער שיינער מויער. ביידע, מיט אָנגעצויגענעם האָנאָר, געפירט פון איינעם פון זיינע צירק־רייטער, אָנגעטאָן אין אַ רויטער ליווריי מיט ווייסע טאַשמעס

ביי די עקן און אַרום די גרויסע און לאַנגע אונטערשטע קעשענעס, אויפן פוילישן שטייגער, האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים הויפּט־אַריינגאַנג.

דאָרטן האָט געוואַרט אויף זיי דעם גראַפס „דזשאָנצע" פאַן דזשעלינסקי, וואָס האָט געהאַט אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן און אַ טונקל־בייז געזיכט. ער האָט זיי אַריינגעפירט אין דער קליינער פאָדערשטער סאַליע, וואו עס האָט זיי אויפגענומען דער גראַף מיט זיין געוויינלעכער העפלעכקייט און גוטמוטיקייט. ער האָט זיי געזעצט אַרום זיך אויף די הויכע זיידענע און פּליושענע אַלט־מאָדישע פאָטעלן, וואָס האָבן אַ פראַנצויזישן יחוס. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביים פאַן שטשעלסקי אויף זיין שוואָגער, דעם יאָשניע וויעלמאָזשני זאַבליסקי, וועלכער האָט גרויסע גיטער אין פויזן, אַרום ברעסלוי.

דער גראַף האָט אים דערנאָך געלאָזט וויסן, אַז ער האָט געהייסן אויס־שפּאַנען זיינע פערד, ווייל זיי בלייבן דאָ אַלע היינט ביינאַכט צו פאַרברענגען אויפן באַל לכבוד דעם פאַן שטשעלסקי. וויעלאָפּאָלסקי האָט אויסגערעכנט פאַרן צירק־אייגנטימער די גרויסע שררות פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, מיט וועלכע ער וועט ביינאַכט זיך טרעפן. ער האָט פאַר אים אויך צוגע־גרייט אַ סיורפּריז, אַן איבערראַשונג: ער ברענגט אַראָפּ צום באַל דעם אידישן גיבור, וואָס האָט געראַטעוועט די שטאָט דורך ברענגען מעל פון דער אַנדערער זייט וואַלד — אַ נייער שמשון, וואָס איז אפשר נאָך מערק־ווירדיקער פון דעם ערשטן, ווייל דער איז גאָר גוואַלדיק צופרידן, וואָס ער האָט ניט דערהרגעט דעם לייב, אים בלויז געמאַכט אומשעדלעך און ער איז לעבן געבליבן... פון אַזאַ שמשון האָט די וועלט נאָך ניט געהערט.

נאָכן אָנבייסן האָבן די געהויבענע געסט אַרויסגעריטן מיטן „דזשאָנצע", וואָס פירט זיי אַרום דעם גראַפס גיטער. דערנאָך האָט דער פאַן שטשעלסקי געבעטן דעם „דזשאָנצע" מיט אים צורייטן אין שטאָט אַריין:

— דער גראַף דערלויבט קיינעם נישט אַריינצורייטן אָדער אַריינצופאָרן אום שבת אין שטאָט אַריין, כדי נישט צו פאַרשוועכן דעם הייליקן טאָג פון זיינע „סטאַרי־זאַקאָנניס", ווי ער רופט די אידן, — האָט דער „דזשאָנצע" געזאָגט דעם פאַן שטשעלסקי, וואָס איז געווען זייער פאַרוואונדערט פון דער דערקלערונג. — נאָר אין אויסנאַמלעכע פאַלן, ווי פּקוח־נפש, ווען מען מוז האָבן אַ דאָקטאָר, אַ פעלדשער אָדער רפואות פון אַפּטייק, ווערט עס דער־לויבט.

**
*

שבת אינדערפרי האָבן די שקצים און שיקסעס פון דעם מקום אַרומ־געריננגלט דאָס הויז, וואו אַרקע מיט זיין טאַטן זיינען געזעסן ביים טיש און מעביר געווען די סדרה. דער טאַטע און זון פלעגן דאָס טאָן אַלעמאָל אין

דעם הייליקן רו־טאָג. טייל פון די מקום־מענטשן האָבן מיטגעבראַכט אָנ־געריסענע פעלד־בלומען און זיי איבערגעגעבן איטען, אַרקעס מאַמע, אַ שוואַכע אידענע. איטע האָט זיי געבעטן אַוועקצולייגן די בלומען אויף אַ בענקל — זי האָט נישט געוואָלט זיי אָנרירן, ווייל מ׳האָט זיי אָנגעריסן אום שבת.

די מקום־מענטשן האָבן נאָך געמאַכט אַפּטע אויסרופן: לאַנג לעבן זאָל אונזער אַרקע! הערנדיק די געשרייען, האָט איטע געבראָכן זיך די הענט, ווי נאָך שלעכטע בשורות. און זישע, דער מאַן, פלעגט דעמאָלט צו איר זאָגן:

— וואָס זאָגסטו עפּעס צו אונזער אָנשיקעניש? ווען איך זאָל וויסן פריער, אַז אונזער בן־יחיד וועט ווערן אַזאַ מיוחס ביי עשון, וואָלט איך אוודאי צו דעם נישט דערלאָזט. כ׳האָב טאַקע זיך נישט אַריינגעמישט און אים נישט צוריקגעהאַלטן פון איינשטעלן זיין לעבן צו ראַטעווען אַן עדה אידן. אָבער איך גלויב, אַז גאָטס הילף וואָלט געקומען אויך אָן אים. און דאָס האַרץ זאָגט מיר אַצינד, אַז ס׳וועט דערפון קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

ווען טאַטע און זון זיינען געגאַנגען דאַוונען, איז דאָס גאַנצן געסל פול געוואָרן מיט ווייבער, מיידלעך און קינדער, וואָס לויפן זיי נאָך ווי ביי אַ חתונה אָדער אַ בייז־וואונדער ביז אינם מאַרק אַריין. זישע איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַרשעמט פון דער אומגעריכטער בהלה. אַרקע איז געוואָרן רויט ווי אַ בוריק און געגאַנגען ווי אַ צעטומלטער פון דעם געפּיל־דער.ביידע זיינען געגאַנגען האַסטיק, כמעט ווי געלאָפן, און געוואָלט וואָס גיכער זיין אין דעם בית־מדרש.

אָבער אויך אין שול־הויף האָט זיך גערעשט. אַלע, קינד און קייט, זיינען געקומען גוט־שבת ביטן. זישע האָט אַריבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, געמישט אינם גראָבן סידור, וואָס ער לייגט אַוועק אויפן שטענדער מיט ציטערדיקע פינגער. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט געבעטן דעם עולם אויפהערן צאַפּן פון אים דאָס בלוט דורכן אָפּגעבן אַזויפיל כבוד זיין זונס ידים. ער האָט דערביי געטראַכט און אפשר געזאָגט עס שטילערהייט: פאַרוואָס האָסטו גאָט מיך געשטראָפט מיט אַזאַ גיבורדיקן זון? אמת, איך טאָר זיך צופיל נישט באַקלאָגן. ער איז דאָך אַ גוטע נשמה, וואָס איז תמיד גרייט זיך מוסר־נפש זיין פאַר אַ צווייטן, טאָן יעדן איינעם אַ טובה. אָבער פאַרוואָס האָסטו גראָד זיינע הענט אָנגעשטאָפּט מיט אַזוי פיל כח, ווען כ׳וואָלט געווען גאָר צופרידענער, ער זאָל האָבן מער מוח?

ביים לייענען האָט מען אויפגערופן זישען צו אַן עליה. מען האָט אים מכבד געווען מיט ששי. נאָר ער איז אָן חשק אַרויף אויפן באַלעמער. עס

איז אים נישט איינגעגאַנגען דער גאַנצער כבוד צוליב דעם זונס גבורה. נאָר ביים מאַכן דעם מי שברך האָט זיך דער חזן פאַרגונען צוצולייגן די ווערטער: שזכה כי בנו ימסור את נפשו להציל את הקהילה הקדושה. דאָס איז אים געווען זייער ניחא און ער האָט דערפאַר געמאַכט די ברכה מיט גרויס פייערלעכ־קייט.

אַרקען האָט מען אויפגערופן צו מפטיר. דער דאָזאָר ר׳ חיים איז אים אָקעגנגעלאָפן, אים געגעבן זיין טלית מיט דער זילבערנער עטרה. אויך דער טאַטע האָט אים שוין איצט באַגלייט מיט וואַרעמקייט אין די אויגן. אַרקעס ברכות האָבן געקלונגען זייער פריידיק. דער חזן האָט אים געהאָלפן ביים גומל בענטשן.

ביים אַרונטערגיין פון באַלעמער האָבן די אויגן פון אַלע מתפללים אים באַגלייט מיט עכטער דאַנקבאַרקייט. ביים פאַרלאָזן דעם בית־מדרש האָבן זיי אים אַקעגנגעטראָגן דעם „גוט־שבת!" מיט וואַרעמקייט און היימישקייט.

זישע האָט באַגעגנט זיין ווייב מיט אַ ברייטן און האַרציקן „גוט־שבת"! ער האָט איר דערציילט וועגן דעם נייעם פסוק אינם „מי שברך" פאַר זיינעט־וועגן, וואָס דער רב האָט אוודאי אַזוי געהייסן טאָן. אָבער איטע האָט אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט:

— מילא! אָבער פאַרוואָס קומט אונז אַ פאַרשטערטער שבת? עטץ האָט געהערט אַ מעשה — אַז אונזער קינד האָט זיך מוסר־נפש געווען, דאַרף מען פאַרשטערן דעם הייליקן שבת?

נאָר באַלד נאָכן קידוש, מ׳איז געזעסן ביים טיש און געזונגען זמירות, האָט זיך די טיר געהאַלטן אין איין עפענען. אַלע ווײַלע איז געקומען עמיצער אַנדערש און געבראַכט, ווי צו אַ שבע־ברכות אָדער פורים, פאַרדעקטע טע־לער מיט אַלערליי גוטע זאַכן, ווי קוגלען פון לאָקשן, פון רייז צי פון ראָ־זשינקעס, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין פעטס; געפּילטע קישקעס; געגדזענע מעגעלעך; צימעסן פון ברוינע מערן און ברושקע מיט האָניק, פלוימען מיט ראָזשינקעס; געקאָכטע קאַרשן און אַגרעסן; סאָק פון שוואַרצע יאַגדעס; סאָק פון רויטע ווײַנפּערלעך, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט ווי רויטע רובינען.

דער רב מיט זיין טאָכטער האָבן געשיקט אַ האַלבן האָניק־לעקעך. און ר׳ חיים דאָזאָר האָט צו זיין קוגל פון רייז און ראָזשינקעס נאָך געשיקט אַ פלאַש מעד. מיט איין וואָרט: די טיר האָט זיך נישט צוגעמאַכט. די שוואַכע איטע האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט אפילו אָפּצונעמען אַזויפיל טעלער און שיסלען און פלעשער ווײַן און משקה סיי פון די גבירים פון דער אויי־בערשטער צייל, סיי פון די אָרימסטע אין די קינעווער און שול־געסלעך.

זישע מיט אַרקען האָבן געבעטן די מאַמע זיך אַוועקזעצן און איבערגע־

נומען די עובדא פון אָפּנעמען די געשיקטע מתנות. זיי האָבן זיך איבערגע־קוקט און געוואונדערט זיך: וואָס וועלן זיי טאָן מיט אַזויפיל שפּייז? ווער וועט דאָס קענען אַלץ אויפעסן?

אָבער לאַנג האָבן זיי זיך וועגן דעם נישט געדאַרפט דאגהן. ווייל אינ־גיכן האָבן זייערע שכנים פונם דענקעוועד געסל, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר איין משפחה, זיך אריינגעלאָזט מיט אַ חסידישן געזאַנג, טראָגנדיק אַ פעסל ביר, ווי אויך געטריקנטע, געזאַלצענע אַרבעס. זיי האָבן עס געקראָגן ביי דער שענקערין הינדע רויזעס.

די כאַפּטע איז אַריין מיט אַ פריילעכן „גוט־שבת!" און „ליב ז'אייער גאַסט!" און מ'האָט זיי געענטפערט „סקאַצל קומט!", „ליב ז'אייער לעבן!"

אברהמל שוסטער האָט דערביי געזאָגט:

— איטע, זאָרגט אייך נישט וועגן די קוגלען. מיר זיינען געקומען דאָ מיט אייך שלש־סעודות עסן, זיך פרייען מיט אייער און אונזער ליבן גאַסט אַרקע, וואָס דער, וועלכן כ'בין נישט ווערט דערמאָנען זיין נאָמען, האָט אים באַשיצט, אַז קיין נעגעלע פון זיין מינדסטן פינגער זאָל נישט געמינערט ווערן. מיר וועלן שוין אַלץ פאַרטיק מאַכן, אַזש אַ קרישקעלע וועט אייך נישט בלייבן. פאַרלאָזט זיך אויף אונז!

מ'האָט געדאַוונט מנחה מיט מנין. מ'האָט צוזאַמענגערוקט אַלע טישלעך, זיי באַדעקט מיט טישטעכער. זיי האָבן נישט געלאָזט איטען זיי סערווירן, נאָר איר אָפּגעגעבן גרויס כבוד. זיי האָבן אַוועקגעזעצט אויך זישען מיט אַרקען אויבנאָן. אַוועקגעשטעלט אַלע כיבודים אויפן לאַנגן צוזאַמענגעשטעלטן טיש. אַ סך האָבן געמוזט שטיין אַרום טיש, ווייל עס זיינען נישט געווען גענוג שטולן און בענקלעך.

מ'האָט געעפנט דאָס פעסל ביר. שמריה האָקע, דער פאַצעטישער מעק־לער, מיטן אונטערגעשוירענעם הויכן קענזשער, האָט געצאַפּט דאָס ביר און פון האַנט צו האַנט איז עס איבערגעענטפערט געוואָרן פריער צו יעדערן ביים טיש, דערנאָך צו די שטייענדיקע אַרום און אַרום.

דער אַלטער בער, אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, האָט זיך צעשריגן בגילופנדיק:

— שמריה, גיט'ס ווייניקער שוים. עטץ דאַרפט נישט נאָכמער פאַרוויסן מיינע ווייסע וואָנצעס.

דער עולם האָט זיך משמח געווען, גענומען זינגען, און די חדוהדיקע זמירות האָבן אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן מקום. די שניידער־און שוסטער־געזעלן, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום די פענצטער, האָבן אונטערגעהאַלטן די שלום־סעודותדיקע זמירות. טיילמאָל האָבן זיי אינדרויסן אָנגעהויבן אַ

נייעם ניגון, וואָס ווערט גיך אויפגעכאַפּט אין דעם האַלב־טונקעלן פונם בין־השמשות מצד די וואָס זיינען אינעווייניק.

דאָס בציבורדיקע געזאַנג האָט אָנגעהאַלטן ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן: עס ווילט זיך נישט שיידן מיטן טייערן שבת און מיט דער גרויסער שמחה ביי זייער גוטן שכן. וואָס טונקעלער עס ווערט, אַלץ מער פאַרדבקהט שאָקלט מען זיך ביים אויסזינגען מיט פאַרמאַכטע אויגן די זיסע בענקשאַפט נאָכן הייליקן רו־טאָג. אַלע האָבן זיך געפילט פאַרברידערט, ווי איין געטרייע משפּחה.

נאָר פלוצים האָבן זיי דערהערט דאָס שטילע געבעט פונם אָקעגנאיבער־דיקן ווינקל „גאָט פון אברהם, פון יצחק פון יעקב"... דאָס איז איטעס קול געווען. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום, דערמאָנט זיך, אַז ס'איז צייט צו בענטשן.

נאָך מעריב האָט מען זיך געזעגנט, צוגעווינטשן אַרקעס עלטערן כל־טוב און נחת פון אַרקען. און יעדער איז אַוועק אַהיים צו מאַכן הבדלה איבער גלעזלעך געבליבענעם וויין און בראָנפן.

**
*

יענעם שבת־צו־נאַכט האָט דער גראַף וויעלאָפּאָלסקי געשיקט זיין „דזשאָנצע", פאַן דזשעלינסקי, אין שטאָט אַריין צו ברענגען אַרקען צום באַל אויף זיין שענסטער קאַרעטע.

וואַנדאַ, אַ צעפלאַמטע פונם נייגיר אָנצוקוקן דעם לייבן־באַזיגער, האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן, נאָר געבעטן דזשזעלינסקין זי מיטצונע־מען זען דעם גיבורדיקן זשידעק אין זיין היים. דעם „דזשאָנצע" האָט נישט געפּאַסט איר אָפּצוזאָגן.

ווען זיי האָבן זיך באַוויזן אינם דענקעווער געסל האָבן שוין די בעלי־מלאכות אָנגעהויבן די וואָך־אַרבעט. זיי האָבן געזען ווי די שניידער ציען אַרונטער די פאַרדעקטע טיכער פון אַלערליי קאָלירן פון די ניי־מאַשינעס און פון די שמאָלע ניי־טישלעך מיט די לייסטלעך אַרום. די שוסטער ציען אַרונטער די לעדערנע פאַרטוכער פון זייערע פּירעקיקע נידעריקע וואַרשטאַט־לעך, שאַרפן זייערע פאַרשפּיצטע מעסער מיט די שוואַרצע לעדערנע הענט־לעך. די סטאָליאַרעס קערן אויס די סטרוזשקעס פון די לאַנגע אַרבעטס־טישן, שאַרפן זייערע הובליעס און זעגן אויף לאַנגע שלייפשטיינער, ווי אויך די דרייעקיקע פיילן. און אַזוי אויך ביי אַנדערע בעלי־מלאכות.

די פענצטער זיינען אומעטום אויפגעפּראַלט. טייל ווייבער מאַטלען נאָך צווישן זיך, ריידן זיך איבער דורך די אָקעגנאיבערדיקע פענצטער. די שניידער־מייסטער לייגן פויל אויס די שטיקער געוואַנט אויף די ספּעציעלע

טישן צוזשנײדן די פֿאַרשײדענע מלבושים. זײ האַלטן זײערע צעראַטענע שמאַלע אַרשין־מאָסן אַריבערגעהאָנגען אויף זײערע העלדזער. טײל שנײדער־געזעלן שמירן פֿלינק די נײ־מאַשינען מיט קלײנע בלעכענע אויל־קענדלעך, און פּאַרציען דערבײ שוין זײערע שטענדיקע לידלעך איבער צעשטערטע ליבעס, װעגן פּריזיװ פֿון פּאָניע־גנב און דאָס געזעגענען זיך פֿון די פּרי־זיװניקעס מיט זײערע כּלות, די דינסט־מײדלעך. די שוסטער לעקן די שטיקער לעדער מיט זײערע צונגען, ציען אַרויף שטיקער יוכטן אויף לאַנגע און קורצע ברעטער און נאָגלען זײ צו.

די שײנע קאַרעטע, געשפּאַנט מיט די שײנע פֿריצישע פֿערד, איז דורכ־געלאָפֿן דורכן געסל. דאָס קלאַפּן פֿון די אײַזערנע פּאָדקאָװעס אויף די ברו־קירטע שטײנער פֿונם געסל האָט הויך אָפּגעקלונגען און אָנגעמאַכט אַ שטאַרקן גערודער. אַלע זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון די הײַזער צו זען, װאו דעם גראַפֿס קאַרעטע, װעלכע אַלע האָבן גוט געקענט, װעט זיך אָפּשטעלן. אײנער דעם אַנדערן האָט געפֿרעגט:

— װאָס טוט דאָ װיעלאָפּאָלסקיס קאָטש באַלד נאָך דער הבדלה אינמיצקע דערינען? װאָס האָט ער זיך פּלוצים פֿאַרבענקט נאָך אונז?

די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם אַנדערן עק געסל, אויפֿן מקום, לעבן הויז פֿון זישע שענקער. אַלע האָבן געקוקט װי דער פֿורנאַל שפּרינגט אַרונטער פֿון דער קעלניע, עפֿנט די טיר און ס׳גײען אַרויס דער „דזשאָנצע״ און נאָך אים די שײנע װאַנדאַ, װעמען דזשעלינסקי העלפֿט אַרונטערגײן פֿון דער קאַרעטע.

זײ זײַנען אַרײַן אינם הויז, געזאָגט „גוט ב׳אָװנט״ און עטלעכע פֿרײַנט־לעכע װערטער. נאָכדעם האָט דער „דזשאָנצע״ איבערגעגעבן דעם גראַפֿס פֿאַרלאַנג, אַז זײַן זון אַרקע זאָל קומען אַלס גאַסט אין הויף אַרײַן צום הײַנטיקן באַל.

אַלע אינם הויז זײַנען געװאָרן זײער איבערראַשט. זישע און אַרקע, מיט די היטלען אין די הענט, זײַנען געשטאַנען װי געפּלעפּטע, ניט װיסנדיק װאָס אויף דעם צו ענטפֿערן. זישע האָט דאָס באַטראַכט װי אַ בײזע אָנשי־קעניש צו דער פֿולער װאָך:

— אָט האָסטו דיר אַ נײַע מעשׂה! אַ באַל גאָר! מער ליגט מיר נישט אין קאָפּ, װי בעלער! און אויסגײן זאָל דאָס כאָטש צו אַלדי װילדע, װיסטע װעלדער!

איטע האָט זיך איבערגעקוקט מיט זישען. מיט אומעטיקע אויגן האָט זי געװאָרפֿן אַ בליק אויף דער יונגער פֿאַרשײַטער שיקסע, װאָס לאַכט חוצפּה־דיק צום „דזשאָנצע״ און פֿרעסט מיט די אויגן איר אַרקע, װעלכער שטײט

ווי אַ פאַרלוירענער, אָן אַ וואָרט אויסצורײדן. זי האָט אַוועקגעשטעלט צוויי בענקלעך און געבעטן זיי זיך זעצן. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות צו ווײַזן אַ פרײַנטלעכע מינע, כאָטש אין האַרצן איז איר געווען פינצ־טער, נישט ווויסנדיק וואָס זיי האָבן זיך פאַרלייגט אויף איר קינד.

אויך זישען איז ניט געווען געפעלן די גאַנצע מעשה פון לאָזן אַרקען אינם הויף אַרײַן: ווער ווייסט, וואָס מיט אים קען דאָרטן געשען? אין זישעס אויגן איז אַרקע נאָך אַלץ געווען אַ אינגל, כאָטש ער איז שוין אַלט געווען צוואַנציק יאָר. ווען נישט דער אָפּגעלאָזטער שידוך פון צוויי יאָר צוריק מיט יעקל ליפּעס מיידל, אַ קליינע און דאַרע, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר איר חתן ביי די הקפות אין דער אַלטער שול, וואָלט אַרקע דאָך שוין אַצינד אַליין געווען אַ טאַטע.

די זאַך איז אַזוי געווען: ווי עס פירט זיך ביי די הקפות, זײַנען די מיידלעך געשטאַנען אויף די זײַטיקע בענק אין דער שול. די כלה איז דאָרטן אויך געווען. פלוצים האָט איר חברטע מירל איר אײַנגערוימט אין אויער אָט גייט דער חתן דײַנער! צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי דערזען אַרקען, זײַן אומגעלומפּערטע ריזיקייט, זײַנע אומגעוויינלעך־גרויסע הענט, וואָס האָבן אַרומגענומען די ספר־תורה. ס'האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז אָט נעמט ער אויך זי אַרײַן אין זײַנע לאָפּעס און זי ווערט דערשטיקט. פון דער איבערראַשונג האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש און געפאַלן אין חלשות. מ'האָט זי קוים אָפּגעמינטערט און באַלד אַהיימגעטראָגן: ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס פון בײדע צדדים האָט מען איר געפּרוווט שפּעטער דערציילן אַרקעס מעלות, זײַן גוטסקייט און מילדקייט. דער שידוך איז אָפּ־געלאָזן געוואָרן.

זישע האָט אויך נישט געוואָלט לאָזן אַרקען אײנעם אַליין צווישן גויים, און נאָך צו אַ באַל, מעג עס זײַן אפילו ביי זײַן ליבן גראַף. האָט ער גע־פּרוווט זאָגן דעם „דזשאָנצע", אַז זיי דאַנקען פאַרן גרויסן כבוד פון דער אײַנלאַדונג, וואָס דער פּריץ האָט געשיקט נאָך אים. אָבער ער קען דאָס נישט דורכפירן, ער וועט זיך דאָרטן נישט אַרײַנפּאַסן. אַרקע קען, למשל, נישט טרינקען מער ווי אַ האַלב גלעזל בראָנפן, און דאָס אויך נאָר שבת נאָך די פיש. און אַז כאָטש ער העלפט אים אין שענק, איז ער אַ גאַנצע וואָך אפילו נישט טועם דעם ביטערן טראָפּן.

אָבער דזשעלינסקי האָט אים שוין בייזלעך געענטפערט, זיך אויסגע־גלייכט ווי אַ שטרענגער נאַטשאַלניק און געוואָרנט זישען, אַז ער האָט אַ באַפעל פונם „יאַשניע וועלמאָזשנע" נישט צוריקצוקומען אָן אַרקען.

די שײנע וואַנדע האָט דערווייל נישט אָפּגעלאָזט אירע פאַרזשמורעטע

אייגעלעך פון אַרקען, וואָס איז געשטאַנען אַקעגן איר, אויסגעפּוצט אין זיין טונקל־ברוינעם שבתדיקן מלבוש, ווי אַ ריזיקע בראָנזענע סטאַטוע.

זישע האָט זיך אַנטשולדיקט פאַרן „דזשאַנצע", געזאָגט, אַז ער האָט חלילה קיין שלעכטס נישט געמיינט. און זעענדיק, אַז ס'איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך, האָט ער געהייסן אַרקען גיין מיטן פּאַן דזשעלינסקי. ער האָט אים נאָר גע־בעטן, אַז ער זאָל זיך דאָרטן נישט זאַמען און צוריקקומען אַזוי שנעל ווי נאָר מעגלעך.

פון העפלעכקייט וועגן האָט פּאַן דזשעלינסקי אַוועקגעזעצט אַרקען רעכטס פון וואַנדען, בעת דער „דזשאַנצע" האָט זיך געזעצט אויף דער לינקער זייט. דער פורמאַן האָט פאַרמאַכט לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק די טיר, נאָכן אַריבערציען די קאָלדרע אויף זייערע פיס. ער האָט זיך געזעצט אויף דער קעלניע, געצויגן די לייצעס, און די פערד מיט זייערע אויסגעשטרעקטע קעפּ האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ גאַלאָפּ דורכן געסל. אַלע איינוואוינער פונם געסל, באַזונדערס דאָס יונגוואַרג, האָבן מיט אַנטציקונג נאָכגעקוקט דער קאַרעטע. זיי האָבן פאַרגונען אַרקען דעם גרויסן כבוד, וואָס ער האָט אַזוי כשר פאַרדינט.

וואַנדאַ האָט נאָך אין דער בריטשקע זיך שטיפעריש געדריקט צו אַרקען. דעם גאַנצן וועג האָט זי אים אַריינגעלאָכט מיט אירע פאַרשייטע אייגעלעך אין זיין ברייטן פּנים אַריין. מיט איר לייכט וואַרעם הענטל האָט זי באַרירט זיין רעכטע האַנט, ווי זיינע מעכטיקע מוסקולן, וואָס האָבן אַוועקגעלייגט דעם לייב פון איר צירק.

די מאַמע האָט אַרקען אַרומגעוואַשן יעדן ערב־שבת ביז ער איז געוואָרן בר־מצוה. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז ער באַרירט געוואָרן פון אַ פרויען־האַנט אַחוץ דער מאַמעס. ווען וואַנדאַ האָט דאָס געטאָן, איז ער דערפון צעטומלט געוואָרן. דאָס בלוט האָט אים אַזש צו די שלייפן פונם שטערן אַ זעץ געטאָן, ווי מיט אַ האַמער. עס האָט אים ממש אָטעם פאַר־פעלט. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך. ער האָט נישט געקענט ענטפערן צו דער זאַך אויף אירע פראַגעס.

וואַנדאַ האָט דערפילט זיין צעטומלעניש. איז זי אַליין נאָכמער צעפלאַמט געוואָרן, זיך נאָכמער צו אים געטוליעט, און אים נאָך אָפטער אָנגערירט דעם גאַנצן וועג, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אינם הויף אַריין.

אינדרויסן האָט שוין אויף זיי געוואַרט פּאַן שטשעלסקי פונם צירק. מיט אומגעדולד האָט ער געזוכט די באַגעגעניש מיטן לייבן־באַזיגער. ער האָט געהאָפט, אַז אים וועט געלינגען איבערצורייידן דעם ריז צו פאַרבלייבן מיט זיי אין דעם וואַנדערנדיקן צירק. ער וועט זיין זייער בייסטע און גרעסטע

צירק־אַטראַקציע. דאָס איז אים איינגעפאַלן, ווען ער איז געבליבן אליין אָן וואַנדאַן, וואָס האָט זיך אים שוין אַביסל צוגעגעסן. שטשעלסקי האָט אפילו שוין אויסגעפּלאַנעוועט צו לאָזן טאַקע וואַנדען נעמען אַרקען אין אירע הענטלעך אַריין. דאָס היציקע טיגערל טויג זיך אויס אויף אַזוינע זאַכן, האָט ער געטראַכט.

ביים אָפּשטעלן די קאַרעטע, ווען דער פורנאַל האָט געעפנט די טיר, איז דער ערשטער אַרויס דער „דזשאָנצע". וואַנדאַ איז אַרויסגעשפּרונגען נאָך אים. זי האָט אַרקען גענומען ביי דער האַנט און אים באַלד פאַרגעשטעלט פאַרן צירק־אייגנטימער. שטשעלסקי איז געווען זייער אויפגעלייגט און העפלעך צו אַרקען. ער האָט דערציילט, אַז אַלע געסט זיינען שוין דאָ, און אַז דער גראַף האָט זיך שוין נאָכגעפרעגט, צי דער גרויסער גאַסט איז שוין אָנגעקומען.

זיי זיינען אַריין צוזאַמען אין דער גרויסער סאַליע, וואו עס איז זיי אַנט־קעגן געקומען דער גראַף וויעלאָפּאָלסקי. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פראַק מיט אַ שניי־ווייסן, שטייפן העמד און אַ שוואַרץ שניפּסל. ביי זיין רעכטער זייט האָט ער געהאַלטן געאָרעמט די גרעפין. זי האָט גע־טראָגן אַ דעקאָלטירט העל־בלוי באַל־קלייד מיט אַ לאַנגער, געפאַלדעטער שלעפּע. אין דער רעכטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ בלויען, גאָלד־געשטיקטן פעכער. זי איז געווען באַהאָנגען מיט פערל און ברילִיאַנטן. אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ ברייטע דימענטענע קאָליע, וואָס האָט פאַרדעקט די קנייטשן און רונצלען, וואָס פאַלדעווען ווי רייפן איר האַלדז. אויף די הענט האָט זי געהאַט זילבערנע בראַסלעטן און עס האָבן שימערירט די ברילִיאַנטן־פאַסאַדן פון אירע אוירינגלעך — און אַלץ האָט געמיניעט זיך אינם ליכט פון די הענגענדיקע קרישטאָלענע זשיראַנדעלן אויפן סופיט און אויף די ווענט פון דעם רחבותדיקן באַל־סאַלאָן.

דער „דזשאָנצע" האָט זיך טיף פאַרנייגט, געקושט די האַנט פון דער גראַפיניע. וואַנדאַ האָט זיך פאַרנייגט מיט נאַטירלעכער עלעגאַנץ און גראַ־ציע. אַרקע, צעטומלט נאָך פון פריער, האָט זיך איצט אינגאַנצן פאַרלוירן, געבליבן שטיין ווי אַ געליימטער. וואַנדאַ האָט אים אָבער אויפגעוועקט מיט איר שמייכל פון זיין פאַרלוירנקייט, זי האָט אים ווידער אָנגענומען פאַר דער האַנט, אים פאַרגעשטעלט פאַר די וויעלאָפּאָלסקיס.

וואַנדאַ האָט מורא געהאַט, אַז אַרקע זאָל זיך ווידער נישט פאַרלירן, און זי איז פון אים נישט אָפּגעטרעטן אויף קיין איין מינוט. די אידישע קאַפּעליע האָט דאָרט געשפּילט פריילעכער ווי געוויינלעך. די כלי־זמר האָבן הנאה געהאַט פון דעם כבוד, וואָס דער גראַף טיילט צו זייער אַרקען. דער באַל איז געוואָרן אַלץ פיבערדיקער. שאַמפּאַניער האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. עס

האָט געהילכט שטאַרקער דאָס געלעכטער פון פרויען און מענער. עס האָט גערייצט די נאַקעטקייט פון די פרויען־לייבער. די האַלב־אַרויסשטאַרצנדיקע בריסטן פון די שטייפע קאָרסעטן האָבן געצונדן תאווה־פייערן אין די מענער־רישע אויגן. פאָרלעך, יונגע און עלטערע, האָבן זיך געביטן ביי יעדע נייעם טאַנץ. עס האָבן זיך געבראַכן די דילן פון די ווירבלדיקע, גאַלאָפּירנדיקע קאַדרילן, מאַזורקעס און וואַלצן.

פאַן שטשעלסקי און וואַנדאַ האָבן געלאָזט וויסן אַרקען, אַז דער פּריץ וויעלאָפּאָלסקי וועט דורכן צערעמאָניאַל־מייסטער אים פאָרשטעלן פאַר אַלע שררות.

וואַנדאַ האָט זיך גענומען פאָרען אַרום אים, ווי אַ באַנדער אַרום אַ פאַס: זי וויל בישט מ׳זאָל זען דעם צעקנייטשטן קאָלנער פון זיין העמד, גלייכט זי אים אויס, טוט אים אָן אַ שניפּסל, וואָס זי האָט געליען פונם „דזשאָנבצע“, און גלעט זיינע געדיכטע האָר פונם קאָפּ.

וואַנדאַ האָט מיט אים געקנעלט ווי אַזוי ער זאָל זיך אויפפירן, ווען מ׳וועט אים אויפרופן; אים געוויזן ווי אַזוי ער זאָל צוגיין אינמיטן פון דער סאַליע און זיך אַוועקשטעלן לעבן גראַף; געלערנט אים ווי אַזוי זיך צו פאַרנייגן און וואָס צו ענטפערן אויף דעם גראַפס רייד. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט ליבע ווערטער אים צו שטאַרקן, און צום סוף האָט זי אים געוויזן מיט אַ כלומרשט שטרענגער מינע, אויפהויבנדיק איר ווייז־פינגערל, אַז ער זאָל זיך פאַר קיין זאַך נישט שרעקן:

— זאָל זיך דיר דוכטן, אַז דו ביזט ווידער אין וואַלד און דער לייב קומט דיר אַנטקעגן. ווייז זיי נאָכאַמאָל — האָט זי אים שעלמיש אַריינגעלאַכט אין פּנים — אַז אויב דו האָסט זיך נישט דערשראָקן פאַר אַ לייב, שרעקסטו זיך געוויס נישט פאַר קיין מענטשן. און אָט וועסטו אַליין הערן, וואָס זיי וועלן דערציילן וועגן דיין גובר זיין דעם לייב.

אַרקע האָט זיך פאַררויטלט פון אירע מאָדנע מאַמעשע רייד. ער האָט זיך געפילט לעבן וואַנדאַן ווי אַ קינד ביי דער מאַמעס פאַרטוך. ער האָט געזוכט שוץ און אָנהאַלט אין זיין פאַרלעגנהייט צווישן אַזויפיל פרעמדע מענטשן. ער האָט שוין גענומען פילן זיין געפאַנגענשאַפט אין וואַנדעס הענט, כאָטש דאָס איז אים איצט זייער ניחא און אָנגענעם געווען און ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר ליב און זיס.

נאָך אַ ספּעציעלער צערעמאָניע צו באַערן פאַן שטשעלסקי, האָט אַרקע געהערט ווי מ׳רופט אויס זיין נאָמען, מ׳בעט אים צוקומען צום גראַף אין סאַמע מיטן פון דער גרויסער סאַליע. אַרקע האָט אין קאָפּ גוט איינגעשטו־דירט וואַנדעס רייד, דערפאַר איז ער צוגעגאַנגען שטאָלץ, ווי איינער פון די

שררות, כאָטש אַביסל שעמעוודיק. דערמיט האָט ער זייער שטאַרק אויסגע־נומען ביי אַלע געסט. זיי האָבן דערזען נישט בלויז זיין שטאַרקן גוף, נאָר אויך זיין יונגן, מילדן, פרייען שמייכל.

עס איז געוואָרן זייער שטיל. דער גראַף אַליין האָט אָנגעהויבן ריידן צו די געסט וועגן דעם היינטיקן באַל און וועגן אַרקען:

— דער באַל איז לכבוד דעם פאַן שטשעלסקי פון פויזן, אונזער ברודער פונם צעריסענעם פוילן, ווי אויך פאַר אַרקעס כבוד וועגן. איך בין שטאָלץ, וואָס אין מיין פאַראַפיע געפינען זיך אַזעלכע גיבורים, מאָדערנע שמשון הגיבורס. ס׳איז אַ סימבאָל, אַן אָנזאָג אויף פוילנס גבורהדיקער צוקונפט. אין אַרקען פליסט דאָס בלוט פון דעם פאָלק, וואָס האָט טאַקע אַרויסגעגעבן דעם אַמאָליקן שמשון. אידן וואוינען שוין הונדערטער יאָרן אין פוילן. אויך די אַרקעס זיינען אַ טייל פון אונזער גלאָררייכער, העלדישער געשיכטע.

נאָך די ווערטער האָט מען געהערט בראַוואָ־אויסרופן און אַ הילכיקע האַנט־פּאַטשעריי. אַרקע איז איצט געווען ביז גאָר צעפלאַמט, און האָט זיך פאַרנייגט איידל ווי אַן ענטפער אויף די שיינע לויב־רייד פונם פּריץ וויעלאָפּאָלסקי און אויף די בראַוואָ־אויסרופן און האַנט־פּאַטשערייען.

וואַנדאַ איז געווען אויפן זיבעטן הימל פון זיין שיינער, שטאָלצער האַל־טונג. זי האָט געפּאַטשט מיט די הענטלעך לענגער פון אַלעמען. דער גראַף האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די שיינע רייד, נאָר אויף אַ גאָלדן טעצל אונ־טערגעטראָגן אַרקען אַ מתנה פון הונדערט גאָלדענע פּוילישע דוקאַטן.

ווען אַרקע האָט זיך אומגעקערט צו זיין פּלאַץ, איז וואַנדאַ געלאָפן אים אַנטקעגן, זי האָט געחלשט אים אַ קוש צו טאָן, נאָר מורא געהאַט, ער זאָל נישט ווערן אין כעס. האָט זי אים בלויז גענומען אונטערן אָרעם, דערנאָך געבראַכט אים אַ גלעזל פּוילישן אַקעוויט צו טרינקען מיט אַלע געסט, וואָס באַגריסן אים מיט זייערע שוימיקע גלעזער שאַמפּאַניער.

דער באַל האָט זיך געצויגן ביז פאַרטאָג. אַלע געסט זיינען זיך צעפאָרן אין די קאַרעטעס, וואָס האָבן אויף זיי געוואַרט. פאַן שטשעלסקי, וואַנדען און אַרקען האָט מען געפירט צו די פּאָר זיי צוגעגרייטע שלאָף־חדרים.

אַרקע האָט פון אָנהייב נישט געוואָלט אפילו הערן וועגן בלייבן דאָרטן שלאָפן. ער האָט אויף דער איינלאַדונג אָנגעגעבן אַלערליי תירוצים, פאַרוואָס ער קען זי נישט אָננעמען. און דער עיקר, האָט ער געטענהט, אַז זיין היים איז נישט ווייט, ער וועט גיין צופוס, ער דאַרף נישט קיין קאַרעטע — די עלטערן וועלן איבערקלערן, זיך באַאומרואיקן. אָבער ס׳איז געווען געבוג, אַז וואַנדאַ זאָל אים נעמען ביי דער האַנט, אים אַריינקוקן ליבלעך אין די אויגן, אַז ער זאָל ווערן באַכגיביק און גיין מיט איר צו די חדרים.

אַרקע האָט זיך אפילו נישט געכאַפּט, אַז זיין חדר איז בשכנות מיט וואַנדעס. און נאָך איידער ער האָט זיך איינגאַנצן אויסגעטאָן, זאָגנדיק בעת־מעשה קריאת־שמע, האָט זי זיך אַריינגעשליכט אין זיין חדר אין איר אויס־געהאָפטענער דורכזיכטיקער נאַכט־העמד. לכתחילה האָט זי אים געהאָלפן זיך לייגן אינם זויבערן ווייסן בעט מיט די פּוכענע קישנס. דערנאָך האָט זי זיך געזעצט אויף זיין בעט, געקושט און געגלעט אים...

אינם בלאַסן מאָרגן־ליכט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורך די שפּאַלטן פונם לאָדן, האָט אַרקע צום ערשטן מאָל דערזען אַ נאַקעטן פרויען־קערפּער. ער האָט געפּרואווט פאַרמאַכן די אויגן. בושהדיק, ציטערנדיק מיט זיין גאַנצן ריזיקן גוף, האָט ער זיך געוואונען ווערן, זי אָפּשטופּן פון זיך. אָבער דורך זיין באַרירונג האָט זיך אין אים צעברענט נאָך אַ מער העלישער פייער. זיין גלוס־טונג זי אַריינצוציען אין זיך אַריין, זיך באַהעפטן, ווערן איינס מיט איר, איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. ער האָט געפיבערט פונם געמיש פון תאווה און פון אימה פאַר דער שרעקלעכער זינד. ענדלעך האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון איר מיט אַלע זיינע כוחות און געוואָלט לויפן צו דער טיר. וואַנדאַ האָט אים אָבער געהאַלטן ווי מיט צוואַנגען, זי האָט זיך איינגעגראָבן אין זיין האַריקן לייב מיט איר גליענדיקן קערפּער, געקושט מיט איר הייסן אָטעם זיינע גלידער. זיי האָבן זיך בײדע פאַרלוירן, אויפגעלייזט; זי — ברומט פאַרשטיקט ווי אַ געשאָכטן קעלבל, ער — רופט ציטערדיק און העשנדיק: מאַ־מע!

נאָכן אויפשטיין האָט ער געדאַווענט אויסנווייניק, אָן תפילין, ווי ס׳וואָלט געווען אַ יום־טוב. ער איז נאָך געווען פאַרשיכורט און צעטומלט פון די נעכטיקע פּאַסירונגען. נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך אויסגעניכטערט און דערמאָנט אַלץ, וואָס ס׳איז מיט אים פּאַרגעקומען. ער האָט דערפילט אין זיך אַ גרויסע ענדערונג, געטראַכט וועגן זיין זינד, און געקומען צום אויספיר, אַז ער קען נישט זען זיינע עלטערן, ער קען נישט גיין צוריק צו זיין היים. דערנאָך האָט ער געטראַכט פון וואַנדאַן און אַלץ מער דערפילט, אַז ער קען זי נישט פאַרלאָזן, ער קען זיך מיט איר נישט שיידן, ער קען זיך נישט באַפרייען פון איר צויבער.

זיין קאָפּ האָט געזוכט אַ געהעריקן תירוץ פאַר זיין האַנדלונג און ער האָט זיך דערמאָנט: זינט ס׳איז אָפּגעלאָזט געוואָרן דער שידוך האָט זיין פאָטער מער נישט געהאַט קיין גוט וואָרט פאַר אים, אים פאַרשטויסן פון זיך, ווי ער וואָלט געווען אַ בן סורר ומורה. אָבער זיין איינציקער חטא איז זיין ריזיקער וואוקס. ס׳איז דאָך נישט זיין שולד. איז טאָקע אפשר גאָר בעסער, אַז ער זאָל אויף אַ שטיקל צייט אַוועק פון דער היים. זאָלן זיי אים אַביסל זוכן, אַביסל נאָך אים בענקען. דערנאָך וועט ער זיי אָנהייבן שרייבן בריוו־

לעך, שיקן מתנות. און שפּעטער ווען ער וועט זיך אומגעריכט באַווייזן, אומקערן, וועט ער ערשט דעמאָלט זיין זייער אָנגעלייגט ביי זיי, ווי אַ קינד דאַרף זיין ביי גוטע טאַטע־מאַמע. זיין אַנטלויפן וועט זיין אַ שטיקל נקמה פאַר דער בחינמדיקער אומגערעכטיקייט צו אים איבער דעם אָפּגעלאָזטן שידוך.

ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אָן זיין מאַמען און ס'איז אים געווען אַ גרויס רחמנות אויף איר: זי גייט קוים אַרום, ווערט אויסגעצערט, צאַנקט פון טאָג צו טאָג, קען נישט סובל זיין די ביטערע פּרנסה. זי, די איידעלע מיוחסת פון לובלין, קען נישט פאַרנעמען די ווילדע שיכורע געשרייען און די ניבול־פּה פון די פּויערים אין זייער שענק. נאָר צי קען ער, אַרקע, דאָס ענדערן? אפשר איז שוין בעסער דאָס מער נישט צו זען? ער וועט איר שרייבן טרייסט־בריוו, ער וועט איר שיקן אויף סוכות אַ וואָלענע פאַטשיי־לע, אם ירצה השם.

ער האָט געטראַכט ווייטער, אַז אין לובלין, וואוהין דער צירק קלייבט זיך איצט אַריבער, וועט ער פאַר אַ דוקאַט קויפן די בעסטע פּאָר תפילין מיט אַ שיין תפילין־זעקל, אויף וועלכן עס וועלן זיין אויסגעהאַפטענע צוויי לייבן ביי דער זייט פונם כתר־תורה. ער וועט אויך קויפן אַ כל־בו סידור פון אַ לובּ־לינער דרוק, מיט ברוינע לעדערנע טאָוולען, וואָס גלאַנצן ווי אַ שפּיגל. אין סידור וועלן זיין אַלע תפילות פאַר אַ גאַנצן יאָר מיטן תהילים צום סוף.

ער האָט געוואָלט זאָגן תחנון אויף אויסנווייניק. די אַלע זאַכן האָט ער געוואָלט טאָן, ווי אַ פאַרענטפערונג פאַר גאָט, אַז ער האָט געזינדיקט בשוגג, נישט במזיד. דאָס דאַרף הייסן, אַז זי האָט אים מיט גוואַלד באַ־צוואונגען. איין גאָט אין הימל ווייסט דאָך, אַז ער האָט נישט געפלאַנעוועט צו באַגיין די זינד, ער האָט דאָס אפילו נישט געהאַט אין דער מחשבה. זיין זינד איז אפשר גאָר געווען ווי אַ טיף געבעט צו גאָט, ער ווייסט אפילו נישט דעם באַשייד דערפון.

וואַנדאַ איז אַריינגעפאַלן צו אים אַ פריילעכע. זי האָט אים גענומען ביי דער האַנט, באַלד דערפילט, אַז ער איז שטאַרק באַזאָרגט, אומרואיק. זי האָט אים געפּרוווט אויפמונטערן מיט אירע שטיפעריייען. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. זי האָט געטראַכט, אַז ער וועט אָפּעסן, וועט ער מעגלעך ווערן מונטערער. האָט זי אים געוואָלט פירן אין עס־זאַל עפּעס אָנצובייסן איידער דער צירק פאָרט אַוועק. אָבער אַרקע האָט איר דערקלערט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו פאַסטן דעם גאַנצן טאָג. וואַנדאַ האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס מיט אים טוט זיך און וואָס זיין פאַסטן באַדייט. אַ ברוגזלעכע איז זי

אַוועק צום פּאַן שטשעלסקי אויסגעפינען די גענויע שעה, ווען דער צירק וועט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

נאָכן געזעגענען זיך מיט אַלעמען, האָבן זיי זיך זאַלבעדריט אַריינגעזעצט אין דעם צירק־דירעקטאָרס בריטשקע, וואָס פאָרט פאָראויס פונם גאַנצן קאַראַוואַן. הינטער זיי איז געפאָרן די לייבן־שטייג, און דערנאָך צענדליקער וועגענער מכל המינים, געפאַרבט אין שרייענדיקע קאָלירן. זיי האָבן געצויגן דורכן וואַלד צום שליאַך, וואָס פירט קיין לובלין.

ס׳איז געווען אַ שיינער זומער־טאָג. דאָס זון־ליכט האָט אַדורכגעריסן אפילו די געדיכטסטע און העכסטע וואַלד־ביימער. ס׳איז געווען אַ גרינע וועלט און געשמעקט גאָר אַ חיות. עס איז זיך לייכט געפאָרן איבערן מאָכיקן וואַלד־וועג, אַרומגערינגלט פון די נאָדל־ביימער, ווי אויף ווייכע פּערסישע טעפּיכער. זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט מיטן גאַנצן אָטעם די מחיהדיקע וואַלד־דופטן. עס האָבן זיי באַגלייט די פאַרשיידענע געזאַנגען און סווישטשערייען פון די פייגלען. עס האָבן זיך געהערט דאָס זשומען פון די פאַרשיידענע פליגן און אינזעקטן; די לייכטע, שוועבנדיקע טריט פון די כל המינים חיהלעך; דאָס שטילע, ריטמישע קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס, אפילו דאָס אַרומשפּאַנען פונם לייב אין דער שטייג, וואָס פאָרט הינטער זיי. טיילמאָל האָט זיך דער לייב צעברומט ביי זיינע גראַטעס און דער עכאָ האָט זיך געקייקלט ווייט און ברייט. קיינער האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט ביז מ׳איז אַרויפגעקומען אויפן שאָסיי.

אַזוי זיינען זיי געפאָרן ביז פאַרנאַכט, ווען די זון, אַ רויט־פייערדיקע, האָלט זיך אין זעצן. דער הימל איז געווען העל־בלוי מיט ווייסע, לענגלעכע וואָלקנדלעך ביי די ראַנדן ביים האָריזאָנט. די פעלדער זיינען געווען באַלאָדן מיט גאָלדענע זאַנגען און זיך געצויגן אויף ווייטע שטרעקעס. דאָ און דאָרטן איז מען פאַרביי גרינע לאָנקעס מיט שמעקנדיקע היי, פאַרביי סימעטריש־צעווירעטע בייטן מיט פאַרשיידענע גרינסן, פאַרביי מילדע רויזן אין מיניעדיקע קאָלירן.

ביים שאָסעי זיינען געלעגן אָנגעשאָטן הויפנס שטיינדלעך און מ׳האָט געזען האַלב־געווייסטע מיילשטיינער, אַזוי ווי ווייסע מצבות. ביי די זייטן פונם שאָסעי האָט מען אויך געזען פאַרשיידענע מינים צלמים פון האָלץ אָדער שטיין. טייל מיט קליינע „מאַטקע באָסקעס" און אָנגעצונדענע אויל־לעמפּלעך. דער פּאַן שטשעלסקי האָט געצויגן זיין היטל פאַר יעדער „געטלעך געשטאַלט". ער און וואַנדאַ האָבן זיך פרום געצלמט.

אַרקע האָט דערפילט מיטאַמאָל אַ פרעמדקייט צו זיי, געמישט מיט עפּעס אַ מורא, אַ טיף־באַהאַלטענע. האָט ער זיך אינסטינקטיוו אַביסל אָפּגערוקט

פון וואַנדען. זי האָט עס דערפילט און געפּרואווט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס, דערציילט אַרקען טשיקאַווע פּאַסירונגען און דערפאַרונגען אין פּאַן שטשעלס־קיס צירק. זי האָט פאַר אים געשילדערט אין די העלסטע פאַרבן דאָס צירק־לעבן בכלל, ווי אינטערעסאַנט דאָס איז, ווי אַמוזאַנט דאָס איז, ווי קאָלירפול דאָס איז. וואַנדאַ האָט געלויבט פאַר אים דעם פּאַן שטשעלסקי, ווי גרויסמוטיק ער איז, ווי גוט ער איז נישט נאָר צו מענטשן, נאָר אויך צו די אַלע חיות אין דעם צירק. ער איז אַ געטרייער פאָטער צו אַלעמען.

מיט אמתן ברען האָט זי גענומען דערציילן:

— ווען פּאַן שטשעלסקי באַווייזט זיך יעדן פרימאָרגן לעבן די שטאַלן, צעהירזשען זיך די פערד אים אַנטקעגן, ווי זיי וואָלטן אַ פריידיקן „גוט־מאָרגן!" אים זאָגן. דאָס זעלבע מיט די עלפאַנטן. ווי נאָר זיי דערזעען דעם צירק־דירעקטאָר מרוטשען זיי, שאָקלען אים אַנטקעגן זייערע קעפּ מיט די לאַנגע נעזער. אפילו דער טיגער מיטן לייב שטעלן אָפּ זייער אומרואיק אַרומדרייען זיך אין זייערע שטייגן, שטעלן אָן זייערע אויגן אויף אים, גיבן אָפּט מיט זייערע שאַרפע נעגל אויף די לאַפּעס אַ קראַץ די אייזערנע גראַטעס, ווי אַ באַגריסונג, ווי אַ מין לייבישער שלום־עליכם. ווייל אַלע איינוואוי־נער פונם צירק־וועלטל דערפילן אין זיין בליק די וואַרעמע גוטסקייט.

פּאַן שטשעלסקי האָט דערהערט וואַנדעס ליוב־געזאַנג און זיך פאַררויטלט ווי אַ יונג בחורל, גענומען דרייען מיט צוויי פינגער זיינע געלע וואָנצעס. ער האָט זיך אַריינגעמישט, אַז אים קומט נישט קיין לויב, קיין שום נאַגראַדע:

— דעם צירק האָב איך נאָך גערירשנט פון מיין טאַטן. האָב איך זיך אויסגעהאָדעוועט אין אים צוזאַמען מיט די דזשאַנגל־חיות, וואָס מ'האָט אַלס קליינע קינדער זיי אַוועקגענומען פון די וועלדער און אין דעם צירק גע־בראַכט. דאָס צירק־לעבן איז אריין אין מיין בלוט. כ'בין געוואַקסן צוזאַמען מיטן צירק, ווי דער בוים מיט זיינע וואָרצלען. און נאָך קינדווייז האָב איך געפילט אַ גרויס רחמנות צו די חיות, וואָס מ'האָט ביי זיי אַוועקגענומען זייער פרייהייט, זייער נאַטירלעכע אומגעבונג און פאַרשפּאַרט אין שטייגן אָדער זיי געצוואונגען ווייזן אומנאַטירלעכע קונצן. וואָס עלטער כ'בין גע־וואָרן, אַלץ מער האָב איך געפילט זייער גרויסען פּיין.

דער פּאַן שטשעלסקי האָט זיך דערביי אַליין צעוואָרעמט, געפּרואווט פאַר זיי אַנטוויקלען אַ גאַנצע דרשה:

— און אפשר — האָט ער פילאָזאָפירט — זיינען אויך די מענטשן אין אַן ענלעכער לאַגע, באַרויבט פון פרייהייט? אגב האָב איך באַמערקט, אַז ווען די צירק־חיות לערנען זיך אויס די פאַרשיידענע מענטשלעכע שפּילע־רייען, פרייען זיי זיך ממש איבערן דערגרייכטן, מען דערפילט אַ שטומען

שטאָלץ ביי זיי. אָבער מענטשן, וואָס דערגרייכן גרויסע זאַכן, קריגן אָפּט קאָפּשווינדל און ווערן בעלי־גאווה, פאַררייסן די נעזער, קוקן אויף אַנדערע אַרונטער. און דאָס פרעסט סוף־כל־סוף אויף זייער פרייד. דאָס רחמנות אויף די מענטשן דאַרף דעריבער זיין נאָך אַ סך גרעסער.

וואַנדאַ האָט געשאָקלט מיט איר שיינעם קעפל ווי אַן „אמן" צו פאַן שטשעלסקיס ווערטער. און אַרקען זיינען די ווערטער פון רחמנות שוין צופיל באַקאַנט. ער האָט זיי נאָך איינגעזאַפּט מיט זיין מאַמעס מילך.

***

וואַנדאַ האָט פלוצים אַ פרעג געטאָן דעם פאַן שטשעלסקי, וואָס פאַראַ אַרבעט ער האָט בדעה צו געבן אַרקען אינם צירק?

ער האָט געענטפערט גאַנץ אויספירלעך:

— זאָל ער טאָן דאָס, וואָס איז פאַר אים אַמבעסטן צוגעפּאַסט. גאָט האָט אים באַשאָנקען מיט אויסערגעוויינלעכער גבורה. וועט ער דאָס ווייזן מענטשן מיט שפּיל און שיינקייט. און דער עיקר וועט ער ווייזן זיינע וואונ־דער פאַר קינדער. ער וועט דערפאַר פון זיי באַוואונדערט ווערן. אין ערגעץ לאַכט דאָס קינד נישט אַזוי פריי, ווי אינם צירק, וואו גאָטס יצירה, חיה און מענטש, שפּילן זיך צוזאַמען. דורכן קינד שמייכלט גאָט אַליין איבערן קינ־דישן פאַרזוך פונם מענטשן צו איבערגעשטאַלטן דאָס געשאַפענע.

שטשעלסקיס פילאָזאָפיע און פּאָעטישע רייד האָבן געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק אויף וואַנדען. אויך זי איז געוואָרן אָפּנהאַרציק און דערציילט, אַז די פרייד פון קינדער גיבן איר צו אַ סך מוט און שטאַרקייט ביים הוידען זיך אויף די שטריק און גיין איבער די דראָטן. די קינדישע בליקן, וואָס זיינען צו איר צוגעשמידט, העלפן איר אָנהאַלטן דעם גלייכגעוויכט. אויף די דראָטן האָט זי דאָס געפיל, אַז זי פירט ביי די הענטלעך צוויי קינדער פון ביידע זייטן, וואָס גייען מיט איר שטיפנדיק און שפּילנדיק.

אין אָוונט זיינען זיי אַריבער די ווייסל ביי ראַכעוו. די שיף און די העלע שטערן האָבן זיך געשפּיגלט ווי אין זילבערנע שטראַלן. די רודערער האָבן געטרונקען אקעוויט פון איין פלעשל. יעדערער האָט געגעבן אַ זופּ, פאַררויטלט זיך, אָפּגעווישט מיט די הענט די וואָנצעס און פאַרגאַנגען זיך נאָכדעם אין אַ פאַרצויגן, פאַרבענקט לידל. טייל פון די פאָרער האָבן געדרימלט אָדער געחלומט אויף דער וואַך אונטערן כישוף פון דער ווייסל.

זיי האָבן דערגרייכט די צווייטע זייט ווייסל שפּעטער, ווי זיי האָבן געטראַכט. זיי זיינען אָנגעקומען אין פּילעוו, ווען ס'האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג. דערנאָך זיינען זיי מיטן שאָסעי געפאָרן קיין לובלין. דאָרטן זיינען זיי פאַרפאָרן אויף דער גרויסער לאָנקע הינטער דער שטאָט, וואו ס'איז

שוין געווען אויפגעשטעלט דער צירק. אַלע צירק־מענטשן זיינען אַ סך פריער אַהין געקומען, ווייל זיי זיינען נישט געבליבן אויפן באַל ביים גראַף וויעלאָפּאָלסקי. דער הויפּט־קלאָון, דער פראַנצויז בראַליאַר, ווּעמען אַלע האָבן גערופן פאַרפוילישט בראַליאַרסקי, האָט שוין געוואַרט אויף זיי מיט אומגעדולד.

פאַן שטשעלסקי, וואָס האָט זיך, ווי ס׳איז געווען זיין שטייגער, היימיש באַגריסט מיט בראַליארן, און מיט אַלע זיינע צירק־מענטשן, האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט אַרקען, דעם נייעם שמשון, וואָס האָט באַזיגט זייער לייב. אַלע האָבן אַרקען וואַרעם אויפגענומען. דער צירק־דירעקטאָר האָט געהייסן אַריינ־פירן אַרקען אין דעם פאַר אים באַשטימטןביידל.

די צירק־אָנגעשטעלטע זיינען געלאָפן צו דער שטייג אָנקוקן דעם לייב, געשמייכלט צו אים, ווי צו אַן אַלטן חבר. דער לייב, וואָס האָט זיך געהאַט אַנידערגעזעצט אויף זיינע הינטערשטע פיס אינגם ווינקל, אַביסל מיד פון דער רייזע, און דערהויפּט פון זיין שווערער איבערלעבונג, האָט ווי אויפגע־לעבט, דערזעענדיק זיינע באַקאַנטע מענטשן און די באַקאַנטע חיות אין די אַרומיקע שטייגן.

מ׳האָט זיך געגרייט פיבערדיק צו דער ביינאַכטיקער פאָרשטעלונג. שטשעלסקי האָט אַלץ באַטראַכט, קאָנטראָלירט אומעטום, צי אַלץ איז כשורה. נאָכדעם איז ער אַריין צו אַרקען. ער האָט אים געטראָפן ליגן אַן אויסגע־צויגענעם אין זיין גאַנצער גרייס, זייער פאַרטראַכט. ער האָט באַמערקט, אַז ער האָט אים ווי אויפגעוועקט, נישט פון שלאָף, נאָר פון טיפע מחשבות.

אַרקע האָט טאַקע געטראַכט וועגן זיין צוגעבונדנקייט צו וואַנדאַן. ער איז געווען זיכער, אַז ער קען נישט און וויל זיך נישט באַפרייען, זיך אָפּ־רייסן פון איר. ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז ער קען נישט לעבן מיט איר, ווי עס לעבן חיות אין וואַלד. ער האָט געטראַכט, ווי אַזוי צו ריידן מיט איר, איר געבן צו פאַרשטיין און בעטן, אַז זי מוז צוליב אים אויך דורכ־מאַכן אַן אומוואַנדלונג, ווי דער פאַן שטשעלסקי האָט מיט דעם וואָרט כאַ־ראַקטעריזירט דעם תוך פון דעם צירק־לעבן בעת זייער שמועס אויפן וועג קיין לובלין. און אין דעם פאַל מיינט די אומוואַנדלונג, אַז וואַנדאַ זאָל זיך מגייר זיין, און ער וועט דערנאָך דורך חופה וקידושין הייליקן זייער באַ־העפטונג.

ביים דערזען דעם צירק־דירעקטאָר, וואָס איז געשטאַנען עטלעכע מינוט, האָט אַרקע זיך אויפגעכאַפּט אַ צעטומלטער, זיך ראַפּטום אויפגעשטעלט, אַרונטערגעכאַפּט דאָס היטל און זיך אַנטשולדיקט.

שטשעלסקי האָט אים באַרואיקט, גענומען ביי דער רעכטער האַנט און אַריינגעפירט אים אין צירק אַריין.

דאָרטן זיינען אין אַ ווינקל געלעגן די אייזערנע שווערע מכשירים — אַלערליי שטאַנגען מיט גרויסע קוגלען פון ביידע זייטן, אַלערליי געוויכטן. פריער האָט ער אים געהייסן פּרוּוון אויפהייבן די קלענערע, דערנאָך די שווע־רערע און נאָך שווערערע. ער האָט אים געלערנט ווי זיי דאַרפן אָנגענומען ווערן, ווי אַזוי זיי אויסשטרעקן אין גלייכע ליניעס, דערנאָך לאַנגזאַם זיי הייבן ביז איבערן קאָפּ אויף אַ גראַציעזן, עלעגאַנט־שפּילעוודיקן אופן — געלערנט אים די אַלע וואונדער, וואָס ער וועט דאַרפן וויזן דעם עולם, כדי זיי וואָס מער צו באַווירקן, מאַכן אויף זיי דעם גרעסטן איינדרוק, זיי פאַרטשמעליען, איבער־ראַשן, פאַרכישופן.

אַרקע האָט די שטאַנגען און די געוויכטן געהויבן אָן שום אָנשטרענגונג. דערנאָך האָט שטשעלסקי אַריינגערופן פיר יונגע באַדינער, געהייסן זיי זיך אָוועקזעצן רייטנדיק אויף די שטאַנגען, פריער — צו איינעם לעבן יעדן קוגל, נאָכדעם צו צוויי. און אַרקע האָט די שטאַנגען געהויבן צוזאַמען מיט די מענטשן אָן שוועריקייטן. אַרקע האָט זיך געאיבט עטלעכע שעה און דאָס שוין געמאַכט מיט דער גרעסטער לייכטקייט.

פאַרנאַכט איז ער אַוועק מיט וואַנדאַן שפּאַצירן אין שטאָט אַריין. ער האָט אויפגעזוכט אַ אידישע אכסניא, וואו זי האָט געגעסן זיינע היימישע מאכלים. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי וואַרט מיט שפּאַנונג צו זען אים ביי־נאַכט אין זיין לייב־קאָלירטן אַנטועכץ מיט דער זיידענער ברייטער, רויטער לענטע איבער זיין ברוסט.

— עס וועט לאַנג נישט נעמען — האָט זי פאַרזיכערט — און דו וועסט זיין באַהאַנגען אויך מיט אַ סך מעדאַלן אויף דיין ברוסט. דו וועסט זיי געווים קריגן, בשעת מיר וועלן שפּילן אין וואַרשע, פּעטערבורג, בערלין און אַנדערע הויפּטשטעט פון אייראָפּע. אונזער צירק איז באַרימט אויף דער גאַרער וועלט. מיין טאַטע־מאַמע האָבן געשפּילט אינם צירק נאָך אונטער דעם פּאַן שטשעלס־קיס פאָטער. ער איז דער עלטסטער צירק אין אייראָפּע. אין לובלין וועלן מיר בלייבן ביז איבער די גרויסע יאָרידן, וואָס הויבן זיך דאָ באַלד אָן.

אַרקע האָט געענטפערט, אַז אויך ער וואַרט מיט אומגעדולד און בייגיר צו זען זי ביינאַכט אין אירע צירק־קליידער, זיך הוידנדיק אויף די שטריק, גייענדיק אויף די דראָטן און מאַכנדיק אידע אַקראָבאַטישע און גימנאַסטישע קונצן.

נאָכן עסן זיינען זיי אַריין צו אַ מוכר־ספרים, וואו ער האָט זיך געקויפט די

בעסטע פּאָר תפילין מיטן שענסטן תפילין־זעקל און אַ כל בו־סידור אין אַן איינבונד פונם פיינסטן מאַראָקאַנישן לעדער.

שפּעטער האָט וואַנדאַ אויסגעקליבן פאַר אים אין אַ מלבושים־געשעפט אַ קורצן אַנצוג, אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק און אַלערליי שטיקער וועש. ער איז דאַך אַוועק פון דער היים, ווי ער שטייט און גייט, גאָר נישט מיטגענומען. ביים קויפן די זאַכן האָט ער זיך פאַרבענקט, דערמאָנט אָן דער היים. וואַנדאַ האָט עס דערפילט, געגלעט זיין קוטשמע און אים געגעבן אַ קוש.

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען האָבן שוין די צירק־לאָמפּן געברענט; אויך די צוויי ריזיקע לאָמפּן אויף די הויכע סלופּעס ביים טויער. ס׳איז ליכטיק געווען ווי בייטאָג. די קאַרוזעליע, באַהאַנגען מיט אַ שלל קאָלירטע לעמפּלעך, האָט זיך שוין געדרייט, באַגלייט פונם געפּילדער און רעשיקער מוזיק פונם שפּיל־קאַסטן, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן שפּילן פון די צוויי קאַטערינקעס ביי בײדע זייטן פונם צירק־אַריינגאַנג. לעבן די קאַטערינקעס האָבן צוויי פּאַיאַצן מיט פאַרשמירטע פּנימער, אָנגעטאָן אין ברייטע פּלודערן, געמאַכט פאַרשידענע גרימאַסן, העוויות און קאָזשעלקעס ביים ציען און פאַר־קויפן די מזלות־און גורל־צעטלען.

עס האָבן זיך געצויגן צום צירק גדויסע מחנות מענטשן, סיי פון דער שטאָט גופא, סיי פון די אַרומיקע ישובים.

אינם צירק האָבן די קונצנמאַכער זיך איצט גרימירט און געפּוצט, געביטן זייערע קליידער פאַר די געהעריקע ראָלן אין דער אַלגעמיינער שפּיל־פאָר־שטעלונג.

וואַנדאַ האָט זיך מיט אים געשיידט פאַרן גיין צוגרייטן זיך צו איר ראָלע. זי האָט אים אַרומגענומען מיט אירע כמעט קינדישע הענטלעך, זיך געצויגן צו זיין האַלדז, אים אויסגעקושט דאָס גאַנצע פּנים און געוואונטשן אים דער־פאָלג אין זיין ערשטן אויפטריט אַלס דער גרעסטער גיבור אין אייראָפּע. זי האָט אים אַריינגערוימט ווי אַ סוד:

— איך וועל זיך באַהאַלטן ביי דער לינקער זייט פונם אַריינגאַנג, וואָס פירט צום מיטן פונם צירק. כ׳על נישט אַוועקנעמען מיינע אויגן פון דיר, בעת דו וועסט הייבן די שטאַנגען, און וועל גאָט בעטן פאַר דיין נייעם זיג.

אַרקע איז געווען איבערגעוועלטיקט פון געפילן. ער האָט גאָרנישט גע־ענטפערט, נאָר געקוקט אויף איר מיט טיפער ליבשאַפט צוזאַמען מיט ליידנ־שאַפט. אָבער ער האָט פון זיך געטריבן די זינדיקע מחשבות. ער האָט ווידער באַשלאָסן אַז זיי זאָלן לעבן ווי מאַן און ווייב ערשט נאָכן שטעלן אַ חופה:

— דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געשען צוליב פאַרלאָרנקייט. כ׳האָב קנעכ־טיש אויסגעפאָלגט אַ בלינדן כוח. דאָס וועט מער נישט פּאַסירן. כ׳בין דאָך

נישט קיין חיה! עס איז מיר נישט ניחא דער וועג פון אַ הפקר־לעבן. עס געפעלט מיר בעסער דער וועג פון צניעות, פון מיין טאַטע־מאַמע. נאָך היינט ביינאַכט, באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג, וועל איך דאָס איר זאָגן!

***

די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן. די לובלינער אידישע כלי־זמר קאַפּעליע, וואָס איז געוואָרן אָנגעפירט פון איזיקל, דעם דיקלעכן, האַלב־בלינדן מוזיקאַנט מיטן טראָמפּייטל אינם מוילווינקל — האָט אויפגעשפילט אַן אַלט־פוילישן מאַרש.

דער ערשטער איז אַריינגעריטן אויף זיין ווייס פערד דער פאַן שטשעלסקי, אין זיינע קליידער מיט גרין באַפּוצט, מיט אַ ליוורייע אינם אַלט־פוילישן גוסט. נאָך אים האָט אַריינגעריטן וואַנדאַ, צוזאַמען מיט אַנדערע שלאַנקע מענער און פרויען אויף פערד, אָנגעטאָן אין קליידער פון בונטע קאָלירן. הינטער זיי זיינען מיטגעקומען די פּאַיאַצן און קלאָונען, וואָס קוליען זיך, מאַכן קאָזשעלקעס, קאָמישע גרימאַסן און פייפן משונהדיק און גרילצנדיק. נאָך זיי איז אַריין אַרקע, איינער אַליין, אין זיין לייב־קאָלירט טראַכט, פון וועלכן מ׳האָט אַרויסגעזען זיינע געטאָקטע גלידער און מוסקולן.

שפּעטער זיינען אַריינגעפאָרן די שטייגן פון די חיות, מיטן לייב בראש. נאָכן לייב זיינען געקומען די טיגערס, אַלערליי בערן, ווייסע און שוואַרצע, און אַ סך אַנדערע חיות. שפּעטער האָבן זיך באַוויזן די עלפאַנטן, געפירט פון יונגע שקצים, וואָס זעען אויס, ווי אַפריקאַנער, מיט קורצע שטעקעלעך אין זייערע הענט. די ציקר־פּראָצעסיע האָט זיך געדרייט אַרום דעם עיגול מיט טומלדיקער פייערלעכקייט.

דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ, אויפגענומען די שפּילער מיט היל־כיקע אַפּלאָדיסטמענטן. דער ספּעקטאַקל האָט פאַרכאַפּט זיין אויג, איז אים וואוילגעפעלן. מענטשן האָבן געמאַכט באַגריסנדיקע צווישנרופן. דער פאַן שטשעלסקי — אין זיין רויטן צילינדער־הוט מיט זיין ווייס־לעדערנעם בי־טשעוקעלע אין דער רעכטער האַנט — האָט זיך עלעגאַנט פאַרנייגט פאַרן עולם.

דער ערשטער נומער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער טאַנץ פון שיינע דרעסירטע פערד. שטשעלסקי האָט דערמיט אָנגעפירט. ער האָט האַסטיק גע־פּאָכעט מיט זיין ביטשעוקע, און ביי יעדן פּאָך האָט זיך דערהערט אַ פּיף, וואָס האָט אָפּגעהילכט איבערן ציקר. די פערד זיינען געשפּרונגען איבער הויכע באַריערן און געמאַכט אַלערליי אַקראָבאַטישע קונצן. נאָכדעם האָבן געפאָלגט אַנדערע נומערן פון פאַרשיידענע קונצשטיק.

די פּאַיאַצן און קלאָונען האָבן זיך כסדר אַריינגעמישט, געפּלאָנטערט זיך הינטער אַלעמענס פּיס און אַרויסגערופן גאַנצע עקספּלאָזיעס פון געלעכטער מיט זייערע קאָמישע גענג און שפּיצלעך.

אַ גרויסע געשעעניש איז געווען וואַנדעס נומער מיט די שטריק און דראָטן. די קאַפּעליע האָט אויפגעשפּילט אַ לאַנגזאַמען מאַרש. פונם אַריינגאַנג ביז דעם דראָט איז אויסגעשפּרייט געוואָרן אַ פּערסישער טעפּיך. וואַנדאַ האָט זיך באַוויזן מיט איר שלאַנקער, דינער פיגור, מיט איר געשניצטן געזיכט און דעם קאָפּ בלאָנדע לאָקן, מיט אירע שיינע פּיס, ווי ביי אַ הירשין, אָנגעטאָן אין טריקאָט פון ראָזעווע און העל־בלויע קאָלירן, טראָגנדיק גאָלדענע שיכלעך. זי האָט אויך געטראָגן אַ זיידן אונטערקלייד מיט פאַלדן, וואָס אונטערשטרייכט די דינקייט פון איר טאַליע און אירע פולע, קיילעכדיקע בריסטן.

וואַנדאַ איז איילנדיק געגאַנגען אויפן טעפּיך צום מיטן פונם צירק. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פּרינצעסין, וואָס איז פון אַ פאַרכישופט, אויסגעחלומט לאַנד געקומען. די פאַרזאַמלטע צושויער האָבן זי אויפגענומען מיט אַ גרויסער אָוואַציע. זי האָט זיך פאַרנייגט אין אַלע זייטן מיט אַ סך גראַציע. דערנאָך האָט זי זיך פלינק ווי אַ קעצל אַרויפגעכאַפּט אויף אַ הענגענדיקן ניקלנעם שטאַנג, פון וואַנען זי האָט גענומען גיין אויף דעם אָנגעצויגענעם שטריק. פון אָנהייב איז זי געווען וואַקלדיק. עס האָט זיך געדוכט יעדן, וואָס פאָלגט איר נאָך מיט אָנגעשטרענגטע בליקן, אַז אָט־אָט פאַלט זי אַרונטער. יעדער האָט געפילט אַביסל שרעק דערביי. די שפּאַנונג איז געשטיגן און אויך די שרעק. אָבער באַלד האָט זי זיך אַלץ מער אויסגעגלייכט, איר גאַנג איז געוואָרן אַלץ לייכטער און האַסטיקער — צום סוף איז זי ממש געפלויגן ווי אַ פויגל אין דער לופטן. ווען זי האָט ענדלעך דערגרייכט דעם צווייטן עק, האָט דער צירק געשטורעמט פון די בראַוואָ־געשרייען און פּאַטשערייען.

אַרקע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען באַהאַלטן ביים אַריינגאַנג אין אַ זייטיקן ווינקל און נאָכגעפאָלגט מיט האַרץ־קלאַפּעניש איר יעדן ריר און בויג. זיינע לעפצן האָבן געשעפּטשעט אַ תפילה וועגן איר באַשיצונג. ביי אַ סך פון אירע אַקראָבאַטישע קונצן האָט אים פּשוט דער אָטעם פאַרכאַפּט. ער איז געווען בלייך ווי קאַלך, און האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט זי צוריק דערזען אויפן באָדן פונם מיטן צירק.

נאָך אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אָנגעצויגן געוואָרן צווישן די צוויי מעטאַלענע סלופּעס אַ שטאָלענער דראָט. מיט צעשראָקענע אויגן האָט אַרקע נאָכגעפאָלגט אירע נייע קונצן, וואָס זיינען געווען נאָך מער ריזיקאַליש און געוואַגט, איידער די פריערדיקע. ער האָט געזען ווי זי שפּרינגט און טאַנצט

אויפן דראָט, דאָ מיט איין פוס, דאָ מיט אַ צווייטן, דאָ מיט ביידע. זי באַרירט
אים מיט די שפּיצן פון אירע פינגער. אָט דערלאַנגט מען איר אַ שטול און זי
הוידעט זיך אויף די הינטערשטע צוויי פיסלעך פונם שטול, וואָס זיינען
אַוועקגעשטעלט אויפן דראָט, מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי זי וואָלט געזעסן אין אַ
ווייכן שאָקל־שטול. נאָכדעם מאַכט זי די קונצן אויף איין פיסל פונם שטול.
און אַלע פאָלגן נאָך אירע דרייסטע, סכנותפולע קונצן מיט אָפענע מיילער,
פאַרגאַפטע, באַצויבערטע. אַרקע האָט זיך נישט בלויז געשראָקן, נאָר זיך
אויך צעשטראַלט, מחמת מיט יעדער מינוט איז געוואָקסן זיין פאַרטרויען
צו איר.

וואַנדאַ האָט דאָס, ווייזט אויס, דערפילט, ווייל עס האָט איר דעמאָלט
געצויגן צו יענעם ווינקל, ווי צו אַ מאַגנעט. זי האָט בחוש דערפילט זיינע
נאָכפאָלגנדיקע הייסע בליקן. נאָכן אַרונטערשפּרינגען, האָט זי זיך ווידער
שמייכלענדיק פאַרנייגט פאַרן עולם, און ווען זי איז אים פאַרבייגעלאָפן, האָט
זי אים צוגעוואָרפן אַ קוש, פון וואָס ער האָט געפילט טיפע גליקזעליקייט.

עס זיינען איצט געקומען נומערן פונם לייב, פון די טיגערס, בערן, על־
פאַנטן און אַנדערע חיות. נאָכדעם איז געווען אויסגעטיילט אַ ספּעציעלער
נומער פונם הויפּט־קלאָון בראַליארסקי. ער איז געווען זייער באַליבט פאַר
זיין טאַלאַנט אַרויסצורופן די גרעסטע געלעכטערס מיט זיינע אָריגינעלע
אימיטאַציעס און פּאָליטישע וויצן. ער האָט נאָכגעמאַכט און אויסגעלאַכט
אַלע, וואָס זיינען פאַרהאַסט ביים פאָלק. זיינע ווערטלעך און שפּאַסן זיינען
געוואָרן אַ שם־דבר, זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל. זיינע בייסיקע ווער־
טער זיינען געווען ווי שאַרפע פיילן, וואָס האָבן שטענדיק געטראָפן אין סאַמע
פינטל.

בראַליארסקי האָט זיך פאַר קיינעם נישט געשראָקן. באַזונדערס האָט
ער געהאַלטן אין איין פייערן אויפן צאַרישן רוסלאַנד, אויף די מאָסקאַליעס.
די רוסן האָבן אים עטלעכע מאָל טאַקע אַריינגעזעצט אין טורמע פאַר זיינע
פּאָליטישע שטעכווערטלעך. אָבער אַ דאַנק דעם פּאַן שטשעלסקי, האָבן פּוי־
לישן נאָבללייט זיך פאַר אים באַמיט, און מ'האָט אים באַפרייט.

אָט דער בראַליארסקי האָט צום ערשטן מאָל פאַרגעשטעלט אַרקען פאַרן
עולם אין צירק מיטן גלייכווערטל, וואָס ער האָט אויסגערופן דורכן פּאַפּי־
רענעם קאָלירטן הויכשרייער:

— איך שטעל אייך פאָר דעם פּוילישן שמשון הגיבור, וואָס האָט געקענט
באַזיגן אַ לייב, איז אָבער אַליין באַזיגט געוואָרן דורך אונזער דלילה וואַנדאַ!

אַרקע האָט זיך פאַרנייגט ווי אַן ענטפער אויף דער אָוואַציע פונם עולם
און אויסגעדריקט זיין דאַנק בראַליארסקין דורך געבן אים די האַנט. דערנאָך

האָט ער געהייבן די פאַרשיידענע אייזערנע שטאַנגען און געוויכטן. ער האָט דאָס געטאָן מיט אַזאַ זיכערער רואיקייט, מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי אַן אַלטער צירק־מענטש. אויך אַרקע האָט דערפילט, אַז אינם זעלביקן ווינקל ביים אַריינגאַנג קוקן אויף אים אַנגעשטרענגט צוויי שיינע אויגן, אָנגעפילט מיט ליבשאַפט צו אים. ביי יעדן הייב פון די שטאַנגען מיט די געוויכטן, האָט זיין ריזן־פיגור אויסגעקוקט ווי אַ בראָנזענע סטאַטוע. ער האָט אויך גע־הויבן די שטאַנגען צוזאַמען מיט די מענטשן און זיי געהאַלטן אין דער לופטן אויף איין האַנט זיינער אָן דעם מינדסטן וואַקל, פאַרוואָס ער איז שטורמיש באַגריסט געוואָרן.

מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָט נאָכגעפאָלגט אַרקעס יעדע באַוועגונג אויף דער פאַן שטשעלסקי, וואָס האָט אים אָפּגעוואָרט ביים צוריקגיין, אים גענומען אונטערן אָרעם און אים געמאַכט גרויסע קאָמפּלימענטן, אַז ער האָט דורכגעפירט זיין ראָלע ווי אַן אַלטער געקרוינטער מייסטער, אַז ער איז אפשר גאָר אַ וועלט־טשעמפּיאָן, דאָס הייסט, אַז זיינס גלייכן איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט.

אין יענער נאַכט ווען וואַנדאַ איז געווען איבערפולט מיט ליבשאַפט צו אים, האָט אַרקע איר געלאָזט וויסן זיין פעסטן באַשלוס:

— וואַנדאַ, טייערע, — האָט ער שטאַמלענדיק אָנגעהויבן, — כ׳בין נישט געוואוינט צו אַזאַ סאָרט לעבן — און עס שרעקט מיך. גאָט ווייסט, צו וואָס עס קען דערפירן? כ׳מוז גובר זיין אַלע גלוסטונגען צו דיר. דערווייל ביזטו מיין כלה. איך בין פאַרקנסט צו דיר. אמת, דאָס ערשטע מאָל בין איך פון דיר באַצוואונגען געוואָרן. דער אל רחום וחנון וועט דאָס אונז מוחל זיין. דו מוזט ווערן מיינע אויך אין גאָטס אויגן.

וואַנדאַ האָט זיך צו אים געטוליעט, געלעגט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט און געפרעגט אים שטיל און צאַרט:

— ווי אַזוי, טייערער? וואָס דאַרף איך טאָן?

— דו וועסט זיך מגייר זיין — האָט ער איר געענטפערט — און מיר וועלן אַ חופה שטעלן. איך וועל דיך מקדש זיין, וועסטו געהייליקט ווערן צו מיר פאַר אַ ווייב.

וואַנדאַ האָט זיך צו אים געטוליעט נאָך שטאַרקער און געשעפּטשעט:

— אַ דאַנק, מיין איינציקער, האָסט מיך שוין געהייליקט! — זינט כ׳האָב דיך דערקענט, האָב איך געגעבן אַ שבועה צו בלייבן ריין — האָב זיך גע־טובלט, געלייטערט אין דיין ריינקייט. קיין זאַך וועט אונז נישט קענען צעשיידן, מיין אַרקע. איך ווייס, אַז ס׳איז דיר געווען זייער שווער צו פאַר־

לאָזן טאַטע־מאַמע און אַלץ און אַלעמען איבער דיין ליבשאַפט צו מיר. כ׳בין גישט ווערט אַזאַ גרויסן קרבן. דערפאַר טו איך אַ נדר דיך אין אַלץ פאָלגן, גיין אין דיינע וועגן, זיך מגייר זיין, כאָטש דאָס וועט זיין אַ גרויסער קרבן אויך פון מיין זייט. נאָר מיר וועלן מוזן אַביסל צוואַוואַרטן. מיין טאַטע־מאַמע אינם קליינעם שטעטל אין פּויזען זיינען פרומע קאַטויליקן, וואָס טראָגן אַ בלינדע שנאה צו אידן. מ׳האָט אין זיי איינגעפּלאַנצט די איינרעדעניש, אַז יעדער איד איז אַ שותּף צו דער יעזוס קרייציקונג. נאָך אַלס קינד האָב איך דאָס געהערט פון זיי, ווי זיי האָבן דאָס געהערט פון זייערע עלטערן. די בילדער אין די קירכעס האָבן עס אונז דערמאָנט.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט, געקוקט אים אין די אויגן אַריין און געזאָגט מיט פאַרדרוס:

— ס׳איז דאָך דער גרעסטער ליגן! ווי קען מען דיך, אַרקען, דעם מענטשן מיט רחמנות אפילו צו אַ פאַרצוקנדיקן לייב, באַשולדיקן אין שותּפות צום פייניקן יעזוסן, צום אויפהענגען אים אויפן קרייץ און צום אַריינקלאַפּן טשוועקעס אין זיינע הענט און פיס? און ווי קען מען באַשולדיקן די אידן פון היינט פאַר קלאַפּן טשוועקעס מיט ניינצן הונדערט יאָר צוריק? ס׳איז דאָך אומזין! גערעכט איז אונזער בראַליאַרסקי, וואָס זאָגט, אַז מיר, קריסטן, האָבן די פיינטשאַפט צו אידן שנעל און גרינטלעך איבערגענומען. אָבער דאָס רחמימדיקע צו מענטשן, און אפילו צו חיות, וואָס יעזוס האָט געפּרע־דיקט — דאָס האָבן מיר אינגאַנצן פאַרגעסן. יאָ, כ׳וועל זיך אויף אייביק מיט דיר באַהעפטן! דיין גאָט וועט זיין מיין גאָט!

אַרקע און וואַנדאַ האָבן געוואַנדערט מיטן צירק אין אַלע גרעסערע שטעט פון גאַנץ איראָפּע. ווען זיי זיינען געקומען קיין וואַרשע, האָט איר אַרקע גע־קויפט די ערשטע כלה־מתנה — אַ גאָלדן זייגערל מיט אַ גאָלדן קייטל. ער האָט געלאָזט אויסגראַווירן אינם זייגערל ביידנס נעמען און די דאַטע, וואָס איז גראָד אויסגעפאַלן צו איר 22טן געבורטסטאָג. זי האָט זיך זייער געפרייט מיט דער כלה־מתנה און זי אָנגעשפּיליעט אויף איר קאָפּטל. זי האָט אויס־געשניטן פון אַ פאָטאָגראַפיע אַרקעס קאָפּ און אים אַריינגעקלעפּט אינם אויי־בערשטן דעקל.

פון וואַרשע האָט דער צירק שפּעטער געוואַנדערט קיין ווילנע, קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו, מאָסקווע, פּעטערבורג און אַנדערע גרעסערע שטעט. נאָכדעם צוריקגעקומען קיין פּוילן, עסטרייך, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד — און שפּעטער נאָכאַמאָל דורכגעמאַכט דעמזעלבן מאַרשרוט. אַרקעס ברוסט איז שוין באַדעקט געווען ביי די פאַרשטעלונגען מיט אַ סך מעדאַלן, וואָס ער האָט געקראָגן אין די הויפּשטעט פון די פאַרשיידענע לענדער פאַר זיין פאַראייניקן

פיזישע גבורה מיט קינסטלערישן אויסדרוק. ס'איז מקוים געוואָרן וואַנדאַס פּאַראויסזען.

אַרקע האָט געשריבן בריוו אַהיים, אָבער קיינמאָל ניט באַקומען קיין ענט־פער. דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש. נאָר איינמאָל האָט ער באַ־קומען אַ בריוו פון זיין פריינט און שכן, אברהם דער וואַטנמאַכער. פונם בריוו האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער טאַטע האָט קריעה געריסן און שבעה געזעסן, ווען ס'איז צו אים דערגאַנגען, אַז אַרקע האָט זיך „פאַרליאַפּעט אין אַ שיקסע פונם צירק".

אויך וואַנדאַ האָט באַקומען שלעכטע בריוו פון דער היים. אויך אין אירע בריוו האָבן זיך געפונען פאַרוואורפן, פאַרוואָס זי „שלעפּט זיך אַרום מיט אַ פאַרשאָלטענעם זשיד" און פאַרקירצט זיי דורכדעם די יאָרן. וואַנדאַ האָט פאַרגאָסן טרערן ביים לייענען אַזעלכע בריוו. ווען אַרקע האָט געפּרוווט זי טרייסטן אין אַזעלכע פאַלן, האָט זי אַנגעלענט איר קאָפּ אויף אים און גע־כליפּעט, ווי אַ קינד. ער האָט געפּרוווט זי צוצורעדן, זי זאָל פאָרן אַהיים, זיי אויפקלערן און געווינען זייער ברכה. און אפשר איז בעסער זיך צו שיידן, כדי אויסצומיידן שפיכת־דמים? דעמאָלט, ווען זי האָט פון אים געהערט אַזעלכע רייד, האָט זי זיך צעוויינט נאָך שטאַרקער.

ווען דער צירק האָט זיך געפונען אין קעניגסבערג, האָט וואַנדאַ באַקומען אַ בריוו פון דער מוטער, אַז דער פאָטער איז מסוכן־קראַנק און וויל זי זאָל קומען. מיט אַרקעס הסכמה און דער דערלויבעניש פון דעם פאַן שטשעלסקי איז זי באַלד אַהיימגעפאָרן.

אַרקע איז געבליבן איינזאַם און שטאַרק געבענקט נאָך וואַנדאַן. פּונקט דעמאָלט האָט ער באַגעגנט בראַליארסקין, דעם קלאָון, וואָס האָט אים גע־בעטן אַריינצוגיין מיט אים אין אַ דערבייאיקער שענק. אַרקע האָט אים נישט געקענט אָפּזאָגן. ער האָט געהאַט פאַר אים גרויס אַכטונג. נאָכן אויסטרינקען עטלעכע כוסות, איז בראַליארסקי געוואָרן נאָך מער באַרידעוודיק, ווי ער איז אַלעמאָל געווען. ער האָט פאַר אים געהאַלטן אַ גאַנצע רעדע:

— ביזט אַ װאוילער, גוטער מענטש, ארקע. אין די העכער צוויי יאָר, וואָס דו ביזט מיט אונז אינם צירק, האָבן מיר געזען דיינע גוטע מידות, דיין גוטהאַרציקייט, דיין רחמנות צו אַלעמען. ווערט איינער קראַנק, ביזטו דער ערשטער אים צו העלפן. ברענגסט אַ סך מאָל אַ פעלדשער אויף דיין חשבון, נעבעכטיקסט ביים חולה. שיכורט זיך ווער אָן און וואַלגערט זיך ווי אַ חזיר, טראָגסטו אים אויף דיינע אַקסלען אין זיין צירק־ביידל אַריין, וואַשסט אים אַרום, דערפרישסט אים מיט אַ טרונק־וואַסער, מיט אַ גלאָז טיי און לימענע.

דאָ האָט זיך בראַליאַרסקי אָפּגעשטעלט, גענומען נאָך אַ זופּ בראָנפן און זיך ווייטער אַראָפּגערעדט פון האַרצן:

— און וואַנדע! זי איז דאָך אַ נייער מענטש געוואָרן! נאָר דעם אמת מוז איך דיר זאָגן, אַז איידער זי האָט דיך דערקענט, איז זי אַרומגעפאָרן איבער דייטשלאַנד מיט אַן אַקראָבאַט, וואָס האָט זי געלערנט די קונצן. אָבער דער לאָבוז האָט זי פאַרגוואַלדיקט, ווען זי איז נאָך קיין פערצן יאָר נישט אַלט געווען און באַלד נאָכדעם זי אַוועקגעוואָרפן. האָט זי זיך אַרומגעשליאָנ־דערט, ווי אַן אמתע טליק. דערנאָך איז זי אַרומגעפאָרן מיט אַ ציגיינער — זי איז געגאַנגען אויף אַ שטריק בעת די מערק און יאַרידן. דער פּאַן שטשעלס־סקי האָט זי אַמאָל געזען, געוואָרן אַנטציקט פון איר יונגקייט און שיינקייט, דערקענט איר אַקראָבאַטישן טאַלאַנט און זי אַריינגענומען אין זיין צירק. פון אָנהייב האָט זי אויך אינם צירק זיך אַרומגעטליקעט, נאָר ביסלעכווייז געוואָרן ערנסטער, רייפער, אויסגעאיידלטעט, אַ גאַנצע פּריצטע. דער פּאַן שטשעלסקי האָט זי געלערנט לייענען, שרייבן און שיינע מאַניערן. אָבער דו, ארקע, האָסט אין איר אַ נייע נשמה אַריינגעגעבן, האָסט זי אויסגעלייזט פון איר געפאַלנקייט. איר איז, ווייזט אויס, שוין אַליין מיאוס געוואָרן דאָס גע־פאַלענע לעבן פון אַ הינטישער צויג. זי האָט געבענקט נאָך ריינקייט און דאָס אין דיר געפונען.

בראַליארסקי האָט זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ כוסה, אָנגעקלאַפּט מיט איר אינם גלאָז ביר, וועלכן אַרקע האָט נאָך נישט באַוויזן אויסטרינקען. ער האָט זיך צוגערוקט נאָענטער צו אים, ווי ער וואָלט אים וועלן איינרוימען אַ סוד, און אים געזאָגט:

—מיינסטו דאָך, אַרקע, אַז פאַר אַלע דיינע גוטסקייטן האָט מען דיך ליב? מאַכסטו אַ טעות. ניין! און נאָר דערפאַר, ווייל דו ביסט אַ איד. אַלע זעען אין דיר דעם היפּוך, דעם קאָנטראַסט. דו אונטערשטרייכסט בלויז זייער חיהשקייט, זייער געפאַלנקייט, זייער טומאה. דיינע וועגן זיינען זיי פרעמד. זיי שרעקן זיך דעריבער פאַר דיר.

אַרקע האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, כאָטש אים האָט שטאַרק פאַרדראָסן, ער האָט געפילט אַ טיפן ווידערווילן צו בראַליאַרסקיס אכזריותדיק־אָפענע אָדער לשון־הרעדיקע ווערטער וועגן וואַנדעס מוקצה־דיקער פאַרגאַנגענהייט. דעם קלאָנס אויפדעקונג וועגן דער גויישער פיינט־שאַפט צו אים, האָט אים ווייניק וואָס געקימערט — ער האָט עס געפילט און זיך נישט געריכט אויף עפּעס אַנדערש. אַרקען האָט דער עיקר געאַרט בראַ־ליארסקיס רייד וועגן וואַנדאַן. ער האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז זיי זיינען אמתע.

— דיינע מעשיות וועגן וואַנדאַן זיינען רכילות פון בייזע צינגער און נישט־פאַרגינער. ביי מיר איז זי די ריינסטע און איידלסטע פרוי אויף דער וועלט. איך בין נישט איר דערלייזער. זי דאַרף דאָס נישט. זי איז מיין כלה. כ׳וועל מיט איר אַ חופה שטעלן, ווען די ריכטיקע צייט וועט קומען.

— יאָ — האָט אים בראַליאַרסקי געענטפערט — אויב זי וועט זיך מגייר זיין, פאַרלאָזן איר גלויבן און ווערן ווי דו. מיך אַרט דאָס נישט, ווייל איך גלויב נישט אין די אַלע זאַבאַבאָנעס.

ער האָט זיך צעלאַכט אויפן קול, כאָטש ער איז נישט געווען שיכור און גערעדט צו דער זאַך.

— אָבער דיין נאַרישע פאַרליבטקייט, זיי מיר מוחל, אַרקע, איז קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט.

בראַליאַרסקיס פּנים איז דערביי פאַרצויגן געוואָרן מיט דער אַלט־באַ־קאַנטער גרימאַסע, מיט זיין שפּיזיקער קלאָונישער בייסיקייט, און מיט פראַנ־צויזישער איראָנישקייט געזאָגט צו אים:

— יאָ, כ׳האָב געוואוסט, אַז דו ביזט פאַרליבט! כאַ־כאַ־כאַ!

נאָך אַ פּויזע, ווי ער וואָלט צוגעגרייט אין קאָפּ זיינע געדאַנקען, האָט ער פאַר אַרקען אַנטוויקלט אַ גאַנצע פילאָזאָפיע וועגן מאַן און פרוי, לעבן און טויט.

— אַנטשולדיק מיך, ארקע, איך לאָז דיך נישט אויס. ניין! כ׳בין אויך אַמאָל געווען פאַרליבט. ווען איך בין געווען יונג, האָב איך אויך געהאַט נאַרישע אילוזיעס און נאַאיווע חלומות. האָב געגלויבט, ווי דו. אָבער פרויען זיינען נאָר דאָס, וואָס די נאַרישע מענער חלומען אויס וועגן זיי. די פרויען אַליין זיינען דאָס אין עצם נישט ווערט. וויל מען וויסן דעם אמת, מוז מען ערנסט — זיך אַריינטראַכטן אין דער נאַטור פון דער יצירה, אויס־געפינען די פונקציעס פון יעדער באַשאַפענער זאַך. די פונקציע פון דער פרוי, אין איר באַהעפטונג מיטן מאַן, איז דאָס נעמען, להיפוך צו דער פונקציע פון דעם מאַן — דאָס געבן. די עובדה פון דער פרוי איז פון אַן אייביקן נעמער, פון דעם מאַן — אַן אייביקן געבער. פראָסט געזאָגט: די פרוי ציט אַרויס פון דעם מאַן דעם קליאַק פון די ביינער, דאָס בלוט פון זיין האַרצן, דעם חיות פון זיין נשמה. די פרוי איז פון דער נאַטור שוין פאַרמשפּט צו זיין מיזאַנטראָפּיש, זיין אַ גייציקע באַשעפעניש. דער מאַן איז דער באַפרוכפּע־רערע. ער ווערט צו דעם געטריבן פון אַ בלינדן כוח. ער ווייסט אָבער נישט, אַז דאָס איז זיין אייגענע צעשטערונג. ער גרויסט זיך נאָך דערמיט. ער רעדט זיך איין, אַז ער איז דער האַר, ער איז אַ פרייער פויגל. ער ווייסט נישט, אַז ער צעטרענצלט זיין זאַפט און מאַרך; אַז אין דער ווירקלעכקייט

ווערט ער אַריינגעגאַרט אינם טויטן זאַק אַריין מיטן זיסן לעקעכל פון געגוס, וואָס איז גאָר זיין אייגענע לאַנגזאַמע פאַרניכטונג. דאָס איז טראַגיש!

בראַליאַרסקי האָט דערביי געגעבן אַרקען אַ גוט־ברודערישן, לייכטן קלאַפּ אין זיין קני. דער קלאָון האָט דערמיט אויסגעדריקט זיין הנאה, וואָס אַרקע הערט זיך צו אַזוי ערנסט צו זיינע מאָדנע געדאַנקען, וואָס קומען פון אַ סך ביטערער לעבנס־דערפאַרונג. און ער האָט ווייטער גערעדט:

— יאָ, די פרוי איז פון גאָט, קען מען זאָגן, שוין אויסדערוויילט געוואָרן פאַר איר ראָלע פון אַ מיזאַנטראָפּ פאַר עקסעלאַנס. זי קלאַמערט זיך, ווי אַ הונט צו אַ ביין, אָפּצוהיטן, אויפצוהאַלטן דאָס גענומענע, אויסוואַרעמען מיט איר לייב און בלוט דעם קערן פון אַ נייעם דור. זי ווערט געטריבן צו איר פונקציע אויף אַ טראַגישן אופן פון אַ פאַרבאָרגענעם כוח אַ דאַנק דעם אָפּנאַרערישן זיסן לעקעכל פון געגוס. דאָס ווערט אָבער פּראָקלאַמירט ווי אַ גרויסע מתנה פון גאָט — מוטערשאַפט. זי ווערט דערקלערט פאַר אַ שותף צום וועלט־באַשאַף. איך ווייס נישט — האָט בראַליאַרסקי פאַרענדיקט — צי ווען וואַנדאַ קענען אויספילן די געטלעכע פונקציעס פון מוטערשאַפט?

אַרקע האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען פון בראַליאַרסקיס רייד. באַזונדערס האָט ער נישט באַנומען זיינע אומקלאָרע געדאַנקען וועגן דער פרוי בכלל. און די לעצטע ווערטער וועגן וואַנדאַ האָבן צו אים געקלונגען, ווי אַ שטאָך. האָט ער שוין בייזלעך, נערוועז אויף דעם געענטפערט דעם קלאָון:

— וואַנדאַ און איך וועלן אַוועק פון דאַנען, פון דעם חיהשן לעבן דאָ, כאָטש עס איז אויך פול מיט רייץ, קאָליר און וואַנדערלוסט. איך וועל זי נעמען צו מיר אַהיים. כ׳מיין נישט קיינעם צו באַליידיקן. אָבער איך, בראַליאַרסקי, אַזאַ געלערנטן און דערפאַרענעם מענטש, איז דאָך באַקאַנט, אַז ביי אידן היט מען אָפּ די געזעצן פון נישט נאָכגעבן דעם יצר־הרע, וואָס פּרואווט פאַרפירן דעם מענטשן דורך די לאָקנדיקע תאוות. דעריבער ווערט געזאָגט אין אונזערע הייליקע ספרים, אַז אַ גיבור איז נישט דער, וואָס איז גובר אַ לייב, ווי איך, נאָר דער, וואָס איז גובר דעם שלעכטן ווילן, דעם יצר־הרע. וואַנדאַ וועט דעריבער זיך מגייר זיין, מיר וועלן חתונה האָבן דורך חופּה וקדושין, די תאוות וועלן געהייליקט ווערן דורך צניעות. און גאָט וועט אונז אוודאי העלפן מיט קינדער, וואָס מיר וועלן זיי מגדל זיין: לתורה, לחופּה ולמעשים טובים.

אַרקע האָט דאָס אים פאַרטייטשט אויף פּויליש. נאָר בראַליאַרסקי האָט אים געדולדיק אויסגעהערט און געזאָגט אים מיט אַ שמייכל:

— איך באַוואונדער אייער עקשנות, וואָס קומט פונם גלויבן אין אייער אייביקייט. דערפאַר זעט איר נישט גוט די איצטיקייט. דאַרפסט אָבער וויסן,

אַז זינט שטשעלסקי האָט געהערט וועגן דיין פּלאַן צו מגייר זיין וואַנדאַן, איז ער זייער בייז אויף דיר. ער האַלט דאָס פאַר „זשידאָווסקי״ חוצפּה. און נישט בעסער טראַכטן אַלע אַנדערע דאָ פונם צירק. און אַפילו דער פראַנצויז, וואָס רעדט צו דיר, וואָס האַלט פון Raison D'etre, דאָס הייסט, אַז אַלץ איז נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק, איז הבל הבלים, וויל דאָס אויך נישט ליידן.

בראַליארסקי האָט פאַרענדיקט דאָס לעצטע גלעזל בראַנפן, אַרויסגע־שלעפּט פון דער קעשענע אַ גאַרשט געטריקנטע באַניע־קערלעך און געגעבן אַרקען אין דער האַנט אַריין האַלב דערפון. דערנאָך האָט ער זיך אויפגע־שטעלט פונם טישל, זיך גענומען שטאַרק וואַקלען. זיינע אויגן און באַקן זיינען צעפלאַמט געוואָרן און דאָס פּנים צעצונדן פון דער משקה. אַרקע, וואָס איז געוואוינט געווען אַרויסצואווייזן דרך־ארץ פאַר געלערנטע מענטשן, האָט בראַליארסקין גענומען ביי דער האַנט, געפירט אים אין זיין ביידל אַריין. דאָרט האָט ער אים געהאָלפן אַרונטערציען זיינע שטיוול און זיך לייגן אין בעט אַריין אָפּצורוען, כאַפּן אַ דרימל און זיך אויסניכטערן ביז דער פאָר־שטעלונג. אַרקע האָט אים צוגעזאָגט אויפצואוועקן אין צייט צו קענען זיך איבערטאָן אין זיינע פּאַיאַצן־קליידער.

וואַנדאַ האָט געבראַכט אַ סך מתנות פאַר די עלטערן און דער משפּחה. מ'האָט זיך געפרייט מיט איר, ווייל ס'איז שוין געווען העכער אַ יאָר, ווי זיי האָבן זיך נישט געזען. ביי איר טאַטע־מאַמע איז זי געווען דאָס איינציקע קינד, אָבער דער עיקר איז זי געווען שוין אַ סך יאָרן זייער איינציקע שפּייזערין. זי פלעגט זיי שיקן שטיצע אַפילו ווען זי האָט אַליין פאַרדינט זייער ווייניק, און צוליב זיי געמוזט זיך אָפּזאָגן פון אַ סך נויטיקע זאַכן פאַר זיך גופא. אַ דאַנק אַרקען האָבן זיי צוזאַמען אָפּגעשפּאָרט, זי זאָל קענען מיטנעמען גענוג געלט צו ראַטעווען איר פאָטער.

וואַנדאַ האָט קומענדיק אַהיים באַלד גערופן דעם בעסטן דאָקטאָר פון דער נאָענטסטער גרעסערער שטאָט. דער רופא האָט איר געזאָגט דעם אמת, אַז איר פאָטערס טעג זיינען געציילטע. האָט זי געוואַכט איבער אים טאָג און נאַכט. זי האָט געשריבן אַרקען, אַז צוליב דעם טאַטנס מסוכנדיקער לאַגע וועט זי דאַרפן מוזן בלייבן לענגער, ווי זיי האָבן גערעכנט. זי האָט אויך געשריבן צום פּאַן שטשעלסקי און אים געבעטן צו פאַרלענגערן איר אורלויב.

אַ חודש שפּעטער איז זי צוריקגעקומען געקליידט אין שוואַרצן. זי איז געווען טרויעריק און אָפּגעצערט, זייער נידערגעשלאָגן פונם פאַרלירן איר אָרימען, אָבער גוטן פאָטער. איר בלאַס פּנים איז געווען שטאַרק באַזאָרגט, וואָס זי האָט איבערגעלאָזן די אַלטע מוטער אין גרויס עלנט. וואָלט זי נישט געווען אַזוי צוגעבונדן צו אַרקען, וואָלט זי פאַרבליבן מיט איר מוטער. זי

וואָלט אַפּילו אַ וועשעריין געוואָרן, געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן, אַבי צו זיין לעבן איר מוטער דאָס שטיקל צייט, וואָס איר איז באַשערט נאָך צו לעבן. וואַנדאַ האָט אַרקען דערציילט, אַז איר מוטער האָט זי גאָר נישט געלאָזט אין דער היים בלייבן:

— גיי, מיין קינד, — האָט זי געזאָגט, — צו דיין באַשערטן. פיר דיין אייגן לעבן. גאָט וועט מיך שוין באַשיצן. שרייב מיר נאָר אָפטע בריוו, גוטע, אַז דו ביזט צופרידן און גליקלעך. וועט דאָס מיך שטאַרקן, מיך מאַכן יונגער און געזונטער. כ׳האָב איר דערציילט וועגן דיר, האָט זי מיך געבעטן אָפטער גיין אין קלויסטער און בעטן פאַרגעבונג ביי דער הייליקער מרים. און אויך זי וועט פאַר מיר הייליקע ליכט אָנצינדן אין קלויסטער, און זי וועט תפילה טאָן, עס זאָלן מיר פאַרגעבן ווערן מיינע זינד, האָט די מוטער געזאָגט.

אַרקע האָט געטראָגן איר באַגאַזש צו זייןביידל אינם צירק, וואָס איז שוין געווען כמעט פונאַנדערגענומען — מ׳האָט זיך געקליבן קיין לאָדזש. ער האָט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט, ווי ער וואָלט זי געזען צום ערשטן מאָל. ער האָט זיך געפרייט, וואָס זי איז צוריק מיט אים. ער האָט דאָך פריער זיך אליין נישט פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט אַזוי שטאַרק בענקען נאָך איר. ער האָט וויניק אַרומגעטראַכט אירע פרעמדע רייד, די מאָדנע זאַכן וועגן איר מוטער, וואָס זי האָט אים דערציילט. ער האָט נישט אָפּגעריסן זיינע אויגן פון איר און האָט געשלונגען יעדעס וואָרט, אַפּילו די אומאָנגענעמע.

דערביי האָט ער זיך דערמאָנט אָן בראַליאַרסקיס געלערנטע, פילאָזאָפישע רייד, וועלכע ער האָט גוט נישט פאַרשטאַנען. ער האָט נאָר אַרויסגעלערנט פון זיי, אַז דער מאַן איז חשובער ביי גאָט איידער די פרוי. דאָס, דוכט זיך אים אויך, איז אמת, ווייל דער מאַן טראָגט אויף זיך אַ גרויסן עול פון תרי״ג מצוות בעת די פרוי דאַרף מקיים זיין נאָר דריי. ער האָט דערפאַר נאָר אָנגעהויבן צו ריידן וועגן זיין בענקשאַפט נאָך איר.

ער האָט איר דערציילט, אַז דאָס איז ביי אים דערגאַנגען צו קאָמישע האַנדלונגען. ער איז יעדן טאָג אַריין אין איר ביידל און געהאַלטן אין די הענט אַלע אירע זאַכן. ער האָט געשילדערט לאַכנדיק, ווי ער האָט אָנגעמאָסטן אויף זיך אירע קאַפּעלירשלעך, אירע קליידלער, אַפּילו אירע שיכלעך, וואָס פלעגן אַרויפגיין אויף איין פינגער זיינעם. און צום ערשטן מאָל זינט זי איז צוריקגעקו־מען האָט אויך וואַנדאַ זיך שטאַרק צעלאַכט פון זיינע אינגלשע שטיקלעך. זי האָט זיך צו אים צוגעבויגן און אים געקושט מיט איר גאַנצן לייב און לעבן. זי האָט בעת־מעשה פאַרגעסן אַלע אירע פריערדיקע ווערטער און זיך נאָר געקלאַמערט אָן אים.

אָבער שפּעטער האָט דאָס זי געמאַטערט און קיין רו נישט געגעבן

וואָס זי האָט נישט דערציילט איר מוטער וועגן איר פּלאַן זיך מגייר צו זיין. זי האָט נישט געוואָלט איר פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש. זי האָט מורא געהאַט, אַז איר מוטער זאָל דערפון נישט צוזאַמענברעכן. פון דער צווייטער זייט האָט זי געפילט אַן אינערלעכן דראַנג זיך טיילן מיט איר ליבער מוטער, באַזונדערס וועגן אַזאַ אומגעוויינלעכן און ערנסטן שריט. נאָר זי האָט זיך דערמיט געשטיקט אַליין. ארקע האָט איר אומעט צוגערעכנט צו איר אבלות נאָכן פאָטער. ער האָט נישט געאַנט איר אינערלעכן געראַנגל.

## פּאַן שטשעלסקי ווערט בייז

דער צירק האָט פאַרלאָזט לובלין. אַלע האָבן געוואַנדערט אויפן גרויסן שאָסיי, וואָס האָט געפירט פאַרביי פּיעטריקאָוו און אַנדערע ישובים אויפן וועג קיין לאָדזש. ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אלול, ווען די טעג זיינען נאָך זוניקע, אָבער די פרימאָרגנס און די נעכט זיינען שוין זייער קילע, אַז אַנזאָג, אַז דער זומער־לעב איז שוין אַוועק. זיצנדיק אויף אַ קעלניע פון אַ גרויסן וואָגן האָט אַרקע זיך דערמאָנט, אַז די ימים נוראים, די פאַרכטיקע טעג זיינען שוין גאָר נאָענט.

די ווייץ־ און קאָרן־פעלדער זיינען שוין געשטאַנען נאַקעטע. די פעלד־בלומען זיינען געווען פאַרטרוקנטע, האַלב־פאַרחושכטע; די לאָנקעס־גראָזן — פאַרוויאַנעט, די קוסטעס — איינגעשרומפּען. די בלעטער האָבן זיך אין קראַמפּן געקאָרטשעט פון די קאַלטע נעכט. די בייטאָגיקע זונליכט האָט געלויכטן דורך זייערע לעכער. די ביימער־קרוינען זיינען געווען אי רויטלעך, אי געל־גאָלדיק. אַרום די ביימער — הויפנס געלע און ברוינע בלעטער, וועלכע די ווינטן לאָזן זיי טאַנצן אין קאַראַהאָדן, ווי זיי וואָלטן זיך נישט וועלן שיידן פון זייערע צווייגן. עס זיינען געשפּרונגען, געקלעטערט און אַרומגעלאָפן וועוורקעס מיט ניסלעך אין זייערע מיילער. מיט אַנגעשפּיצטע אויערן זיינען זיי געלאָפן צו די באַהאַלטענע, פון זיי צוגעגרייטע, פלעצער צוצוגרייטן שפּייז פאַרן קומענדיקן ווינטער. די ווייסע, צאַרטע סאָסנעס זיינען אויך געשטאַנען כמעט הוילע, אָן בלעטער. עס האָבן בלויז אַרויסגעסטאַרטשעט זייערע דינע, שפּיציקע צווייגן, ווי לאַנגע פינגער פון טויטע סקעליעטן.

ס׳איז געווען אַ לאַנגע נסיעה. מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט אין די פאַרביי־געפאָרענע שטעטלעך זיך אָפּצורוען, איינצוקויפן נייטיקע זאַכן. אַרקע און וואַנדאַ האָבן זיך באַגעגנט אין אָט די אָפּרו־פונקטן. דאָס האָט זיי געהאָלפן פאַרגעסן די אומבאַקוועמלעכקייטן פון דער לאַנגער רייזע אויפן האַרטן שאָסײ.

זיי זיינען אַריין אין לאָדזש אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן. דאָרט האָט זיך

שוין געהערט דאָס קלאַפּן פון דעם פּולסירנדיקן לעבן פון דער גרויסער שטאָט. דער רעש פון די וועבשטולן אין די טעקסטיל־פאַבריקן האָט זיי אויפגעוועקט פון זייער פאַרשלאָפנהייט, פאַרטריבן זייער מידקייט.

בראַליאַרסקי איז אַרונטערגעשפּרונגען פון דער קעלניע, אויסגעשטרעקט זיינע הענט און אויסגעגלייכט די פּלייצע, ווי די האַלב־איינגעשלאָפענע פּיס. אָבער באַלד איז פון אים אַרויסגעשפּרונגען אויך דער פּאַיאַץ, דער לץ, און ער האָט גענומען דעקלאַמירן אויפן ־קול מיט איראָניע:

— זיי געגריסט לאָדזש, דו גרויסע, יונגע שטאָט, וואָס וואַקסט ווי אויף הייוון, די מאַנטשעסטער פון פּוילן. דיינע וועבשטולן וועבן שאַרמאַנטע זייפנ־בלאָזן, וואָס האָבן נישט קיין ווערט און קיין זין, וואָס ברענגען נישט קיין אמתן גליק. די נאַרישע מענטשן יאָגן זיך דאָ ווי אומעטום, נאָך מיראַזשן. און דער געיעג צערייבט זיי אויף שטויב, טרייבט זיי אין די קברים.

נאָר דער צירק האָט ווייטער געשפּילט, דאָס שפּיל פון לעבן און טויט איז ווייטער אָנגעגאַנגען, און באַליארסקיס פּעסימיסטישע רייד זיינען געבליבן הענגען אין דער לופטן.

אין אַלע שטעט, וואו דער צירק האָט געשפּילט, פלעגט ארקע זיך אַריינכאַפּן יעדן פרייטיק־צו־נאַכט אין אַ שול אָדער בית־המדרש צו קבלת שבת. ביים אַריננעמען אים אין צירק האָט דער פאַן ׳שטשעלסקי צוגעזאָגט אַרקען צו באַפרייען אַלע שבתים און ימים טובים. אַ סך מאָל פלעגט וואנדא מיט אים מיטגיין, באַזונדערס אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, ווען דאָס האָט איר נישט געשטערט זיך אומצוקערן אין צייט צו שפּילן אין צירק. זי פלעגט זיך דאמאָלס אַריינשלייכן אין דער „עזרת־נשים״. דאָרטן האָט זי געפונען אַ סך ווייבער מיט גראָבע קרבן־מנחה סידורים. טייל פרויען האָבן געטראָגן קופּקעס אויף די קעפּ, מערסטנס די עלטערע. אָבער כמעט אַלע האָבן געטראָגן שייטלען, באַדעקט מיט שיין־געהאַפּטענע זיידענע טיכלעך אָדער מיט לאַנגע שאַלן.

ארקע האָט זי אויך באַזאָרגט מיט אַ זיידענעם שאַל, און זי האָט פאַרדעקט אַזוי דעם קאָפּ, אַז קיין איין האָר זאָל זיך נישט אַרויסזען. דאָך פלעגן די ווייבערשע אויגן זי אָפּמעסטן פונעם קאָפּ ביז צו די פּיס. די ווייבער פלעגן אין איר נישט־זיכערן גאַנג באַלד דערפילן די טריט פון אַ פרעמדן. וואנדא האָט זיך דערפון געפילט זייער אומבאַקוועם. די דורכנעמענדיקע אויגן האָבן זי געשטאָכן ווי מיט שפּיזלען, האָט זי זיך פאַר אים געקלאָגט און צוגעגעבן:

— דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל פון אונטן פלעגט זיך דערטראָגן עפּעס אַ מאָדנער האַלב־וויינענדיקער געשריי, פריער פון

איינעם, דערנאָך פון גאַנצן עולם. און די ווייבער פלעגן אָן מיר באַלד פאַרגעסן, זיך צעוויינען און צעיאָמערן, ווי די ביבערס. זיי האָבן געשריגן הימיש אויף אידיש, געטענהט צו גאָט, ווי צו אַ לייבלעכן טאַטן.

אַביסל האָט וואַנדא שוין פאַרשטאַנען אידיש, און אַ סך האָט זי געאָנט דורך איר אייגענעם געפיל. צוביסלעך האָט זי זיך צוגעוואוינט צו די ווייבער אין די שולן און זייערע אינטימע געבעטן און שוין אפילו מיטגעוויינט און מיטגעזונגען.

נאָכן דאַוונען פלעגט אָדקע זי באַגעגענען מיט אַ:

— „גוט שבת!"

— „גוט שבת! גוט שבת!" — פלעגט זי אים צוריק ענטפערן ווי אַלע.

און שטענדיק אויפן וועג צום צירק האָט ער איר געמוזט אויפקלערן דעם מיין פון די אַלע תפילות און געזאַנגען.

לכתחילה האָט ער איר געמוזט אַפילו דערקלערן דעם געבוי פון דער שול, די באַדייטונג פון פרוכת און ארון־קודש. זי האָט זיך שטאַרק נאָכ־געפרעגט ביי אים אויף די אויסגעהאַפטענע צוויי לייבן אויפן פרוכת, וואו זיי שטייען מיט די פיסקלעך אָנגעלענט אויף די לוחות מיט די עשׂרת־הדברות, ווי אויף די אויסגעמאָלטע מזלות פון די צוועלף שבטים. ער האָט אַסך הנאָה געהאַט דערפון.

דעם גרעסטן רושם האָט אויף איר געמאַכט די פייערלעכקייט ביים לייענען די תורה אום שבת אָדער יום־טוב, די אויסגעפוצטע אידן אין זייערע טליתים מיט די עטרות איבער די קעפּ ביי קריאת־התורה. זי האָט געגאַפט בעת די אידן האָבן געעפנט די צוויי טירלעך נאָכן אַוועקרוקן דעם פרוכת און ווי פון אַ פאַרבאָרגענער שראַנק אַרויסגענומען ספרי־תורה׳ס און זיי געדריקט צו זיי־ערע הערצער, ווי הייס־פאַרליבטע. דערנאָך האָט זי געזען, ווי מ׳לייגט איינע אַוועק צערטלעך אויפן שיינעם געדעקטן טיש, און אידן קומען קושן די תורה מיט די זוימען פון זייערע אַראָפּהענגענדיקע טראַלדן. שפּעטער האָט אייבער אויפגעהויבן די פאַרמעטענע ספר־תורה אַן אויפגעוויקלטע, פון וואַנען עס האָבן אַרויסגעלויכטן די פירעקיקע מאָדנע אותיות.

זי האָט נאָכגעקוקט מיט נייגיר, ווי נאָכן זעצן זיך מיט דער אויפגעפּראַל־טער תורה אין די הענט, איז שוין געשטאַנען גרייט אַן אַנדערער, איינגעהילט אין אַ טלית, וואָס האָט זי צונויפגעוויקלט, האַלטנדיק פאַר די אויבערשטע הענטלעך — געוויקלט מיט ליבשאַפט, ווי אַ מאַמע אַן עופּהלע מיט די וויקל־שנירל. מיט ציטערנדיקע הענט האָט מען דערנאָך זי באַקליידט מיט אַ זיידן אָדער סאַמעטן מענטעלע, ווי מען באַצירט אַ כלה. אויפן מענטעלע האָט מען ערשט אַרויפגעהאָנגען אַ זילבערנע האַנט מיט אַ פאַרבויגענעם גאָלדענעם

וויַיז־פינגער. און צום סוף האָט מען ווי אויף אַ קיניגן אַרויפגעטאָן אַ זיל־בערנעם קרוין —ניין, צוויי קרוינען — מיט קליינע זילבערנע גלעקלעך.

— ס׳איז אַ פאַרגעניגן צו זען — האָט זי געזאָגט אַרקען — ווי אַלטע אידן שפּילן זיך אַרום מיט דער ספר־תורה ווי קליינע קינדער.

וואַנדאַ האָט אויך אָנגעקוקט, וואָס אַלט און יונג האָבן געקושט די תורה ביים אַריינשטעלן זי צוריק אין דער שראַנק אַריין:

— זיי האָבן עס געטאָן, — האָט זי דערציילט, — מיט אַזאַ איינגעהאַל־טענער, אָבער טיפער ליבשאַפט. דערביי האָבן די ווייבער פון עזרת־נשים מיטגעפלאַטערט מיט זייערע אויגן און הערצער, ווי זיי וואָלטן פון דערווייטנס זי אויך געהאַלזט און געקושט.

וואַנדאַ האָט אויך געשטעלט אַרקען קשיות, אויף וועלכע ס׳איז אים שווער געווען צו ענטפערן. זי האָט אים, למשל, געפרעגט:

— פאַרוואָס ברענגט מען נישט אריין די ספר־תורה צו די ווייבער, כדי אויך זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייט זי צו קושן? פאַרוואָס זאָלן זי קושן נאָר מאַנסבילן?

אַרקעס פּנים האָט זיך דעמאָלט ברייט צעשמייכלט פון איר טשיקאַווער פראַגע, ווי פון איר איבערטריבענער התפעלות. ער האָט איר געזאָגט אין אַ שפּאַס:

— ביסט אוודאי מקנא די ספר־תורה וואָס ווערט געקושט פון אַזויפיל מענער!

אָבער וואַנדאַ האָט זיך ברוגזלעך צו אים געטוליעט און אים געמוסרט, וואָס ער וויצלט זיך איבער אַזאַ הייליקייט. זי האָט אים באַשטראָפט מיט אַ נייער פראַגע:

— כ׳האָב געזען, אַרקע טייערער, ווי דו האָסט געקושט די תורה גאָטספּאַרכטיק מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און דערביי מיטן גאַנצן האַרצן עפּעס געמורמלט. וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ שפּרוך?

האָט איר שוין אַרקע געענטפערט זייער ערנסט:

— דאָס איז געווען אַ לויב־תפילה צו גאָט פאַר געבן אונז די הייליקע תורה. אונזערע קושן און לויב־געזאַנגען זיינען נישט געמיינט פאַרן פאַרמעט, האָלץ אָדער זילבער, נייערט צו די געטלעכע ווערטער, מיט וועלכע עס זיינען פאַרשריבן די הייליקע געזעצן.

נאָענט צו ראש־השנה, גייענדיק מיט וואַנדאַן אויפן באַלוט, אינם אידישן קוואַרטאַל, האָט אַרקע איר אָנגעוויזן אויף די גרויסע צוגרייטונגען, אפילו אין די אָרימסטע הייזער, צום גרויסן יום־טוב ראש־השנה:

— אין די פאַרכטיקע טעג ווערן געמשפט אַלע מענטשן פון דער וועלט,

און נישט נאָר מענטשן — אַלע באַשעפענישן, אפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט דעמאָלט, ווערט דערציילט אין אונזערע הייליקע ספרים.

וואַנדאַ איז געוואָרן ערנסט און געציטערט, ווי זי אַליין וואָלט נאָך היינט געדאַרפט שטיין צו אַ יום־הדין. אַרקע האָט פאַר איר געקויפט אַ ניי ווייס־זיידן קלייד אויף יום־טוב.

— דאָס איז אַ צייכן — האָט ער איר געזאָגט — אַז גאָט וועט ראש השנה מוחל זיין אַלע דיינע זינד, דו וועסט געריינֿיקט ווערן צו לויטערקייט, ווי ווייסער שניי. אַזוי זאָגט זיך אין אונזערע ימים־נוראימדיקע תפילות.

אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון פרייד, פון דער גרויסער זכיה צו ווערן געלייטערט פון זינד. באַזונדערס נאָכן פּאַטערס טויט האָט זי געליטן פון אַ שולד־געפיל, וואָס האָט טרויעריק געמאַכט איר געמיט, און זי האָט זיך געוואָלט דערפון באַפרייען.

אַרקע איז אַריין מיט איר אין אַ ספרים־געשעפט, געקויפט פאַר איר אַ מחזור מיט אַ ווייסן איינבונד, וואָס שעמערירט ווי פּערלמוטער, און מיט גאָלד־באַפּוצונגען אין די ווינקלען. זי האָט אים געפרעגט, ווי אַזוי וועט זי קאָנען באַנוצן דעם מחזור, ווען זי ווייסט נאָך אפילו נישט, וואו ס׳איז זיין קאָפּ און וואו די פיס. זי וויל נישט אויסגעלאַכט ווערן פון די ווייבער. אַרקע האָט איר געזאָגט, אַז ראשית האָבן די מערסטע אותיות טאַקע פיסלעך — וועט זי אַכטונג געבן, אַז די פיסלעך זאָלן זיין אַראָפּ און די קעפּלעך אַרויף. ער האָט איר געוויזן אַ „למד״:

— אָט, זעסט, ווי זיין קעפּל רייסט זיך אַרויף, צום הימל? איז מאַך זיך באַלד אַ סימן, וועסטו נישט האַלטן דעם ספר מיטן קאָפּ אַראָפּ. און מאַך זיך נאָך אַ סימן אויף דער ערשטער זייט.

ער האָט אַרויסגענומען אַ בליישטיפט, אויסגעמאָלט אַ מענטשל מיט צוויי גרויסע פיס און אַ גרויסן קאָפּ:

— איז ווי נאָר דו וועסט אין שול אָן עפן טאָן דאָס שיינע טאַוועלע, וועסטו דערזען מיין מענטשעלע און שוין האַלטן ריכטיק דעם מחזור, און יעדע עטלעכע מינוט וועסטו מישן פון רעכטס אויף לינקס די בלעטלעך מיט דיינע לאַנגע, איידעלע, וואונדערלעכע פינגער.

דערנאָך האָט ער זיך אומגעקוקט, אויב קיינער זעט נישט, און גענומען קושן אירע פינגער מיט אַזאַ ברען, ווי ער וואָלט וועלן זיי אָפּבייסן און אויפעסן. ער האָט זי אויך געטרייסט, אַז אין שול וועלן זיין אַ סך ווייבער, וואָס וועלן אַריינקוקן אין מחזור ווי אַ האָן אין בני־אדם. זיי וועלן זיך צוהערן צו דער זאָגערן, וואָס איז געוויינלעך אַ אידענע מיט אַ מענערישער שטימע. זי וועט

פאַרטייטשן אין אידיש, וואָס אויך דו וועסט שוין אַביסל פאַרשטיין און נישט פאַרלוידן גיין: צווישן אידן ווערט מען חלילה נישט פאַרפאַלן...

זיי האָבן אָפּגעגעסן אַ גוטן אידישן מאָלצייט און צוריקגעקומען אין צירק. אין איר חדר אויפן וואָגן האָט ער דערזען אַ צלם מיט אַ בילד פונם געקרייציקטן יעזוסן הענגען איבער איר בעט. האָט דאָס אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. האָט ער צו איר געזאָגט, אַז דעם מחזור זאָל זי נישט אַוועקלייגן לעבן דעם צלם.

— פאַרוואָס נישט?

— כ'וועל דיר דאָס דערקלערן אַן אַנדערש מאָל.

אויף צומאָרגנס איז וואַנדאַ געקומען צולויפן צו אַרקעסביידל, אַ פאַר־סאָפּעטע. זי האָט אים דערציילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער גרויסער „שמד־פעסט", די פּראָצעסיע פון די טויזנטער פוערים און פויערטעס פון צענדליקער אַרומיקע דערפער, מיט זייערע גלחים אָנגעטאָן אין פייערלעכע קליידער בראש, וואָס מאַרשירט יעדן יאָר נאָכן שניט קיין טשענסטאָכאָוו צו דער הייליקער „מאַטקע־באָסקע", וועלכע באַווייזט כלומרשט נסים און מופתים.

וואַנדאַ האָט אים שנעל געהייסן אָנטאָן זיין יום־טובדיקן אָנצוג. זי אַליין איז שוין געקומען אַן אויסגעפּוצטע אין איר טונקל קלייד, וואָס זי האָט געקויפט צו דער לויה פון איר פאָטער. זי האָט מיטגענומען אויך דאָס געבעט־ביכל, אויף וועלכן ס'איז געווען אַריינגעפּרעסט אַ גאָלדן צלמל, ווי אירע שוואַרצע פּאַטשערקעס, וואָס זיינען אַראָפּגעהאָנגען פון איר קליין העלדזל.

אַ צעטומלטער פון דעם אַלעם, האָט אַרקע אָן געדאַנק אויסגעפאָלגט איר פאַרלאַנג און זיך איבערגעטאָן. וואַנדאַ האָט אים געהאָלפן מיטן אָנטאָן, אָפּגעפּוצט זיין מלבוש מיט דער באַרשט, אויסגעגלייכט זיין קראַוואַטל. ביידע זיינען דערנאָך אַוועק צום הויפּטוועג, וואו זיי האָבן געזען טויזנטער מענטשן, וואָס ציען זיך צו דער גרויסער תיפלה אויף פּיעטריקאָווער גאַס, וואו דער אַרצי־בישאָף וועט אָפּריכטן פאַר זיי אַ פייערלעכן גאָטעסדינסט און בענטשן זייער גאַנג קיין טשענסטאָכאָוו. די לאַנגע און ברייטע פּיעטריקאָווער גאַס, מיט אירע ריזיקע געביידעס און די שענסטע מויערן, איז אינגיכן געוואָרן אָנגעפּראָפּט מיט אומגעהייערע מענטשן־מענגעס. מ'איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. פון די קלענסטע קינדער, עופהלעך, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געטראָגן אויף זיך, ביז די עלטסטע זקנים און זקנות, אָנגעלענט אויף שטעקנס. באַזונדערס האָט מען געזען זייער אַסך קראַנקע, וואָס האָבן זייערע קראַנקן־געלעגערס פאַרלאָזט — מיטן גלויבן, אויסגעהיילט צו ווערן פונם הייליקן שמד־פעסט, דורך אַ נס. אַ סך קאַליקעס האָבן געגלויבט, אַז אויב זיי קאָנען זיך נישט דערשלעפּן ביז טשענסטאָכאָוו, קאָן דער נס געשען אַפילו פריער — שוין

ביי דער בענטשונג וועלן זיי אָוועקוואַרפן די קוליעס צו די שטיגן פון דער תיפלה און אָנהייבן גיין ווי די געזונטע מענטשן.

צווישן די בייגעריקע צו זען דעם גרויסן שמד־פעסט, זיינען אויך געווען אַ סך אידן. זיי האָט צוגעצויגן די גרויסע, פייערלעכע פּראָצעסיע, דער ריזיקער ספּעקטאַקל.

וואַנדאַ, ווי אַלע פאַרזאַמלטע קריסטן, האָבן געפילט אַ גרויסן יראת־הכבוד. און אָט איז צו זיי דערגאַנגען דער עכאָ פונם געזאַנג פון טויזנטער מענער און פרויען. די פּראָצעסיע האָט זיך דערנענטערט. די ערשטע זיינען אָנגעקומען די גלחים, אַלטע און יונגע, אָנגעטאָן אין זיידענע ווייסע, ברייטע מאַנטלען און גאָלד־געהאַפטענע שאַלן פון פאָרנט און פון הינטן, האַלטנדיק אין די הענט גאָלדענע צלמים. נאָך זיי האָבן באָרוועסע יונגע מענער און פרויען געטראָגן גרויסע מאַטקע־באָסקעס אויף שטאַנגען. די פאַרזאַמלטע, מיט אָנטבלויזטע קעפּ, זיינען געפאַלן קניענדיק צו דער ערד.

די אידישע צוקוקער האָבן אַרונטערגענומען די היטלען און קאַפּעליושן צוליב דרך־ארץ.

די פּראָצעסיע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער גרויסער תיפלה. דער אַרציביסקופּ, אין רויט און גאָלד געקליידט, אינאיינעם מיט די אַנדערע גלחים, האָבן געבענטשט מיט גרויס פייערלעכקייט די הייליקע גייער און געשפּריצט אויף זיי דאָס הייליקע וואַסער.

וואַנדאַ האָט געקניט, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קריסטן, און געבעטן מחילה פאַר אירע זינד פון גיין אין דער שול פון די אידן, וואָס האָבן פאַרפייניקט גאָטס זון, ווי פאַר איר צוזאָג זיך מגייר צו זיין.

נאָך דער פּראָצעסיע האָט זי געפרעגט אַרקען:

— פאַרוואָס, ליבער, האָסטו נישט געקניט צוזאַמען מיט מיר? אָט בין איך דאָך געגאַנגען אין דיין שול דאַווענען און געפאַלן כורעים עטלעכע מאָל?

ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. נאָר ער האָט דערפילט אין דעם מאָמענט אַ פרעמדקייט צו איר. ער האָט פּלוצים דערזען אַ טיפן אָפּ־גרונט צווישן זיי ביידן. ער האָט אויפגעשוידערט. דאָס בלוט האָט ביי אים אַ שפּאַר געטאָן צום קאָפּ, ער איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט אַ נאַסן שוויס, אַליין נישט וויסנדיק די גענויע סיבה. ס'האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז.

וואַנדא האָט געזען, אַז ארקע האָט זיך מוראדיק פאַרענדערט. זי האָט אים געהאָלפן אָפּווישן דעם דינענדיקן שוויס פון זיין פּנים, פון זיין קאָפּ, פון זיין האַלז — זיין ווייסער קאָלנער איז געווען אויסגעווייקט, ווי אַ נאַסע

שמאַטקע. זי האָט אים געפרעגט, אַ ציטערדיקע, צי ער איז שלאָף? צי מען דאַרף אפשר רופן אַ רופא? ער האָט נישט געענטפערט, נאָר האָט פאַנאַנדערגעשפיליעט, געעפנט דאָס קנעפּל פונם קאָלנער, אַרונטערגענומען דאָס שוואַרצע קראַוואַטל, זיך אָנגעשעפּט מיט פרישע לופט און אָנגעהויבן קומען צו זיך.

אינגיכן האָט אַרקע שוין ווידער געשמייכלט ליבלעך צו וואַנדען. ער האָט איר געזאָגט, אַז זי זאָל גיין אין צירק — ער וועט זיך אָוועקלייגן אָפּרוען אַביסל און אַלץ וועט פאַראיבערגיין. זי האָט אים געהאָלפן זיך אַנידערלייגן אויף זיין בעט, פון אים אַראָפּגעצויגן די הויכע קאַמאַשן און זאָקן און געהאָלפן אים אויסטאָן דאָס העמד, וואָס איז געווען פּיטש־נאַס פונם שוויס. זי האָט געגלאַשטשעט, געוואַרעמט און געקושט אים, און אַרקע האָט זי צוריקגעקושט מיט אמתער ליבשאַפט און ליידנשאַפט. זיי האָבן זיך אַרומגענומען און פאַר־געסן אַלץ, וואָס מיט זיי האָט אַ ווײַלע פריער פּאַסירט.

פאַן שטשעלסקי האָט צומאָרגנס באַוויליקט אַרקעס ביטע אים צו באַפרייען די צוויי טעג ראש־השנה און יום־כפור. דער צירק־דירעקטאָר האָט אים דערביי געוואונטשן אַ גוט־יאָר און שמייכלענדיק אַרויסגעוויזן זיין בקיאות אין אידישער אמונה און אין וויסן די באַדייטונג פון די אידישע ימים־טובים. שטשעלסקי האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט יום־כיפור ביינאַכט צוגיין אין דער גרויסער שול, ווי ס'איז ביי אים שוין אַן אַלטער מנהג, וואָס ער האָט איבערגענומען נאָך פון זיינע אבות. דאָרטן, ביי דער טיר, האָט ער שוין געטראָפן געווינטלעך נאָך אַנדערע פריצים, וואָס האָבן ליב די ליטורגישע יום־כיפור ניגונים, באַזונדערס כל־נדרי.

ארקע האָט אין אַ אידישער אכסניא אויפן באַלוט באַשטעלט אַ צימער צו שלאָפן און עסן דאָרט אין די ימים־טובים און אויך פאַר וואַנדען צו עסן, ווען זי וועט קומען. מ'האָט אים דאָרטן אויפגענומען ווי אַ גוטן איד. און אַזוי אַלע אויפן באַלוט, וואו קינד און קייט האָט אים דערקענט און געווען שטאָלץ מיט זייער אידישן גרעסטן גיבור פון פוילן.

די ערשטע יום־טוב נאַכט אין שול האָט ער אויך געקראָגן אַ וואַזשנעם קבלת־פּנים. מ'האָט אים געוואָלט זעצן אויבנאָן, ביי דער סאַמע מזרח־וואַנט, לעבן ארון־קודש. נאָר ארקע האָט גאָר געבעטן, אַז ער וויל זיצן מיט אַלע אַרעמעלייט, און מ'האָט אים קוים באַוועגט צו זיצן לכל הפחות לעבן באַלעמער, ביי אַ הויכן שטענדער, צווישן די חשובע בעלי־בתים.

צומאָרגנס, ווי אָפּגעמאַכט, איז וואנדא געקומען צו אים אין דער אכסניא גאַנץ פרי, אויסגעפּוצט אינם ביי־געקויפטן, ווייס־זיידענעם קליידל מיטן שיינעם ווייסן מחזור אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל ווייס, ווי שניי, אין איר רעכטער

האַנט. זי איז אַ גליקלעכע, אַן אויפגערוימט־יום־טובדיקע, געגאַנגען מיט אים אין שול אַריין.

אין שול האָט וואַנדאַ נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון ארקען און פון אַלץ, וואָס איז פאַרגעקומען אונטן אין שול. זי האָט געפילט, אַז היינט איז דאָרטן געווען נאָך פייערלעכער, ווי ווען עס איז פריער. די מאַנסבילן זיינען געווען אָנגעטאָן אין ווייסע העמדער מיט ווייסע קאַפּלען, טייל פון זיי גע־האַפּטענע, ווי ס׳האָבן געטראָגן די גלחים ביים שמד־פעסט. דאָס פּרוכת ביים ארון־קודש איז געווען ווייס. אויך די מענטעלעך פון די ספרי־תורהס, וואָס מ׳האָט אַדויסגענומען פונם געהיימען שענקל, זיינען געווען ווייס. זיי האָבן געהאַט אויף זיך שענערע, גרעסערע קרוינען, מיט גלעקלעך, וואָס האָבן געקלונגען ביים טראָגן די תורהס.

אויך אויבן, ביי די ווייבער, איז היינט די שטימונג געווען נאָך פייער־לעכער, ווי ווען עס איז פריער. אַ מילדקייט, אַ ליבלעכקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף אַלעמענס פּנימער. נאָר אין געוויסע מאָמענטן האָט זי דערפילט אַ מורא, איבערהויפּט ביי די שרעקלעכע יללות בעתן שופר־בלאָזן — זי האָט דורכגעלעבט דעם פלאַטערדיקן פורכט, וואָס האָט דעמאָלט אַלעמען דורכגענומען. ביי איר איז געבליבן דאָס בילד פון אַ הויכן, בלאַסן איד מיט אַ לאַנגן האָרן אינם ווינקל פונם מויל; און אַ צווייטער איד, מיטן איינגעהילטן טלית איבערן קאָפּ, וואָס זאָגט אים אונטער, ווי דער סופליאַר אין טעאַטער. טיילמאָל האָט זי געזען אַנגסט אויף די פּנימער פון די מענער און פרויען, ווען דאָס בלאָזן שופר האָט זיך פאַרהאַקט, און פאַרקערט — אויף די פּנימער דערלייכטערונג, די אויפלויכטונג אין זייערע אויגן, אויב דאָס שופר־שאַלן איז געפלאָסן גלאַטיק, אָן אַ מכשול. זי איז גוואַלדיק מיטגעריסן געוואָרן פון דעם אַלעם, עס מיטגעלעבט.

אָבער מער פון אַלץ איז זי אויפגערודערט געוואָרן פון די געוויינען ביים ונתנה־תוקף, ווען די ווייבער האָבן ממש פאַרטויבט די לופט אַרום. זי האָט נישט געקענט תופס זיין דעם געפיל פון נאָענטער באַהעפטונג פון מענטשן מיט זייער גאָט, ווי ער וואָלט לעבן זיי געשטאַנען; זי האָט נישט געקענט באַנעמען די געבעטן צו גאָט, ווי קינדער ביי אַ טאַטן, וואָס וויל זיי באַ־שטראָפן און זיי פרואוון דאָס אָפּשרייען; דורך וועקן רחמנות, ווילן זיי ער זאָל פאַרגעבן זייערע זינד.

ביים אַרויסגיין האָט ארקע איר געפרואווט דאָס אויפקלערן, כאָטש זייער קלאָר האָט ער דאָס אַליין נישט פאַרשטאַנען. וואַנדאַ האָט אים גע־פרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו אַזויפיל מיטגעוויינט מיט אַלעמען?

ער האָט איר אויף דעם געענטפערט, אַז אַ סך אַנדערע האָבן אין דער אמתן געווײנט אויף נישט־באַגאַנגענע זינד:

— אָבער איך בין אַן אמתער זינדיקער! ביז מיר וועלן נישט חתונה האָבן דורך חופה וקדושין, וועל איך מוזן וויינען אויף מיינע זינד.

זי האָט ביי אים אויך געפרעגט:

— וואָס איז די באַדייטונג פון דיין אַדויפגיין אויפן שול־באַלעמער, וואו מ'האָט דיך אויפגערופן ניט ארקע, נאָר אהרן? און פאַרוואָס ביסטו געווען דער אַכטער ארויפצוגיין? מ'האָט אויפגעוויקלט אַ קליין תורהלע, וואו דו האָסט עפּעס ערנסט געזאָגט, נאָכדעם האָט אַ מאַן דערפון געלייענט מיט אַן אָריענטאַלישן ריטם, ווי מ'וואָלט אויסגעקלאַפּט אַ ניגון אויף אַ ציגיינעריש פּייקל, און נאָכדעם האָסטו ווידער עפּעס געזאָגט — וואָס מיינט דאָס אַלץ?

ארקע האָט זיך געמאַטערט איר צו ענטפערן אויף אירע כלערליי פראַגעס.

יום־כיפור האָט וואנדא מיטגעפאַסט מיט אים. זי איז אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אידישע מנהגים דורך די ימים־נוראים, אַז זי האָט אינ־גאַנצן פאַרגעסן אָן איר צלם. זי האָט געפלאַמט פאַר די אידישע שטייגערן ווי פאַר די אידישע מאכלים; זי האָט צוגעזאָגט אַרקען זיך אויסלערנען קאָכן די אַלע אידישע פּאַטראַוועס. וואנדא האָט אויך געבעטן ארקען, ער זאָל ריידן מיטן רב פון דער שול וועגן איר מגייר זיין און צוגרייטן די חתונה.

מוצאי יום־כיפור האָט ארקע איבערגערעדט מיטן רב וועגן דעם. לכתחילה האָט דער רב אים געפּרואווט אָפּריידן דערפון, אַנגעוויזן, אַז אידן יאָגן זיך נישט נאָך גרים. אַרקע האָט געזאָגט דעם רב, אַז מגילת רות לערנט דאָך עפּעס אַנדערש — ער געדענקט נאָך די ווערטער פון זיין גמרא־מלמד, אַז פון רותן איז אַרויסגעקומען דוד המלך, אַזוי שטייט בפירוש ערגעץ געשריבן; און אַז דער קומענדיקער משיח וועט דאָך זיין אַ בן־דוד.

דער רב האָט זיך צעשמייכלט, הערנדיק די ווערטער פונם גיבורדיקן בן־תורה. ער האָט מסכים געווען, אַז אַרקע זאָל זי שיקן צו אים און ער וועט מיט איר לערנען די וויכטיקסטע דינים, ווי נדה, חלה און הדלקת הנר. דערנאָך וועט זי זיך לאָזן טובלען אין דער מקוה, זיך מגייר זיין און ער וועט קאָנען מיט איר חתונה האָבן כדת משה וישראל.

ביידע זיינען פריילעכע געקומען צום לאָדזשער רב, וואָס האָט זיי אויפ־גענומען בסבר פנים יפות. די רביצין האָט זיי מכבד געווען מיט ווישניק און האָניק־לעקעך, געפילט מיט מאַנדלען און ראָזשינקעס. פון יעדן אָפּגעשני־טענעם שטיק לעקעך האָט אַרויסגעקוקט אַ ווייסער האַלבער מאַנדל, ווי אַן אויג. דער רב האָט זיי געוואונטשן ביים טרינקען דעם היימיש־געמאַכטן

געשמאַקן ווישניק אַ גמר חתימה טובה, אַ גוט יאָר און מזל טוב אין זייערע צירק־פּראָפּעסיעס, און זיי זאָלן נושא חן זיין ביי גאָט און ביי לייט.

דער רב, גוט געשטימט און עטוואָס יום טובדיק אויפגעהייטערט האָט פאַר־פירט מיט אַרקען אַ שמועס:

—ווי איך זע, האָסטו געלערנט אַביסל תורה — האָט ער צו אים גערעדט ווי צו אַ תלמיד. — ווייסטו אפשר, אַז ס'איז שווערער נושא חן צו זיין ביי מענטשן, ווי ביי גאָט. דער כביכול זעט דעם מענטשן מיט רחמים, ער וויל נאָר, אַז דער מענטש זאָל גיין אויפן דרך־הישר. פאַר אים איז גענוג צו זען דעם מענטשן אין זיין גוטן רצון. אפילו ווען דער מענטש האָט נאָך אַ סך מקיים צו זיין, איז שוין דער אויבערשטער צופרידן. אָבער אַנטקעגן מענטשן איז דער בעסטער רצון נישט גענוג. ווייל וויפיל מען טוט אָפּצואווישן די זינד פון מענטש צו מענטש איז אַלץ נישט גענוג. מיט גאָט ברוך הוא קומט מען שנע־לער דורך. יום־כיפור איז אונזער אָנהויב, אַ ניי בלאַט אין מענטשנס לעבן, מען פאַרגעסט דאָס בייזע, ׳שלעכטע און מען פאַרטרויט זיך ווידער דעם מענטשן. דעמאָלט פרייט זיך גאָט אַליין און שיקט זיין ברכה. די וועגן פון מענטש צו מענטש זיינען מער פאַרוויקלט און פאַרבאָרגן, ווי פון מענטש צו גאָט.

— דערמיט מיין איך צו זאָגן — האָט זיי דער רב דערקלערט — אַז דאָס מגייר זיין אַליין וועט די מחיצה צווישן אייך נישט אָפּשאַפן, אויב, חס־וחלילה, איר זאָלט זיך נישט דערגרונטעווען צום טיפן זין פון דעם תוך. און דערצו דאַרף מען אויך האָבן מזל.

אַרקע האָט געפּרואווט דערקלערן אויף זיין אופן וואַנדען דעם רבס ווער־טער. זי האָט געשאָקלט מיט איר בלאָנדן קאָפּ, אַז זי איז מסכים מיט די קלוגע און גוטע רייד פונם ראַבין.

דער רב האָט אויך געבעטן אַרקען, אַז כאָטש דריי חדשים זאָל וואַנדאַ וואוינען צווישן אידן:

— דאָס וואָלט זי דערנענטערט נישט נאָר צו דיר, נאָר אויך צו אַלע אידן, מיט זייערע מידות, מנהגים און לעבנס־שטייגער, צו וועלכן זי וויל זיך צופּאַסן. אפשר וועט פאַר איר זיין צו שווער די צופּאַסונג? אפשר דאַרף מען איר געבן די ברירה פון חרטה האָבן? איבערוואַנדלען אַ מענטשן איז נאָך אַסך שווערער ווי אַ פלאַנץ. מ'דאַרף איר דערקלערן דעם שווערן עול און גודל, וואָס זי נעמט אויף זיך דורך איר צובינדונג צו אונז. ס'איז פאַר איר געווען לייכטער אַפילו דאָס גיין אויף די שטריק און דראָטן, איידער דאָס גיין אויף אונזער שווערן וועג פון זיין אַן אור לגויים.

אַרקע האָט זיך אַדורכגעשמועסט וועגן דעם מיט וואַנדען. ביידע האָבן

באַשלאָסן, אַז פּאַר דער צייט, וואָס דער צירק וועט זיין אין לאָדזש, זאָל זי וואוינען ביי אַ אידישער משפּחה. זיי וועלן זיך פאַרשטענדיקן וועגן דעם מיטן פּאַן שטשעלסקי. אַרקע וועט אים אויך לאָזן וויסן, אַז דאָס זיינען די לעצטע עטלעכע חדשים פון זייער פאַרבינדונג מיטן צירק, וויל באַלד נאָכן מגייר זיין וואַנדען, האָבן זיי חתונה און פאָרן קיין אָסטראָווצע, וואו זיי וועלן זיך באַזעצן.

זיי זיינען אַוועק צום פּאַן שטשעלסקי, און ווי קינדער צו אַ פּאָטער, אים אָנפאַרטרויט אַלע זייערע פּלענער, דערוואַרט פון אים טרייסט און דער־מוטיקונג. אָבער ווי איבערראַשט זיינען זיי געוואָרן, ווען דער פּאַן האָט זיך גאָר אָנגעצונדן מיט רציחה אויפן „זשיד״, וואָס רואינירט זיין צירק, וואָס נעמט ביי אים צו דאָס מיידל, וואָס האָט אים צו פאַרדאַנקען איר אויפ־היבונג פון בלאָטע, פון סאַמע דעק, צו אַ באַרימטן מענטשן אויף דער גאָרער וועלט. ער האָט מיט כעס באַפוילן אַרקען צו פאַרלאָזן מאָרגן דעם צירק, און נאָך היינט וועט ער קריגן באַצאָלט די שׂכירות, וואָס אים קומט. און צו וואַנדען האָט ער כלומרשט ווייכער געזאָגט:

— דו קריגסט דריי טעג זיך צו באַזינען. זיי זיך גוט מישב איבער דעם שרעקלעכן שׂריט, וואָס דו מאַכסט. נישט נאָר פאַרלאָזטו מיך און דעם צירק, און פאַרשעמסט דיין טאָטן אין קבר און דיין אַלטע, קראַנקע מוטער, ערלעכע קריסטן; דו פאַרלאָזסט יעזוסן און די הייליקע מאַריע און גייסט זיך באַהעפטן מיט זיי, ווילסט זיי אויסטוישן אויף די פאַרשיווע זשידעס, וואָס זיינען פון גאָט אַליין פאַרשאָלטן.

שטשעלסקי האָט דאָס אַלץ אָפּגעזאָגט מיט איין שלונג און אַרויס פון שטוב. זיי זיינען ביידע געבליבן שטיין אַ שטיק צייט, ווי געליימטע. זוער זאָל זיך דיכטן, אַז דער גוטער פּאַן זאָל האָבן אין זיך אַזויפיל גאַל, זאָל אַזוי פיינט האָבן אידן, זאָל זיי אַזוי פאַרשעמען און באַליידיקן? זיי האָבן דערנאָך אַרונטערגעלאָזט די קעפּ און נישט געקוקט איינער דעם צווייטן אין די אויגן אַריין. אַרקע איז דער ערשטער געקומען צו זיך, זיך אויסגעגלייכט און געזאָגט צו וואַנדאַן:

— נישט אַנדערש, אַז דאָס איז גאָטס אַ צייכן כ׳זאָל זיך אומקערן צו זיך. כ׳האָב נישט קיין חרטה אויף מיין ביז־איצטיקן וועג, וויל מסתמא איז דאָס געווען באַשערט פון גאָט. באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג נעם איך מיינע זאַכן און פאַרלאָז דעם צירק. איך וועל מער זיין פּרצוף נישט אָנקוקן. איך בין דאָך סיי ווי דאָ געווען אַ פרעמדער. באַליארסקי האָט דאָס מיר מודה געווען. און דו, וואַנדאַ, טייערע, וועסט דאָך זיכער גיין מיט מיר?

זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ העשענדיקן געוויין, זי האָט געלייגט איר

קאָפּ אויף זיין בדוסט, און ער האָט געגלעט אירע האָר, זי געקושט מיט גרויס ליבשאַפט, בשעת אויך פון זיין אויג איז אויף איר געפאַלן אַ טרער. ווען זי האָט זיך באַרואיקט, זיינען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען: ער מיט בטחון אין גאָט און מיט ריינקייט פון געוויסן, אַז ער גייט אויף אַ ריכטיקן וועג; זי, אַ צעבראָכענע, האָט נישט געקאָנט זיך אָפּגעבן קיין חשבון פון דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט. עס האָבן איר געקלונגען אין די אויערן פּאַן שטשעל־סקיס רייד וועגן אירע פאַרראַטן דעם אָנדענק פון איר טאַטן, איר מאַמען און יעזוסן.

אין איר וואָגן־צימער איז זי געפאַלן אויף איר בעטל, פאַרזונקען דעם פּנים אין קישן, צערודערט און באַצערט פון דעם אָקאָרשט איבערגעלעבטן, וואָס זי האָט געפּרוואווט באַזיניקן. זי האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ ווילדן כעס פונעם מענטשן, וועמען זי האָט פאַרערט. זיינע רייד האָבן אָבער געקלאַפּט, ווי מיט אַ האַמער איבער איר קאָפּ. טאָמער איז ער גערעכט? זי האָט זיך דערמאָנט זיינע ווערטער: פאַרראַט נישט דיין קריסטלעכע משפּחה! געדענק דעם טאַטן אין קבר! די אַלטע מוטער! יעזוסן! מאַריע!

— ער קען נישט זיין גערעכט — האָט זי ווייטער געטראַכט — ער האָט דאָך אַזוי אומגעריכט באַליידיקט און געזידלט אַרקען, אים אַרויסגעשמיסן פונם צירק. האָט ער דען אַליין מיר נישט איינגערעדט אים צו פאַנגען אין מיין נעץ, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט? איך האָב אים אָוועקגעצויגן פון זיין טאַטע־מאַמע, און ער האָט זיך מיר איבערגעגעבן מיט זיין גאַנצער נשמה־ריינקייט און ערלעכקייט. און איצט איז ער צוריקגעגאַנגען צו די זייניקע און וואַרט אויף מיר.

— קאָן איך אים איצט פאַרראַטן? קאָן איך אים פאַרלאָזן און דאָ בלייבן אַליין? ווידער אָנהייבן דאָס אַלטע פאַרשאָלטענע לעבן פון אַ הינטישער צויג? ווידער אָן אַ זין, אָן אַ מאָרגן? כ'האָב אים ליב מיט מיין גאַנצן לייב און לעבן —אָ, יעזוס, הייליקע מאַריע, העלפט מיר! ווייזט מיר דעם מענטשלעך־גערעכטן וועג!

וואַנדאַ האָט איינגעדרימלט. מ'האָט זי אויפגעוועקט מיט אַ קלאַפּ אין טיר, אַז ס'איז צייט פאַר איר צו קומען אין צירק, וואו מ'ציט שוין אַרויף די שטריק. זי האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך איר טריקאָטענע ראָזעווע פּעלערינע, אָנגעטאָן שנעל די קורצע, געפאַלדעוועטע ספּאָדניצע אַרום אירע לענדן, אויס־געגלייכט די האָר און אריינגעלאָפן אַ צערודערטע. זי האָט אפילו נישט געזען די פאַרזאַמלטע מענטשן־מאַסע אינם גרויסן העל־באַלויכטענעם עיגול.

די מוזיק האָט געשפּילט דעם לייכטן שטילן מאַרש צום ריטם פון איר גיין אויפן שטריק, וואָס האָט איצט געקלונגען אין אירע אויערן, ווי שאָפּענס טויטן־

מאַרש. זי האָט געזוכט אינם ווינקל די ליבע בליקן פון איר אַרקען, וואָס פלעגט דאָרט שטענדיק שטיין און זי באַגלייטן מיט אַזאַ ליבלעכקייט און וואַ־רעמקייט.

פלוצלינג האָט זי אים דערזען דורך דער קליינער עפענונג פון אַריינ־גאַנג לויפן מיטן פעקל זאַכן אין די הענט, אַ פאַרשעמטן, נישט חס ושלום פאַר טאָן עמיצן שלעכטס, נאָר פאַר דער איינציקער זינד פון ווערן פון איר געפאַנגען און פון גלויבן אין איר.

פאַן שטשעלסקי, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן אַן אויג אויף יעדן אַקט, האָט באַלד באַמערקט, אַז וואַנדאַ גייט דאָסמאָל אויף די שטריק זייער מע־כאַניש, אָן חשק, ווידערווייליק. בשעת מ׳האָט צוגעגרייט די דראָטן פאַר וואַנדאס צווייטן נומער, איז ער צוגעגאַנגען צו איר ווינקל און זי געוואָרנט זיך מער צו קאָנצענטרירן, נישט זיין אַזוי צערודערט און פאַרזאָרגט בשעת זי וועט מאַכן די געוואַגטע אַקראָבאַטישע קונצן. ער האָט זי אויך געבעטן זיך צו פאַרנייגן צום עולם מיט איר שטענדיקן שמייכל.

וואַנדאַ האָט אָבער אפילו נישט געהערט, וואָס ער רעדט צו איר. בעת זי איז געגאַנגען אויפן דראָט און געמאַכט מעכאַניש די פאַרשיידענע קונצן האָבן זיך אין איר מוח געמישט און געצונדן אַלערליי בילדער, פאַרכישופטע: אָט זעט זי איר טויטן טאַטן אינם קבר, און אָט איז איר אַלטע מוטער, וואָס פירט זי אַלס קינדביים הענטל — זי איז אָנגעטאָן אין אַ ווייס געהאָפטן קליידל, די מאַמע, אַ פריידיקע, פירט זי אַריין אין דער קירכע, וואו זי ווערט גע־טויפט אַלס אַ קריסטין, צו יעזוסן; און אָט זעט זי אַרקען אין דער געשטאַלט פון דעם שול־איד, איינגעהילט אינם טלית, מיטן שופר אינם מויל — ער שאַלט און רופט זי צו זיך. ס׳האָט זיך איר געמישט אין קאָפּ און געשווינדלט פאַר די אויגן. זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע אירע קרעפטן צו פאַרטרייבן די וויזיעס און קאָשמאַרן

מען האָט איר דערלאַנגט דאָס בענקל. זי האָט, ווי געוויינלעך, עס אַוועק־געשטעלט אויפן דראָט, נאָר אויף זיינע צוויי הינטערשטע פיסלעך. ווען זי האָט זיך אויף אים געזעצט, האָט זי געזען ווי די „מאַטקע באָסקע", מיטן יעזוס־קינד אויף דער האַנט, ווינקען צו איר אַזוי ליבלעך, רופן זי צו זיך: קום, קינד מיינס! כ׳וועל דיך אויך באַשיצן! גיי פון מיר נישט אַוועק!

אין דער רגע איז זי אַרונטערגעפאַלן ווי אַ סנאָפּ שטרוי צום באָדן, שעפּטשענדיק: אַליע־באַגאַ! אַרקע! אַר־קע! אַ־ר־ק־ע!

ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ שרעקלעכער גערודער אינם צירק. מ׳איז געלאָפן פון אַלע זייטן. פאַן שטשעלסקי און בראַליאַרסקי האָבן זי אויפגע־הויבן, נאָר איר שיינער קאָפּ איז אַרונטערגעפאַלן ווי אַן אונטערגעשאָסענע

טויב. אויף אַ טראָג־בעטל האָט מען זי געבראַכט אין איר חדר אריין. אַ דאָקטאָר האָט זי דערקלערט פאַר טויט.

די צירק־פאָרשטעלונג איז ווייטער אָנגעגאַנגען. מיט טרערן אין די אויגן האָבן ביי איר בעט געקניט שטשעלסקי און בראַליאַרסקי. דאָס האָבן געטאָן לעבן איר הויז אַלע אָנגעשטעלטע פונם צירק. זיי האָבן זיך געצלמט אין גרויס טרויער.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט פאַן שטשעלסקי באַשלאָסן אָוועקצופירן וואַנדאַן צו איר אַלטער מוטער אינם שטעטל אין פּויזן און זי באַערדיקן לעבן איר פאָטער. מ׳האָט זיך באַלד גענומען מאַכן אַלע פאַרבאַרייטונגען אריבער־צופירן וואַנדאַס קערפּער אין איר געבורט־שטעטל.

אַרקע איז געקומען אויפן באַלוט אין זיין געדונגענער דירה. ער האָט געוואָרט מיט אומגעדולד אויפן קומען פון זיין געליבטער וואַנדאַ. ער איז געוואָרן אומרואיק, נערוועז. אין זיין קאָפּ זיינען אַדורך פאַרשיידענע רעיונות:

— זאָל דאָס מעגלעך זיין, אַז וואַנדאַ האָט מיך פאַרלאָזן?

ער איז אַרויסגעלאָפן פון זיין חדר. ס׳איז געווען אַ פינצטערע נאַכט. אין דרויסן ביי דער שוועל פון זיין הויז האָט ער געפּרואווט אָנגעשטרענגט דורכדרינגען די ווייטקייט, געזוכט וואַנדאַס ליבן סילועט. אָט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט טריט — האָט ער אויפגעציטערט מיט פריידיקער האָפענונג. אַזוי האָט פאַסירט מיט אַ ליאַדע שאָרך, וואָס האָט אויפגערודערט זיין פאַרבענקט האַרץ. אָבער יעדעס מאָל איז ער געבליבן אָפּגענאַרט, אַנ־טוישט.

עס האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג. די שטיבער אין די שמאָלע געסלעך זיינען באַלויכטן געוואָרן מיט אַ גרוי־בלאַסן ליכט. זיינע אויערן זיינען געווען אָנגעשטרענגט, ווי ביי אַ יונגן צעשראָקענעם הירש. ער האָט געוואָלט הערן אירע טריט, נאָר ער האָט בלויז איינמאָל געהערט דעם עכאָ פון פערדישע פּאָדקאָוועס, וואָס קלאַפּן ערגעץ אויפן שטיינערנעם ברוק פון די וויסטע געס־לעך. דאָס האָט אים נאָך מער צערודערט. ער איז געוואָרן אומרואיקער און געלאָזט זיך לויפן אַ פאַרווירטער איבער די אַרומיקע געסלעך.

די דורכגייער — כאָטש זעלטן זעט מען אַזעלכע אין דער פריער שעה — האָבן אים נאָכגעקוקט מיט גרויס פאַרדאַכט. אַרקע איז געלאָפן צום שאַ־סעי, דערנאָך צום צירק. ער האָט פונדערווייטנס געזען אַ רעדל מענטשן לעבן אַ צירק־וואָגן. שפּעטער האָט ער דערזען די איינגעשפּאַנטע צוויי פערד, באַ־דעקט מיט שוואַרצע טיכער. דאָס האַרץ האָט ביי אים געקלאַפּט ווי מ׳וואָלט געזעצט מיט האַמערס אויף אַ פּויק.

און אָט האָט ער דערזען, ווי מ׳טראָגט אַרויס פון וואַנדאַס צימער אַ

שוואַרץ־געפאַרבטן קאַסטן. אויף אַ ווײַלע איז ער געבליבן שטיין, ווי גע־לײמט. ער האָט נישט געגלויבט זײַנע אויגן. ער איז אַרויפגעפאַלן אויפן קאַסטן מיט אַ גרויס געיאָמער, זיך אויפגעשטעלט, געקלאַמערט זײַנע הענט אינם קאַסטן און געפרעגט אַ צעטומלטער:

— וואָס האָט פּאַסירט מיט מײַן וואַנדאַ?

בראַליאַרסקי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם, דערציילט אים אַלע פּרטים פון דער קאַטאַסטראָפע. אַרקע האָט געבעטן אַ דערלויבעניש מיטצו־פאָרן מיט דער טרומנע, וואָס פאַן שטשעלסקי האָט באַוויליקט.

ווען זיי זײַנען צומאָרגנס אָנגעקומען אינם שטעטל זאַגאָראָווע, איז בראַ־ליאַרסקי דער ערשטער אַרונטער, בכדי צוצוגרייטן די מוטער פאַר דער שלעכטער בשורה. זי איז אַרויסגעקומען צום וואָגן, ברעכנדיק אירע בײַ־נערדיקע הענט. דינע שנירלעך טרערן זײַנען דערבײַ געראָנען איבער אירע צערונצלטע, פאַרמעטענע באַקן. מ׳האָט די טרומנע אַרײַנגעטראָגן אין הויז אַרײַן. די מוטער שטעלט באַלד אַוועק אַ צלם איר צוקאָפּנס. זי האָט גע־עפנט דאָס דעקל, געגלעט און געקושט וואַנדאַס פּנים, כליפּענדיק און פּרעפּ־לענדיק:

— מײַן טײַער קינד, מײַן מאַמעלע, מײַן אײַנציקס! ביזט געקומען אַהיים שלאָפן, געפינען רו! כ׳וועל דיך אָפּהיטן און דיך אַוועקפירן צו דײַן טאַטן! איר וועט בײדע וואַרטן אויף מיר! מיר וועלן צוזאַמען געפינען אייביקע רו! אונז וועט באַ־שיצן די הייליקע מאַריע און גאָטס זון, יעזוס!

דערנאָך איז געקומען דער גלח. מ׳האָט אָנגעצונדן ליכט. מ׳האָט וואַנדען אָנגעטאָן אינם ווײַסן קלייד, וואָס אַרקע האָט איר געקויפט אויף צו גיין ראש־השנה אין שול אַרײַן. זי האָט געלויכטן אין איר שניי־ווײַסקייט. ביים אַרויס־נעמען דאָס קלייד האָט די מוטער געפונען דעם מאָדנעם ווײַסן בוך מיט אידישע אותיות — דעם מחזור. די אַלטיטשקע האָט עס אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל און אויף דעם געקוקט מיט גרויס חשד. זי האָט געקוקט אויף אַרקען און אויפן מחזור, פילנדיק, אַז זיי האָבן אַ שייכות צום טויט פון איר טאָכטער. אַרקע איז געשטאַנען אָן אַ זײַט. ער האָט געפילט, ווי די מוטער, די משפחה, אַלע פרײַנט, וואָס זײַנען געקומען צום „פּאָגזשעב״, קוקן אויף אים בייז מיט פאַרדרוס. די אַלטע מוטער האָט עפּעס געזאָגט, אַז דער איד איז דאָ נישט קיין צופעליקער — איר איז נישט געוועזן ניחא דער טיפער צער, וואָס האָט אַרויס־געקוקט פון זײַנע אויגן, ווי פון זײַן יעדן ריר. דאָס האָט נאָכמער פאַרשטאַרקט איר פאַרדאַכט.

— ווער ווייסט, צי דער איד איז נישט דער שולדיקער אין וואַנדאַס טויט?

אויפן בית־עולם האָט דער גלח דורכגעפירט די געהעריקע צערעמאָניע.

באַלד נאָכדעם האָט די מוטער זיך שוין נישט איינגעהאַלטן, זי האָט אויס־געשריען זייער צעווייטיקט און פאַרביטערדט:

— ווער ווייסט, צי דער יודאַש, וואָס האָט פאַרראַטן יעזוסן, האָט אויך נישט געטויט מיין איינציק קינד?

***

ארקע איז מיטן צירק־וואָגן נישט צוריקגעפאָרן. ער האָט מער נישט געוואָלט האָבן קיין מגע־ומשא מיטן צירק. אינם גויאישן שטעטל האָט ער אויפגעזוכט אַ אידישן דאָרפלויפעד. דאָרטן איז ער איינגעשטאַנען די שבעה־טעג. ער האָט יעדן פרימאָרגן געשיקט אויפן „צמענטאַזש" בלומען צו לייגן אויף וואַנדאס קבר.

נאָכדעם האָט ער פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אין עטלעכע טעג אַרום שוין אָנגעקומען אַהיים, אין אָסטראָווצע. ער האָט זיך אַהין אַריינגעשלייכט דורך זייטיקע וועגן, דורך די אויבסט־סעדער, — אויסגעמיטן דאָס דענקעווער געסל: צי ווייל ער האָט זיך געפילט זינדיק און זיך געשעמט פאַר די באַקאַנטע אידן, צי ווייל ער איז געווען צופיל אין טרויער און האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט זיך באַגעגענען און זיך אָפּשטעלן ריידן?

אָבער דאָ האָבן אים דערוואַרט נייע ביטערע בשורות, איוב־צרות: דאָס הויז פון זיינע עלטערן אויפן בערגל אינם מקום איז געווען פאַרהאַקט, די לאָדנס זיינען געווען פאַרמאַכט — ער האָט געטראָפן אַ פאַרלאָזענע חורבה. דער שכן, אברהם וואַטנמאַכער, איז אַרויסגעקומען, געפאַלן אים אויפן האַלדז, זיך שטאַרק צעוויינט און דערציילט אַרקען וועגן דעם טויט פון זיין טאַטע־מאַמע. זיין מוטער — האָט אברהם אים איבערגעגעבן — איז געשטאָרבן באַלד נאָכדעם ווי ער איז אַוועק צום באַל ביים פריץ און זיך שוין נישט אומ־געקערט. און אַביסל שפּעטער איז אויך דער טאַטע געשטאָרבן פון האַרצ־ווייטיק.

אברהם האָט אַריינגעפירט אַרקען צו זיך אין הויז, געטרייסט אים, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן. אַרקע האָט גענומען ביי אברהמען דעם שליסל, אויפגעפּראַלט די לאָדנס, געעפנט די טיר, אויסגעטאָן די קאַמאַשן, געפונען אַן אַלט קעסטל און זיך געזעצט אָפּזיצן שבעה. ער איז אַ שטיק צייט געזעסן ווי פאַרשטיינערט — אַלע קוואַלן פון טרערן זיינען שוין געווען אויסגעטרוקנט אין זיינע טיף־באַצערטע אויגן.

אויף מאָרגן האָט ער געבעטן אברהמען אַראָפּצונעמען די מזוזות און געבן ר' הערש, דעם סופר, זיי איבערצוקוקן. ער האָט אָפּגעדאַווענט און געזאָגט קדיש ביחידות. זייער גוטער שכן האָט אים אַריינגעבראַכט אָנבייסן און וואַרעם וואַסער, אָפּצופרישן זיך.

שפעטער האָבן אָנגעהויבן צו אים קומען אויך אַנדערע שכנים פונם געסל, אויך אַ צאָל גויים פונם מקום. אַלע האָבן אים גאָר שטאַרק באַדויערט. ער האָט באַדאַנקט, נאָר גערעדט געציילטע ווערטער. אַלע האָבן פאַרשטאַנען זיין שווער געמיט נאָך אַזויפיל אומגליקן, האָבן דערפאַר נישט געהאַט קיין פאַר־איבל אויף זיין שטום־שוויגעניש.

נאָך דער שבעה איז ער אַוועק צום ראַדזינער רבין. ער האָט אים געבעטן אַרויסצוגעבן אַ תשובה פאַר אים. אַרקע האָט אים דערציילט זיינע איבער־לעבענישן זינט יענעם שבת־צו־נאַכט, ווען ער האָט פאַרלאָזן זיין טאַטע־מאַמעס הויז.

דער רב האָט אים געפרעגט:

— האָסטו חרטה אויף דיינע מעשים?

— ניין! האָט אַרקע געענטפערט, האַלטנדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, מיט אַ פעסטער, זיכערער שטים. — איך באַטראַכט דעם טויט פון וואַנדאַן, וועמען כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, נאָר ווי אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען. אָבער איך קאָן נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס ער האָט מיך געדאַרפט שטראָפן דורך יענעמס טויט.

דער רבי האָט אים געטרייסט:

— גאָטס וועגן זיינען פאַרבאָרגן. ער באַהאַנדלט אָבער אַפילו דעם גרעסטן חוטא מיט חסד, אויב נאָר ער לעכצט נאָך גאָט־באַהעפטונג, בענקט נאָך לייטערונג. דו, אַרקע, ביזט געגאַנגען אויף מסירת־נפש צו ראַטעווען אַן עדה אידן. אָט דער זכות איז דיר בייגעשטאַנען אין דיין פאַרבלאָנדזשעניש, אין זכות דערפון וועט אויך גאָט דיר מוחל זיין. ער, דער יודע מחשבות, ווייסט, אַז אין תוך ביסטו אים טריי געבליבן. דערפאַר איז מיין עצה נישט אַריינצו־פאַלן אין עצבות, נאָר ווייטער דינען גאָט מיט טיפער אהבה.

דער רב האָט געמאַכט אַ קורצע הפסקה, ווי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, און געזאָגט אים שוין אויף אַ האַרבן קול:

— און איך בין אויף דיר גוזר באַלד חתונה צו האָבן מיט דער קיילעכיקער יתומה פייגעלע, חיים־איטשע דעם בעל־עגלהס מיידל, וואָס נאָכן טויט פון אירע עלטערן, האָט די רביצין זי אַריינגענומען אין אונזער הויז אַריין. זי איז אַ כשר קינד. זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה. שבת חנוכה, אם ירצה השם, וועט זיין דיין אויפרוף אין דער שול. די תנאים וועט מען שרייבן נאָך די שלושים זינט דו האָסט אויסגעפונען וועגן דעם טויט פון דיין טאַטע־מאַמע. שפּעטער וועט מען פראַווען די חתונה. איך וועל זיין דער מסדר קדושין.

דער רבי האָט דאַן גענומען אַרקעס האַנט, ווי אַ מין תקיעת־כף, אַ הסכם

צום שידוך. ער האָט אים געהייסן אויפריכטן דאָס פאַרלאָזטע הויז, געבענטשט אים, ער זאָל האָבן געזונט און פרנסה.

אַרקע האָט זיך געזעגנט מיטן רבין, געדאַנקט אים פאַר זיין גוטסקייט צו אים. ער איז אַוועק אַהיים אַ דערפרישטער מיט נייע האָפענונגען. ער האָט געטראַכט גייענדיק, אַז קיין שענק וועט ער נישט עפענען. ער וועט ווערן אַ בעקער. דאָס געפעלט אים אַ סך בעסער. ער וועט קויפן מעל אין דער דענקער־ווער מיל און באַקן איינפאַכע פראָסטע ברויטן פאַר די שכנים און צום פאַר־קויפן אויף די מאַרק־יארידים. פאַר דעם, גלויבט ער, איז ער אַמבעסטן צו־געפאַסט. מיטן רבינס ברכה און גאָטס הילף וועט ער אוודאי האָבן פרנסה. דאָס איז נישט נאָר אַ בכבודיקע מלאכה, נאָר ער וועט דערביי נישט דאַרפן האָבן צו טאָן מיט אייזנס, שערן, שפּיציקע שטאָלענע אָלן, שאַרפע מעסער אָדער הובלס מיט שאַרפע זעגן. די מלאכה איז אים געפעלן נאָך איבער אַנדערע טעמים. ער האָט דאָך געאַרבעט אין זייער בעקעריי ביז זיין טאַטע האָט אָנגעהויבן שווער צו הוסטן, שפּייען מיט בלוט־באַפלעקטן לייכעץ, און זיך געמוטשעט נעמען פאַר דער פרנסה פון שענקעריי, וואָס האָט פאַרקירצט די יאָרן פון זיין מאַמען, און מעגלעך אויך פון זיין טאַטן, וואָס איז אַזוי יונג פון דער וועלט אַוועק.

אַרקע האָט זיך געזען מיט מאירל, דעם מוליער, וועגן איבערבויען דעם אַלטן אויוון. זיי זיינען מושווה געוואָרן וועגן מקח פאַר דער אַרבעט און פאַר די נייע, בעסטע ציגל, וואָס ער וועט באַנוצן. אַרקע האָט באַלד איינגעקויפט אַלע אַנדערע נויטיקע מכשירים, ווי גרויסע מולטערס, פאַרשיידענע הילצער־נע לאָפּעטעס, גרויסע, שיין־געהובלטע ברויט־טישן. ער האָט אויך געבעטן יאָשע, דעם סטאָליער, אים צו מאַכן פון שטאַרקן דעמב הילצערנע האַקמע־סערס אויסצוקראַצן דאָס טייג און שניידן די פאַרקנעטענע ברויטן, וואָס זאָלן פאַרבייטן די שאַרפע, שטאָלענע מעסערס.

אַרקע האָט אויך געקויפט קאַלך און אויסגעווייסט די ווענט מיטן סופּיט, פאַרשטאָפּט די מייזן־לעכער מיט צעריבענעם גלאָז און געדיכטער וואַפּנע, געוואַשן דעם דיל און עס האָט אָנגעהויבן בלאַנקען אין יעדן ווינקל.

צו די תנאים ביי זיך אין הויז האָט דער רב איינגעלאַדן ר' חיים, דעם דאָזאָר, אַנדערע בעלי־בתים, זיין שכן אברהם, דער וואַטנמאַכער, די קרובים פון דער כלה. דאָס איז געווען ביי אַ שבת־נאַכטיקער מלווה־מלכה. די כלה מיט דער רביצין האָבן שוין געהאַט אָפּגעבאַקן אַ גרויסע געפלאָכטענע אייער־חלה מיט זאַפראַן, לעקעכער, קיכלעך, געקאָכט אַ רויטן באָרשט מיט קאַר־טאָפליעס, געדעמפט רינדערנע פלייש מיט אינדישע נעגעלעך און פעפער,

און צוגעגרייט נאָך אַנדערע מאכלים. אַחוץ דעם האָט דער דאָזאַר געברענגט דעם בראָנפן.

ארקע האָט ביי די תנאים דאָס ערשטע מאָל געזען זיין כלה, בעת זי האָט דערלאַנגט צום טיש. זי האָט געוואָרפן אַ פאַרשעמטן בליק צו איר חתן, וואָס איז געזעסן אויבנאָן, לעבן דעם רב. די קליינגעוויקסיקע, קיילעכיקע, ווי אַ יונג פעט גענדזל, מיט די שיינע גערדיכטע שוואַרצע האָר, וואָס האָבן גע־גלאַנצט, ווי שוואַרצער סאַמעט, איז ארקען זייער געפעלן געוואָרן.

נאָכן איבערלייענען די תנאים האָט מען געבראָכן טעלער, און אַלע האָבן זיך איינע די אַנדערע געוואונטשן:

— מזל טוב! מזל טוב! מיט מזל זאָלט איר לעבן! לאָמיר זוכה זיין אַ סך נחת פון זיי, די חתן־כלה!

פון די ווייבער האָבן זיך געגאָסן אַסך טרערן ביים דערמאָנען די פאַר־שטאָרבענע טאַטעס און מאַמעס פוןביידע צדדים, וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו דערלעבן נחת פון זייערע קינדער.

שבת חנוכה האָט מען אויפגערופן דעם חתן צו מפטיר אין דער אַלטער שול. אַרקע איז אַרויף אויפן הויכן באַלעמער, איינגעהילט אינם געליגענעם טלית פונם שכן. ער האָט זיך געשטעלט ביי זיין טאַטנס שטאָט־שטענדער. די רביצין און די מחותנתטעס פון ביידע צדדים, האָבן פון די אָפענע שמאָלע און לענגלעכע פענסטער פון דער ווייבערשער שול אים באַוואָרפן מיט גאָרשטן העל־ברוינע טערקישע ניס. עס האָט אָפּגעהילכט זייער פאַלן אויף די שטענ־דערס און אויפן הילצערנעם דיל. די קינדער האָבן זיך געוואָרפן זיי צו כאַפּן.

די חתונה איז געווען ביים רב אין הויז. די חברה „תומכי יתומים" האָט געשאָנקען דער כלה אַ שיינעם אויסשטייער מיט אַ סך וועש, כדי זי זאָל נישט קומען אַ פאַרשעמטע אינם הויז פון איר מאַן. זיי האָבן צוגעגרייט אַ חתונה כיד המלך, מיט כל־טוב. די חופה איז געווען אויפן שולהויף. די אָסטראָווצער כלי־זמרים־קאַפּעליע האָט זיך דערביי אויסגעצייכנט. דער רב האָט מסדר־קדושין געווען. ביים טיש האָט דער שמש, ר' שמאַי׳לע, געטיילט די אַלע גוטע זאכן. דער שטאָטישער מאַרשעליק ר' זלמן האָט אַלעמען גע־מאַכט צום וויינען ביים באַדעקנס, זיך פאַרשטעלט ביים טיש און אַלעמען משמח געווען מיט זיינע שאַרפזיניקע בדחנישע ווערטלעך און גראַמען, באַזונדערס ביים אויסרופן נאָכן עסן די דרשה־געשאַנקען פון די מחותנים.

דער פעטער עלי „אָגער" פון דער כלהס צד האָט קוים געגעבן פופציק קאָפּיקעס. דער פעטער פונם חתנס צד ר' מאיר, וועלכן מ'האָט גערופן „קאָזשאָל", האָט געגעבן אַ זילבערן בעכערל. אָבער ביים בדחן איז דערפון געוואָרן, אַז דער פעטער פון דער כלהס צד האָט געגעבן דרשה־געשאַנק פופציק

קנאַקענדיקע קערבלעך און דער פעטער פונם חתנס צד האָט געגעבן דרשה־געשאַנק אַ גילדערנעם בעכער, וואָס מעג שטיין אינם בית־המקדש.

פאַרטאָג, נאָכן מצווה־טענצל, האָט מען בציבור געזונגען מיט חסידישן ברען „אין כאלוקינו". דערנאָך האָט מען זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד, מיט דער כלה און דעם חתן אייִנגעפלאָכטן אינעווייניק. דערביי האָט מען, ווי דער מנהג איז, אַרויסגעגנבעט די כלה פייגעלע אין אַ צוגעגרייטן חדר צום לייגן פירן. דערנאָך האָט מען שטילערהייט אַרויסגעפירט דעם חתן. כאָטש די מערסטע מחותנים האָבן נאָך געטאַנצט ביזן ווייסן טאָג אַריין.

אויף צומאָרגנס האָט שוין ארקע געקויפט עטלעכע זעקלעך מעל, האָט אַלץ צורעכט געמאַכט און דער בעקריי. ארקע און פייגעלע האָבן אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט און אין אָוונט געגאַנגען צום רב, וואו עס זיינען געפּראַוועט געוואָרן די שבע־ברכות אויף אַ פּשוטן, אָבער פייערלעכן אופן.

אַרקע האָט געאַרבעט איבער די כוחות און פייגעלע האָט אים בריה׳שדיק אַרויסגעהאָלפן. נאָר ער האָט ווייניק גערעדט, איינצלנע ווערטער, די מערסטע צייט געשוויגן. זיין אַרבעטן טאָג און נאַכט, ווי זיין שווייגן, האָבן, ווייזט אויס, אים געהאָלפן פאַרטרייבן און פאַרגעסן עפּעס, וואָס האָט אים שטאַרק גע־פייניקט און פאַרפּאַלגט.

פייגעלע, וואָס האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אין הויז, ווי אַ שטילע טויב, האָט געקאָכט פאַר אים אַלע מאכלים, וואָס ער האָט גערן געהאַט. זי האָט אים אַריינגעקוקט אין זיינע פאַרטרויערטע אויגן, געוואָלט אים מיט אירע מילדע, ליבשאַפטפולע בליקן אויפמונטערן און אויפוועקן פון זיין שטענדיקער פאַר־טראַכטקייט. טיילמאָל איז דאָס איר געלונגען. זי האָט זיך אַמאָל אָוועקגע־שטעלט לעבן אים האַלב־ברוגזדיק און געקוקט אים גלייך אין די אויגן מיט אַ פרעגנדיקער מינע: פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַרטרויערט? דעמאָלט האָט זיך צעשפּרייט אויף זיין פאַרנעפּלט פּנים אַ ליבער שמייכל צו איר, פון וואָס זי האָט זיך געפילט אַזוי גליקלעך, אַז זי וואָלט, ווען זי וואָלט זיך נישט גע־שעמט, אים אויסגעקושט אַלע זיינע גלידער.

זיינע ברויטן האָבן באַלד באַקומען אַ שם און זיינען צעכאַפּט געוואָרן פון די קונים; ראשית, ווייל זיי זיינען געווען גוט אויסגעקנאָטן פון זיינע שטאַרקע הענט; והשנית, ווייל ער איז באַליבט געווען ביי אַלעמען אין שטאָט, אידן און נישט־אידן, פאַר זיין האַרציקער באַנעמונג צו יעדן מענטשן. און אַז עמיצער פלעגט אָנהייבן ריידן לשון־הרע אויף אַרקען — דערמאָנען זיין וואַנדערן מיטן צירק — פלעגט זיך באַלד געפינען אַ צווייטער בכדי אויסצורעכענען זיינע מעלות און איבערגעבן די אָפּטע אָנזאָגן פונם ראַדזינער רבין: געדענקט נאָר פון יעדן מענטשן דאָס גוטע אין אים, און פאַרגעסט

דאָס שלעכטע, מיט וואָס דער מענטש ווערט אַמאָל געשטרויכלט. און דאָס זעלבע דאַרף מען אָנווענדן אויך צו זיך אַליין. ווייל דאָס געדענקען דאָס שיינע און גוטע איז מסוגל צו שטויסן דעם מענטשן צו ווייטערדיקע גוטס־קייטן און שיינקייטן. בעת צו דערמאָנען דאָס שלעכטע איז ווי עבירה גוררת עבירה, עס שטויסט דעם מענטשן צו מער שלעכטס. דאָס שלעכטע און בייזע מוז פאַרטריבן ווערן אפילו פון דער מחשבה, ווי אַ נגע צרעת, וואָס איז עלול אַריינצוטרייבן אין שאול־תחתיה אַריין.

מ׳האָט נישט דערמאָנט זיינע צירק־איבערלעבונגען, נאָר בלויז זיין מסירת־נפש איבער דער לייב־געשיכטע. דערפאַר האָט אים די גאַנצע שטאָט מקרב געווען, און נאָכן קבלת שבת, למשל, האָבן אים די שענסטע בעלי־בתים אַנטקעגנגעטראָגן דעם ערשטן: גוט־שבת!

אַרקע אַליין האָט זיך געפילט שפּל. ער האָט געטראַכט, אַז אפשר איז ער דאָס נישט ווערט, ער האָט דאָס גאַרנישט פאַרדינט? דאָך האָט ער הנאה גע־האַט פון זייער התקרבות צו אים. ער האָט צוגעוואוינט זיין פייגעלען אָוועק־צוטראָגן ברויטן צו נויטבאַדערפטיקע מענטשן. זי פלעגט זיי טראָגן פריי־שערהייט אין די פאַרטאָגן אונטער איר גרויסער פאַטשיילע און זיי איבער־לאָזן הינטער די טירן אין אַ טישטעכל פאַרפּאַקט ווי מתן בסתר. דאָס טיש־טעכל פלעגט אומגעקערט ווערן אויפן זעלבן אופן. די מקבלים פלעגן, נאָכן צונעמען די ברויטן, דאָס טישטעכל שוין צוזאַמענלייגן, עס צוריק אַוועקלייגן הינטער דער טיר, ווי זייער שטומער דאַנק. אַרקע האָט דאָס געטאָן יעדן שבת אָדער ערב יום־טוב מיט חלות. ווען ער פלעגט זיי באַקן פאַר זיך, האָט ער אויך געהאַט אינזינען די שעמעוודיקע נויטבאַדערפטיקע, און געבאַקן אויך פאַר זיי.

באַלד נאָך זיין חתונה האָט ער אויך מיטגענומען פון דער שול אַן אורח אויף שבת. און מוצאי־שבת האָבן ער און פייגעלע אָנגעפילט די טאָרבע, וואָס דער אָרימאַן האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך נאָך דער הבדלה, מיט ברויט, חלה און כל־טוב. ווי צידה לדרך איז אים נאָך געגעבן אַ שיינע נדבה דערצו, און דעם אורח באַגלייט מיט כבוד.

אָבער אַ סך מאָל האָט מיט אים געטראָפן אַ מאָדנע זאַך. דער אויוון איז געווען איינגעהייצט, די ברויטן זיינען געווען אויסגעלייגט אויף די לאַנגע ברעטער. זיי זיינען שוין אויפגעגאַנגען פונם גוטן זויערטייג, וואָס אַרקעס הענט האָבן געקנאָטן. זיי האָב געוואָרט אַריינגערוקט צו ווערן אינם אָנגע־גליטן אויוון. די ציגל אינעווייניק זיינען שוין געווען רויט ווי פייער. שוין לאַנג צייט געווען אַרויסצושאַרן די גלאָווניעס, די אויסגעברענטע האָלץ־קוילן, און אַריינזעצן די ברויטן.

נאָר אַרקע איז אַזוי געשטאַנען גרייט מיט דער לאַנגער, הילצערנער, אַביסל שוואַרץ־אָפּגעבראָכענער לאָפּעטע אין זיין האַנט אַנטקעגן דעם רויטן אויוון. דער רויטער פייער־גלי האָט געמיניעט און זיך געשפּיגלט אויף זיין פּנים. ער איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער, פאַרבענקטער, געקוקט לאַנג און שטאַר אינם חלל אריין, ווי אַ נישט־דאָאיקער, ביז פייגעלע האָט אים דער־מאָנט, באַרירנדיק צניעותדיק זיין האַנט, אַז ס׳איז דאָך צייט אַריינצורוקן די ברויטן.

אַרקע האָט זיך דעמאָלט אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום, אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ, גיך אַרויסגעשאַרט די שוין ווייס־אַשיקע קוילן און שנעל אַריינ־געררוקט די לאַנגע לאָפּעטע מיט די שיין־אויפגעגאַנגענע ברויטן.

זאָל עס זיין, אַז אַרקע האָט געחלומט און געבענקט נאָך אַלץ צו איר, צו וואַנדאַ׳ן

אפשר ?

ווער ווייסט ?

# אַרקעס טויט

אַרקעס געירשנט הויז פון האַלב־קיילעכיקע, געהאַקטע קלעצער, מיטן שינדל־דאַך, וואָס אַ סך דורות פאַר אים האָבן דאָס געבויט, האָט שוין אַרויס־געוויזן סימנים פון אַלטקייט.

דער שינדל־דאַך איז שוין געווען באַדעקט מיט טיפן גרינעם מאָך. טייל קלעצער פון דער אונטערשטער וואַנט צום הויף־צו זיינען שוין געווען האַלב צעפוילט און די ווינטן האָבן שוין אַרויסגעבלאָזן דאָס צעפוילטע האַלץ־שטויב פון די שפּאַלטן. אין דעם הויז האָט ער געבאַקן זיינע שוואַרצע, ראַזאָווע ברויטן.

די וואַקסנדיקע, פרנסהדיקע שפע ביי אים האָט זיך מיט יעדן יאָר אַלץ מער אַנגעזען.

דער צוגעבויטער מעל־שפּייכלער איז געוואָרן מיט יעדן יאָר אָנגעפּילטער מיט זעק מעל אין דער לענג, ברייט און אויך אין דער הויך.

פייגעלע איז געווען די גאַנצע ווירטן פונם געלייזטן געלט. ער האָט נאָר איבערגעלאָזט פאַר זיך, פאַר זיינע נויטיקע אייגענע הצטרכותן, ווי אויך פאַרן טיילן צדקה יעדן פרימאָרגן, נאָכן דאַווענען אינם אַלטן בית־המדרש. קיינער האָט נישט געוואוסט די סיבה פון זיין שטענדיקן אַוועקפאָרן יעדעס יאָר פאַר יום־כיפור. נאָר ביים געזעגענען זיך מיטן ליבן שכן זיינעם, לייבישן, אברהם וואַטנמאַכער׳ס זון, האָט ער אים דערמאָנט שטענדיק פאַרן אַוועקפאָרן, ער זאָל ניט פאַרגעסן צו פאַרבעטן זיין ווייב צו אים אויף יום־כיפור און דעם שבת נאָכדעם, בכדי זי זאָל נישט בלייבן אַליין מיט די פיר ווענט. ביים האַלטן לייבישס האַנט מיט אַראָפּגעלאָזטע, פאַרשעמטע אויגן, האָט שוין יענער געוואוסט, וואוהין אַרקע פאָרט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוואוסט דעם סוד פון זיין קבר־אבות צו וואַנדאַן. ווען אַרקע איז געקומען אינם פויזנער שטעטל זאַגאַראָוו, איז ער יעדעס מאָל פאַרביי דאָס הויז פון איר אַלטער מוטער וואו מען האָט זי דאָן געבראַכט אַ טויטע. כאָטש דאָרט האָבן שוין געוואוינט אַנדערע מענטשן, פונדעסטוועגן איז ער נאָכאַמאָל געקומען צום הויז ביים צופאַלן פון דער נאַכט, פאַרן גיין צום צמענטאַזש. ער האָט זיך געדרייט הין און צוריק מיט אָנגעשטרענגטע בליקן צום באַ־לויכטענעם פענצטער. ער האָט געוואָרפן זיינע בליקן צום ווינקל, וואו וואַנדאַ איז געלעגן אינם קאַסטן אין איר ווייס, ראש־השנהדיקן, זיידן קליידל. טרערן

האָבן זיך געקייקלט פון זיינע אויגן־ווינקלען. ער האָט געפילט מיט זיינע דיקלעכע ליפּן דעם געזאַלצענעם, ביטערן טעם פון זיינע טרערן. דערנאָך איז ער אַוועק מיט שטילע, באַצערטע טריט גאַס־איין גאַס־אויס פונעם שטעטל אויפן ברוקירטן מיט גרויסע האַלב־רונדיקע שטיינערדיקן שאָסיי און פאַר־קירעווועט זיך אויפן זייטיקן, זאַמדיקן, פּוילישן ווייכן וועג, וואָס פירט צום צמענטאַזש. ער האָט זיך געדראַפּעט ווי אַ קאַץ איבער דער וואַנט, צוגעקו־מען האַסטיק מיט האַרצקלאַפּעניש צום באַגראָזטן קבר אירן. ער האָט קוים באַרירט מיט ציטערדיקע הענט דעם מצבה־שטיין, וואָס ער האָט איר געשטעלט. אין זכרון זיינען אים פאַרביי די סאַמע ערשטע מינוטן פונם באַגעגענען זיך מיט איר. אויך די אַלע ליבע יאָרן פון וואַנדערן מיט איר, ביז יענער אומ־גליקלעכער נאַכט. אַזוי איז ער געשטאַנען שעהן־לאַנג, פאַרזונקען אין טיפער פאַרטראַכטקייט, ביז ער האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט, געשעפּטשעט עפּעס מיט די ליפּן אַ געבעט, אָדער אַ געזעגענונג.

ער האָט געגלעט מיט טיפער צערטלעכקייט דעם שטיין, צוריק אַריבערגע־קראָכן דעם שטיינערנעם צוים. אַרויף אויפן שליאַך איז ער געגאַנגען אַזוי איינזאַם, דערשלאָגן, פאַרטראַכט, ביז ער האָט באַגעגנט אַ וואָגן, וואָס האָט אים צוריק אַוועקגעפירט אויפן וועג אַהיים, בכדי נישט צו לאָזן זיינע קונים, די פּויערים, אָן ברויט. איבער דער צייט, וואָס ער איז אַוועק פון זיין היים, האָט ער אויסגעלערנט איינעם פון זיינע גוישע שכנים, דעם יונגן וואַיטעקן, דער שטאַרקסטער שגץ פונם מקום, מיטן געשטופּלטן פּנים ווי אַ ריב־אײַזן, צו באַקן די ראַזאָווע ברויטן ווי ער.

לייביש האָט אויך געוואוסט אַרקעס סוד — זיין נדר צו זיין אַ פּרוש פון זיין פרוי, פּייגעלע. ס'האָט נישט געהאָלפן זיין איינטענהן מיט אים, נישט מיט גוטן און נישט מיט בייזן, אָנווייזנדיק אויף דער גרויסער עבירה קעגן זיין ליבן נאָמען, אויף דער אכזריות קעגן איר, אויך אויף דעם אומרעכט פון צער און פּיין קעגן זיין ווייב, פון נישט לאָזן קיין געביין, קיין קדיש נאָך זיך; ער האָט אים געדראָט מיט גהינום, מיט פאַרמסרן פאַרן ליפּסקער רבין — אָבער אַרקע, אַ וויינענדיקער ווי אַ קליין קינד, האָט אים דערציילט מיט אָנ־וואונקענדיקע, האַלב־שטאַמלענדיקע ווערטער פון זיין זינד מיט וואַנדאַן, וואָס איז דורך דער סיבה פון איר טויט נישט געהייליקט געוואָרן, דורכן געפּלאַנטן חופּה וקדושין נאָך איר מגייר זיין זיך. דערפאַר איז ער געבליבן מיט אַזאַ שווער האַרץ. ער האָט געפילט ווי אַ שווערער שטיין הענגט אים אויף זיין האַלדז, וואָס ציט אים צו דער ערד, דערפאַר קאָן ער נישט און וועט נישט, אָן אומריינער זיך באַהעפטן מיט איר.

לייביש האָט געמוזט געבן תקיעת־כף צו אַרקען, אַז ער וועט נישט

דערציילן דעם רבין דערפון. און זי, פייגעלע, ווען זי וואָלט נישט געווען קיין קיילעכיקע יתומה, אָן אַ טאַטן און מאַמען, וואָלט זי געהאַט פּאַר ווען זיך אַראָפּצורעדן איר שווער, ביטער האַרץ. אָבער זייענדיק אַ יתומה האָט זיך אויס בושה אירע שווערע וויטיקן דערשטיקט אין זיך. כאָטש יעדן מאָל ווען זי איז אין די באַשטימטע אָוונטן געקומען פון דער מקווה, פלעגט זי אַ ציטערדיקע מיט האַרץ־קלאַפּונג און שאַרנדיקע טריט זיך צושלייכן צום לאַנגן טייג־טיש, וואו אַרקע איז געשטאַנען מיט די פאַרשאַרצטע, נאַקעטע הענט ביים איבערקנעטן אינם געטונקענעם מעל די ברויטן. דעמאָלט פלעגט זי אַזוי אַ שטרעק־טאָן איר קליין הענטל מיט די קורצע פינגער, ווי אַ שפּי־לעוודיק קעצל צום שטיקל טייג דעם רונדן, וואָס ער, אַרקע האָט אַזוי קרעפּ־טיק געדרייט ווי אַ גומענע פילקע און דערוויל מיט לאַשטשענדיקער צאַרט־קייט באַרירט זיין ריזיקע האַריקע האַנט. זיין גאַנצער קערפּער האָט דעמאָלט אויפגעציטערט, ביז אפילו דאָס שטיק טייג־ברויט האָט געציטערט אין זיין האַנט און אַרויסגעפאַלן. ער האָט געטאָן אַ בייזן בליק אויף איר. זי האָט אירע אויגן אַרונטערגעלאָזט צום דיל און ער האָט זיך האַסטיקער גענומען קנעטן די ברויטן. זי האָט זיך אַריינגעשלייכט אינם שלאָף־אַלקערל דער־נעבן און געזאָגט קריאת־שמע מיט טריפנדיקע טרערן.

אַזוי זיינען פאַרגאַנגען לאַנגע יאָרן. ביז פייגעלע איז פאַרוועלקט און קראַנק געוואָרן. זי איז געשטאָרבן מיטנעמענדיק מיט זיך איר סודותדיקע, גרויזאַמע פּיין אין קבר אַריין.

באַלד נאָך איר טויט האָט אַרקע דערפילט זיין שווערע זינד וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן דער צניעותדיקער פייגעלע. דאָס האָט אים געמאַטערט מיט טיפער פּיין און ביטערן פאַרוואורף צו זיך. ער איז אַוועק צום ליפּסקער רבין, זיך מתוודה געווען פאַר אים אויף זיינע מעשים קעגן פייגעלען. ער האָט אים אויך דערציילט פון זיין זינד און דעם אומגליק מיט וואַנדאַן און געבעטן דעם רבין אים אַרויסצוגעבן אַ תשובה.

דער ליפּסקער האָט זיך אויף אים געבייזערט מיט זייער האַרבע שטראָף־רייד, געקלאַפּט בעת־מעשה מיט די לאַנגע פינגער אויפן אָפענעם ספר אַנט־קעגן אים. זיינע ווייסע, געדיכטע ברעמען האָבן געשטאַרט אַרקען אַנטקעגן ווי שפּיזיקע נאָדלען. אָבער ווען דער ליפּסקער האָט דערזען ווי אַרקע ווערט בלייך ווי קאַלך, הויבט אָן העשען מיט זודיקע טרערן און ציטערט מיט אַ געבעט: רבי, ראַטעוועט מיך! — האָט דער ליפּסקער זיך אויפגעשטעלט פון זיין פאָטער־שטול, גענומען אַרקען ביי די הענט און אים אַוועקגעזעצט אין זיין ווייכער שטול. ער האָט אים אָפּגעווישט די טרערן ווי אַ טאַטע, מיט זיין רויטער פאַטשיילע, געזעצט זיך לעבן אים אויף אַ צוגערוקט בענקל, געגלעט

אים אין זיין ברייטן שטערן און געזאָגט מיט שטילע געציילטע ווערטער:

— איך בין אויף דיר גוזר אויפצוגעבן ראשית, דאָס פּאָרן דיינס אַהין, ווייל דאָס קאָן נאָך דיך פאַרפירן, חלילה, אין כף־הקלע.

ער האָט אויפגעהויבן העכער זיין קול און געזאָגט צו אים, אַז מיט קריכן אויף „צמענטאַזשעס" רייניקט מען זיך נישט פון זינד. וועגן איר, דער צדקת, זיין פאַרשטאָרבן ווייב, אַ מליץ־יושרטע זאָל זי זיין, איז פאַרפאַלן, „ה' נתן וה' לקח". ער האָט דערנאָך אַרקען געזאָגט: זאָלסט אַ גאַנץ יאָר זאָגן קדיש נאָך איר און זען האַלטן אירע יאָרצייטן בכבוד, באַצאָל שיין, מיט אידלקייט, דעם אָרימען תלמיד־חכם, דעם חסיד מיינעם, דעם מלמד פון מאָגילניצע, אברהם שמעיה, ער זאָל יעדן יאָרצייט לערנען אַ פּרק משניות נאָך איר, און האָב חתונה תיכף מיט דער אלמנה פּעסיע, דיינע אַ וויטע קרובה. כ'שיק גלייך נאָך היינט דעם שדכן אפרים צו אייךביידן, און זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה. דער רבונו־של־עולם זאָל אייך ביידן מזכה זיין מיט גידול בנים ובנות.

ארקע האָט געענטפערט ביים אויפהויבן זיך פון רבינס שטול מיט אַן אויפגעהייטערטן פּנים:

— אמן, רבי!

ביי דער חתונה־מאָלצייט, וואָס איז פאָרגעקומען ביי לייבישן אין הויז, ווייל די חופּה איז געווען ביים רבין, האָט זיך לייביש געריבן די הענט פון גרויס שמחה. ער האָט געפילט אין אַרקעס פריידיקע אויגן, ווי מען וואָלט אין אים אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט. זי, פּעסיע, אַ שטאַרקע, אַ סך יונגער פון אַרקען, האָט געהאַט אַ קינד יעדעס צווייטע יאָר. די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן און חתונה געהאט אין דער פרעמד. זיי האָבן שוין געהאַט אייניקלעך און אור־אייניקלעך. פּעסיע איז געוואָרן אַלט און פאַרוועלקט. איר פּלייצע איז געוואָרן איינגעהויקערט צו דער ערד, געבויגן. אָבער נישט אַרקע. אַזוי ווי די יאָרן וואָלטן גאָר נישט געהאַט קיין שליטה אויף זיין גבורה.

***

די אַלטע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, ווי זיינע שכנים, די זקנים פון די ליקעס אינם „מקום" — קיינער פון זיי האָט נישט געדענקט דאָס יאָר פון ארקעס געבורט, ווי זיינע יוגנט־יאָרן. ביי אַלעמען איז נאָר געווען איינגעקריצט זיין איצטיקער אויסזען: אַן אומגעלומפּערט־הויכער, ברייטפּלייציקער, מיט אַן אומגעווייניגלעך־לאַנגן סטאָן; מיט הענט, ווי לאָנגע, דיקע קלעצער; מיט געלע האָר און געלער באָרד און פּאות; מיט בלויע אויגן, וואָס ברענען ווי זיין פייערדיק־אָנגעהיצטער באַק־אויוון. די פּויערים האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „וויעצקע", דער מענטש, וואָס לעבט אייביק...

אַרקע האָט אָנגעוואָרפֿן אַן אימה מיט זיין ריזיקן אויסזען. דאָך האָט די גאַנצע שטאָט אים ליב געהאַט פֿאַר זיין גוטסקייט און מילדקייט. די שניידער, שוסטער ווי אַלע איינוואוינער פֿונם דענקעווער געסל האָבן זיך מיט אים געגרויסט. די ווייבער האָבן געקוואָלן פֿון זיין אָפּהיטן זייערע טשאָלענט־טעפּ פֿרייטיק פֿאַרנאַכט. אַרקע האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז דער אויוון זאָל זיין ווי געהעריק אָנגעהייצט פֿאַר דעם עונג־שבת פֿון די גוטע, ליבע שכנים פֿונם געסל.

די באַלעבאָסטעס פֿונם געסל האָבן זיך באַרימט אין דער ווייבערשער שול, אַז די שבתדיקע קאַרטאָפֿליעס פֿון ארקעס אויוון קומען אַרויס ברוין, ווי די שענסטע קאַשטאַנעס; אַז פֿון זייערע לאָקשן־קוגלען ווינט אַרונטער דאָס פֿעטס, ווי פּערלדיקע טרערן; אַז מ׳קאָן ממש איבערציילן יעדן לאָקש; אַז פֿון די שטיקלעך טשאָלנט־פֿלייש טריפֿט דער זאַפֿט אין מויל, ווי פֿון געשמאַקע אָסיענדיקע ליעזשעלקעס.

ווען די שניידער אינם געסל האָבן גענומען די מאָסן פֿאַר מלבושים מיט די לאַנגע זעכציק סענטימעטערדיקע שמאָלע לענטעס, וואָס העגגען אַראָפּ פֿון זייערע העלדזער, און ס׳איז זיי נישט געפֿעלן די סטאַנען פֿון די מענער אָדער טאַליעס פֿון די פֿרויען — האָבן זיי שפּאַסיק געזאָגט: ס׳איז „אַרקעס סטאַן״.

דאָס זעלבע די שוסטער ביים מעסטן די מענערישע אָדער ווייבערישע פֿיס מיט די שמאָלע און לאַנגע שטיקלעך פֿאַרבויגן פּאַפּיר, וואָס פֿאַרצייכענען די לענג און ברייט פֿון די פֿיס מיט פֿאַרבייגן אָדער האַלב־איינרייסן דאָס פּאַפּיר — אויך זיי האָבן גערעדט מיט ליבן חוזק וועגן די אומגעלומפּערט־לאַנגע, צי ברייטע פֿיס, אַז יענע האָבן „אַרקעס פֿיס״.

אַרקעס גבורה איז אויך געווען אין לשער.

ווען זאַוול אטש, דער בעל־עגלה מיטן לאַנגן וואָגן, וואָס פֿירט פֿון דער באַן ראַמפּע די שווערע משאות אין שטאָט אַריין, האָט געברענגט צו אַרקען יעדע וואָך די עטלעכע זעק מעל — האָט ער זיי אַרונטערגענומען מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי ער וואָלט אַ שמעק־טאַבאַק גענומען.

אַרקע האָט געפֿילט, ווי עס ברויזט אין אים די גבורה. די בלוטן און מוס־קולן צעשפּילן זיך אין אים, ווי די געדערים פֿון וואולקאַנען. ער ווערט אָפּט פֿאַרציטערט פֿון די חיהשע גלוסטונגען, וואָס באַפֿאַלן אים. דערפֿאַר האָט ער מורא געהאַט אָנצורירן מעסערס, שערן, העק; צוליב דעם טאַקע האָט ער אויסגעקליבן די מלאכה פֿון באַקן פּראָסטע ברויטן. ער האָט ליב געהאַט צו קנעטן מיט זיינע ריזיקע הענט אין די גרויסע הילצערנע דייזשעס, דער־נאָך מיט די הענט פֿונאַנדעררייסן די שטיקער טייג צו פֿורעמען די ברויטן. מיט די גרויסע הילצערנע לאָפּעטעס, איז ער געשטאַנען בכיוון וואָס לענגער

ביים ברענענדיקן, גליענדיקן אויוון, כדי צו מאַכן מיד זיינע גלידער, און אויסברענען די חיהשע תאוות, וואָס לויערן אין אים. נאָך דער אַרבעט האָט ער דערפאַר געקענט זאָגן רואיק עטלעכע קאַפּיטלעך תהלים און זיך פאַר־גיין אין אַ חסידישן ניגון פון זיין ליפּסקער רבין, ר׳ ירחמיאל. אַמאָל האָט ער זיי אויסגעזיגנגען צוזאַמען מיט זיין פרומען שכן לייבוש וואַטנמאַכער, וואָס איז אויך געווען הויך און ברייטפּלייציק, דאָך אויסגעקוקט ווי אַ מלופּים־קינד אַנטקעגן אים.

אַרקע האָט זיך געהיטן ווי פאַר פייער, נישט צו ווערן דערצאָרנט, קיינער זאָל אים נישט אַרויסברענגען פון די כלים. ער האָט נאָך געדענקט דעם פאַל מיט לאַנגע יאָרן צוריק, ווען אַ פויער, אַ האַלב־שכורער, האָט אָנגעהויבן זיך לוסטיק מאַכן מיט אַ שלעפּ טאָן אַ פּאה ביים מעל־סוחר ר׳ פייוול, וואָס איז אַריינגעקומען צו אַרקען זיך אויסרעכענען פאַרן גע־קויפטן מעל. אַרקע האָט דעם פויער דערלאַנגט אין לייכטן פּאַטש, פון וואָס יענער איז געפאַלן איבער דער דייזשע, צעבראָכן אַ פוס און געבליבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן.

אַ צעשראָקענער פון זיין אייגענער גבורה, האָט ארקע זיך דעמאָלט צערעוועט ווי אַן אָקס, געוויינט מיט באַנומענע קולות. ער האָט שפּעטער ביים פויער געבעטן מחילה פאַרן קלאַפּ און אים געהאָלפן היילן. אַלע האָבן געוואוסט, אַז אַרקע איז אין דער אמתן נישט געווען שולדיק. אויך דער פויער האָט צוגעגעבן, אַז ס׳איז זיין אייגענע שולד, נישט אַרקעס. אָבער ארקע האָט דעמאָלט אַ נדר געטאָן מער אין זיין לעבן נישט אויפצוהויבן קיין האַנט קעגן אַ מענטשן, ווי אומגערעכט יענער זאָל נישט זיין, און אויס־צונוצן זיין גבורה נאָר אויף העלפן מענטשן אין אַ נויט.

אַרקע איז געווען איינער פון די ערשטע פייערלעשער אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער,ווען עס האָבן געברענט הייזער, תבואה־שייערן אָדער שטאַלן מיט בהמות און פערד. ער פלעגט ראַטעווען מענטשן אָדער בעלי־חיים אונטער די סכנותדיקסטע אומשטענדן, איינשטעלנדיק זיין לעבן. ער פלעגט קומען צו די פייערן מיט אַ גרויסן צעבער וואַסער אין איין האַנט און אַ לאַנגן שפּיציקן דראָנג אין דער צווייטער. מיטן לעצטן פלעגט ער אויפברעכן די טירן פון די הייזער, שייערן און שטאַלן און אָפּווערן, פאַרהיטן, אַז דאָס פייער זאָל זיך נישט אויסשפּרייטן. ער האָט אויך גענוצט דעם צעבער צו שעפּן וואַסער און לעשן דאָס פייער. אויפן שריפה־פּלאַץ איז ער תמיד געבליבן דער לעצטער, זיין פּנים האָט דעמאָלט געלויכטן מיטן לעצטן גלי פון די פאַרלאָשענע פייערן. ער פלעגט מורמלען אין דער שטיל אַ תפילה,

דאַנקען גאָט פאַרן געבן אים דעם כוח צו באַזיגן דאָס פייער, פאַר דער זכיה צו קאָנען העלפן די מענטשן.

איןביידע כאָליערע־מגיפות איז ער טאָג און נאַכט אַרומגעגאַנגען צווישן אַלע חולאים און איינגעריבן די צעקאָרטשעטע גלידער, וואָס זיינען אין ספּאַזמעדיקע ווייען איינגעשרומפּן און פאַרדרייט געוואָרן, ווי קנויטן. מיט זיינע שטאַרקע הענט האָט ער געריבן די, מיט ברענענדיקע טיכער פאַר־דעקטע, צעווייטיקטע קערפּער־טיילן, צוריק אויסגעגלייכט די צעקנוילטע פיס און הענט. אַ סך אידן און ניט־אידן האָבן שפּעטער אים געבענטשט, זאָגנדיק, אַז פריער גאָט, דערנאָך אַרקען, האָבן זיי צו פאַרדאַנקען זייער בלייבן לעבן.

**
*

מען האָט אָנגעהויבן אונטערבויען אַ נייעם פונדאַמענט פאַר דער אַלטער שול. האָבן צעסליאַרעס געבעטן אַרקען, ער זאָל זיי העלפן אונטערהויבן די הילצערנע ווענט מיט לאַנגע פּירקאַנטיקע דעמבענע קלעצער. אַלע בית־מדרש־ניקעס, באַזונדערס די חדרים־קינדער, ווי אויך אַ סך דערוואַקסענע, זיינען גע־שטאַנען און מיט פריידיקן נייגיר געשעפּט נחת פון זייער גיבור אַרקען. זיי האָבן געקוקט, ווי ער בייגט אַרונטער מיט זיינע קרעפטיקע הענט דעם דעמבענעם קלאָץ אונטער די בעלקעס און הייבט אַזוי לייכט די שווערע ווענט, ווי זיי וואָלטן זיין פון קאָרטן. זיי האָבן געזען, ווי זלמן דער מוליער פאַרמויערט מיטן וואַפּנע־קאַלך שטיין נאָך שטיין, רואיק און זיכער, זיך פאַרלאָזנדיק אויף אַרקעס האַלטן די ווענט, ביז דער נייער פונדאַמענט וועט אויפגעבויט ווערן.

אַרקע האָט געאַרבעט טעג און וואָכן מיטן גרעסטן יראת־הכבוד ביי דער פאַרהייליקטער אַלטער שול. די שווערע אַרבעט איז געוואָרן ביי אים, ווי אַ געזאַנג צו גאָט. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ זכיה פאַר אַן עבודת־הבורא, צו העלפן איבערבויען די אַלטע, הייליקע שול.

די קינדער פון שטאָט האָבן מורא געהאַט, זיך געשראָקן פאַר אַרקעס ריזיקן אויסזען. אָבער נאָכן צוקוקן זיך צו זיין אַרבעט ביי דער אַלטער שול, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך טוליען צו אים, ווי צו אַן עלטערן, שטאַרקן ברודער. די עלטערע קינדער האָבן אין אים געזען אַ לעבעדיקע קאָפּיע פון דעם שמשון הגבור, וואָס זיי קענען פון תנ״ך.

ביי דער אַרבעט האָט ער אויסגעטאָן זיין כאַלאַט. אין דער צייט פון די הפסקות, ביים בייטן די קלעצער, איז אַרקע געשטאַנען אינם העמד מיטן טלית־קטן און שוואַרצן קאַפּל, זיין שטערן איז געווען פאַרשוויצט, זיינע בלויע אויגן האָבן געלאַכט פריידיק און ער האָט געגלעט די קינדערישע קעפּלעך.

אַרקע האָט זיי געוויזן די קונציקע ליולקע, וואָס ער האָט געמאַכט. זי איז

געווען אַ לענגלעכע, פון ברוינעם האָלץ, מיט העלע פלעקן פון די סענקעס, און שיין אויסגעפּאָלירט ביים מויל־אויסבויג. דאָס טאַבאַק־שיסעלע איז באַשטאַנען פון אַן אַלט פּאָרצעלייען, שמאָל טעפּעלע, פאַרפּוצט מיט אַ האַלב־רונדיק גאָלדן דעקל, וואָס איז אויסגעקלאַפּט פון אַ גאָלדענעם אַלט־פּוילישן דוקאַט.

די קינדער, פאַרגאַפטע, אַנטציקטע, האָבן געגלעט די ליולקע. יעדעס פון זיי האָט געגעבן מיטן צינגל אַ לעק און אַ ציי, אַרויסגעלאָזט בעת־מעשה אַ פּאַרע פון מיילכל, ווי זי וואָלט אמתדיק געראויכערט.

זינט דעמאָלט איז אַרקען באַפאַלן אַ תשוקה צו מייסטרעווען ליולקעס, וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו יעדן אידישן יום־טוב. ער איז אַוועק קויפן די בויטיקע מאַטעריאַלן אין דער טשמעליוועער פּאָרצעליי־פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו אַ קסיאַנדז, אַן אָפּשטאַמיקער פון די אַמאָליקע פּוילישע קיסרים. אַרקע האָט שטאַרק נושא־חן געווען ביים גלח מיט זיינע געמעלן פון אידישע אותיות און סימבאָלן אויף ספּעציעלע טאַבאַק־טעפּעלעך.

טייל פון די ליולקעס זיינען געווען פון אונטן שמאָל און וואָס העכער אַלץ ברייטער; טייל פון זיי זיינען געווען האַלב־קיילעכיק; טייל פיר און זעקס קאַנטיק. אויך דאָס ליולקע־האָלץ אָדער מעטאַל, וואָס אַרקע פלעגט קויפן ביים קסיאַנדז, איז געווען זייער פאַרשיידנאַרטיק: אַמעריקאַנער און אַפריקאַנער מאַהאַגאַנעץ, שוואַרצער עבאַני, לאַנגע שטענגלעך פון גאָלד און בורשטין, עלפאַנט־ביין. טייל ליולקע־רערלעך זיינען שוין געווען מיט באַ־צירטע פּערלמוטערנע פּאַסאַדן, מיט מאָזאַאיקעס פון איידלשטיינער, מיט בילדער פון מענטשן, חיות און עופות.

די פּסחדיקע ליולקע איז געווען זייער אַ לאַנגע, מיט אַ פּאָרצעליי־טעפּע־לע. אויף איר איז געווען אויסגעמאָלט אַ ציגעלע מיט עטלעכע שורות פון חד־גדיא.

די שבועותדיקע האָט געהאַט צווילינגדיקע טאַבאַק־טעפּעלעך פון גאָלד־באַמאָלענעם פּאָרצעליי. פון איין זייט זיינען די טעפּעלעך געווען האַלב־פּאַר־רונדיקט ווי די צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות. די צוויי גאָלדענע דעקלעך פון דעם טאַבאַק־טעפּעלע האָבן אויסגעקוקט ווי אַ כתר־תורה.

די ראש־השנהדיקע ליולקע איז געווען פון ווייסן פּאָרצעליי. דאָס דעקל — פון ריינעם זילבער, אויף וועלכן עס זיינען געווען אויסגעקריצט מיט גע־טאָקטע אותיות די ווערטער: חטאינו כשלג ילבינו.

פאַר הושענא־רבה האָט ער געמאַכט אַ ליולקע מיט אויסגעמאָלענע גרינע הושענות. פאַר שמיני־עצרת — מיט אויסגעקריצטע בילדער פון הקפות. פאַר שמחת־תורה — אַ מין „טאַנצנדיק", אויף אַ דין פיסל, טאַבאַק־בעכערל,

אויף וועלכן עס זיינען געווען אויסגעקריצט די ווערטער: שישו ושמחו בשמחת תורה.

יעדן יאָר זיינען אין פענסטער פון זיין שטוב געווען אויסגעשטעלט נייע, פאַנטאַסטישע ליולקעס. קינד און קייט פלעגט קומען צום פענסטער באַוואונדערן די טשיקאַווע ליולקעס און זאָגן איינער דעם אַנדערן, אַז מ׳זאָל אויסגייין אפילו דעם גאַנצן כדור העולם וועט מען קיין שענערע ליולקעס ניט געפינען.

די קינדער האָבן געקלעפּט צום פענסטער, ווי בינען צו האָניק. פּנחסל פונם דענקעווער געסל האָט זיך געפילט ביי אַרקען ווי ביי זיך אין דער היים. ער איז דאָרטן אָפּגעלעגן מער ווי די אַנדערע קינדער. דאָס איז געווען מחמת פּנחסעס ווייסע מלבושים — אַ סגולה פון אַ גוטן אידן — צוליב וועלכע אַנדערע קינדער האָבן זיך מיט אים נישט געוואָלט שפּילן, אים געיאָגט און נאָכגעשריען:

— „ווייסער מת, גיי אין דיין רו אַריין!“

פלעגט פּנחס באַלד נאָכן לערנען אין חדר, אַריינגיין צו אַרקען, באַטאַפּן יעדע ליולקע.

אַרקע פלעגט אים אַמאָל אויפנעמען שפּאַסיק און זאָגן:

— סקאָצל קומט!... פּנחסל, כ׳זוך דאָך דיך ממש מיט הענגלייכטער!

דער צעפּיעשטשעטער פּנחסל פלעגט זיך באַליידיקן, אַרונטערלאָזן דאָס קעפּל און זיך אָנהויבן רוקן צו דער טיר. אַרקע האָט אָבער באַלד אים מפייס געווען, אים געגעבן צו האַלטן איינע פון זיינע גרעסטע און שענסטע ליולקעס. פּנחסל האָט דעמאָלט שנעל פאַרגעסן אַרקעס שפּאַסיקן קבלת־פּנים און ער איז געווען אינם זיבעטן הימל פאַר שמחה.

ביים אַהיים קומען האָט פּנחסל באַלד אַלץ דערציילט זיין שטיפמוטער דאָכע. ער האָט ביי איר געפרעגט, וואָס אַרקע האָט געמיינט מיטן חוזק־ווערטל, אַז ער זוכט אים מיט העגגלייכטער. האָט זי אים געזאָגט, אַז ס׳איז אַ קרוב צום ווערטל: „זוכן מיט ליכט“. דאָכע האָט אָבער פּנחסלען פאַרזיכערט, אַז אַרקע האָט דערמיט נישט געמיינט קיין שלעכטס:

— ער האָט בלויז געוואָלט מיט דיר אַ שטיף טאָן, ווייל ער האָט דיך גערן צוליב דיין גוטן תורה לערנען, און אויך דערפאַר וואָס אַרקע אַליין איז אַ גרויס איבערגעוואַקסן קינד. און זיינע ליולקעס זיינען ווי די ליאַלקעס ביי קינדער, שיינע שפּילעכלעך זיך צו פאַרשפּילן!

***

אַרקעס צווייטע פרוי איז געשטאָרבן. די קינדער זיינען אַוועק אויף יענער זייט ים זוכן, ווי די פייגל, נייע נעסטן. דעמאָלט האָט אַרקע אויפגעגעבן זיין

באַקן. ער האָט נאָר געבאַקן איין טאָג אָדער צוויי אין דער וואָך פאַר די יאַרידן. ער האָט אויך אָפּגעהיטן דאָס איינהייצן דעם אויוון יעדן פרייטיק פאַר די טשאָלנטער פונם געסל. ער האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ דבר־מצוה, אַ הילף צום עונג־שבת פונם געסל.

אַרקע האָט מער נישט געוואָלט חתונה האָבן. אָבער דער ליפּסקער רבי ר׳ ירחמיאל האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל וואָס שנעלער חתונה האָבן:

— נזירות איז נישט פאַר דיר, אַרקע, געמיינט. כ׳האַלט בכלל נישט דער־פון, ווייל ס׳ברענגט צו עצבות. און עצבות פאַר דיר איז אַ שפּיל מיט פייער... און סתם ווען דער מענטש איז אַליין איז ער טאַקע גלייך ווי אַ שטיין. דערצו קומען נאָך די עלנטע, פאַרשטערטע שבתים און יום טובים. אויב מ׳זינגט זמירות פאַר די הוילע פיר ווענט, ווייזט כביכול אויפן מענטשלעכן גורל.

אַרקע האָט געפאָלגט דעם רבין און אינגיכן חתונה געהאַט מיט אַ פאַרזעסן מיידל, מיט גיטעלען, מאַטל די זיצערינס טאָכטער. אויך נאָך דער חתונה איז זי ווייטער געגאַנגען איבער די דערפער איינצוקויפן יונגע הינער, גענזלעך און אַנדערע עופות. זי האָט זיי געפּאַשעט ביז זיי זיינען גרויס און פעט געוואָרן און דערנאָך זיי פאַרקויפט צו די בעלי־בתים פון שטאָט אויף די שבתים און ימים־טובים. אַרקע האָט זיין ווייב צוגעהאָלפן. און זיי האָבן געלעבט ווי טויבן אין שלום און שלוה.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן ביינאַכט האָבן זיך ביידע אויפגעכאַפּט פון אַ שטאַרקן קראַך. זיי האָבן אָנגעצונדן דעם נאַפט־לאָמפּ און דערזען, ווי עטלעכע קלעצער פון דער הינטערשטער וואַנט האָבן געפּלאַצט פון אַלטקייט. די איבעריקע האַלב־צעפוילטע קלעצער האָבן זיך אויסגעבויגן ווי אַ הויקער צוזאַמען מיטן דאַך.

אַרקע האָט געזאָגט שפּאַסיק צו זיין ווייב:

— מיינע ווענט גייען שוין אויס די שמונה־עשרה און האַלטן שוין באַלד ביי „עושה שלום“. אָבער דאָס מען מיינט נישט מיך — אַ דאַנק דעם השם־יתברך.

ער האָט דערנאָך אויפגעוועקט יאַנקל דעם צעסלער, וואָס איז אינמיטן נאַכט געקומען באַטראַכטן די וואַנט. יאַנקל האָט געזאָגט אַרקען, אַז ס׳איז אַ סכנה, אַז מ׳קאָן נישט וואַרטן. ער וועט נאָך היינט פאַרטאָג קומען מיט זיינע עטלעכע געזונטע צעסליאַרעס־יונגען:

— קודם וועט מען מוזן זייער געהיטן אונטערשטעלן דעמבענע פאַד־פאָרעס. נאָכדעם אַפּירנעמען די אַלטע צעפוילטע קלעצער ביזן לעצטן — זיי

טויגן שוין אַלע אויף טישע נײַנציק כּפּרות. שפּעטער דאַרף מען אויפבויען אַ וואַנט פון נײַע קלעצער.

ער האָט אים דערבײַ געזאָגט דעם מקח פאַר זײַן אַרבעט. דאָס געהילץ וועט אַרקע אַליין קויפן אויפן טאַרטאַק אינעם וואַלד בײַ ד׳ מאיר העניעס. אַרקע איז באַשטאַנען, נישט געדינגען זיך. ער האָט נאָר געוואָלט אַליין זיך מתעסק זײַן מיטן ענין פּאַדפּאָרעס.

יאַנקל האָט פאַרזשמורעט זײַנע קלײנע אײגעלעך מיט אַ מינע פון אײנעם, וואָס איז אין ספק, צי ער זאָל זיך פאַרלאָזן אויף אַרקען. אָבער אַרקע איז באַשטאַנען אויף זײַנס:

— מײַנע פּלײצעס און מײַנע הענט וועלן זײַן די פּאַדפּאָרעס.

זיי האָבן אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן כּעלות בײַ זאַוול אטש, דעם בעל־עגלה, צו פאָרן אין וואַלד נאָך געהילץ.

***

אין דער אָפּגערעדטער צײַט זײַנען אַלע דרײַ אַרויף אויף דער הויכער קעלניע פונם לאַנגן וואָגן. אויף מזרח האָט זיך שוין באַוויזן אַ רויט פּאַסעקל פון דער אויפגײענדיקער זון. ס׳האָט אָנגעהויבן צו העלן אויף טאָג. די קאָנטורן פון די פיר צײלן האָבן זיך שוין געגומען אַדויסזען, הגם די שויבן פון די הײַזער האָבן נאָך אויסגעזען ווי פינצטערע גריבער. די הילצערנע און אײַזערנע טירן פון די געוועלבער האָבן שוין געלויכטן פון די דיקע ווענט מיט זײער גרויקייט, ווי מצבות. די צווײ הילצערנע, פּירעקיקע בודקעס פון סאָדע־וואַסער האָבן זיך אויסגעשיילט פון דער טונקל בײַ בײדע זײַטן שאָסײ אַזויווי צווײ קלויסטערס מיט די פּאָדשפּיצט־רויטע טורעם־דעכלעך זײַנען געשטאַנען אײנער קעגן אַנדערן, ווי צווײ בײזע הענער מיט רויטע קאַמען. דער ברונעם מיטן גרויסן, אײַזערנעם ראָד און האַלב־רונדן דאַך האָט געמיניעט סילועטיש.

זיי זײַנען פאַרבײַגעפאָרן דעם מאַרק און זיך פאַרנומען צום קינעווער שאָסײ. דער שמש יצחק פאַרבער האָט זיך באַוויזן, זיך באַוועגט ווי אַ שלײַכנ־דיקער שאָטן. ער האָט געקלאַפּט מיט זײַן הילצערנעם האַמער אין טירן און לאָדנס, וועקנדיק לעבודת הבורא. הײַנט האָט ער געקלאַפּט דרײַ מאָל — אַ סימן, אַז עמעצער איז הײַנטיקע נאַכט געשטאָרבן. אַלע דרײַ האָבן זיך איבערגעקוקט דערשראָקן. ס׳האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דער מלאך־המות געפינט זיך נישט ווײַט פון זיי, פליט נאָך אַרום מיט זײַנע שוואַרצע פליגלען און דעם שחיטה־חלף, וואָס בלוטיקט נאָך פריש... אַ שטילקייט האָט אַרומ־גענומען זײערע קעפּ. זײַנוול אָטש האָט אַ פּאָך געטאָן מיט זײַן בײַטש, אַ צי געטאָן מיט די לײצעס בכדי צו אַנטלויפן וואָס שנעלער, בײַם פאַרבײַפאָרן דעם בית־עולם. אַ מילד ווינטל האָט געבלאָזן פון די פעלדער און לאָנקעס.

אַרקע האָט זיך צעגאָסן פונם פריש־געשניטענעם היי־ריח מיט אַזאַ רעש, אַז יאַנקל איז שיער נישט אַראָפּגעפאַלן פון דער קעלניע. ביידע האָבן אים געווינטשן „נאַזדראָוויע״. אַרקע האָט אַרויסגעצויגן מיט שווערקייט פון דער ענגער כאַלאַט־קעשענע זיין גרויסע, רויטע פאַטשיילע מיט די ווייסע בלימע־לעך, אָפּגעווישט זיך די נאָז, באַטראַכט דעם באַגינענדיקן פאַרטאָגיקן הימל. עס האָט זיך באַוויזן קליינע וואָלקן־פלעקן, די זון האָט גענומען אויפגיין פונם האָריזאָנט מיט אַ העל־ראָזעווער ליכטיקייט.

זאָוול אָטש, דין ווי אַ שפּאָן, מיט אַ שמאָל שיטער בערדל, גיט פּלוצים אַ זאָג:

— ס׳וועט זיין אַ הייסער טאָג.

ער איז אַריינגעפאָרן אינעם געדיכטן קינעווער וואַלד. זאַנוול האָט נאָכאַמאָל אַ צי געטון די לייצעס פון זיינע שטאַרקע צווייפערד, פאַרדרייט זיך אויף לינקס אַרונטער פונם שאָסיי אינעם וויכן, זאַמדיקן וואַלדוועג. דער ליידיקער וואָגן האָט אויפגעהעדט זיין ווילדע בראַזגעריי, וואָס האָט זייערע אויערן פאַר־טויבט. מ׳האָט אפילו נישט געקענט הערן קיין וואָרט פון דעם וואָס מ׳האָט געפּלוידערט צווישן זיך.

אַז ס׳איז שטיל געוואָרן, האָט מען ערשט געהערט, וואָס יאַנקל רעדט:

— מע שמועסט אין שטאָט, אַז צוליב דעם וואָס מ׳האָט פאַרשעמט דעם אַלטן חזן ר׳ מאירל, איך מיין די מרידה פון די בעל־מלאכהס אין דער אלטער שול ביים ראש־חודש בענטשן — ר׳ מאירל, ע״ה, האָט על פּי טעות געבענטשט דריי טעג ראש־חודש — טוען זיך ביי אונז קיין חזנים מער נישט האַלטן.

ער האָט אַ הוסט געטאָן און פאַרגעזעצט:

— נו, און אַז מען בענטשט דריי טעג, איז וואָס? איר אַרקע, זייט דעמאָלט נישט צוגעשטאַנען צו קיין צד. איר זייט דעמאָלט געווען ניט מילכיק און נישט פליישיק. אָבער אברהמל, דער שוסטער, אייער טייערער שכן, איז געווען דער גרעסטער בונטאָווטשיק. ער האָט געפירט די קאָמאַנדע פאַרן גאַנצן דענקעווער געסל. ס׳געפעלן אים נישט ר׳ מאירלס קרעכצן. האָבן ער און זיין גלייכן זיך פאַרלייגט, אַז זיי מוזן האָבן אַ נייעם חזן פון די היינטיקע פראַנטן, מיט די פאַרפּוצטע בערדלעך, מיט אַ „קראַמערטאָן״, ווי זיי רופן עס. דאָס איז אַ מין לאַנגער טשוואָק, וואָס איך קלאַפּ אין די דיקע בעלקעס אַריין. דער חזן גיט דערמיט אַ קלאַפּ אויפן שטענדער, נעמט עס דערנאָך אין מויל אַריין, פאַר אַ סגולה, מסתמא, מאַכט דערביי אַזעלכע הכנות, ווי ביי אַ טעאַטערשפּיל.

יאַנקל האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער גערעדט:

— און וואָס האָבן די חברה־לייט אויסגעפירט? ר׳ מאירל, וואָס האָט גע־

דינט אַזוי געטריי, גאָטספאָרכטיק אונזער שטאָט העכער פופציק יאָר, נאָכמער ווי אַן אמתער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, איז פון דער וועלט געגאַנגען, ער איז נעבעך געשטאָרבן פון בושה און האַרצקלעמעניש. דער נייער חזן, וואָס אמת איז אמת, איז געווען גאָר אַ וואַזשנע כלי. זיינס אַ ראש חודש־בענטשן איז זיך צעגאַנגען אין יעדן אבר. ס׳ליגט מיר נאָך אין מויל דער טעם. משהלע, ביילע דער אלמנהס אַכט־יאָריקער זון, מיטן שיינעם אַלט־קולכל, האָט זיך אַליין, ווי אַ סאָלאָווייטשיקל, צעזונגען: חיים של פרנסה... און די איבעריקע משוררים האָבן אַזוי אונטערגעברומט מיט זייערע קולות, ווי ס׳וואָלט פון פּאַליש געקומען. אַי, ווי מסוכן־זיס דאָס איז געווען! הלמאי זאָלן מיר לייקענען, — נישט אמת, אַרקע?

אַרקע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און צוגעגעבן: אַזוי האָט מען געמוזט זינגען אינעם בית־המקדש...

— אָבער וואָס קומט אַרויס? — האָט אָנגעהאַלטן יאַנקל — דער נייער חזן האָט לאַנג נישט געקיניגט, איז אָוועקגעשטאָרבן אויף דער „שליעפּע קישקע״, רחמנא לצלן. האָט מען געבראַכט אַן אַנדער חזן פון פּיעטריקאָוו. שוין נישט אַזאַ קאַנאַריק, ווי דער ערשטער. אויף דעם פּיעטריקאָווער, כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, האָט מען געזוכט אַ זכות. הלמאי זאָל איך ריידן שלעכטס אויף אַ טויטן? ער האָט טאַקע געזונגען אַביסל הייזעריקלעך— כאָטש די לצים פון אייער געסל, ווי זלמן דער שלאָסער און זיינע קאַמעראַדן, האָבן דערציילט, אַז פאַר יעדן דאַוונען שליגגט ער אַרונטער עטלעכע רויע אייער. דאָס האָט אים אָבער געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס — דערפאַר אָבער איז ער געווען אַ גרויסער מנגן, פלעגט איבערלייענען אַ בלאַט נאָטן שנעלער ווי איך זאָג אַפּ אשרי... מ׳האָט געזאָגט, אַז דעם שיינעם „וישתבח״, וואָס אַלע שניידער־יונגען פונם דענקעווער געסל זינגען, האָט ער אליין פאַרפאַסט. נו, איז ווי לאַנג האָט דער חזן געדויערט מ׳שטיינס געזאָגט? — אַפילו נישט קיין גאַנצע צוויי יאָר. ער האָט אָקאָרשט אָפּגעבענטשט ראש־חודש תמוז, אהיימגעגאַנגען פון דער שול מיט אַ שטעכעניש אין דער לינקער זייט, און ס׳האָט ניט געהאָלפן קיין טאָטער און קיין דאָקטאָר. ער איז אויף מאָרגן געשטאָרבן, פון אַ האַרצ־שלאַג, האָט מען געזאָגט.

יאנקל האָט נאָכאַמאָל אָפּגעהוסט און ווייטער גערעדט:

— איצט, שמועסט מען, וועט זיין זייער שווער צו קריגן אַ חזן, ווייל מ׳זעט דאָך באַשיינפּערלעך, אַז צוליב דעם מבייש זיין דעם אַלטן חזן, ר׳ מאירל, וועלן זיך ביי אונז קיין חזנים נישט האַלטן. מ׳רעדט אפילו, אַז די דיינים, מיט גוטמאַנען בראש, וועלן אַרויפגיין ראש־חודש אלול אויף ר׳ מאירלס קבר און דער בית־דין וועט אינעם נאָמען פונעם רב און דער גאַנצער קהילה ביי אים

מחילה בעטן. מ׳וועט דערנאָך אַרויסלאָזן אַ קול קורא וועגן דעם. וועט מען אפשר קריגן אַ נייעם חזן אויף ראש־השנה

אַרקע האָט אים איבערגעריסן:

— געלויבט איז גאָט, וואָס כ׳האָב זיך ניט געמישט אין יענער מחלוקה. דו ווייסט דאָך, יאַנקל, פון מיין נדר זיך נישט צו כעסן איבער קיין זאַך. אָבער גלויב מיר, יאַנקל, אַז דאָס האַרץ האָט מיר געגנוג ווי געטאָן פון צוזען די עוולות קעגן ר׳ מאירל. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳וועט דערפון קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

זאַוול אָטש, וואָס איז געווען פונם קעגנערישן צד צו ר׳ מאירל, איז געזעסן שטיל, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און זיך גוט איינגעהערט צו יאַנקלס רייד. אפשר האָט ער שוין חרטה געהאַט אויף זיין מישן זיך אין יענער מחלוקה...

***

און אָט זיינען זיי פאַרפאָרן פאַמעלעך אינם האַלץ־טאַרטאַק. זיי זיינען אַראָפּגעשפּרינגען פון דער קעלניע, אויסגעגלייכט די פּלייצעס, אויסגעצויגן די הענט ווי די פליגלען פון אַ ווינטמיל. עס האָט זיי אויפגענומען דער שרייבער פונם טאַרטאַק שלמה גיטעלעס. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן ברייטע שלום־עליכמס, געפרעגט אויף זייערע בני־בית. נאָכדעם האָט זיי שלמה געפירט צום פּלאַץ, וואו עס ליגן די פּאַרטיקע, צוגעשניטענע קלעצער און בעלקעס.

יאַנקל האָט אַרויסגעצויגן די צוזאַמענגעלייגטע מאָס פון זיין רעכטער כאַליעווע, געמאָסטן די לענג און די גרעב, אָפּגעקליבן דאָס פּאַסיקע געהילץ. אַרקע איז משווה געוואָרן מיט שלמהן, און באַצאָלט פון אַ לאַנגן לעדער־בייטל פאַרן געהילץ. שלמה האָט געוואונטשן אַרקען און זיין איבערגעבויט הויז אריכת־ימים.

זאַוול אָטש האָט אָוועקגענומען פונם פערד דעם זאַק האָבער, געמישט מיט סיטשקע, און היידא — מען פאָרט אַ היים.

ביים אַרויספאָרן אויף דער קעלניע, האָט אַרקע געזאָגט:

— אַ שאָד, כ׳לעבן, וואָס מיר האַלטן נאָך פאַרן דאַוונען און וואָס מיר איילן זיך. ווען נישט, וואָלט מען באַדאַרפט אַריינגיין צו ר׳ מאירן, אינעם טאַרטאַק־בית־מדרש, און אים געבן שלום־עליכם.

זאַוול אָטש האָט האַלב־בייז אַ שמיצל געטאָן מיט דער בייטש און געזאָגט צו אַרקען:

— זייט מיר מוחל פאַר מיינע פּראָסטע רייד צו אייך. איר ווייסט דאָך, אַרקע, אַז ביי מיר איז „צאָ נאָ לונגא, טאָ נאָ צונגא״. איר דאַרפט זיך באַפרייען פון אייער שוואַכקייט צו די אָנגעבלאָזענע אינדיקעס. כ׳בין צוגעוואוינט פון

מיין קינדהייט אָן צו דער בייטש. מיין טאַטע און מיינע זיידעס — אַלע זיינען געווען בעלי־עגלות. מיט מיין מאַמעס מילך, ווי מען זאָגט, שוין איינגעזויגן דעם מיין פון אַ בייטש, בין איך געוואוינט צו שמייסן אויב נישט מיט דער בייטש, איז מיטן פיסק מיינעם. איר ווייסט, ווי די סויבעלנע שטריימלעך ציטערן פאַר מיין בייטשיקער צונג, ווייל כ׳קאָן קיין עוולה נישט לײדן. אָבער מען מעג דאָך אַמאָל זאָגן אויך גוטס יענעם אין די אויגן, וואָס האָט דאָס כשר פאַרדינט. מ׳מוז דאָך נישט וואַרטן ביז יענער ציט אויס די קאַפּיטעס ווען אים אַ גוט וואָרט צו זאָגן.

זאַוול האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע, ווי צוגרייטנדיק זיך צום סאַמע עיקר פון זיין ווייטערדיקן אַראָפּרעדן זיך פונם האַרצן:

— איז, זאָג איך אייך, אַרקע: איר זייט מער באַליבט ביי אונז ווי די אַלע זיידענע אַריסטאָקראַטן אונזערע — נישט נאָר ביים דענקעוווער געסל, נאָר ביי דער גאַנצער שטאָט. די ליקעס אויפן מקום ווערן נתפעל פון אייער גבורה, קיין עין הרע זאָל אייך ניט שאַטן. אַזוי איז שוין די טבע פון עשון. אָבער מיר האָבן אייך ליב פאַר אייער גוטסקייט. מיר קאָנען דאָך ניט פאַרגעסן דאָס הונגער־יאָר פאַר דער ערשטער כאָליערע־מגפה. אפשר זיינען גערעכט די, וואָס זאָגן, אַז די כאָליערע איז געקומען, ווען אַלע זיינען שוין געווען אָפּגעשוואַכטע, אויסגעמאַטערטע — האָט דער מלאך־המות שוין געהאַט אַ לייכט שטיקל אַרבעט. ווייל דער מענטש איז, להבדיל, ווי אַ פערד. אויך די פערד זיינען דעמאָלט פון הונגער געפאַלן ווי די פליגן.

זאַוול האָט זיך דערמאָנט דערוויל אָן זיין פערדל, באַקוקט צי אַלץ איז אין אָרדענונג און גערעדט ווייטער:

— איינעם שרעקלעכן זומער פון יענעם הונגער־יאָר, נישט היינט־געדאַכט, איז דער חלף טאַקע שוין געלעגן אויפן האַלדז, באַזונדערס ביי נאַש־בראַט, ווי בעלי עגלות אָדער בעל־מלאכות. די רייכע האָבן זיך אויך דעמאָלט אָן עצה געגעבן. ווי זאָגט מען: פאַר געלט קריגט מען די וועלט און אפילו יענע וועלט. אין יענער שרעקלעכער צייט זייט איר דאָך, אַרקע, געווען אונזער מלאך־הגואל, אונזער רעטער פונעם טויט מיטן ביסל מעל, וואָס איר האָט פאַר אַזאַ הויכן פּרייז און מיט אַזויפיל מי געקראָגן ביי די פּויערים נאָכן אַרומלויפן איבער די דערפער. די פּויערים האָבן געמוזט אַליין מאָלן דאָס מעל אויף שטיינער, ווייל די גרויסע וואַסערמילן, ווי שמואל דענקעוועדס און אַלע אַנדערע, זיינען געשטאַנען פאַרהאַקט ווי פוסטע חורבות. זיי האָבן דעריבער געפאָדערט די העכסטע פּרייזן און איר האָט זיי געצאָלט אין טאָג אַריין.

אָטש׳ס אויגן זיינען דערביי פייכט געוואָרן, נאָר ער האָט ווייטער גערעדט:

— איר, אַרקע טייערער, האָט געשלעפּט דאָס מעל לאַנגע מיילן אויף אייע־רע פּלייצעס. און נאָכן אַהיימקומען שפּעט ביינאַכט, האָט איר זיך ערשט אַוועקגעשטעלט באַקן ביז פאַרטאָג. נאָכדעם צעשניטן דאָס געבעקס אויף קליינע חלקים, כדי יעדערער זאָל קריגן כאָטש אַ שטיקל ברויט. און ווי בכבודיק איר האָט אַריינגעשטופּט דעם חלק ברויט צו דעם, וואָס האָט ניט געהאַט די פּאָר גראָשן צו באַצאָלן, און אים איינגערוימט אין אויער: נעמט, זייט נישט קיין נאַר, איר וועט מיר שפּעטער באַצאָלן! ווייל וואו האָבן די בעלי־מלאכות געקאָנט פאַרדינען געלט, אַז קיין יאַרידן זיינען נישט געווען, די פּויערים האָבן נישט געהאַט וואָס צו ברענגען פאַרקויפן און אינעם מאַרק האָט שוין אָנגעהויבן גראָז וואַקסן!

און זאַוול האָט זיך צע׳דבר׳ט אַלץ מיט מער וואַרעמקייט און ליבשאַפט:

— און מיינט נישט, אַרקע, אַז מ׳האָט נישט געוואוסט, — כאָטש איר האָט דאָס געטאָן באַהאַלטענערהייט, — אַז איר מיט אייער ווייב, ע״ה, פלעגן אַרומלויפן פאַרטאָג אַוועקצולייגן שטיקער ברויט, איינגעוויקלט אין טיש־טעכלעך, ביי די טירן פון די בכבודיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געשעמט קומען צו אייך נעמען אויף באָרג. און יענע פלעגן בגנבה, אויף די שפּיץ פינגער, אינמיטן נאָכט, אומקערן די טישטעכלעך ביי אייער שוועל אויף דער זייט פון דער מזוזה, צוזאַמענגעלייגט די טישטעכלעך, ווי להבדיל טליתים נאָכן דאַווענען, ווי אַ שטומען דאַנק צו אייך...

אַרקע און יאַנקל האָבן אַרונטערגעלאָזט די קעפּ, אָפּגעווישט די טרערן פון זייערע אויגן. זאַוול אָטש האָט דאָס באַמערקט און צעכליפּעט זיך ווי אַ קינד. ביי זאַוולען האָט זיך היינט די צונג זיינע צעלאָזט. ער האָט אַליין מיט איר געמאָלן, ווי אַ מיל:

— צי ווייסט איר, אַרקע, — האָט ער געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט מיטן לינקן אַרבל אויסגעווישט די אויגן. — קינדער, דוכט זיך, האָבן געוויינ־לעך אַ ביסל מורא פאַר אייך, שרעקן זיך פאַר אייער מאָדנעם אויסזען. אָבער די קינדער פונעם דענקעווער געסל האָבן זיך אַזוי צוגעוואוינט צו אייך, אַז זיי האָבן אייך ליב אהבת־נפש. וואָס דאַרפט איר מער: אָט נעמט פּנחסל משהלס, וואָס איז אַמאָל, איידער ער איז געוואָרן אַ מאָדזשיצער חסיד, געווען ביי אונזער ליפּסקער רבין דאָס אויבערשטע פונם שטייסל.

— דו מיינסט דעם עילוי פונם דענקעווער געסל? —

— יאָ — ענטפערט זאַוול. — איך מיין טאַקע דעם עילויניק, וואָס די געסל־איינוואוינער גייען שוין אַרום צוליב אים מיט פּאַרריסענע נעזער: אַ קלייניקייט! פון זייער געסל פּיקט זיך אויס אַ נייער אַסטראָווצער רב! זיי זיינען שוין זיכער ביי זיך, אַז זיי האָבן געכאַפּט דעם קאָטער ביי די פיס. און

איך, זאַוול, האַלט, אַז מ׳קאָן זיך נישט פאַרלאָזן אויפן בעסטן יונגן לאָשעק ביז מען געוואוינט אים צו אַ לאַנגע צייט צום דישעל. יאָ, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק שטייט אָט דער תכשיט פנחסל אין שולגעסל לעבן מיינע פערד און רייסט די האָר פון די ווידלען. איז, מילא, זאָל ער רייסן, די ווידלען וועט עס נישט שאַדן. וואָס, עס פעלט האָר אין די ווידלען? כ׳האָב אָבער מורא געהאַט, ער זאָל נישט קריגן אַ קאָפּע פון מיינס אַ פערד מיט זיין פּאָד־קאָווע — נאָך דאָס פעלט מיר צו מיינע צרות — לויף איך אַרויס פונעם הויז, טרייב אים אַוועק מיט דער בייטש. ווייסט איר, וואָס ער האָט צו מיר געזאָגט?

— כ׳גיי צו אַרקען. כ׳וועל אים דערציילן, אַז איר זייט אַ שלעכטער. וועט ער זיך שוין מיט אייך אָפּרעכענען.

— נו, ווי געפעלט אייך אַזאַ מעשה? ער, מיטן פּיסקל זיינעם, מיטן גמרא־קעפל, האָט שוין גערעדט פאַר אַלע קינדער פונעם געסל. נישט זייערע טאַטעס, אָדער עלטערע ברידער, ווי דער שטייגער איז ביי קינדער, וועלן זיך אָננעמען פאַר זיי, נאָר איר, אַרקע, זייט געוואָרן זייער עלטערער ברודער, וואָס וועט זיך אָננעמען פאַר אַלע זייערע קריוודעס, וועט נישט לאָזן באַגיין קיין עוולות.

אַרקע האָט אַ פאַררויטלטער, אָבער אַ שמייכלענדיקער אים אָפּגעהאַקט:

— אַ, איר זייט מגזם, ר׳ זאַוול. ס׳איז צוליב מיינע ליולקעס...

***

ווען זיי זיינען פאַרביי דעם בית־עולם האָבן זיי געהערט אַ גרויס געוויין און אַלערליי ווייבעדשע געשרייען:

— שמערל, זאָלסט זיין אַ מליץ־יושר פאַר אונז! שמערל, ווי לאָזטו מיך איבער אַזאַ וויסטע אלמנה! שמערל, ביזט דאָך אַוועק, נעבעך, אַזוי יונגערהייט פון דער וועלט!

דאָס איז געוועזן שמערל טשאַטקעס לויה. און זאַוול האָט דערציילט, אַז ער איז ערשט נעכטן געוועזן ביי אים מבקר־חולה זיין. ער האָט שוין געפונען שמערלען גוססן. אַלטער בולאַק דער פעלדשער, האָט אים שוין נאָך לאַנג פריער אויפגעבן. נאָך דעם לעצטן שמיני־עצרת איז ביי אים אָפּגענו־מען געוואָרן אַ האַנט און אַ פוס. אין פּישל כאַליערעס טריפהנער שוואַרצער שענק האָט שמערל, אַ טויט־שכורער, גענומען אַ געבראָטענע גאַנז, זי אַריינ־געשטעקט אין אַ וואַסער־קאַן און געגאַנגען מיט איר הקפות. אינמיטן דערי־בען האָט ער פּלוצלינג אַ פאַל געטאָן צו דער ערד ווי אַ סנאָפּ שטרוי. מ׳האָט אים דעמאָלט אַהיימגעטראָגן כמעט אַ טויטן. און נאָר צוליב זיין ווילדער גבורה האָט ער זיך דערשלעפּט ביז היינט. ס׳איז גאָר ניטאָ זיינס גלייכן.

— אָחוץ, פאַרשטייט זיך, אַרקען, אים צו לאַנגע יאָרן — האָט אונטערגע־כאַפּט יאַנקל.

— ביזט גערעכט, יאַנקל. אָבער שמערלס גבורה האָט מען אויך נישט געקענט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט — האָט געזאָגט זאַוול.

— וואָס טויג מיר די גבורה־שמורה, — האָט דערווידערט יאַנקל — אַז מ׳באַגייט נאַרישקייטן באַצאָלט מען אָמאָל אויך מיטן לעבן. אַזוי ווי סע שטייט געשריבן אין מחזור: דער מענטש קומט פון דער ערד און קערט זיך אום צו דער ערד. דער טויט מיידט קיינעם ניט אויס, אפילו דעם גרעסטן גיבור.

דערנאָך האָבןביידע געפרעגט ביי אַרקען: ווי אַלט, דענקט ער, איז געווען שמערל? אַרקע האָט פאַרקנייטשט אַביסל דעם שטערן:

— ווי מיר דאַכט זיך, איז שמערל ע״ה געבוירן געוואָרן בשעת מען האָט געבויט דעם אַלטן פּלומפּ אין דעם געסל. יענער האָט געאַרבעט אַ גוטן פּופ־ציקער.

און אָננעמענדיק די באָרד זיינע מיט דער רעכטער האַנט האָט אַרקע ווייטער געחשבונט:

— און דער נייער פּלומפּ אינם געסל מוז שוין אויך אַלט זיין אַ קיילעכיקן פינף און צוואַנציקער.

— און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק — האָט זאַוול אָטש אונטערגעכאַפּט, צוגעבנדיק:

— אפילו לויט אייער חשבון איז דאָך שמערל גאָר נישט געשטאָרבן קיין יונגערמאַנטשיק, טאָ פאַרוואָס שרייען זיי דאָרטן די ווייבער, אַז ער איז יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט?

יאַנקל האָט געענטפערט זאַוולען:

— אויב אַזוי קענסטו נאָך אַלץ נישט אונזערע אָסטראָווצער. ביי אונז, אַז איינער שטאַרבט אינגער פון 90 יאָר מיינט דאָס: אַוועקגיין יונגערהייט פון דער וועלט.

אַזוי שמועסנדיק זיינען זיי אָנגעקומען צו אַרקעס הויז, און אָפּגעלייגט דאָס געהילץ. אַרקע האָט באַצאָלט זאַוולען פאַר דער יאַזדע, און געזאָגט:

— אַ שאָד, וואָס מיר האָבן נאָך נישט געדאַוונט — מיר וואָלטן צוזאַמען גע־טרונקען אַ לחיים. נאָר איצט וועלן מיר זיך, אם ירצה השם, שוין טרעפן מאָרגן ביינאַכט צו קבלת־שבת אין דער שול.

אַרקע האָט אָפּגעמאַכט מיט יאַנקלען, אַז באַלד נאָכן אָנבייסן זאָל ער קומען מיט זיין אינגערן ברודער און זיך נעמען צו דער אַרבעט.

— אויב אַלץ וועט גיין גלאַטיק, וועלן מיר נאָך היינט באַוויזן אויפצו־בויען אַרום דריי פערטל פון דער וואַנט; מאָרגן ביז אַרום צוועלף וועט, מיט

גאָטס הילף, שוין אַלץ זיין פֿאַרענדיקט; און איר, אַרקע, וועט אָן מכשול קאָ־
נען ווידער גוט איינהייצן אייער אויוון צו פֿאַררוקן לכבוד שבת די טשאָלענטער
פֿונם געסל.

***

אַרקע האָט אויסגערייניקט די שטייג פֿאַר די עופֿות, געגעבן זיי פֿריש
וואַסער, און אַריינגעלייגט פֿרישע הירזש אין די בלעכן מיט איינגעווייקט
ברויט. זיי האָבן געגעסן ביי אים פֿון די הענט.

אַרקע האָט ליב געהאַט דעם גרויסן האָן מיט די דיקע פֿיס און רויטן
קאַם, צו קוקן ווי ער שפּאַצירט אַרום אין שטייג מיט פֿעסטע טריט און אַן
אויפֿגעהויבענעם קאָפּ ווי אַן אָפֿיציר פֿון די הוזאַרן.

אַרקע פֿאַרגעסט אויך ניט זיינע צוויי גרויסע קעץ וואָס פֿאַרטרייבן די
מייז. ער האָט זיי געגעבן שיסעלעך מיט מילך און איינגעווייקט ברויט. ער
האָט אויך אינזינען געהאַט די צוויי ווייסע קראָליקעס, וואָס לויפֿן אַרום הינטער
זיין בעט און שטרעקן צו אים זייערע שמאָלע קעפּעלעך מיט די לאַנגע שטייענ־
דיקע אויערלעך. ער האָט זיי אָנגעקאָרמעט מיט רויטע מערן און גראָזן,
וואָס ער קריגט פֿאַר זיי ביי זיינע ניט־אידישע שכנים.

נאָכדעם האָט ער זיך געוואַשן די הענט געזאָגט די ברכה פֿון על נטילת
ידים, אַרומגעגאַרטלט זיך, אַרויסגענומען דעם טלית־זאַק מיט די תּפֿילין,
געקושט די ציצית, באַטראַכט זייער כשרות, איינגעהילט זיך אינם טלית, גע־
לייגט די תּפֿילין, געעפֿנט דעם גרויסן סידור. דאָס לעצטע האָט ער באַר
געטאָן לפֿנים וועגן, ווייל ער האָט געדאַוונט אינגאַנצן אויף אויסנווייניק.

דאַוונענדיק מיטן פּנים צו דער איינגעפֿאַלענער וואַנט, וואָס איז אין
מזרח־זייט, זיינען אים אַדורך אין קאָפּ גאָר מאָדנע מחשבות. אַרקע האָט
למשל, ביז היינט קיינמאָל נישט געטראַכט פֿון אַלטקייט, פֿון טויט. דאָס הויז,
ווייסט ער, שטייט שוין ווער ווייסט ווי לאַנג. ער האָט עס געירשנט פֿון זיין
טאַטן. ס'איז אים קיינמאָל גאָר נישט איינגעפֿאַלן, אַז אַזעלכע געזונטע קלעצער
קאָנען גאָר צעפֿוילט ווערן, אַלט ווערן, אומפֿאַלן.

פּונקט אַזוי האָט ער געטראַכט פֿון שמערל טשאַטקע. אַ איד אַ גבר, פֿול
מיט לעבן, שטאַרבט פּלוצים אַוועק. די היינטיקע לויה פֿון שמערלען האָט אים
אינערלעך צערודערט.

זיין ווייב גיטעלע איז היינט פֿאַרטאָג, ווי יעדן טאָג, אַוועק איבער די
דערפֿער קויפֿן נייע עופֿות. האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב גע־
שפּאַנט הין־און־צוריק, געטראַכט אויפֿן קול, גערעדט פּשוט צו זיך.

אַרקע האָט אַמאָל געגלויבט, אַז מענטשן און זאַכן דויערן אויב נישט
אייביק, איז אַ לאַנגע, לאַנגע צייט. אויב מענטשן שטאַרבן פֿרי איז עס דערפֿאַר,

ווייל זיי זיינען געבוירן געוואָרן שוואַכע, קראַנקע. אָבער די שטאַרקע דעמ־בעס, ווי די שטאַרקע מענטשן, קאָנען לעבן העט־העט לאַנג...

אָבער ווי זאָל מען פאַרשטיין דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט שמערלען, אַ איד אַ גיבור, ענלעך צו יהודה, יעקב אבינוס זון, וועמעס ראָלע ער האָט געשפּילט אין דער „מכירת יוסף"־שפּיל איבער פּופציק יאָר? אָט דערמאָנט ער זיך, ווי לעצטן חול־המועד סוכות, עטלעכע טעג פאַר דעם ווי שמערל איז אַוועקגעפאַלן פּלוצים ווי אַן אונטערגעהאַקטער דעמב, איז יענער צו אים אַרויפגעקומען נאָך אַ ראַזעווע ברויט. כאָטש אַרקע האָט שוין נישט געבאַקן אַזויפיל ווי פריער, האָט ער עס נאָך געטאָן סיי פאַר זיך אַליין סיי פאַר עטלעכע אַלטע פריינט זיינע. אַרקע האָט ווייטער געטראַכט אויפן קול:

— ער, שמערל, ע"ה, האָט אין אַ שפּאַס, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיך דעמאָלט געבעטן כ'זאָל זיך מיט אים פאַרמעסטן אין שטאַרקייט: ווער עס וועט פריער אויסבייגן דעם צווייטנס אָנגעלענטע האַנט אויפן טיש. ס'איז אמת, אַז איך האָב זיין האַנט אַנידערגעלייגט ווי מ'לייגט אַוועק אַ שפּענדל. אָבער בעתן בייגן זיין האַנט האָב איך טאַקע דערפילט אויך זיין גבורה, אַז ער איז אַן אמתער יהודה. נעמט גאָט, צוליב זיינעם אַן אומשולדיקן שפּאַס, און לייגט אים אַוועק. איך וויל נישט זינדיקן מיט די רייד, נאָר עס קוקט נישט אויס, אַז גאָט זאָל זיין אַן אל רחום וחנון קעגן שמערלען. איז דאָך שמערל געווען אַ גאָלדענער מענטש מיט אַ האַרץ פון אַ צדיק. ער פלעגט זומער און ווינטער שטיין אויף דער הויכער צייל מיט זיינע צעריסענע מלבושים, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, גרייט צו טראָגן די שווערסטע משאות אָבי צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט. אַזוי שטייענדיק פאַרווייסט פון די געטראָ־גענע זעק מעל, האָט ער אַכטונג געגעבן אויף די אלמנות, די זיצערינס, מ'זאָל זיי נישט יאָגן און פּלאָגן; אַז די חוצפּהדיקע פישער־יונגען זאָלן זיך נישט טשעפּען צו זיי. און ער פלעגט די יתומים, זייערע קינדער, אַוועקפירן אין די חדרים אַריין, זיי נאָך אַוועקגעבן דאָס לעצטע שטיקל ברויט פון זיין קעשענע אַרויס. אין דער צייט פוןביידע כאָליערע־מגיפות פלעגט ער אַרומלויפן צו־זאַמען מיט מיר אין אַלע הייזער העלפן די קראַנקע; האָט איינגעשטעלט זיין לעבן צו ראַטעווען מענטשן. דאָס זעלבע אינם הונגער־יאָר. ס'איז ניט געווען קיין ברויט אויף אַ רפואה, מ'האָט אפילו קיין קוקורוזע־מעל ניט גע־קענט קריגן. אָבער ווי נאָר שמערל פלעגט קריגן אַמאָל פאַר שרעקלעכער האָ־רעוואַניע אַ ברויטל פון שמואל דענקעווער, דעם רייכן מילנער, פלעגט ער עס טיילן מיט אַלע שכנים אינם שול־געסל. שמערלען האָט מען אָפט געדונגען אויף רייכע חתונות און שמחות צו האַלטן אָרדנונג ביי דער טיר — פלעגט ער ברענגען אַהיים די שטיקער לעקעך, מאַנדל־ברויטלעך און אַנדערע נאַשערייען,

וואָס מען האָט אים געגעבן, און דאָס פונאַנדערטיילן צו אַלע יתומים פונם שול־געסל.

אַרקע איז געוואָרן אויפגערעגטער און שיעור נישט דערגאַנגען צו גאָט־לעסטערונג:

— טאָ פאַרוואָס אַזאַ רשעות, אַזאַ אכזריות? פאַרוואָס זאָל אים גאָט אַזוי האַרב באַשטראָפן? די הקפות מיט דער גאַנצן איז ער דאָך געגאַנגען שיכורעד־הייט. כ׳מיין נישט צו זאָגן, אַז ער האָט ריכטיק געטאָן. אוודאי דאַרף אַ איד האָבן דרך־ארץ פאַר דער תורה, וואָס איז פון גאָט געהייליקט. אָבער שמערל איז אַ פּראָסטער מענטש, און ער איז נאָך געווען שיכור דערצו — האָט ער געמאַכט אַ טעות. איז וואָס? האָב איך דאָך אַליין געהערט פונם ליפּסקער, אַז ביי גאָט איז דער עיקר דאָס מענטשלעכע האַרץ, די גוטע מחשבה, און שמערל האָט דאָך געהאַט גוטע כוונות, געמיינט, אַז ער קאָן יוצא זיין פאַר גאָט אויך מיט אַזאַ הקפה. און אויב שוין יאָ שטראָפן — איז כאָטש מיט איינזעעניש, אים באַ־שטראָפן מיט אַ פאַרקילונג, אַ לייכטע מחלה. אָבער צונעמען ביי אים דאָס לעבן — איז דאָך גאָר ניט קיין יושר...

נאָך די־אָ ווערטער האָט אַרקע זיך צעוויינט — דאָס ערשטע מאָל ביים דאַוונען אינדערוואָכן. און דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך אַליין געפרעגט: ווי אַלט, אַ שטייגער, ביזטו, אַרקע? ער האָט פאַרענדיקט דאָס דאַוונען, אַריינגעלייגט די תפילין אינם רויטן פאַרפּוצטן תפילין־זעקל, וואָס זיין ערשטע ווייב האָט פאַר אים געמאַכט ווי אַ כלה־מתנה. דערביי האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס האָט פאַסירט אויף אַ ברית ביי לייביש וואַטנמאַכערס פאָטער. אים און זיין כלה, פייגעלע, האָט מען מכבד געווען מיט צוטראָגן דאָס קינד צום סנדק אין אַ שניי־ווייס קישן. לייביש, זיין שכן און פריינט, מוז שוין היינט זיין אוודאי אין די אַכציקער...

פּלוצים האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום, אַוועקגעלייגט דאָס תפילין־זעקל אין שאַנק אַריין, אַרויסגענומען דאָס פלעשל בראָנפן, זיך אָנגע־גאָסן אַ גלעזל, און געזאָגט אויפן קול בייזלעך:

— מתושלח האָט אוודאי נישט געציילט די יאָרן זיינע!...

ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט גערעדט אַזוי לאַנג אויף אַ קול צו זיך אַליין. איז דאָס אפשר טאָקע אַ סימן מובהק פון אַלטקייט? ער האָט ווידער איבערגעריסן די פאַרחלומטע מחשבות, געוואַשן זיך אומ־רואיק די הענט, גענומען עסן אָן אַפּעטיט זיין אָנבייסן פון שוואַרץ ברויט מיט פּוטער, אַ שטיקעלע קעז און אַ טעפּעלע זויערמילך. נאָכדעם האָט ער אָנגע־וואַרעמט דאָס גלעזל ציקאָריע, וואָס זיין ווייב האָט אים צוגעגרייט פאַרן אַוועקגיין. נאָכן טרינקען האָט ער אָפּגעווישט די וואָנסעס, געבענטשט מיט

הרחבת־הדעת און באַשלאָסן מער נישט צו טראַכטן וועגן שמעדלס טויט: מן־הסתם ווייסט דאָך גאָט, וואָס ער טוט... ער וועט אויך מער נישט טראַכטן וועגן אַלטקייט... ער האָט זיך אויפגעשטעלט גלייך ווי אַ ווירע און געגעבן אַ נדר בזה הלשון:

— ווען די וואַנט וועט פאַרטיק ווערן, אם ירצה השם, אָן אַ מכשול, וועל איך מאַכן אַ מלוה־מלכה ביים ליפסקער רבין, אינם גרויסן בית־מדרש פאַר אַלע בעל־מלאכהשע חסידים, פאַר גאַנץ דענקעווער געסל. מיין ווייב גיטעלע וועט אָפּקאָכן אַ גרויסן סאַגאָן מיט רויטן באַרשט. ווי זאָגט גיטעלע, אַ געזונט אויף איר: פון שניי קען מען קיין גאָמעלקעס ניט מאַכן. צו די גאָמעלקע־קעז־לעך דאַרף מען האָבן פעטע מילך, קימל און שאר־ירקות. אויך אַ באַרשט לאָזט זיך ניט נאַרן! מ׳קאָן עס ניט אָפּפּטרן מיט שיהי־פּיהי. דערפאַר וועט זי דאַרפן אַריינטאָן אַ סך בוריקעס, מיט רויטן קרויט, מיט פעטע מאַרכביינער. אויבן וועלן זיך אַרומיאָגן די פעטע אויגן. אַלע וועלן לעקן די פינגער פונם ריכטיקן קאַפּושניאַק. אַחוץ דעם וועט מען נאָך צוקאָכן עטלעכע טעפּ מיט קאַרטאָפ־ליעס. עס וועלן אויך זיין אַ פּאָר גרויסע שמאַלץ־הערינג ווי די קעלבער. פאַרן רבי׳ס וועגן וועל איך ברענגען אַ פלאַש אונגאַרישן טאָקייער וויין, און אַ פּדיון פון דריי קנאַקעדיקע קערבלעך.

אַרקע האָט זיך אַזש באַלעקט פון די גוטע מאכלים, וואָס ער האָט אויס־גערעכנט, און פאַרגעזעצט מיט גרויס התלהבות:

— מיר וועלן ביים עסן זינגען, צוזאַמען מיטן רבין: אליהו הנביא, אליהו התשבי... ביז אין ווייסן טאָג אַריין. נאָכדעם וועלן מיר אַלע צורוקן די טישן מיט די בענק צו די ווענט, מאַכן אַ גרויסע ראָד מיטן רבין אין דער מיט, זיך נעמען, ווי קינדער ביי די הענט און טאַנצן פון אַנהויב געלאַסן, פאַרטראַכט, פאַרחלומט. די פיס וועלן זיך הייבן ווי לייכטע פעדערן, אויפן רבין וועט רוען די שכינה און מיר וועלן זיך שפּיגלען אין איר. שפּעטער וועלן מיר פאַרלייגן הענט אויף אַקסלען און זיך אַוועקלאָזן אַלץ אימפּעטיקער אין אַ פייערדיקן טאַנץ. דאָס רעדל וועט זיך צעפליען און מיר, טאַנצנדיקע, צוזאַמען מיטן רבין, וועלן שוועבן ווי אויף פליגלען פון דער שכינה העט־העט, אַלץ העכער און העכער, צו די אייביקע הימלען.

ער האָט אַליין ניט געפילט, ווי ריידנדיק האָבן זיינע פיס זיך אָנגעהויבן באַוועגן, ווי ביים טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד. נאָר אָט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרחושטקייט און פאַרגעזעצט זיין חלום אויף דער וואָר:

— אַרקע, וואָס מאַכסטו איר?

— וואָס כ׳מאַך? כ׳מאַך מיך ניט וויסן!

— איך, אַרקע, וועל מיך ווידער פירן, ווי פריער. אויף דער אַלטער פראַגע וועל איך געבן דעם אַלטן ענטפער. ווייל אַלעמאָל בשעת מען פרעגט דאָס מיך, פיל איך, ווי מען טוט עס פון רחמנות וועגן, באַשר בכן איך בין אַביסל עלטער פון דעם פרעגער. און נאָך מיין ענטפער צעשמייכלט זיך געוויינ־לעך דער פרעגער. ער פאַרשטייט וואָס איך מיין אים צו זאָגן.

***

די זון איז שוין אַרויף הויך אינם מיטן הימל. די קליינע ווייסע וואָלקנס ציען זיך לאַנגזאַם, און פאַרוואַנדלען זיך אין פאַרשיידענע פיגורן. ס'איז אַ היי־סער טאָג אין אָב. ס'בלאָזט אַ לייכט ווינטל פון דער צעבראָכענער וואַנט. עס הערט זיך דאָס קלינגען פון די נאָענטע טומאה־גלאָקן, וואָס הילכן אָפּ דאָפּעלט אויפן בערגל פון מקום, אַזוי ווי די קלאַנגען פון אַ גויאיש באַגרעבעניש.

אַרקע האָט גוט באַטראַכט די וואַנט מיטן אויסגעבויגענעם דאַך. ער האָט געוואָרט אומגעדולדיק אויף יאַנקלען. זיין הילצערנער זייגער מיטן פאָרצעלייע־נעם ציפערבלאַט, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט אין טשמעליעוו, צוזאַמען מיט זיינע ליולקעס, האָט שוין געגעבן צוויי קלונגען.

באַלד האָט זיך טאַקע יאַנקל באַוויזן מיט אינגערן ברודער זלמן. זיי האָבן געטראָגן אַ לאַנגן קאַסטן מיט געצייג. זלמן האָט נאָך געהאַלטן אויף די אַקסלען אַ פאַרשפּיצטן אייזן, וואָס ווערט באַנוצט אַרויסצוקלאַפּן קלעצער און בעלקעס. זיי האָבן אויך געבראַכט עטלעכע האַמערס און שאַרפע העק צו פאַרטעסען דאָס געהילץ.

יאַנקל האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם כאַלאַט מיטן היטל און אָנגעטאָן אַן אַלט קאַפּל. אַרקע און זלמן — אויך אַזוי. יאַנקל האָט באַטראַכט נאָכאַמאָל די צעבראָכענע וואַנט, ווי אַ דאָקטאָר אַ חולה און געזאָגט צו אַרקען:

— איר ווייסט דאָך אַרקע וואָס פאַראַ גאָלדענע הענט מיין טאַטע האָט געהאַט. ער האָט דאָך געאַרבעט ביי די גרעסטע פּריצים אין די הויפן, צוזאַמען מיט די בעסטע צעסליאַרעס פון ראַדאָם און לובלין. פלעגט ער זיך ניט צו־רירן צו אַ קלאָץ איידער ער האָט געהאַט דעם גאַנצן פּלאַן פונם בנין אין זיין קאָפּ. און דער טאַטע מיינער, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער דאָרטן האָבן, האָט מיך שטענדיק געוואָרנט: ביי צעסלעריי, יאַנקעלע, כאַפּט מען ניט. אַ בנין איז ווי אַ משכן. מ'מוז גוט אויסרעכענען יעדן קלאָץ, יעדן ליַיג פון אַ בעלקע נאָך איידער זי ווערט אַוועקגעלייגט.

יאַנקל האָט בשעת־מעשה געקלאַפּט מיטן לאַנגן אייזן איבער די קלעצער און גערעדט ווייטער צו אַרקען:

— די אונטערשטע קלעצער איז ניט קיין ריזיקע צו לייגן. איר וועט זיך דע־ריבער ניט דאַרפן צופיל אָנשטרענגען ביים האַלטן די זייטיקע וואַנט מיטן עק

דאַך. ווי צעבויגן די אויבערשטע קלעצער זאָלן ניט זיין, האַלטן זיי נאָך אַביסל אונטער אי די וואַנט פון אויבן, אי דעם שווערן עק פון דאַך. אָבער ווען ס'וועט קומען צום אַרויסציען די אַלטע אויבערשטע בעלקעס, וועט זיין ניט נאָר שווער צו האַלטן די משא פון דער וואַנט, נאָר די משא פונעם דאַך וועט בלייבן הענגען אין דער לופטן. מ'וועט זיך ניט קאָנען פאַרלאָזן אויף אייערע פּלייצעס צו האַלטן דעם שטיק הענגנדיקן דאַך. דעריבער איז בעסער, איר זאָלט מיך לאָזן אונטערשטעלן די עטלעכע פּאָדפּאָרעס, כדי צו זיין זיכער, אַז ס'וועט חלילה גאָרנישט געשען.

אַרקע האָט חושד געווען יאַנקלען, אַז אויך ער טראַכט מן־הסתם וועגן זיין אַלטקייט. האָט ער בייזלעך געענטפערט:

— יאַנקל, דער טאָג שטייט ניט! נעמט זיך צו דער עבודה! פּטרט ניט קיין אומזיסטע צייט!

יאַנקל און זלמן האָבן גענומען אַרויסציען די צעפוילטע אונטער־קלעצער און אַוועקלייגן נייע אויף זייער אָרט. זיי האָבן געאַרבעט שנעל, געקלאַפּט לאַנגע בעגל אין די נייע קלעצער, וואָס העכער אַרויפצו, אַלץ שווערער איז געוואָרן דאָס אַרויסשלעפּן די אַלטע קלעצער, די משא איז געוואָרן גרעסער און אָנגע־שטרענגטער פאַר אַרקען.

עס האָט שוין געהאַלטן ביי די לעצטע אויבערשטע קלעצער. אַרקע איז געשטאַנען אויסגעצויגן מיט זיינע בריטע פּלייצעס ביים עק וואַנט. מיט די גרויסע הענט האָט ער אונטערגעהאַלטן דעם עק דאַך. זיין פּנים איז געווען רויט־צעפלאַמט, באַגאָסן מיט ריטשקעס שוויס. זיינע מוסקולן זיינען געווען אָנגעצויגן און אַרויסגעשטאַרצט דורכן נאָסן, צוגעקלעפּטן העמד. די בלויע אָדערן אויף זיינע הענט האָבן אויסגעזען ווי דיקע שטריק.

די זון האָט זיך געזעצט אַ פייערדיקע אינם מערב. רויטע ליכט־פּאַסן, וואָס בלענדן די אויגן האָבן זיך אַריינגעריסן דורך די קעגנאיבערדיקע פענצטער אין די אָפענע שפּאַלטן. זיי זיינען געפאַלן אויף אַרקעס אָנגעשטרענגטן, אויס־געצויגענעם גוף, ווי אויף אַ בראָנזענעם מאָנומענט. די פון דער זון האַלב־פאַרבלענדטע אויגן פון יאַנקלען מיט זיין ברודער זיינען געווענדעט געווען צו אַרקען, ווען עס האָט אויסגעזען עס האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַן אימה, בעתן אַרויסציען די לעצטע קלעצער. זיי האָבן זיך דערפאַר געבעטן ביי אים: אַרקע! דערבאַרעם דיך! האַלט זיך! האַלט זיך! נאָך איין ווײַלע! זיי האָבן געאַרבעט פיבערדיק מיט קאַלטן שוויס, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן פון זייערע אייגענע לייבער.

מיט פּחד האָבן זיי גענומען שלעפּן דעם לעצטן באַלקן, און באותה רגע, האָבן זיי דערזען ווי אַרקעס קניען בייגן זיך אונטער דער אומדערטרעגלעך־

שוועדער משא, כּהרף־עין פֿאַלט ער מיט אַ שרעקלעכן קרעכץ, און דאָס שטיק דאַך מיט אַ האַלבער וואַנט קראַכט מיט אַ האַרמידער איבער אים. יאַנקל און זלמן האָבן באַוויזן אָפּצושפּרינגען, שרייענדיק: געוואַלד, אי־דן, ראַ־טע־וועט! עס זיינען געקומען צולויפֿן פֿונם גאַנצן געסל שכנים, פֿאַרבייגייער, יונג און אַלט, קינד און קייט. זיי האָבן דערהערט דעם קראַך און די געוואַלד־געשרייען.

אַלע האָבן זיך גענומען מיט אַלע כּוחות ראַטעווען זייער באַליבטן אַרקען. זיי האָבן געשלעפּט די שטיקער איינגעפֿאַלענע געהילצן, אַוועקגעשאַרט מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם דעם גרינעם דיקן מאָך, פֿון וואַנען ס׳שפּרינגט אַרויס היב־קענדיק דאָס איינציקע לעבן־געבליבענע קראַליקל מיט פֿרישע בלוט־צייכנס אויף זיין פֿאַרשטויבט, ווייס פֿעלעכל. דאָס אַנדערע קראַליקל האָבן זיי געפֿינען אַ דערדריקטס און צעקוועטשטס לעבן זייער באַשיצער אַרקע וואָס איז געלעגן ווי אַ פֿלאַך ברעט. זיין גוף איז נאָך געווען וואַרעם. די אויגן נאָך אָפֿן, אָבער שוין האַלב־פֿאַרגלייזטע. לעבן אַרקען איז געלעגן דער רויטער האָן, די עופֿות פֿון שטייג, די צוויי קעץ — אַלע מיט אויסגעצויגענע פֿיסלעך. אויך די ליולקעס זיינע האָבן זיך געוואַלגערט צעמזיקטע, צעבראָכענע אויפֿן דיל פֿונם געקראַכטן הויז.

מ׳האָט אַרקען אַריינגעטראָגן צום שכן לייביש וואַטנמאַכער, וואו מ׳האָט אים געלייגט אונטער אַ טונקעלער קאָלדרע, אויף דער ערדענער פּאָדלאָגע מיט די פֿיס צו דער טיר. באַלד האָט זיך די ביטערע בשׂורה צעטראָגן איבער דער שטאָט. עס זיינען געקומען חברה־קדישא לייט, צוגעלייגט גענזענע פֿע־דערס צו דער נאָז מער פֿון געוואוינהייט, ווי צו איבערצייגן זיך, אַז עס בלאָזט מער נישט קיין לעבעדיקער אָטעם פֿון אים.

*
**

אין זומערדיקע פֿאַרנאַכטן פֿלעגן אויפֿן פֿירעקיקן הילצערנעם צודעק פֿונם וואַסער־פּלומפּ זיך אויסזעצן ווייבער, מיט די שליסלען אַריינגעשטעקט אין זיי־ערע פֿאַרטיכער, און זיך דערציילן מעשׂיות, פּאָטשטן, רכילותן, גוטמוטיק באַ־ריידן די שכנים, די פֿאַרבייגייער, די גאַנצע שטאָט. אַלעמאָל, ווען גיטעלע איז אָנגעקומען מיטן קאָרב עופֿות, זאָגנדיק אַ גוט ב׳אָוונט צו אַלעמען, פֿלעגט זי אַוועקשטעלן דעם קאָרב אויף דער ערד, אָנהויבן מיט זיי שמועסן. די ווייַ־בער פֿלעגן מאַכן פּלאַץ פֿאַר איר צום זיצן, זי אַריינגענומען אין סאַמע מיטן. יעדע פֿון די ווייבער האָט זיך באַלד אָנגעבאָטן צו לויפֿן אַרויספּלומפּן מיטן לאַנגן אייזערנעם הענטל דאָס קוואַליקע וואַסער אינם בלעכענעם קווערטל, וואָס איז שטענדיק געהאַנגען אויף אַ דין אייזערן קייטל, און מכבד זיין גיטעלען מיט אַ דערפֿרישנדיקן, קאַלטן טרונק.

ווען גיטעלע איז אין יענעם שיינעם, וואַרימען פאַרנאַכט צוריקגעקומען פון די דערפער, האָט זי קיינעם ניט געטראָפן ביים פּלומפּ. זי האָט באַלד דער־פילט, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן. זי האָט זיך האַסטיק געלאָזט לויפן דורכן געסל און דערזען אַ גרויסן מענטשן־געזעמל לעבן איר היים. מיט אַ צעפלאַמט פּנים און קלאַפּנדיק האַרץ איז זי אַריין אין סאַמע מיטן, בשעת מען האָט דעם דערהרגעטן אַרקען געטראָגן צו זייער שכן.

גיטעלע האָט אָוועקגעוואָרפן דעם קאָרב עופות מיט אַ ווילד־צעוויטיקט געשריי. אידע קולות האָבן פאַרטויבט די דערשראָקענע קוקוריקוס פון די הענער און דאָס כליפּען פון די פאַרזאַמלטע ווייבער און קינדער. זי האָט געריסן פון זיך דאָס קלייד און דאָס ביסל איבערגעבליבענע האָר. ביי לייביש וואַנ־מאַכערס טיר איז זי געפאַלן צו דער ערד, געבויגן איר קאָפּ צו אַרקעס פיס און געטענהט ווייבענדיק צום רבונו של עולם:

— פאַרוואָס האָסטו אַרויסגעגעבן אַזאַ בייזן גזר־דין אויף אַרקען, וואָס האָט דיך אַזוי געטריי געדינט? פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי שווער באַשטראָפט מיטן צונעמען פון מיר מיין ליבן מאַן, אים דערהרגעט מיט אַזאַ שרעק־לעכן טויט? פאַרוואָס האָסטו אַזוי שטאַרק פאַרוויסט אונזער הויז? פאַר וועל־כע זינד, גאָטעניו, איז דאָס אונז געקומען?

דאָס דענקעווער געסל איז געוואָרן איינגעהילט אין טיפן טרויער. די גאַנצע שטאָט איז פול געוואָרן מיט צער, ווייטיק און צאָרן איבערן שוי־דערלעכן טויט פון אַרקע „וויעצקע"...

די גויים אויפן „מקום" האָבן זיך גע׳צלמ׳ט קניענדיק און געבראָכן די הענט. דער אַלטער פּיעטשעקאָווסקי האָט דערביי אויך געמורמלט, אַז גאָט האָט, ווייזט אויס, חרטה געקראָגן, ניט געוואָלט האָבן קיין אייביקן מענטשן אויף דער זינדיקער ערד... בפרט ווען ער האָט צופיל געשטעלט אויף זיינע אייזערנע כוחות.

# הערשל בוריק

הינטערן באַרג, אויף לינקס פונם נייעם בית־מדרשל איז געשטאַנען אַן אַלט הויז. אַמאָל האָט מען עס געבויט מיט דיקע, הילצערנע בעלקעס. אָבער איין וואַנט האָט זיך שוין איצט געהאַלטן אויף „פּאָדפּאָרעס״, דער דאַך איז געווען צעפּוילט, מיט גרינעם מאָך באַדעקט. ציגן, וואָס האָבן זיך געפּאַשעט אויפן באַרג־שפּוע, נישט ווייט פונם אַלטן שטאָט־מרחץ, האָבן אַמאָל פאַר־בלאָנדזשעט צום מאָכענעם דאַך, געכאַפּט זיך בייסן דאָס שימלדיקע גראָז און געשאָקלט דערנאָך מיט זייערע בערד.

דאָס הויז האָט געהערט צו הערשל בוריק, ס׳איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה. דאָרטן האָבן געוואוינט זיינע אבות מכמה דורות. מ׳האָט יעדן פון זיי גערופן „בוריק״, מחמת זיי האָבן געהאַט לעבן הויז אַ שטיק פעלד, וואו מ׳האָט פאַרזעצט קאַרטאָפל און פאַרזייט, פאַרפלאַנצט ציבעלעס, מערן און קרויט. אָבער מער פון אַלץ איז דאָרטן שוין מקדמונים געוואַקסן רויטע און ווייסע בוריקעס, וואָס זיינען זיס ווי צוקער.

ס׳איז שוין ביי זיי אויך געווען אַ חזקה דאָס ניט צו פאַרקויפן קיינעם. דערמיט האָבן זיי אַליין זיך געדאַרפט דערנערן, און אויך די שכנים פון דער אַרומיקער שול־גאַס האָבן געקענט דערפון פריי געניסן זומער און האַרבסט, ווען די שאר־ירקות ווערן צייטיק.

די טיר פונם קעלערביים הויז, וואו מ׳האַלט ווינטער די גרינסן פאַר־דעקט מיט זעק און שטרוי, כדי זיי צו באַשיצן פון פראָסט, איז קיינמאָל נישט געווען פאַרשלאָסן. נאָר די שכנים האָבן זעלטן עפּעס גענומען פון גאָרטן אָדער קעלער, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט ס׳האַרץ צוצונעמען דעם ביסן פונם מויל ביי דער נויטבאַדערפטיקער „בוריק״־משפחה. פון די גרינסן האָט זיך אַ גאַנצע וואָך גענערט די משפחה — געגעסן ברויט מיט בוריקעס, מיט אַ צוגעציילטער צאָל קאַרטאָפל, און אַמאָל נאָך פאַרביסן מיטן קליינעם־באָרשט, וואָס זיי האָבן געמאַכט זיך מפרנס צו זיין.

הערשלס פאָטער, ר׳ לייביש בוריק, איז געווען דער ערשטער פון זיין משפחה, וואָס איז נישט געווען קיין בעל־מלאכה. אין שלשלת היוחסין זייערן זיינען געווען גאָלע לומדים און יראי־שמים, אָבער זיי זיינען געווען בעלי־מלאכות, ווי שניידער, שוסטער, קופּערשמידן.

ר׳ לייבישעס פאָטער, יאָסל בוריק, איז געווען אַ העקל־מאַכער. ער האָט

מיט גרויס ליבשאַפט אויסגעמייסטרעוועט די שענסטע, זילבערנע העקעלעך פאַר די אויסשטייער־גאַרדעראָבעס פון רייכע כלות, און ספּעציעלע העקעלעך מיט די שענסטע פאַרפּוצונגען פאַר די חופּה־קליידער. ער האָט אויך צו־געשטעלט זיינע העקעלעך צו די פּריצטעס פון דער אומגעגנט.

ער האָט געהאַט אַ קליינעם טיגל, אין וועלכן ער פלעגט צעשמעלצן דאָס זילבער פון אַלטע זילבערנע פּוילישע מטבעות. דערנאָך האָט ער מיט אייגן־געמאַכטע געצייג אָנגעהיצט דעם מעטאַל און געצויגן פון דעם די בויטיקע דראָטן פאַר די העקעלעך. די אָרימע כלות האָט ער מהנה געווען מיט זילבערנע העקעלעך פאַר זייערע חופּה־קליידער אַלס דרשה־געשאַנק.

ס׳האָט שוין געטראָפן, אַז דער פּריץ פון דער שטאָט, גראַף וויעלאָפּאָל־סקי, האָט זיך צוזאַמען מיט דער פּריצטע איינמאָל אָפּגעשטעלט לעבן זיין הויז, אים געבראַכט אַלטע גאָלדענע דוקאַטן צו מאַכן דערפון פאַר זיין ווייב און די טעכטער גאָלדענע העקעלעך, ווי אויך באַצירונגען פאַר זייערע גיל־דערנע בעכערס און זשיראַנדעלן.

אַז לייבישל איז נאָך אַלט געווען דריי יאָר, האָט ער שוין גע׳שמ׳ט פאַר זיין שאַרף קעפּל. זיין פאָטער יאָסל האָט אַליין געלערנט מיט אים דעם אַלף־בית בכדי מקיים צו זיין דעם „ושננתם לבניך״. לייבישל האָט זיך נאָך אַלס קינד צוגעכאַפּט צו צווענגלעך און דרעטלעך און אין דעם אַרויסגעוויזן גרויס בריה׳שקייט. דער טאַטע האָט אָנגעקוואָלן, אַריין אין התפּעלות פון דעם קינדס דרייען אַזוי קונציק די העקעלעך מיט זיינע קליינע, דאַרע פינגער.

דער פאָטער האָט אים אָבער לאַנג נישט געלאָזט זיך שפּילן דערמיט — ער האָט אים אַוועקגעזעצט אויף זיין שויס, אויפגעמישט דעם חומש בראשית און מיט אים אָנגעהויבן לערנען. גיך האָט לייבישל פאַרגעסן אין די אַלע צאַצקעס און זיך פאַרטאָן אין לערנען. יאָסל האָט באַלד דערפילט בחוש, אַז דאָס קינד וואַקסט אַ כלי.

נאָך דער וועטשערע, ווען מלכהלע, לייבישעס מאַמע, האָט אים שלאָפן געלייגט, האָט זיין טאַטע צו איר געזאָגט מיט גרויס פרייד:

— גאָט, ברוך הוא, האָט אונז מזכה געווען מיט אַ בן־יחיד, וואָס וואַקסט אַן עילוי, קיין עין־הרע זאָל אים נישט שאַטן, און ער וועט זיין אַ גדול בישראל, אַ גאון.

און זי, דאָס ווייב זיינס, מלכהלע, האָט געווישט פאַר פרייד די שנירלעך טרערן, וואָס זיינען גערינען פון אירע אויגן. זי האָט געשעפּטשעט שטיל אַן „אמן סלה״ צו זיינע רייד, און אַ לויב צו גאָט פאַרן גרויסן חסדיקן געשאַנק. בהדרגה האָט דער טאַטע געלערנט מיטן זון גמרא מיט רש״י און תוספות,

דערנאָך פּוסקים. אַז לייביש איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר, האָט ער אים גע־שיקט לערנען פאַר־זיך אינם אַלטן בית־מדרש.

די גרעסטע לומדים פון שטאָט זיינען נתפּעל געוואָרן פון זיינע כשרונות און גערן מיט אים צוזאַמען געלערנט. זיין נאָמען איז באַרימט געוואָרן ווייט און ברייט. שדכנים האָבן נישט אויפגעהערט אָפּצוקלאַפּן די טירן פון יאָסל, דעם העקלמאַכער. זיי האָבן צוגעזאָגט די רייכסטע נדנים און אייביקע קעסט.

געטריי דער שטייגער־פירונג פון זיין שטאָם, האָט ער יעדערן פון זיי אויפגענומען בסבר פּנים יפות. ער האָט זיי אָבער קלאָר און שאַרף געזאָגט:

— מיין לייבישל וועט זיך מזווג זיין, ווערן אַ חתן, מערצעשעם, פאַר אַ כשרער אידישער טאָכטער פון דער אייגענער שטאָט, פון אונזער גזע און שטאַנד, אָן נדן און אָן קעסט, און וועט זיך מפרנס זיין פון אונזער שטיק פעלד, מיט גאָטס הילף. נאָך בר־מצווה וועל איך אים ווייזן ווי מ׳פלאַנצט אונזערע בוריקעס, וואָס האָבן אַ שם מיט זייער גרויסקייט און צוקער־זיסקייט.

ס׳איז טאַקע אַזוי געשען. לייביש איז געוואָרן אַ חתן, מיט מזל, פאַר דער בת־יחידה פון הערשל דאכעס, דער בעקער פון דער שול־גאַס און זייערס אַ שטיקל קרוב. הערשל דאכעס איז געווען מפורסם צוליבן ווערטל: ביזט נאָך ניט פאַר הערשל דאַכעסעס טיר.

אין עלטער פון 16 יאָר האָט מען געפּראַוועט זיין חתונה אויף אַ פּשוטן, היימישן שטייגער. ער איז פאַרבליבן וואוינען מיט זיין טאַטן, אים געהאָלפן אַרבעטן אין פעלד.

ערשט ווען דער פאָטער איז שוין געוואָרן אַלט און שוואַך, האָט לייביש איבערגענומען די גאַנצע פעלד־אַרבעט, נישט געלאָזט דעם פאָטער זיך בייגן צו דער ערד. לייביש האָט זיך אויסגעטויגט און אַדאַנק דעם השם יתברך איז ער געבענטשט געוואָרן מיט פּרנסה בכבוד, מיט שפע און הצלחה, סיי אין די בוריקעס, סיי אין די קאַרטאָפל, ווי אין די שאר־ירקות.

ווינטער איז ער געזעסן און געלערנט אינם אַלטן בית־מדרש. ער איז געווען אַ חסיד אין זיין הנהגה, אָבער נישט געפאָרן צו קיין רבין. דער ראַדזי־נער רבי וואָס איז דעמאָלט געווען מרא־דאתרא אין אָסטראָווצע האָט דעם יונגן חריף געוואָלט געבן היתר־הוראה. אָבער ר׳ לייבישל, ווי מ׳האָט אים שוין צערטלעך גערופן, האָט זיך אָפּגעזאָגט: ער וויל נישט מאַכן זיין תורה פאַר אַ קרדום לחפור בה — ער וויל בעסער נוצן זיין שטאָלענעם קרדום, וואָס העלפט אים אַרויסברענגען די בעסטע בוריקעס.

דערווייל איז אים געבוירן געוואָרן אַ זון. מ׳האָט געפּראַוועט אַ שיינעם ברית. דער טאַטע איז געווען סנדק און דער זון האָט באַקומען אַ נאָמען צבי־

הירש. הערשעלע איז געראָטן אין טאַטן — געהאַט אַ שאַרף קעפּל. האָט דער זיידע יאָסל געזאָגט צום זון, לייבישן:

— כ׳וואָלט נאָך וועלן, אַז דער רבונו של עולם זאָל מיר טאָן איין חסד: כ׳וויל נאָך דערלעבן צו זען, ווער פון אייך ביידע וועט אַריבערשטייגן אין לומדות!

און לייביש האָט דערויף געענטפערט זיין טאַטן:

— ס׳גייט ביי מיר נישט אין לומדות. כ׳וויל בעסער דערגיין ווייטער אין שלימות. דאָס איז נאָך אַ פּיל וויכטיקערע און שווערערע מדרגה איידער לומדות. מיט אַ גוטן קאָפּ און אַ ביסל ווילן ווערט מען אַ למדן. און דעמאָלט וואַרטן אויף דיר אַ סך כבודים, ביז רבנות. און וויפל גאוה־געפּאַרן עס שטעקן אינעם אַרויסווייזן דאָס לומדות ביים לערנען מיט אַנדערע! און מען קרוינט דיך באַלד פאַר אַ מורה־דרך. כ׳וועל בעסער זען מיט אַלע כוחות העלפן הערשעלען ווערן אַן אדם־השלם.

— אָט, זעסטו, טאַטע, אַז כ׳בין נישט אינגאַנצן מסכים מיטן בעל „התניא״, וואָס שטעלט אַוועק יענעם צדיק אויף דער העכסטער פון די דריי מדרגות. נישט דער צדיק השלם, וואָס האָט שוין לגמרי גובר געווען דעם יצר־הרע מיטן שטן המשחית און דאָס צדקות ווערט ביי אים אַ געוואוינהייט נאָר, אַ הרגל נעשה טבע, אַ שטייענדיק וואַסער . . . נייערט מען דאַרף אַרויסהויבן יענעם צדיק וואָס שטייט אינעם אייביקן געראַנגל מיטן שטן, וואו דאָס איז פאַרבונדן מיט גרויסע נסיונות, מיטן שטענדיקן אַרבעטן אויף זיך גובר צו זיין דאָס חיה׳שע אַפילו במחשבה. נאָר כ׳האָב מורא, טאַטע, אַז אויך דער דאָזיקער וועג איז לאו דווקא. ווייל דאָס שטענדיקע אַרומפירן זיך מיטן שטן, ווי מיט אַ הונט אויף אַ קייט, דאָס פילן דעם תענוג פון גבורה דורך כובש את יצרו, קאָן ראשית דערפירן צו פּוסטער גאוה, ר״ל, און בכלל צו אַ נייעם הרגל נעשה טבע — ווידער אַן אויסגעטראָטענער וועג, אַ טאַנדעטנער בגד, וואָס קאָן פּאַסן פאַר יעדן. אָבער יעדער בן־אדם איז אַן עולם קטן פאַר זיך אַליין, מוז ער זיך זיין אייגענעם וועג דורכברעכן בכדי צו דערגיין ביז די העכסטע שלמותדיקע הייכן, און אפשר קיינמאָל נישט דערגיין. ווייל דער עיקר העיקרים איז דאָס גיין. און דער גרעסטער מכשול אינעם געטלעכן גיין איז דער סם פון גאוה. דערפאַר מוז דער מענטש, וואָס פאַרמעסט זיך צו ווערן דער גייער, בלייבן אַ נסתר. דאָס וואָס איך האָב נישט זוכה געווען, טאַטע, וועט אפשר אונזער הערשעלע צו דעם זוכה זיין.

דער העקלמאַכער, ר׳ יוסף, האָט זיין זון זייער גוט פאַרשטאַנען. ער האָט

אָבער שטאַרק געקנייטשט זיין גרויסן שטערן, בשעת ער האָט געזאָגט לייבישן:

— אַ צו גרויסן עול גרייטסטו פאַר הערשעלען!

הערשעלע איז געוואַקסן שטאַרק און געזונט. ביים אַרבעטן מיטן טאַטן אין פעלד, האָט אים דער פאָטער געלאָזט שפּילן זיך מיט די פאַרשיידענע קאָלירטע פייגל, פליגעלעך און פלאַטערלעך, וואָס הערשעלע האָט אַזוי גערן געהאַט. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט זיך צו שפּילן מיט די גרינע שפּרינגערס. ער האָט נאָכגעמאַכט זייערע שפּרונגען, געפּאַטשט דערביי מיט די הענטלעך. ער האָט געריסן די געלע פעלד־בלימעלעך מיט די ווייסע קעפּלעך, זיי געבראַכט דער מאַמען צו צירן דערמיט איר שבת־הויב, און זי האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן פון זיינע איינפאַלן.

ר׳ לייביש האָט הנאה געהאַט אַפילו פון הערשעלעס שפּילערייען. ער האָט געלערנט מיט אים יום־ולילה, נישט געשיקט אין בית־מדרש אַריין, בכדי נישט מגלה צו זיין פאַר יעדן, ווי ווייט ער האַלט שוין אין לערנען. נאָכן אונטערוואַקסן, האָבן זייביידע געלערנט ווי צוויי חברים.

אחוץ פעלד־אַרבעט, האָט דער טאַטע מיט דער הילף פון זון אָנגעהויבן מאַכן קלייען־באַרשט. זיי פלעגן אַרויסגיין פאַרטאָג מיט צוויי פאַר קאַנען אין „יארזשמעס" צום ברונעם. יעדערער פלעגט ברענגען צען קאַנען וואַסער. הערשעלע האָט געשיקט געמישט מיט אַ הילצערנער לאָפּעטע די קלייען אינם גרויסן פאַס. און דער באַרשט איז געוואָרן באַרימט אַלס דער בעסטער אין שטאָט. דערפון איז אַריינגעקומען עטלעכע גילדן אַ טאָג.

משהל פאַראלס, דער שוואָגער פון ר׳ לייבישן, האָט נאָכן טויט פון דעם שווער איבערגענומען די בעקעריי אין דער שול־גאַס. ער האָט אַ שטיקל צייט אונטערגעשטופּט שטילערהייט דער שוועסטער ברויטן, ווי אויך חלות אויף שבתים און יום־טובים. ר׳ לייביש האָט זיך אָבער איינמאָל דערוואוסט וועגן דעם. איז ער אַוועק צו משהלען אין דער בעקעריי און געטענהט, אַז ער וויל נישט קיין צדקה, ווייל גאָט זיי דאַנק, ער קאָן באַצאָלן פאַר געגעסן ברויט. משהל פאַראלס האָט אים געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט נעמען געצאָלט פאַר די ברויטן און חלות.

ר׳ לייבישעס שם איז געוואָרן אַלץ מער געשעצט און מ׳האָט אים געוואָלט מאַכן פאַרן ערשטן דיין אין שטאָט, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אַ סך געמישט אין קהל־ענינים. ער האָט איבערגעבויט די בקור־חולים חברה, איינגעפירט שטרענגע כללים, אַז יעדע נאַכט זאָלן צוויי בעלי־בתים נעכטיקן ביי יעדן חולה. ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַזאַ מומחה אויף די אַלע קרענק און רפואות, אַז מ׳האָט אים אָנגעהויבן האַלטן פאַר אַ גרויסן רופא, דערציילט שטוינענדיקע מעשיות וועגן זיין הייל־קראַפט און

זיינע מופתים. ער האָט זיך געפילט זייער שטאַרק געקרענקט פון דעם. ער איז געוואָרן פאַרזיכטיקער ביים אַרומגיין צווישן די חולאים, האָט אונ־טערגעזאָגט הערשל פעלדשער זיינע איינפאַלן, כדי נישט צו געבן קיין פתחון־פה.

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז נאָך דער פטירה פון דעם קאָצקער, זיינען געקומען חסידים פון אָסטראָווצע, אָפּט, אָזשעראָוו און אַנדערע שטעט און אים געוואָלט מאַכן פאַרן ממלא־מקום. ער האָט אָבער געענטפערט אויף זייערע טענות ומענות, אַז ראשית פירט ער זיך נישט לויטן דרך פון די קאָצ־קער צו האָבן הנאה פון ליגן אין וואַלד אין אַ גרוב פון מוראַשקעס, אָדער כדי צו באַפרייען זיך פון ספקות, זיך אַוועקלאָזן איינער אַליין וואַנדערן ביז מ׳ווערט געגעזן; והשנית, ווייל ער נישט נהנה זיין פון דעם טעם פון רבנות מחמת כמה טעמים, וואָס ער איז נישט מחוייב אויסצורעכענען.

ר׳ לייביש האָט אָבער נישט אָפּגעזאָגט די בקשה פון די בעל־מלאכות. זיי האָבן אים איינמאָל אָפּגעוואַרט נאָכן דאַוונען שבת אינם אַלטן בית־המדרש, אים בציבור געזאָגט — גוט שבת, ר׳ לייביש! און נאָכגעגאַנגען אין די טליתים ביזן הויז זיינעם. ער האָט קוים אויסגעפונען פון זייערע שטאַמ־לענדיקע רייד, אַז זיי בעטן אים לערנען מיט זיי יעדן שבת פאַר מנחה אַ שטיקל „עין יעקב״.

דאָס נייע בית־מדרשל איז געווען געפאַקט נישט נאָר מיט די בעלי־מלאכות, צוליב וועמען ער איז געקומען, נאָר אויך מיט אַ סך אַנדערע, אַריינגע־רעכנט די גרעסטע לומדים און שענסטע בעלי־בתים, וואָס זיינען געקומען הערן זיין לערנען. און ס׳איז טאַקע געווען פלאי־פלאים. און דער גרעסטער וואונדער איז געווען זיין כוח־ההסברה, וואָס ער האָט פאַר די בעלי־מלאכות אַזוי פּראָסט און פשוט אַלץ פאַרטייטשט, אַז אַ קינד האָט דאָס געקענט פאַרשטיין. די לומדים האָבן געגאַפט, ווי לייכט און קלאָר ער איז מסביר די שווערסטע שטעלן.

ר׳ לייביש איז ביים פשוטן עולם ממש פאַרהייליקט געוואָרן פאַר זיין איינפאַך, אָרעם לעבן, פאַר זיין ענוות און גוטסקייט, פאַר זיין זאָרגן מסירת־נפשדיק פאַר די חולאים אין שטאָט. מ׳האָט אים געקענט זען וואַנדערן אין די קאַלטסטע, פינצטערסטע נעכט, טאַפּטשען אין די טיפע בלאָטעס, מיט זיין לאַמטערנע אין דער האַנט, צו די אַרומיקע דערפער, ברענגען די ערשטע הילף אַ חולה, דאָרטן נעכטיקן און דערנאָך אויף מאָרגן אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג באַזאָרגן פאַר יענעם אַ פעלדשער, רפואות, עטלעכע גילדן און שטענ־דיק זיין פאַרטאָן אין מעשים־טובים.

**
*

טאָמיקל בוגאַלסקי, מיט די פאַרדרייטע וואָנצן, איז געווען דער שבת־גוי, וואָס האָט געאַרבעט ביי קהל. ער האָט געהייצט דעם מרחץ; געגאָסן פרייטאָג שפּעלעך וואַסער אויף די געגליטע שטיינער, ווען די אידן זיינען געקומען אין באָד אַריין זיך שמייסן מיט די בעזעמלעך לכבוד שבת; ער האָט באַזאָרגט די מקווה; צוגעגרייט די לייכטער אין דער שול און אין די בתי־מדרשים און גערעדט אידיש מיט אַ ביסל פּויליש פאַרבראָקט.

בוגאַלסקי איז געווען אַ זון פון דעם רייכן שענקער, וואָס האָט געהאַט אייגענע הייזער מיט פערד און אַ סך רינדער. דער שענקער האָט געהאַלטן אַ וואַך אויג אויף זיין שענק און פאַרמעגן, כאָטש ער איז געשטאָרבן פון שכרות. טאָמיקל, זיין איינציקער זון, האָט נאָך איבערגעשטיגן דעם טאַטן אין שכרות. ער האָט ביים איבערנעמען די שענק, קודם אַרויסגעטריבן די פּויערים און אַלע אַנדערע טרינקער־קונים, ווייל ס'איז אַ שאָד און אַן עבירה אַזאַ טייערע זאַך ווי בראָנפן צו פאַרקויפן. דערנאָך האָט ער איינגעלאַדן יעדן טאָג זיינע קומעס און פריינט, ביז זיי האָבן אויסגעטרונקען אַלע פעסער בראָנפן, ביר און וויין. שפּעטער האָט ער פאַרקויפט די הייזער, די רינדער און אַלץ מיט אַנאַנדער. און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטאַכלעוועט, איז ער געוואָרן אַ בעטלער אין אַנדערע שענקען. מ'האָט אים פון אומעטום אַרויסגעוואָרפן. ביז ער איז דאָס געוואָרן דער שבת־גוי. ער האָט צוגעזאָגט די דאָזאָרצעס, אַז ער וועט שכורן נאָר איין טאָג אין דער וואָך — זונטיק.

און בוגאַלסקי איז אַמאָל קראַנק געוואָרן. ער איז געלעגן עלנט אין דער פאַרחושכטער באָד. אָבער ר' לייביש האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער באַלד געקומען, אים געהיילט, געגעכטיקט ביי אים, געברענגט דעם פעלדשער, אים דערלאַנגט די רפואות, געזען, אַז דער בקור־חולים זאָל אים קרעפטיקן מיט די געהעריקע געקעכטסן צו שטעלן אים אויף די פיס.

בוגאַלסקי האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרגעסן. ער האָט געוואָלט העלפן ר' לייבישן אין פעלד — פּרוואון בגנבה פאַראַקערן ביינאַכט אַ שטיקל פעלד פון די בוריקעס. הערשל, שוין דעמאָלט אַ דערוואַקסענער הויכער בחור, האָט דאָס אָבער נישט געלאָזט. ער פלעגט אים הייסן גיין צוריק אַהיים, ווייל זיין טאַטע האָט אים נישט געהיילט צו קריגן פאַר דעם באַצאָלט. נאָר יענער, ווי אַ געטרייער הונט, האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס פעלד — פלעגט ער כאָטש אָוועקטרייבן די גרויסע ציגן, זיי זאָלן ווייניקער עסן ר' לייבישעס מאָכיקן דאַך.

**
*

הערשל האָט געלערנט מיט התמדה און דער טאַטע האָט געקוואָלן פון זיינע חידושי־תורה. דער זון האָט גלייכצייטיק געאַרבעט שווער אין פעלד

און געלאָזט פאַרן טאַטן זייער ווייניק צו טאָן. אין בית־מדרש פלעגט הערשל נישט ריידן קיין דברי־תורה, נאָר זיך שטעלן דאַוונען צווישן די וואַסער־טרעגער, וועמען ער האָט באַטראַכט ווי זיינס גליכן. ער האָט דאָך געטראָגן וואַסער נישט נאָר פאַרן קלייזן־באָרשט, נאָר אויך פאַר קראַנקע, ווי פאַר די אלמנות אינם שולגעסל. דער טאַטע האָט אים פאַרקנסט צו אַן אָרימער יתומה פונם שולגעסל, די שיינע רבקהלע דבורהס, וואָס האָט זיך מפרנס געווען צוזאַמען מיט איר מאַמען פון מאַכן די שענסטע, געהאַפטענע העמדער פאַר די רייכע כלות. אירע אויסגעניייטע בלימעלעך אין די פאַרשיידנאַרטיקסטע קאָלירן האָבן אויסגעקוקט ווי לעבעדיקע געוויקסן. „זי האָט גאָלדענע הענט" — פלעגט מען אויף איר זאָגן. זיי האָבן חתונה געהאַט, ווען הערשל איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר.

ס'איז אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־מגפה. ר' לייביש איז טאָג און נאַכט געווען פאַרנומען מיט די חולאים. ער האָט געאַרבעט אַזוי שווער, ביז ער אַליין איז קראַנק געוואָרן, אַ חולה מסוכן. די גאַנצע שטאָט איז געקומען מבקר־חולה זיין. אין בית־מדרש האָבן די פשוטע אידן געזאָגט תהילים און געבעטן אַ רפואה שלמה פאַר זייער חבר, האָרעפּאָשניק און גרויסן צדיק. די קרענק האָט זיך, פאַרצויגן ביז ער האָט מער נישט געקענט אַראָפּ פון בעט.

הערשל האָט געלערנט און געאַרבעט, אַליין געטראָגן די קאַנען וואַסער פאַרן קלייזן־באָרשט, געאַרבעט אינם פעלד מיט מער אימפּעט ווי פריער. ווען ר' לייביש האָט זיך דערפילט עטוואָס לייכטער, האָט ער גערופן הערשלען צו זיין בעט און אים געבעטן זאָגן זיינע חידושים אויפן „זוהר", אין וועלכן ער האָט זיך לעצטנס אַנגעהויבן צו גריבלען, ווי אין אַנדערע קבלה־ספרים. ר' לייביש אַליין פלעגט אַמאָל אויך פאַרבלאָנדזשען צו די ספרים.

הערשל האָט זיך אַזוי שטאַרק אַריינגעטאָן אין די קבלה־ספרים, אַז פיל מאָל איז ער געפאַלן איבער די בענקלעך און זיך די נאָז און דעם שטערן צעקלאַפּט. דער טאַטע האָט דאָס באַמערקט און צו אים מיט אַ ווייכער שטימע געזאָגט:

— זון מיינער, דו האָסט זיך צופיל אַריינגעלאָזט אין יענע פאַרבאָרגענע וועלטן. אַ ביסל מער ישוב־הדעת און עטלעכע קאַנען מער וואַסער פאַר די אָרימע שכנים אונזערע — דערפון וואָלט נישט נאָר דיין נאָז און דיין שטערן ווייניקער געליטן, נאָר דיינע חושים וואָלטן געווען פרישער און לויטערער, גאָטס וועגן וואָלסטו ליכטיקער געזען.

הערשלס ערשט קינד איז געווען אַ אינגל. רבקהלע די יתומה איז גע־שטאָרבן אין קימפּעט. דעם טאַטן און זון האָט דאָס שווער געטראָפן. דעם לעצטן טאָג שבעה איז געווען דער ברית. ר' לייביש האָט זיך אויפגעזעצט

אין בעט און געווען סנדק. מ׳האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן יאָסל, נאָכן עלטער־זיידן, דעם העקל־מאַכער.

הערשל אַליין האָט געוויקלט זיין בן־יחיד אין די ווינדעלעך, אים גע־קאָרמעט מיט מילך און אַנדערע שפייזן און בעתן וויינען אַריינגעשטופּט אינם מויל אַ לייוונטן קניפּל מיט אַ שטיקל צוקער אָדער אַ שטיקל האַרט ברויט אין וואַסער געווייקט. ער האָט געמוזט אויפגעבן דאָס באַרשט־מאַכן, ווייל ער האָט שוין קיין צייט נישט געהאַט פאַר דעם. ער איז געוואָרן אַ פּשוטער וואַסער־טרעגער. דעם קינדס וויגל פלעגט ער צורוקן פאַרטאָג צום טאַטנס בעט, אָנבינדן אַ לאַנג שטריקל און איין עק אַריינלייגן אין דעם טאַטנס בלייכע הענט, ער זאָל קאָנען וויגן, ווען דער בן־יחיד וועט זיך אויפוועקן.

הערשל האָט געקראָגן זייער אַ סך בעלנים אויף זיין וואַסער. אַ סך בעל־הביתטעס האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ זכיה, ער זאָל זיי ברענגען וואַסער. ער האָט געטראָגן דאָס וואַסער מיטן זעלבן ברען, ווי ער פלעגט לערנען זוהר און קבלה. ער האָט נאָך אַפילו באַוויזן צו העלפן די עלטערע וואַסער־טרעגער. דערנאָך ערשט פלעגט ער לויפן פאַרענדיקן דאָס דאַוונען, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אויף אויסנווייניק נאָך ביים טראָגן דאָס וואַסער. שפּעטער האָט ער איינגעקויפט ברויט מיט מילך און דערמיט געקאָרמעט אי זיין קינד, אי זיין טאַטן. מיטן קינד פלעגט ער זיך אַרומשפּילן און אַרומטראָגן, ווי יעדער טאַטע. ער איז דאָך געווען איצט אי אַ טאַטע, אי אַ מאַמע.

איינמאָל האָט ר׳ לייביש פּלוצים געזאָגט צו הערשלען, ער זאָל רופן דעם ראש פון דער חברה קדישא, ר׳ יצחקל. ווען יענער איז געקומען האָט אים ר׳ לייביש געזאָגט:

— איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל: אַ פאַרשלעפּטע קרענק איז אַ זיכערער טויט — גרייט איך מיך אינם וועג אַריין. און נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת, ווייל איך אייך בעטן מיך מקבר צו זיין ביים פּלויט, ביים אַריינגאַנג צום בית־עולם, וואו עס ליגן אַלע נדחים, די פאַרשטויסענע, די פאַרשעמטע. דאָס האַרץ פלעגט מיר ווי טאָן ביים פאַרבייגיין זייערע פאַרשעמטע קברים. אָבער נאָכמער האָט מיר וויי געטאָן די בושה פון זייערע קרובים, וואָס זיינען געקומען צו זיי אויף קבר־אבות. יענע פלעגן ליגן לעבן זייערע קברים איינגעקאָרטשעטע. די פרויען האָבן פאַרדעקט זייערע פּנימער מיט די פאַטשיילעס, די מענער האָבן געהאַט אויפגעשטעלטע קאָלנערס און אַראָפּגערוקטע היטל־דאַשיקעס — מ׳זאָל זיי נישט דערקענען. כ׳פלעג אַוועקדרייען מיין קאָפּ פון בושה פאַר זיך און פאַר גאָט. דער פאַרשעמטער צער פון זייערע באַהאַלטענע, אָפּגערוקנ־דיקע אויגן הינטער די פאַטשיילעס און דאַשיקעס האָבן מיינע טריט געשרפעט, נישט געלאָזט רוען, געפאָדערט אַ תיקון. אַ סך מאָל האָב איך געוואָלט זיך

אַוועקלייגן לעבן זיי און בעטן מחילה. כ׳האָב אָבער מורא געהאַט, אַז ס׳וועט קיין פּעולה נישט האָבן, אַז מ׳וועט מיך באַטראַכטן פאַר אַ חסר־דעה און נאָך מאַכן זיי ללעג ולקלס און מ׳זאָל פאַרשפּאָטן זייער אומשולדיקע בושה. איך וויל דעריבער נאָך מיין טויט ליגן לעבן פּלויט מיט זיי. און מיין זון הערשל, וואָס וועט קומען צו מיר אויף קבר־אבות, וועט מיט זייןביישפּיל אָפּדעקן זייערע פּאַטשיילעס, אַרויפרוקן די דאַשיקעס. איך וועל אַדאַנק דעם ליגן רו־איקער אין מיין קבר, אַנטקעגנגיין פיל רואיקער גאָטס משפּט אויפן עולם האמת.

הערשל, וואָס איז געזעסן אָן אַ זייט בעת דעם שמועס, האָט שטיל גע־כליפּעט. טרערן פון צער האָבן זיך געגאָסן אויף זיינע באַקן. אין דער זעלביקער צייט האָט אין זיינע אויגן ווי געברענט אַ מאָדנער פייער פון שטאָלץ מיט זיין גרויסן טאַטן. ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף אַנידערקניען ביים בעט און פאַלן כורעים פאַר דעם טאַטנס טיפער מענטשלעכקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פונם בענקל, אָפּגעווישט די טרערן און זיך אַוועקגעשטעלט אַ צעשטראַלטער ביים פאָטער צוקאָפּנס, דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקן יראת־הכבוד געפיל.

ר׳ יצחקל איז געווען דערשטוינט, פריטשמעליעט פון דער בקשה און ער האָט זיך אָפּגערופן מיט גרויס דרך־ארץ:

— ר׳ לייביש, איך פאַרשטיי אייך זייער גוט. אָבער איר מאַכט דאָך אַ תל פון אונזערע פּלענער. די חברא־קדישא, די דאָזאַרצעס, דער רב, די דיינים האָבן שוין געהאַט אָפּגעמאַכט, אז נאָך אייערע הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָל מען אייך לייגן צווישן אונזערע גרויסע רבנים און אויפשטעלן אַן אוהל.

ר׳ לייביש איז געוואָרן אומגעדולדיק און געבעטן ביי יצחקלען תקיעת־כף, אַז מ׳וועט מקיים זיין די בקשה. און דער ראש פון דער חברה־קדישא האָט דאָס געטאָן, ער האָט אים נישט געקאָנט מעיז פּנים זיין.

ר׳ לייביש איז קורץ נאָכדעם נפטר געוואָרן. מ׳האָט אים מקבר געווען לעבן פּלויט. אָבער די לויה איז געווען איינע פון די גרעסטע אין שטאָט. שפּע־טער האָט קהל געוואָלט אויפשטעלן אַן אוהל אויף ר׳ לייבישעס קבר. אָבער הערשל האָט דאָס נישט געלאָזט טאָן. ער האָט געטענהט, אַז די כוונה פון זיין טאַטן איז נישט געווען זיך אָפּצוגרענעצן פון די פאַרשעמטע, אַרומיקע קברים. ער האָט דעריבער אויפגעשטעלט אַ פּשוטע קליינע מצבה, נישט העכער פון די שכנותדיקע מצבות. הערשל אליין האָט איצט געבעטן ביי חברה־קדישא אַ צוזאָג, אַז מ׳וועט אויך אים מקבר זיין לעבן זיין טאַטן.

ר׳ לייבישעס קבר, כאָטש אָן אַן אוהל, איז געוואָרן אַלץ מער פאַרהייליקט. ס׳איז געוואָרן די גרעסטע זכיה צו ליגן לעבן לייבישן, כאָטש ס׳איז געווען לעבן פּלויט. מ׳האָט דאָרטן אָנגעהויבן מקבר צו זיין די גרעסטע לומדים.

הערשל איז געבליבן אַליין אין זיין איינגעפאַלענער שטוב. זיין קינד,

יאָסעלע, איז דערווייל אונטערגעוואָקסן, געלערנט עברי ביים פאָטער. וועגן הערשלען אַליין האָט מען אין שטאָט געשמועסט, אַז ער איז אפשר נאָך אַ גרעסערער למדן פון זיין פאָטער. מ׳האָט זיך געסודעט, אַז ער רעדט בכיוון נישט מיט קיינעם וועגן תורה־ענינים, ווייל ער איז פון די נסתרים, פון די למד־וואָווניקעס, וואָס מאַכן זיך תמעוואָטע כדי נישט נתגלה צו ווערן. מ׳האָט דערציילט מעשות, אַז בעת ער טראָגט די קאַנען וואַסער איז ער אָפט זייער פאַרטראַכט, פאַרחלומט, די אויגן זיינען פאַרריסן צום הימל, דאָס פּנים ברענט און לויכט ווי די זון, בעת די ליפּן שעפּטשען ווי אַ תפילה. מ׳האָט דערציילט אַלערליי נסים ונפלאות.

ר׳ שמואל דיין, איינער פון זיין פאָטערס מקורבים, האָט אַמאָל געגעבן צו פאַרשטיין אין בית־המדרש, אַז ס׳קאָן זיין, אַז הערשל אַרבעט אויף זיך צו ווערן דער אדם השלם, דער מענטש פון גאַנצקייט, פון פולקאָמענקייט, ווי זיין טאַטע, עליו השלום, האָט צו דעם זיין גאַנצן לעבן געשטרעבט, און וועגן וואָס ער פלעגט זיך מתווכח זיין נאָך מיט הערשלס זיידן, ר׳ יוסף דער העקל־מאַכער.

מ׳האָט געוואוסט, אַז דער אָסטראָווצער רב, ר׳ מאיר־יחיאל, פלעגט נאָך ר׳ לייבישעס פּטירה קומען צו הערשלען אין די שפּעטע ביינאַכטן, זיך שטיל אַהין אַריינגנבענען, קיינער זאָל עס נישט באַמערקן, און פאַרבלייבן דאָרטן לאַנגע שעהן זיך מפלפל זיין איבער די טיפסטע ענינים.

אַ חסיד פונם שול־געסל האָט דערציילט, אַז ער האָט זיך אַמאָל אויף די שפּיץ פינגער אונטערגעשלייכט צו הערשלס פענסטער בעת דער רב איז דאָרטן געווען. האָט ער געהערט, ווי דער רב האָט פאַרן אַוועקגיין געבעטן הערשלען ער זאָל קומען מיט זיין אינגל צו זיין שבתדיקן טיש. הערשל האָט אים שיין באַדאַנקט און געזאָגט:

— רבי, כ׳בין שוין געוווינט פאַרזונקען אין תענוגים. כ׳מוז זיך אָפּזאָגן פון נייע עולם־הזה׳דיקע תענוגים, אפילו שבתדיקע.

אַן אַנדערש מאָל האָט מען דערציילט, אַז דער אָסטראָווצער רב האָט אים געבעטן, אויב ער וויל נישט זיין קיין רב אָדער דיין, כאָטש צו ווערן לכל הפחות אַ מלמד, פאַרשפּרייטן תורה צווישן אידישע קינדער. אָבער הערשל זאָל אים האָבן געענטפערט:

— כ׳קאָן נישט דינען גאָט בלב ונפש ווי נאָר דורכן דרך פון התבודדות. איר, רבי, קאָנט קומען צו גאָט מיטן ברייטן שליאַך, פאַר אייך זיינען אָפן אַלע שערי־שמים. אָבער איך (הערשל) דערשפּיר גאָטס אָטעם, טראָגנדיק די צוויי שווערע קאַנען וואַסער, וואָס רייסן מיין גוף אַרונטער צו דער ערד, ווייל דעמאָלט רייסט זיך מיין נשמה אַרויף צום הימל, צו אַלע ליכטיקע לויטער־

קייטן. איך פיל נישט די שווערע לאַסט. איך פיל ווי איך טראָג פליגלען, נישט קיין קאַנען וואַסער. און טאַקע פאַר דעם תענוג האָב איך מורא, רבי. דערפאַר מוז איך זיך אָפּזאָגן פון אַנדערע תענוגים — אַפּשיטאָ שוין פון דער גרויסער מצווה פון מרביץ תורה בישראל, וואָס איז דאָך פון די גרעסטע תענוגים.

יאָסעלע האָט שוין געהאַלטן ערב בר־מצוה, געוואַקסן אַ חריף, געפירט וויכוחים אינם בית־המדרש, און געפרעגט האַרבע קשיות מיט ברענענדיקן אַמפּער. אינם ים־התלמוד איז ער נישט געווען קיין לייכטער שווימער, נאָר דער טויכער, וואָס וויל זיך דערגרונטעווען צו די טיפסטע טיפן. ער האָט זיך געריסן צו פאָרן אין לאָמזשער ישיבה. אין בית־מדרש פלעגט הערשל נאָכן דאַוונען אויפזוכן זיין יאָסעלען און ביידע זיינען צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען עסן ברויט מיט בוריקעס. נאָכן בענטשן פלעגן זיי זיך זעצן צוזאַמען לערנען זייער טעגלעכן שיעור פון ש״ס און פוסקים, אָבער הערשל האָט נישט געקענט משפיע זיין אויף יאָסעלען ער זאָל אָננעמען זיין נסתרדיקן דרך.

הערשלען האָט לעצטנס שטאַרק אָנגעהויבן באַאומרואיקן יאָסעלעס חקירות און קשיות. ער האָט אי הנאה געהאַט פון יאָסעלעס חריפות, אי גע־ציטערט: ווער ווייסט וואָס פון אַזעלכע קשיות קאָן נאָך ווערן? וואו איז די גרענעץ? וואו וועט ער זיך אָפּשטעלן? צי וועט ער זיך ערגעץ אָפּשטעלן?

ערשט פון דער לאָמזשער ישיבה האָט הערשל באַקומען גוטע בריוולעך פון זון, ווי פון ראש־ישיבה. ער האָט געחלומט, אַז נאָכן אַהיימקומען, וועט ער יאָסעלען חתונה־מאַכן, און ער וועט ווייטער ממשיך זיין אין הויז פון זיינע אָבות זייער ירושה און דרך.

אָבער די נייעסן אין שטאָט האָבן אים גורם געווען עגמת־נפש און צע־שטערט זיינע חלומות. ער האָט געהערט פון משהל פּנחסעס אינגל, דער עילוי, וואָס איז אַרויס לתרבות־רעה, געוואָרן אַן אפּיקורס; עס זיינען דערגאַנגען צו אים ידיעות וועגן בונטן פון די גוים אין די פאַבריקן קעגן מלכות און ער האָט דערזען אין דעם אַ מרידה קעגן גאָט ברוך הוא און זיין סדר העולם.

אין בית־מדרש האָט ער זיך אויף פלוצים דערוואוסט די ביטערע בשורה, אַז זיין פעטער משה פּאַרעלס איז געשטאָרבן. עפּעס האָט אים געגעבן אַ שטאָך אינם האַרץ: הערשל האָט לאַנגע יאָרן געהיט זיין טאַטנס קבר, אַז דאָס לעצטע שטיקל ערד דערנעבן זאָל בלייבן פאַר אים אַליין. נאָר ווער ווייסט, אויב מ׳האָט נישט פאַר דעם פעטער אויסגעגראָבן דאָס לעצטע שטיקל איבער־געבליבענע ערד?

און כך־הוה. נאָכן דאַוונען איז ער געלאָפן צום בית־הקברות און — ווי און וויינד — ער האָט טאַקע געפינען אַן אָפענעם, אויסגעגראָבענעם קבר. אַ פאַרלוירענער איז ער אַריינגעשפּרינגען, געבליבן דאָרט ביז די לויה איז אָנגע־

קומען און מ'האָט אָוועקגעשטעלט די מיטה מיטן בר־מינן. פון אויפרעגונג איז ער געפאַלן אין חלשות.

מרדכי נעשעס, דער נייער ראש פון דער חברה־קדישא, איז אַריין אין קבר, געריבן הערשלס שלייפן מיט שטיקער שניי, געמינטערט אים און אַרויסגעטראָגן פון דאָרטן. הערשל איז צו זיך געקומען, געבעטן מחילה ביים מת, ביי דער משפחה און מלווים, נאָר זיך דערמאָנט, אַז ר' יצחקל האָט אים צוגעזאָגט צו האַלטן דעם פלאַץ פאַר אים. מרדכי נעשעס האָט זיך פאַר־ענטפערט, אַז ס'איז געשען אַ טעות. ער האָט פאַרגעלייגט צו טיילן דעם אויס־געגראָבענעם קבר אויף צוויי און געגעבן הערשלען תקיעת־כף, קיינעם נישט צו לאָזן פאַרנעמען דאָס שמאָלע, פאַרבליבענע שטיקל ערד לעבן קבר פון דעם צדיק ר' לייביש. אָבער פאַר הערשלען איז עס סיווי געווען אַ בייזער סימן.

זיין האַרץ האָט אים דאָס מאָל נישט אָפּגענאַרט: אויך אין דער לאָמזשער ישיבה האָט זיך שוין לאַנג געפילט דער נייער צייט־גייסט. יאָסעלעס חבר, שמאי־ליפּעס, פון לאָדזש, אַ נידעריקער, אַ שטאַרק קורצזיכטיקער, וואָס בעתן לערנען ווישט ער כמעט מיט דער נאָז די ספרים־בלעטער, איז שטענדיק געווען אַריינגעטאָן מיט אַלע זיינע חושים אינם לערנען. ער איז געווען דער גרעסטער מתמיד פון ישיבה. ער איז אויך געווען דער טיפסטער גריבלער, אָבער אויך אַ גרויסער קל. ער האָט נישט מקפּיד געווען צו שטאַרק מיטן דאַווענען. בעת ער האָט אָנגעטאָן די תפילין האָט ער זיך געדרייט אַהין און צוריק פאַרחושט, און נישט געעפנט דאָס מויל. מיט דער גאַנצער שמונה־עשרה פלעגט ער פאַרטיק ווערן כהרף־עין. דער ראש־ישיבה האָט דעריבער געהאַלטן אַן אָפּן אויג איבער אים.

טאַקע דער דאָזיקער שמאי ליפּעס האָט דאָס גענומען יאָסעלען אין זיינע הענט אַריין. זיי האָבן אָנגעהויבן נעלם צו ווערן ביי יעדער געלעגנהייט אויף לאַנגע שעהן פון דער ישיבה. אין זייערע באַהעלטענישן האָט שמאי זיך גענו־מען חקרענען מיט יאָסעלען. ער האָט אָנגעקוואָלן פון זיין חריפות און שנעלער תפיסה. אָנגעהויבן האָבן זיי מיט די חקירות איבערן „מורה נבוכים". שפּעטער, ווען שמאי איז געקומען צוריק נאָך די יום־טובים פון דער היים האָט ער געבראַנגט מיט זיך אַחוץ די נייעסטע השכלה־ביכער אויך ביכלעך אויף פויליש און דייטש. זיי האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט מיט גרויס התמדה. שפּעטער־צו האָט ער אים געבראַנגט די געהיימע, פאַרבאָטענע ביכלעך און פאַמפלעטן פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען צום לייענען.

אויף אים, שמאין, דעם רואיקן גריבלער איז נישט שטאַרק קענטיק געווען די באַווירקנדיקע, אינערלעכע ענדערונג. אָבער יאָסעלע איז געווען

פיל יונגער פון אים. אויך זיין טבע איז געווען אַ צעפלאַטערטע און ער האָט געברענט און געברויזט מיט די נייע געדאַנקען.

עס האָט נישט לאַנג גענומען ביז עס האָט אים געצויגן צו פאַרלאָזן די ישיבה, בכדי זיך צו באַהעפטן מיט די קעמפער פאַר צדק און יושר. שמאי האָט אים צוריקגעהאַלטן מיט אַלע זיינע כוחות. טיילמאָל האָט ער אים געוואָלט צוי־מען מיט אַזאַ ווערטל, אַז די איינגע פאַרטאַכלעווען שנעל זייערע טעג און יאָרן, בעת די אַלטע קלאַמערן זיך און ווילן פאַרהאַלטן די יאָרן. שמאיס וועג, פון שטענדיקן לערנען און פאַרטיפונג און בלויז געניסן פון די ניי־אַנטדעקטע וועלט לשם בלויזן לערנען, איז נישט געפעלן יאָסעלען. אפשר איז שמאיס דרך נישט צוגעפּאַסט צו זיין אומרואיקן וועזן; מעגלעך אַז אויך צוליב די געירשנטע אייגנשאַפטן פונם זיידן זיינעם, דעם גרויסן בעל־מידות צו העלפן מענטשן אין זייערע נויטן האָט ער געמוזט ווערן אַקטיוו. אָבער סיווי האָט דאָס אים געטריבן ווי אַ דיבוק צום פאַרלאָזן די ישיבה און אויב ער ווייסט שוין דעם וועג — מוז ער גיין צו די „אחדותניקעס״, וואָס זיינען גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין לטובת די מענטשן! ביים געזעגענען זיך מיטן ראש ישיבה האָט ער אים געדאַנקט פאַר זיין לערנען און דער גוטסקייט צו אים. דער ראש ישיבה איז שוין געווען די לעצטע צייטן צוגעוואוינט צו אָט אַזעלכע געזעגענישן. דאָס מאָל אָבער האָט ער געפילט די מורא אַז — ווער ווייסט? טאָמער וועלן נאָך אַנ־דערע פון זיינע תלמידים, חלילה, אַוועק אויף די געפערלעכע דרכים? אָבער גראָד אויף יאָסעלען האָט ער זיך נישט געריכט. ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען אויף זיין פלוצימדיקער איבערקערעניש, פון וועלכער זיין פאָטער וועט האָבן אויסערגעוויינלעכן צער.

וויסנדיק זיין גזע האָט ער אים געפרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטים:

— האָסטו זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וואָס עס מיינט פאַרלאָזן די ירושה פון דיינע גרויסע דורות? פון דיין טאַטנס שברות־הלב? ווייסט ער שוין פון דיין פאַרלאָזן די ישיבה? איז נאָך אָפּן דיין האַרץ און דיין מחשבה מען זאָל זיך קענען מתווכח זיין מיט דיר?

— ניין, — האָט געענטפערט יאָסעלע. איך פאַרלאָז מאָרגן די ישיבה. איך בין שוין פאַרטיק מיטן חשבון וועגן מיין גזע און מיין טאַטן, קיין שום וויכוחים וועלן מיין באַשלוס נישט ענדערן.

ביים געזעגענען זיך צומאַרגנס מיט שמאין האָבן זיך ביידע צעוויינט. שמאי האָט אויף זיין חקירה־שטייגער געזאָגט:

— זיי נישט הפקרדיק מיט דיין מסירת־נפש, ווייל די משיחים וואָס איר וועט ברענגען זיינען דאָס נישט ווערט!

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט הערשל בוריק באַקומען אַ בריוו פון לאָמזשער ראש־ישיבה, אַז יאָסל איז אַוועק צו די אחדותניקעס אין לאָדזש, געוואָרן אַ סאָציאַליסט; עפּעס אַזוינס, וואָס הערשל האָט נישט גוט באַנומען.

***

ס'איז געווען אין די שטורמישע טעג פון די רעוואָלוציאָנערע יאָרן. די טיר פונם אַלטן הויז הינטערן שול־באַרג האָט זיך איינמאָל געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען אַ הויכער דאַרער בחור מיט גרויסע ברוינע אויגן, אָן פּאות און אָן אַ באָרד, נאָר אין אַ שוואַרצער סאַטינענער בלוזע און אַ גאַרטל פאַרבונדן מיט צוויי הענגנדיקע טראָלדן. הערשל האָט צוגעמאַכט דעם ספר, באַטראַכט אַ רגע דעם גאַסט. פאָטער און זון האָבן זיך דערקענט. ביידנס אויגן האָבן זיך באַגעגענט מיט ליבשאַפט און שמחה. הערשל איז אַ ווײַלע מבולבל געוואָרן, נישט געקענט זיך באַהערשן. אָבער נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט ער געפרעגט יאָסלען אויב ער איז געקומען צו פאַרבלייבן.

— טאַטע, — האָט געענטפערט יאָסל אָן אויפגערעגטער. — כ'בין געקומען זיך מיט דיר געזעגענען, ווער ווייסט, צי כ'וועל דיך נאָך זען. מיין לייב און לעבן געהערט דער רעוואָלוציע. זיי מיר מוחל, טאַטע, וואָס כ'האָב דיך מן־הסתם מצער געווען מיט מיין הילוך, ווי פריער מיט מיין פאַרלאָזן די ישיבה און צעשטערן דיינע חלומות וועגן מיין צוקונפט. אָבער טראַכט דיך אַריין, טאַטע, וועסטו זען, אַז אייגנטלעך זיינען אונזערע וועגן גאָרנישט אַזוי ווייט און פרעמד איינער פונם צווייטן. אויף מיין דרך בין איך געבליבן אַ געטרייער יורש פון אונזערע אבות. האָט דען דער זיידע נישט מיטגעפילט און מיט־געליטן מיט די פאַרשטויסענע און פאַרשעמטע, מיט די וואָס ליגן ביים פּלויט? איך, זיין אייניקל, גיי אויף קידוש־השם אומצעוואַרפן דעם בזיונדיקן, אומ־גערעכטן פּלויט פון דער גאָרער וועלט.

הערשל האָט נישט געענטפערט. די טרערן האָבן אים געשטיקט. ביידע זיינען געפאַלן איינער דעם אַנדערן אויפן האַלדז. נאָר יאָסל האָט געגעבן אַ שווייגנדיקן נדר ממשיך צו זיין די הייליקע ירושה פון זייער זיידע גזע... אויב דער פאָטער נעמט אים נאָך אַלץ אַרום — טאָר ער אים דאָס לעצטע מאָל נישט אַנטוישן.

# יאַנקל סקאַרצער

משהל פּנחסעס איז געפֿאָרן קיין סקאַרצע מאַכן דעם אויסשטייער פֿאַרן ערשטן זון פֿון יאַנקל סקאַרצער.

ווען יאַנקל, דעמאָלט אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, פֿלעגט קומען קיין אָסטראָווצע, איז ער אַריינגעפֿאָרן מיט זיין גרויסער, ברוין־געפֿאַרבטער בריטשקע, מיט די פּליושענע געזעסן, וועלכע האָט געהאַט צוויי טירן פֿון ביידע זייטן און איז געווען געשפּאַנט מיט צוויי יונגע, גרויסע, קאַרע פֿערד. ווען נאָר די בריטשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי ר׳ אשר הערצס שניט־קראָם, האָבן זיך די פֿערד צעהירזשעט מיט אַזאַ פֿרייד, אַז מען האָט געהערט דעם עכאָ אויפֿן גאַנצן מאַרק, אַזש ביזן שאָסיי.

דער פֿורמאַן, דער יונגער יאַנטעק, מיט די צעפּלאָשעטע, פֿלאַקסענע האָר און אַ פֿולן פּנים זומער־שפּרענקלעך, האָט געעפֿנט פֿאַר זיין פּאַן די טיר פֿון דער בריטשקע. מיט איין האַנט האָט ער צוגעהאַלטן די טיר זי זאָל זיך נישט פֿאַרמאַכן און מיט דער צווייטער — זיין אַרונטערגענומען היטל.

יאַנקל איז אַרויסגעשפּרינגען פֿון דער בריטשקע מיט דער פֿלינקייט פֿון אַ יונגן הירש. זיין קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט געדיכטע, שוואַרצע האָר, וואָס קרייזלען זיך, ווי די פּאַליעס פֿון דעם שנעל־פּליסיקן טייכל, „קאַמין״. דאָס פּנים איז געווען רונד, מיט קינבאַקן שטאַרקע, מיט אַ שיין־מענלעכער נאָז און צוויי גרויסע, טיפֿע, ברוינע אויגן, וואָס גליען און וואַרעמען. ער האָט אויסגעגלייכט זיין הויכע פֿיגור מיט די ברייטע פּלייצעס, געגלעט זיין שוואַרץ געקרייזלט בערדל, מיט די פֿאַררונדיקטע וואַנצעס איבער די שיין געטאָקטע, רויטע ליפּן.

יעדער וואָס האָט אים געזען אַריינגיין צו ר׳ אשרן האָט אים באַגעגנט מיט וואַרעמקייט. ר׳ אשר הערץ איז אים אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַן אויס־געשטרעקטער האַנט און געגעבן אַ שלום־עליכם. מ׳האָט זיך צערעדט וועגן פֿאַמיליע־זאַכן און מכוח דער חתונה פֿון זיין זון. ס׳איז געווען באַשטימט, אַז נאָך די דריי וואָכן, שבת נחמו, זאָל זיין דאָס אויפֿרופֿן פֿונם חתן.

ס׳איז געווען אָנהויב חודש תמוז. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, דער הימל — העל־בלוי מיט ווייסע פֿלעקן ביים האָריזאָנט. יאַנטעק האָט געקאָר־מעט די פֿערד פֿון ברייטע טיפֿע זעק האָבער און זיי אויסגעשפּאַנט פֿון דער בריטשקע. ער האָט זיי באַפֿרייט פֿון די שווערע, ברוינע, לעדערנע כאָמוטעס,

וואָס זיינען באַצירט מיט מעשענע קנעפּ. רייטנדיק האָט ער זיי געפירט דורך דער טומאָה־גאַס צום „ליאס״, געבאָדן זיי אין טייך שווימענדיק מיט זיי. אַז זיי זיינען אַרויס דערפרישטע אויף דער לאָנקע האָבן זיי געבויגן זייערע לאַנגע העלזער צום גראָז אָדער געוואָרפן זייערע העלזער איינס אויפן צווייטן אין אַ מין ליבע־שפּיל.

דער טייך „ליאס״ איז געפלאָסן רואיק. די געדיכטע צווייגן פון די הויכע טאָפּאָלן האָבן זיך געשפּיגלט אינעם וואַסער. פויגלען האָבן פריידיק גע־טשוויטשערט פליענדיק צו זייערע נעסטן אויף די בוימער. די גרינע שפּרינ־גער מיט די לאַנגע פליגלען און שפּיציקע קעפּלעך האָבן געטאַנצט אין די הויכע גראָזן. קליינע פישלעך ביי די ברעגן האָבן זיך געיאָגט צו כאַפּן די וואַסער־פליגלען און מאַכן עיגולס אויפן וואַסער.

יאַנטעק איז געלעגן לעבן די פערד און דערהערט דאָס פייפן פון דער קלינקעוויטשער פאַבריק — אַן אָנזאָג, אַז ס׳איז צוועלף דער זייגער, מיטאָג צייט. האָט ער זיך אַדויפגעכאַפּט אויפן אָגער און געיאָגט מיט די פערד אויפן שאָסיי, פאַרביי די אויבסט־סעדער. אויפן באַרג, ביי דער טומאה האָט ער זיך געצלמט, אַריינגעפאָרן אין מאַרק און געשפּאַנט צוריק די פערד. דערנאָך איז ער אַריין אין שניט־קראָם, פאַרנייגט זיך מיטן היטל אין האַנט פאַר זיין פריץ. יאַנקל האָט אַרויסגענומען פונם לאַנגן לעדערנעם בייטל צוויי גילדן און אים געגעבן ער זאָל גיין עסן אין דער שענק קעגנאיבער.

יאַנקל איז געשטאַנען מיט משהל פּנחסעס ביי אַ הויכן שטויס מיט אָפּגע־קליבענער סחורה פון אַטלעס און זייד, צו מאַכן דערפון זשופּיצעס און שלאָפרעק פאַרן חתן; אויך גאַנצע שטויסן מיט די פיינסטע טאַמאַשאָווער טוכן און פיין געוועבטע, שווערע געוואַנטן פאַר זומערדיקע מלבושים און ווינטער־דיקע פּאַלטנס. דאָס דאַרף געניט ווערן נישט בלויז פאַרן חתן, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער משפּחה, ווי פאַר זיינע משרתים, וואָס אַרבעטן אין דער וואַסער־מיל און אין די וועלדער, וואָס ער האָט אין אַרענדע פונם סקארצער און דאָלעסער קסיאָנדז (דוכוס).

מ׳האָט נאָך געדענקט, ווי באַלד נאָכן פאַרלאָזן דעם דרדקי־חדר פון חיים זאַק, איז ער געוואָרן אַ שיק־אינגל ביי ר׳ נפתלי דאָלעסער, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַלטן אין אַרענדע די וואַסער־מיל ביים אַלטן דוכוס. ווי אַ קלוגער און אַרבעטסזאַם־ספּריטנער אינגל, איז ער שפּעטער עולה לגדולה געוואָרן צום אַמט פון פאַרוואַלטער איבער דער מיל. פּאַסירט האָט דאָס אַזוי:

דער אַלטער דוכוס האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגער, שיינער גראַפיניע. זי האָט געהאַט אַ טבע יעדן פרימאָרגן, זומער און ווינטער, צו רייטן אין גאַלאָפּ

אַ נאַקעטע, איינגעהילט אין איר רויטער, טוכענער ליוורעיע. זי פלעגט צובינדן דאָס פערד צום בריקל, וואָס ביי דער מיל, און אַרונטערשפּרינגען צו די וואַסערפאַלן, וואָס האָבן זיך פאַרמירט פון די מיל־רעדער. זי פלעגט לאַנג שטיין אונטער די פּאַליעס מיט איר שיין־געבויטן קערפּער, מיט אירע שטייפע, אַרויסגעסטאַרטשעטע בריסטן און די פּאַליעס האָבן האַסטיק גע־קלאַפּט איבער איר הייסן, ווייס־ראָזעווען לייב און עס געררויטלט ווי רויטע קאַראלן.

יעדעס מאָל, וואָס זי פלעגט קומען צו דער מיל, האָט דער יונגער יאַנקל, ווען זי האָט צופעליק איינמאָל דערזען, מיט זיין הויכער פיגור, מיט זיינע קליינע און שוואַרצע וואָנצן און דער קליינער באָרד, וואָס האָבן באַצירט אַזוי מענלעך זיין שיינעם פּנים, מיט די טיפע ברענענדיקע אויגן, געמוזט אויף איר באַפעל אַרויס פון דער מיל און זאָגן איר „דזשיען דאָבּדי!" דערביי פלעגט ער האַלטן זיין היטל אין האַנט און זיך פאַרנויגן.

די פּריצ׳טע פלעגט לאַנג שמועסן מיט אים ניט בלויז וועגן די געשעפטן פון דער מיל, נאָר וועגן זיין ווייבל, וואָס ער האָט אַקאָרשט געבראַכט פון אָסטראָווצע נאָך דער חתונה מיט עטלעכע חדשים פריער. זי איז מיט אים געוואָרן אַ גאַנצער פּאַני־בראַט. זי פלעגט אים איינלאַדן צו זיך אין הויף און אים נישט אַוועקלאָזן שעה׳ן־לאַנג.

ר׳ נפתּלי׳ן און זיינע אַנדערע משרתים האָט דאָס פאַרדראָסן און זיי האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס. ספּעציעל פלעגט ער זיך לאַנג פאַרזאַמען אינם הויף, ווען דער אַלטער פּריץ איז געווען אויף זיינע „יאַזדעס", אָדער אויף יאַגד. יאַנקל פלעגט נאָך זיינע באַזוכן, וואָס זיינען אויף אים אַרויפ־געצוואונגען געוואָרן לויט איר באַפעל, אַלעמאָל צוריקקומען אין דער מיל אַריין, אַ בלאַסער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, און געשעמט זיך קוקן אין די אויגן זיין בעל הבית, ר׳ נפתּלי׳ן. שטענדיק נאָך אַזאַ געשעעניש, פלעגט ער עפּעס מורמלען אומפאַרשטענדלעכע רייד אַלס ענטפער אויף די פראַגן פון זיין בעל־הבית. ר׳ נפתּלי, דער פרומער, גאָטפאָרכטיקער מענטש, וועלכער האָט נישט געקאָנט קיינעם קיין טאָן, האָט נישט געוואָלט אים מצער זיין מיט צופיל שאלות.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען יאָרנלאַנג ביז דער פּריץ האָט ביי ר׳ נפתּלי׳ן פאַרלאַנגט ער זאָל אים צוריקצאָלן אַלע חובות און דערצו נאָך שטאַרק העכערן דעם אַרענדע־פּרייז פון דער מיל. ר׳ נפתּלי האָט דאָס נישט געקאָנט נאָכקומען און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די מיל. דעמאָלט האָט דער פּריץ איבער־געגעבן די מיל אין אַרענדע צו יאַנקלען. יאַנקל איז געוואָרן דער מאַגנאַט פון דער גאַנצער געגנט און טאַקע אויך דער מכניס־אורח. ער האָט געלאָזט

אויפבויען אַ ספּעציעל הויז מיט אַ בית־המדרש, אָנגעפילט מיט אַלערליי ספרים, וואוהין עס האָבן געצויגן אַלערליי אורחים, אָרעמעלייט פון אַלע שטעט און שטעטלעך. ווען עס איז געקומען צום שרייבן די ספר־תורה פאַרן אייגענעם בית־מדרש, האָט ער איינגעלאַדן אין הויף אַריין דעם פרומסטן סופר, ר׳ נחום, וועלכן ער האָט אויסגעהאַלטן אין גרויס כבוד איבער זעקס חדשים צו שרייבן די ספר־תורה.

ר׳ נחום האָט געטובלט זיך אין דער מקוה ביים בית־מדרש ,וואָס יאַנקל האָט געבויט ערשט ניט לאַנג צוריק, סיי ביים אָנהויבן שרייבן מיט דער לאַנגער געגזענער פעדער, סיי ביים פאַרענדיקן יעדן פאַרנאַכט, אַרום מנחה צייט. אַזוי איז דאָס געגאַנגען ביז די ספר תורה איז פאַרטיק געוואָרן. דעמאָלט האָט ר׳ נחום מכבד געווען יאַנקלען מיט דעם ערשטן קוש פון דער ספר תורה, וואָס ער האָט געטאָן מיטן עק פון זיין טלית. דאָס איז געווען נאָכן דאַוונען ראש חודש אדר. יאַנקל האָט די ספר־תורה געוויקלט צום ערשטן מאָל מיטן ברייטן ווייסן גאַרטל ; געטאָן האָט ער דאָס מיט אַזאַ יראת־הכבוד און טיפער צערטלעכקייט, מיט אינערלעכן אומרו און בושה, שליסנדיק זיינע אויגן אין טיפער חרטה אויף זיינע זינד קעגן גאָט און זיין הייליקער תורה. מ׳האָט זי דערוויל צוגעדעקט מיט אַ טערקישן טלית, וואָס ר׳ נחום האָט מיטגעבראַכט מיט זיך ביז נאָך דער שמחה, וואָס מ׳האָט געגרייט אַריינצופירן פייערלעך די ספר תורה אין ארון קודש.

יאַנקל איז געוואָרן אַ גרויסער בעל־צדקה און געטון גוטס צו אַלע נויטבאַ־דערפטיקע.

שרהלע, יאַנקלס ווייב, אַ דיקלעכע, מיט אַ רונדיק פּנים און קליינער נאָז און קליינע, בלוילעכע אויגן, איז אַרומגעגאַנגען מיט איר געגאָלטן קאָפּ, צו־געדעקט מיט אַ שיינער, זיידענער הויב. זי איז שמחהדיק געווען פאַרנומען מיט צוגרייטן עטלעכע זיידענע מענטעלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן, צוגעפּאַסט צו די שלשה רגלים און אויך פאַר ראש השנה און יום כיפור. אירע טעכטערלעך האָבן איר געהאָלפן אויסהעפטן די כתר־תורה מיט די כרובים, די צוויי לייבן ביי די זייטן פון די עשרת־הדיברות. שרהלע האָט מדקדק געווען אויף יעדן שטאָך און געזען, אַז דאָס העפטן זאָל אַרויסקומען אַזוי בולט, ווי אַרויסגעוואַקסן. זיי האָבן דאָס געטון מיט גאָטספאַרכטיקייט ווי אַ הייליקע אַרבעט און געמורמלט שטיל דעם ניגון פון גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב, ביי וואָס די מאַמעשי האָט געבעטן אויף גוטע זיווגים פאַר די זין און טעכטער.

ס׳איז געקומען דער טאָג פון פירן די ספר תורה. ביי יאַנקל׳ען אין הויף איז געווען אַ גרויסער יום־טוב — אָבער אָן דער רואיקער, יום טוב׳דיקער שטילקייט. שוין מיט טעג פריער האָבן געצויגן מחנות אורחים און אָרימעלייט

אין יאַנקלס הויף אַריין. די דינסטן און פאַראַבקעס האָבן פאַרשוויצטע גע־אַרבעט און צוגעגרייט אַלץ פאַרן גרויסן טאָג. די גרויסע, ריזיקע קיך איז געווען הייס ווי אין אַ שוויץ־באָד פונם גרויסן באַק־אויוון, דעם רויט־אָנ־געגליטן, אין וועלכן מ׳האָט געבאַקן די חלות און בולקעס, די פלאָדן און קיכלעך, פאַרשידענע מאַנדל־ברויטן, האָניק־און ווייסע לעקעכער. אויפן אויוון — גרויסע טעפּ מיט קאַרטאָפל און פלייש פאַר די אורחים און אָרימע־לייט. די טונקל־פאַרברוינטע, געבראָטענע גענז זיינען שוין געווען אויסגע־לייגט אין די קופּערנע פאַנען אויפן לאַנגן טיש, מיט געפילטע העלזלעך, מיט גריוון, מיט שוואַרצלעך־ברוינע פּופּיקלעך ביי די זייטן.

שרה׳לע, ווי אַ געניטע בעל־הבית׳טע, האָט מיט היימישקייט און פריינט־לעכקייט זיך אַרומגעפּאָרעט און געהאָלפן; זי האָט פאַרזוכט אַלע געבעקסן און געקעכטסן, און צוגעזען, אַז אַלע אין דער קיך זאָלן עסן די ערשטע געבאַקענע פרישע בולקעס.

שוין פון כעלות האָבן זיך געצויגן וועגענער מיט חשובע געסט פון אָסט־ראָווצע, שיענע און קינעוו. זיי האָבן פאַרקירעוועט פון שאָסיי אויפן זייטיקן פוילישן, ווייכן, זאַמדיקן, שמאָלן וועג, דורכן געדיכטן וואַלד, אויף אַ קליינעם באַרג, צו יאַנקלס הויז. יאַנקל מיט זיין זון און די צוויי מלמדים, יום־טובדיק אויסגעפּוצטע מיט פאַרקעמטע בערד און געקרייזלטע פּיאות זיינען געשטאַנען ביי דער טיר און אָפּגעגעבן שלום־עליכם אין רחבות־הדעת אַלע אַרויס־שטייגנדיקע פון די וועגענער און בריטשקעס. די חסידים זיינען געקומען אין זייערע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט שטריימלעך טייל מיט שוואַרצע, געהאַקטע קאַפּאָטעס מיט די אָפענע שפּאַלטן און קליינע, זיידענע קאַשקעטן אויף זייערע קעפּ.

ס׳איז געוואָרן אַ גערויש און אַ געפּילדער. מ׳האָט אַריינגעפירט די געסט אינעם גרויסן עס־זאַל, וואו עס זיינען געשטאַנען די לאַנגע טישן, געדעקטע מיט ווייסע טישטעכער און זילבערנע לייכטער; מיט טעלער און פּאַלומישקעס אָנ־געפּולט פון כל טוב; מיט אָפענע פלעשער בראָנפן, וואָס חיים, דער הויפּט משרת אין דער מיל, אַ ספּריטנער, רירעוודיקער, ווי קוועקזילבער, האָט גע־צאַפּט פונעם גרויסן פאַס, וואָס דער דוכוס האָט צוגעשיקט פון זיין „גאַזשעל־ניע". מ׳האָט געטרונקען און פאַרביסן מיט די אַלע געבעקסן און געוואונטשן זיך לחיים. יאַנקלען האָט מען געוואונטשן אם ירצה השם צו דער חתונה פון זיין ערשטן זון, דעם בכור, זאָל מען ווידער קומען און זיך משמח זיין.

עס האָבן זיך געדרייט כאָפּטעס חסידים איבערן גרויסן הויף, רחבותדיק אויפגעהייטערטע. דאָ און דאָרט האָט מען פאַרצויגן אַ ניגון, דערציילט מעשיות.

טייל זיינען אַריין אין בית־המדרש אַרויסגעצויגן ספרים פון די שענק און פאַרטיפט זיך, שאָקלענדיק זיך שטיל דערביי.

דער סופר ר׳ נחום איז געשטאַנען אויפן באַלעמער ביי דער ספר־תורה, וואָס איז געשטאַנען אינדערמיט פון געהויבענעם שולחן, אויסגעצירדט אין ווייסן, געהאָפטענעם, זיידענעם מענטעלע, מיט בלאַנקענדיקע, נייע, זילבערנע קרוינען פון ביידע זייטן; מיטן זילבערנעם יד און פאַרגילדעטן פינגער, וואָס הענגט אויף אַ זילבערן קייטל. ר׳ נחום סופר איז געשטאַנען ביי דער ספר־תורה מיט אינערלעכן שטאָלץ אויף זיין הייליקער שאַפונג, ווי אַ שומר און היטער פונעם גרעסטן שאַץ, ביז מ׳וועט זי ביינאַכט אַריינפירן אונטער דער חופה אינעם ארון קודש אַריין.

פאַרנאַכט איז געקומען דער אָסטראָווצער רב ר׳ מאיר יחיאל אויף אַן אָרעם, האַרט וועגעלע, געשפּאַנט אין אַ דאַר פערדל מיט אַן אויסגעקראָכענער פעל, געטריבן פונם אָרעמען בעל־עגלה, מאירל יודזשו, זיין שטענדיקער פורמאַן.

עס זיינען אויך געקומען אין לאַנגע וועגענער און בריטשקעס די פני און לומדים פון דער שטאָט און די כלי־זמרים־קאַפּעליע. ס׳איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען דער גאַנצער עולם, וואָס איז שוין געווען פון פריער פאַרזאַמלט.

יאַנקל האָט געשטראַלט פון שמחה. נאָכן שלום־עליכם געבן האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אין בית־המדרש. יאַנקל איז אַרויף אויפן באַלעמער מיט גרויס דרך־ארץ אין זיינע טריט, געבעטן דעם סופר ר׳ נחום ער זאָל אויסרופן, אַז היינט בעט ער, יאַנקל, מ׳זאָל אים מוחל זיין פאַרן אָפּטרעטן פונעם מנהג פון פאַרקויפן די אותיות צו די אַלע וואָס געפינען זיך דאָ — ווען יעדערער דאַרף איבערגיין מיטן סופרס האַנט און דער גענזענער פעדער אַן אות פון יעדנס נאָמען. היינט וועט מען טיילן פריי די אותיות צו אַלעמען. ער, יאַנקל, איז מנדר אַ נייע ספר־תורה אין דער אַלטער אָסטראָווצער שול און אַ נייעם ווילנער ש״ס פאַרן אַלטן בית המדרש; דערצו טויזנט קערבלעך פאַרן רב צו פונאַנדערטיילן מתן בסתר.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פייערלעכע שמחה. אינדרויסן, אויפן הויף האָבן זיך אָנגעצונדן די נאַפט־שטורקאַצן, געטראָגן פון יונגע חסידים אויף רייטנדיקע פערד. די משרתים און פוילישע פאַראָבקעס, געקליידט ווי פוילישע גרענאַדירן, האָבן אַרומגעדינגלט די כלי־זמרים קאַפּעליע. מ׳האָט אויפגעשפילט מאַרשן און פריידיקע געזאַנגען.

ביים שרייבן די אותיות האָט ר׳ נחום סופר אויפגערופן דעם ערשטן ר׳ מאיר־יחיאלן מיטן בלייכן פנים און די גרויסע אויגן. דער רב איז אַרויף אויפן באַלעמער מיט זיינע קורצע טריט. דער בית־המדרש איז געווען געפּאַקט.

די פרויען זיינען געשטאַנען ביי די ווענט, מיט צניעותדיקע, פרומע בליקן, געווענדט צום באַלעמער.

אַלע האָבן באַקומען אותיות, אויך די כלי־זמרים. ווען לאָזער דער קצב, דער טראָמפּייטער, איז אַרויף מיטן פּאַררוקטן קאַשקעטל אין אַ זייט, האָבן געציטערט ביי אים די הענט ביים שרייבן זיין אות — אַ „ר״. ער איז אַרונטער ווי אַן אָפּגעבריטער.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס שרייבן פון די אותיות האָט מען מכבד געווען יאַנקלען צו טראָגן די ספר־תורה אונטער די חופּה. ער איז באַגלייט געוואָרן מיטן געזאַנג פון קאַפּיטלעך תהילים. מען האָט זיך געדרייט זיבן מאָל אַרום באַלעמער, געעפנט דעם ארון קודש און אַריינגעשטעלט די נייע ספר תורה לעבן דער אַלטער ספר תורה, וואָס יאַנקל האָט זי אויסגעבאָרגט פונם אַלטן אָסטראָווצער בית המדרש.

נאָכדעם האָט מען זיך געזעצט אַרום די טישן צו דער צוגעגרייטער, פּייערלעכער סעודה. ר׳ אשר־הערץ האָט געזאָגט תורה, מחמת דער רב וואָס עסט נישט פריער ווי נאָך חצות אָפּריכטן, איז אַהיימגעפאָרן. נאָכן עסן האָט מען געבענטשט מיט מזומן און אַלע האָבן זיך געשאָקלט רחבותדיק.

דערנאָך האָט מען צערוקט די טישן. די חסידים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ, האַלטנדיק זיך דערביי ביי די הענט אין אַ גרויסער ראָד. פון אָנהויב געלאַסן, פּאַמעלעך, פאַרדבקהט; אָבער וואָס אַמאָל לעבעדיקער, פריילע־כער — טייל מיט פאַרמאַכטע אויגן און פאַרבויגענע קעפּ, ווי זיי וואָלטן אין די הימלען געשטיגן אין טיפן עקסטאַז. מען האָט געטאַנצט ביז אינמיטן נאַכט אַריין. שיע־יאַנקל איז זיך פאַרגאַנגען ביזן ווייסן טאָג אַריין, אויף זיין פידעלע מיטן שפּילן די טרויעריקע וואַלעכלעך; שאַיע פילץ, זועלכער שפּילט לויטן געהער, האָט צוגעהאָלפן אויף זיין קלאַרנעט מיט איינגעהאַלטענע, שטילע, וויינענדיקע טענער. חיים באַס האָט געלאַסן געצויגן זיין בויגן איבערן אַלטן גרויסן באַס. ווען די גאַנצע קאַפּעליע האָט געשפּילט אַ פריילעכס, האָבן אויפן הויף געטאַנצט די פאַראָבקעס מיט די דאָרף־שיקסעס ביים ליכט פון די נאָך אַלץ ברענענדיקע שטורקאַצן, וואָס האָבן ערשט געצאַנקט אין דעם שימער פון דער פרימאָרגן־ליכטיקייט.

**
*

צומאָרגנס נאָכן דאַווענען ביים עסן דאָס אָנבייסן האָט זיך יאַנקל אַדורכ־געשמועסט מיט די מחותנים, וואָס זיינען געבליבן צו באַשטימען דעם זמן־חתונה. דער מחותן ר׳ חיים וואָלפס, פון צויזמער, האָט געשטאַמט פון די אָסטראָווצער מינצעס — אַ גרויסער סוחר, וואָס באַרגט אויך געלט אויף

גרויסע פראָצענטן צו די פּאַראָרימטע פריצים און די גלחים פון דעם סעמי־נאַר.

ס׳האָט דעמאָלט געטראָפן אַ מעשה, אַז דער הויפּט־לערער פון סעמינאַר, דער גאַליציש־דייטשער גלח מיטן נאָמען וואקס, האָט אַלעמען אָנגעזעצט. ער האָט קיינעם נישט באַצאָלט די חובות. זיינען אַלע צוויזמערער געלאָפן צו ר׳ חיימען און געוואָלט ער זאָל ראַטעווען זייערע לעצטע פּאָר גראָשן. ר׳ חיים האָט דעמאָלט איבערגענומען אַלע קליינע חובות, זיי אויסגעצאָלט און געראַטעוועט דאָס שטעטל, ווי אויך דעם גלח. דאָס האָט ער געטאָן נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיטן אַרציבישאָף פון קראָקע, זיינער אַן אַלטער פריינט און ידיד.

דער זמן־חתונה איז באַשטימט געוואָרן אויף דינסטיק נאָך שבת נחמו.

נאָכן פאַרטיק ווערן ביי ר׳ אשר הערצן מיטן אויסקלייבן די אַלע סחורות פאַרן אויסשטייער — ס׳איז געווען דערביי משהל פּנחסעס — האָט מען באַ־שלאָסן, אַז משהל זאָל אַרויסקומען מיט זיינע געזעלן אויף עטלעכע וואָכן קיין סקארצע צו מאַכן דעם אויסשטייער.

פאַרן אהיימפאָרן איז יאַנקל אַוועק צום רבֿ, ר׳ מאיר־יחיאל, כדי צו גע־זעגענען זיך מיט אים און גלייכצייטיק מיט אים איבערדיידן וועגן די הצטרכותן פון די אָרימע: וויפיל קאַרטאָפל זיי דאַרפן; וויפיל מעל און האָלץ ער דאַרף צושיקן גלייך נאָך סוכות. ער האָט אים אויך איבערגעלאָזט עטלעכע הונדערט קערבלעך צו פאַנאַנדערטיילן צווישן די בכבודיקע אביונים אויף די ימים־טובים.

מיט אַ וואָך שפּעטער איז יאַנטעק געקומען צופאָרן אויף אַ לאַנגן וואָגן, אָנגעפילט מיט שמעקעדיקן היי, און געשטעלט זיך ביי משהל פּנחסעס טיר אין דענקעווער געסל. מ׳האָט אַרויפגעפּאַקט די צוויי „זינגער" ביי־מאַשינען, די גרויסע, אייזערנע פּרעס־אייזנס, די צוויי קליינע, שמאָלע, וואַרשטאַטלעך מיט די לייסטלעך אַרום, מיטן איינגעקלעפּטן וואַקס אין זיי, צו שטייפן די איינ־געפעדעמטע פעדימער פון גאַרן און זייד; די פּרעס־קישנס מיט די דעמ־בענע קלעצלעך, וואָס מ׳קלאַפּט מיט זיי די נעט ביים פּרעסן מיט די נאַסע פּרעס־טיכער און די פּאַרע, ווי קליינע וואָלקנדלעך ציט זיך אַזוי איבער די שניידערישע פּנימ׳ער.

נאָכן פאַרפּאַקן די אַלע מכשירים, האָט משהל, ווי אַ גענעראַל, געפרעגט זיינע געזעלן, צי זיי האָבן נישט פאַרגעסן עפּעס — זייערע נאָדלען און פינגער־הוטן. דערנאָך איז ער דער ערשטער אַריין אין וואָגן, נאָכן קושן די לאַנגע מזוזה, באַדעקט מיטן שיידל פון ווייסן בלעך, וואו אויבן שיינען אַרויס די דריי אותיות — ש־ד־י. דאָס זעלבע טוען אויך זיינע פיר געזעלן: גרשון שנאָרער, דער

שוואַרצער ; משה לייב, דער קיילעכדיקער ; יאָסעלע, דאָס קליינע קלעצל און שיעקעלע שיענער, דער דאַרער דראָנג מיט די איינגעפאַלענע געגאָלטע באַקן, דער שטיפּער און חוזק־מאַכער. דאָס זינגט ער גאַנצע טעג און נעכט ביי דער אַרבעט מיט אַזאַ פאַרליבטער בענקשאַפט, אַז די אַנדערע געזעלן קאָנען זיך נישט איינהאַלטן און העלפן אים אונטערברומען אַלע זיינע סאָלדאַטסקע לידלעך און ליבעס־ראָמאַנסן. אַפילו גיטעס פייגל די דינסט, האָט אים אונטער־געהאָלפן ביים שיילן די קאַרטאָפל.

ער שיעקעלע שיענער, וואָס האָט פאַרענדיקט די לערע אַלס יתום אין שיענע, איז געקומען צו משהלען קיין אַסטראָוצע און זיך פאַרדונגען פאַר פופצן קערבלעך דעם זמן. מיט יאָרן שפּעטער איז ער אויסגעוואַקסן ביי אים אַ גוטער, פלינקער בעל־מלאכה מיט גאָלדענע הענט, ווי מ׳פלעגט אויף אים זאָגן. ער פלעגט אַרומלויפן די פרייטאָג־צו־נאַכטסן, נאָכן עסן, מיט אַלע שיינע דינסט־מיידלעך און שיקסעס פון אַרום דענקעוווער געסל.

אין די ווינטערדיקע נעכט, ווען מען האָט געדאַוונט מנחה און קבלת־שבת ביים מנין ביי משה׳לען אין דער גרויסער שטוב, דער צוגערוימטער אויף שבת, מיט די פאַרדעקטע ניי־מאַשינען אָוועקגערוקט, פלעגט שיעקעלע מיט אַ זיידענעם גאַרטל אַרום זיין מאַרינאַרקע דאַוונען הויך אויפן קול פון אויסנווייניק. ער איז געווען ביי זיך גרויס, וואָס ער, דער חיים, דער שניידער־יונג, קאָן דעם גאַנצן קבלת שבת אויף אויסנווייניק און זאָגט עס ווי אַ פליסנ־דיקער וואַסער. ער איז אָבער אויך געווען אַזוי פלינק זיך אַריינצודרייען פונם מנין אין דער קיך אַריין, וואו עס זיינען געשטאַנען די אייזערנע טעפּ אויפן הייסן אויוון, מיט די שבתדיקע מאכלים. דאָס פלעגט ער טאָן, בעת דאַכע, די בעל־הבית׳טע מיט די טעכטער און דער דינסט, זיינען געווען ביי דער שכנ׳טע צירל־נעיטלס אַביסל צו מוטלען ביז נאָכן אָפּדאַוונען. פלעגט ער ביים אויסזינגען „ויכולו השמים והארץ״ אַריינשטעקן די האַנט אין טאָפּ פון די לאַנגע, גרויסע צוקער־אַרבעס און אַריינוואַרפן ווי עשו אַמאָל אַ גאַרשט אין מויל אַריין און זיך ווייטער שטאַמלען מיטן פולן מויל אַרבעס דעם פסוק פון „מלאכתו אשר עשה״.

אַז דאַכע איז צוריקגעקומען נאָכן דאַוונען, געזאָגט גוט שבת, און האָט ביים אָנגיסן די יויך מיט לאָקשן דערזען די לעכער אַרום די צוקער־אַרבעס, פלעגט שיעקעלע שיענער שמייכלען אונטער זיינע דינע, פאַרדרייטע ביי די עקן, וואָנסעלעך, ווי די פאַרדרייטע עקלעך ביי פּעטשיקאָווסקיס שוואַרץ הינטל. ביים זינגען די זמירות פלעגט ער לאַכנדיק וואוילינגעריש זיך מודה זיין אויף דער גניבה. און דאַכע, מיט אַ קללה און מיטן ווייז־פינגער, האָט

אים אָנגעזאָגט מיט אַ שמייכל ער זאָל דאָס נישט דערוועגן נאָכאַמאָל צו טאָן. ער האָט זי אָבער געהערט ווי דעם מלמד.

איצט ביים געזעגענען זיך איז ער געווען דער לעצטער אינעם וואָגן. ער איז געווען פאַרנומען מיט קושן און קיצלען די דינסט איטע־פייגע. בעת אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיטן פּאַקן, האָט ער זיך געזעגנט שפּאַסיק מיט דער באַלעבאָסטע:

— בעל־הביתטע, די קומענדיקע עטלעכע וואָכן וועט איר אין טאָפּ אַרבעס ניט געפינען קיין לעכער!

יאַנטעק האָט אַ צי געגעבן די לייצעס. די שטאַרקע, שיינע פערד האָבן אַרויסגעצויגן דעם וואָגן פונם דענקעווער געסל, פאַרביי דעם וואַסער־פּלומפּ אַרויף אויף דעם שאָסיי, און היידאַ קיין סקאַרצע.

דאָכע מיט די טעכטער און די זין, פּנחסל און אברהמל, האָבן מיט די בליקן געזעגנט זייער איידעלן טאַטן און זיינע טרייע, גוטע געזעלן:

— פאָרט געזונטערהייט און קומט געזונטערהייט!

***

דאָכע משהלס ווייב, האָט געמאַכט נייע פּלענער ביים צוריקגיין אין הויז אירן. זי האָט באַטראַכט די שטיקער שניט־סחורה, וואָס אין דער גרויסער שאַנק און אויף דער שאַנק, אַדורכגעקוקט די גאַנצע ווינטער־סחורה, וואָס זי מיט משהלען האָבן איינגעקויפט אין לאָדזש און אין וואַרשע. אַלעמאָל ווען מען דאַרף באַצאָלן אַ וועקסל ביי יאָסעלע פעפער אין באַנק, כאַפּט זי ביינאַכט אונטער דער פאַטשיילע עטלעכע שטיקער גוטן טוך און טראָגט דאָס אַוועק צום פּראָצענטניק הירש פּיזול. אַזוי באַצאָלט מען דאָס וועקסל. זי האָט שוין דערביי איבערגעטראַכט איר גאַנצע דאָליע:

ס'איז שטענדיק פאַראַן פיל אַרבעט, און ס'ציען זיך צו משהלען די בעסטע און רייכסטע קונים, וועלכע צאָלן די בעסטע פּרייזן. אָבער זעלטן איז פאַראַן אַן איבעריק קערבל. שטענדיק זיינען דאָ דאגות און זאָרגן. משה'ל איז קיינמאָל נישט אויסגערעכנט מיטן קערבל. ער איז אַלץ דער זעלביקער בעל־חלומות — פאַראינטערעסירט אין רבי'ן מיט זיין תורה און געזאַנגען; און ביי דער אַרבעט אינטערעסירט אים מער, אַז יעדעס שטעכל פון אַ פאַסאָנדל זאָל אַרויסקומען ווי פון בוים אַרונטערגעוואַקסן. ער לייגט אין יעדן בגד אַריין זיין טאַטן מיט דער מאַמען. און ווען ס'געלינגט אים, וואַקסט זיין האַרץ פון פרייד, און זיינע אויגן צעשטראַלן זיך.

דערצו איז ער גלויביק ווי אַ קינד. אָט האָט מען אים ערשט אָפּגענאַרט, ווייל דאָכע האָט אים אַליין געלאָזט פאָרן קיין וואַרשע איינקויפן סחורה אויפן פרילינג. דורכגייענדיק אויף דער שווענטעיורסקער גאַס, האָט ער געזען

ווי עס שטייט אַ מענטש און ברעכט זיך די הענט פון פאַרצווייפלונג. משהל האָט אים געפרעגט וואָס איז אים געשען? דערציילט אים יענער, אַז ער איז פון די „ציציליסטן" וואָס די זשאַנדאַרן זוכן, ער מוז גלייך אַנטלויפן און ער האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. ער האָט אָבער אַ קעסטעלע מיט גרויסע בריליאַנטן. זיינען ביידע אַוועק אין אַ הויף אַריין, און אַרומקוקנדיק זיך מיט גרויס פאַרזיכט אין אַלע זייטן, ווי אַ געיאָגטער הונט, האָט יענער געעפנט דאָס קעסטעלע און געוויזן משהלען. לכתחילה האָט אים משהל געוואָלט אַדויסהעלפן מיט עטלעכע קערבלעך אַלס אַ גמילת־חסד, ווייל ער האַנדלט מיט שניט־סחורה און איז נישט פאַראינטערעסירט אין בריליאַנטן. יענער האָט אין אים אָבער אַזויפיל אַריינגערעדט, ביז ער האָט פון אים אַרויסגעקראָגן די עטלעכע הונדערט קערבלעך.

ווען משה'ל איז אַריין צו איינעם פון זיינע סוחרים און אים געוויזן די בריליאַנטן, האָט דער סוחר זיך טרויעריק צעשמייכלט און געזאָגט ר' משה'לען, אַז מען האָט אים געפירט אין באָד אַריין. ער איז געבליבן געפּלעפט און פאַרשעמט. פאַרשעמטערהייט איז ער אַהיימגעקומען אויף שבת און דאָס דערציילט דאָכע'ן, שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן. ער איז געווען געל ווי וואַקס פאַר עגמת־נפש, נישט אַזוי פון די עטלעכע הונדערט קערבלעך, וואָס מייסטנס איז דאָס געווען געליען געלט, נאָר פון זיין הילפלאָזיקייט. זי אָבער, דאָכע, האָט זיך מיט דער האַנט אַ וויש געטאָן איבערן מויל און געזאָגט: מילא! ס'איז ערב שבת, דאַרף מען נישט מחלל זיין דעם הייליקן שבת און אויפהויבנדיק די הענט, האָט זי ווייטער געזאָגט:

— אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, פאַר דעם, וואָס מיין מאַן איז צוריקגעקומען געזונט און האָט אונז אַלעמען געטראָפן געזונט!

און זי האָט דערביי צוגעגעבן אַז מיט גאָטס הילף וועט דער היזק צוריקגעקערט ווערן כפל כפלים. נאָך אַ שריפה ווערט מען רייך.

הגם ס'האָט איר געעגבערט די זאָרג און עגמת־נפש אפשר מער ווי אים, משה'לען, דאָך האָט מען דאַן געפּראַוועט דעם שבת ווי אַלעמאָל. דאָס אָבער האָט פאַרערגערט די לאַגע. איצט, קוקנדיק אויף דער שאַנק האָט זי געזען וויפיל סחורה עס פעלט, ווייל ס'ליגט ביים פּראָצענטניק.

אָבער נישט בלויז סחורה איז געלעגן ביים פּראָצענטניק, נאָר אויך איר צירונג — די בריליאַנטענע קאַליע און די פּערל, וואָס משהל האָט איר געגעבן צו דער חתונה. ער איז דאָס געווען דער רייכער אַלמן, וואָס האָט חתונה געהאָט מיט איר, אַ זיבעצן יעריק מיידל פון יורד משה'ל פאַראָלס דעם בעקער און מעל־סוחר. זי האָט דאַן געמוזט גיין דינען צו יאָסעלע פּעפּער.

איצט איז אַלץ געווען פאַרזעצט. און נישט בלויז צוליב זיך. זי פלעגט אויך

אירע עלטערן געבן שטיקער סחורה צום פּאַרזעצן, זי האָט זיי געשטיצט מיט כבוד. פיל מאָל פלעגט זי נאָך געבן אירע דימענטענע אוירינגען, אָדער די פינגערלעך, צו אירע שוועסטער און צו שכנים, ווען זיי זיינען געווען אין בויט, צום פאַרזעצן און זיך העלפן אַדורכשטופּן די צייט.

אַזוי פלעגט מען ווינטער פאַרזעצן די זומערדיקע סחורה און זומער די ווינטערדיקע סחורה. זיי האָבן אָבער שטענדיק געלעבט אַ ברייט לעבן, געגעבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. זי האָט געטראָגן אַלע דאגות אויף איר קאָפּ. ווען דער מאָדזשיצער רבי פלעגט קומען קיין אָסטראָווצע איין מאָל אין יאָר, פלעגט ער איינשטיין ביי משה׳לען אין הויז. דאָן פלעגט מען פּראַווען אַ שבת כיד־המלך. ס׳האָבן ביי איר געגעסן אַלע חסידים פון שטיבל. אפילו פעסער מיט קלימקעוויטשער ביר, בראָנפן און ווייַנען האָבן נישט אויסגע־פעלט.

ווען דער רבי האָט מקבל שבת געווען, צי ביים פירן דעם טיש — איז דאָס גאַנצע הויז געווען באַלייגט מיט מענטשן. מ׳האָט זיך צוגעהערט צו זיינע זיסע געזאַנגען, וואָס ער האָט מערסטנס אַליין פאַרפאַסט. דאָכע איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען ווי אַ שטאָלצע קעניגין. די שליסלען זיינען געווען אַרייַנגע־שטעקט אין איר ברייטן פאַרטוך אַרום די היפטן. זי האָט געשיינט פאַר שמחה פון דעם גרויסן כבוד וואָס גאָט האָט איר אָנגעטאָן צו האָבן דעם רבין, זאָל לעבן, ביי איר אין הויז.

זי האָט געוואוסט, אַז אַלע זיינען איר מקנא אַזאַ גליק. קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז אירע דאגות וועלן נאָכדעם גרעסער ווערן. דאָס האָבן נישט געוואוסט אויך אירע נישט־פאַרגינערס. זי האָט דאָס אַלעמאָל באַהאַלטן; זי האָט זיך קיינמאָל פאַר קיינעם נישט באַקלאָגט, חלילה. שטענדיק איז זי געווען מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, ווי ס׳פּאַסט פאַר דאָכען, די בעל־הביתטע, ווי זי האָט זיך אַליין ליב געהאַט צו באַצייכענען. זי פלעגט אָפט נוצן דאָס ווערטל — אַ קניפּ אין באַק, אַבי די פאַרב זאָל שטיין.

דאָכע איז איצט געזעסן ביי דער שאַנק, גענומען דעם קרבן מנחה סידור אין דער האַנט, און אַזוי שאָקלענדיק זיך ווידער פול געוואָרן מיט איר גרויסן ביטחון:

— אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, וואָס דו האָסט אונז צוגעשיקט אין דער ריכטיקער צייט אַזאַ שיינעם אויסשטייער צו נייען ביים גרויסן מאַגנאַט יאַנקלען!

זי האָט שוין אויסגערעכנט, אַז ס׳וועט אוודאי נעמען אַרום זעקס וואָכן צו מאַכן דאָרט די אַלע מלבושים. קענענדיק יאַנקלען אַזויפיל יאָרן, וואָס פאַראַ פּזרן ער איז, ווי שיין ער באַהאַנדלט אַלעמען אויף זיין גרויסן שטייגער,

וועט אודאי איר משה׳ל אַהיימקומען מיט שיינע עטלעכע הונדערט קערבלעך און מיט אַ וואָגן אָנגעשטאָפּט מיט כל־טוב, ווי מעל און קאַשע, הינער און גענז און אַרבעסן אַלערליי. מיטן געלט וועט זי אויסלייזן אירע פאַרזעצטע צירונג, זי זאָל ווידער קאָנען גיין יום־טוב אין דער ווייבערשער שול אַריין באַהאָנגען ווי אַ טולע, און אַלע ווייבער זאָלן איר נאָכקוקן מיט קנאה, מורמלען שטיל איינע צו דער אַנדערער, און אָנווייזן אויף איר: אָט גייט דאָכע, די בעל־הבית׳טע! און מ׳וועט אם־ירצה־השם קענען אַרויסנעמען אַמווינציקסטן די פאַרזעצטע ווינטער־סחורה.

זי האָט אויך געטראַכט וועגן דעם נישט־געלונגענעם שידוך, וואָס איר משהל האָט, אַזוי ווי די וואַרשעווער ברילִיאַנטן, זיך איינגעהאַנדלט פאַר זיין פנחסל, דעם אָסטראָווצער עילוי. זי האָט צוליב דעם געהאַט גרויס צער.

***

אויך אין סקאַרזע האָט אַ סך פּאַסירט. זינט יאַנקל האָט געפירט די ספר־תורה אונטער דער חופה, איז אויך ער געוואָרן אַלץ מער מרה־שחורהדיק. זיינע אויגן זיינען געוועזן ווי פאַרצויגן מיט אַ טיפן טרויער. זיינע טריט האָבן זיך געוואַקלט. דער שטאָלצער, געהויבענער קאָפּ פון דעם אויפגעקו־מענעם שררה, האָט זיך געבויגן צו דער ערד.

שיעקעלע שיענער, דער שטיפערישער חייט, האָט זיך געשוואָרן פאַר משהלען און די געזעלן, אַז ער האָט יאַנקלען געזען אינמיטן נאַכט שטיין אינם בית־המדרש ביים אָפענעם אָרון־קודש, האַלטנדיק די נייע ספר־תורה. דערביי האָט יאַנקל שטיל געכליפּעט מיט פאַרשטיקטע טרערן.

יאַנקל איז אויך מער נישט געגאַנגען אין דער מיל אַריין — ער פלעגט פאַרשווינדן אויף גאַנצע טעג אין די וועלדער אַרום. די בני־בית האָבן גע־וויינט און געקלאָגט, נישט געקענט באַנעמען, וואָס מיט אים איז געשען.

אויך דאָס זינגען פון די שניידער־יונגען האָט אויפגעהערט. אַ טאָג פאַר זיין פאַרשווינדן האָט ער אַריינגערופן משה׳לען, אים שיין באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט און געזאָגט מיט אַ שטיל, איינגעהאַלטן קול:

— משהל, תפילה וצדקה אַליין איז נישט גענוג: עס מוז נאָך זיין תשובה!...

משה׳ל מיט זיינע געזעלן זיינען צוריקגעקומען אַהיים מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבן געהאַט אַ סך עגמת־נפש צוליב זייער מאַכן דעם רייכן אויסשטייער פאַר אַ פאַרשטערטער, פאַרשעמטער חתונה.

דאָכע האָט געהערט פונעם אומגליק מיט יאַנקלען, נאָך פאַר זייער אָנקומען. זי האָט זיי באַגעגנט ביים אַראָפּשטייגן פון גרויסן וואָגן. פון דאָכעס, שיעקעלעס און משהלס אויגן האָבן טרערן גערונען. אפילו שיעקעלע שיענער,

דער לוסטיקער שניידער־יונג, איז אַרויס אַ פּאַרטרויערטער, ווי ער וואָלט פון אַ לוויה געקומען.

דאכע פונדעסטוועגן האָט, ווי איר שטייגער איז געווען, א וויש־געטאָן מיט איר רעכטער האַנט ביים מויל, זיך געמאַכט האַרץ און מיט אַ געמאַכטער פריילעכער מינע אַ זאָג געטאָן:

— איר׳ט נאָך זען, אַז צו דער חתונה וועט ער מערצעשעם זיך פּלוצים באַווייזן, און ער וועט דאָס טאַנצן אַ מצוה־טענצל, ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען. נישקשה, ס׳י דאָ אַ גרויסער גאָט אויף דער וועלט!

אירע גוטע וואונטש־ווערטער זיינען אָבער ניט מקויים געוואָרן. וואַנ־דערנדיקע אורחים האָבן שפּעטער דערציילט, אַז אין דער ווייטער גאַליציע, אין די קאַרפּאַטן־בערג בלאָנקעט אַרום אַ פּרוש און בעל־תשובה אין שמאַטעס געקליידט, שלאָפט אויף די בית־מדרש בענק מיט אַ שטיין צוקאָפּנס, כאָטש ער זעט אויס שטאַלטנע, ריין און זויבער ווי אַן אמתער בן־מלך...

# אָסטראָווצע

## צווישן צוויי טייכן

אויף אַ באַרג איינגעטונקען אין גרינס, אַרומגערינגלט פון פעלדער, וועלדער, טייכן און שליאַכן האָט זיך געפינען אַן אַלטער יידישער ישוב: אָסטראָווצע!

אויף רעכטס — דער שמאָלער טייך „קאַמין", וואָס איז פאַרצייכנט אין אַלע יידישע טראַדיציע־אַקטן, ווי כתובות, גיטין. אויף לינקס — דער ברייטער טייך „ליאַס".

איבערן גרויסן וואַסער ציט זיך נאָך היינט די לאַנגע בריק, וואָס פירט צו דער באַן און דאָס דאָרף קלימקאָוויטש — מיט איר אייזן־פאַבריק און אירע טויזנטער אַרבעטער, און נאָך אַנדערע גרויסע פאַבריקן און שטאָל־גיסערייען, וועמעס הויכע, העל־ציגלדיקע קוימענס גרייכן די הימלען — די „פיטסבורג" פון פוילן. און פון דער צווייטער זייט, נאָך דער בריק, הויבט זיך אָן דער שאָסיי־שליאַך קיין אָפּט און צוויזמער.

(אָפּט מיט אירע פאַרהייליקטע אוהל־קבֿרים, וואָס האָבן צוגעצויגן אָסטראָווצער בית־מדרשניקעס, מיט יוגנטלעכן און תורהדיקן ברען אין זייערע הערצער, מיט משיחישע וויזיעס אין זייערע פינקלענדיקע אויגן און מיט חסידישע געזאַנגען אויף די ליפּן. דאָס זיינען זיי געגאַנגען אויף קבֿר־אבֿות קיין אָפּט, צינדן לאַנגע סטעאַרינעווע ליכט פאַר די נשמות פון די אוהל־איינוואוינער).

דער שליאַך האָט זיך פאַרענדיקט ביי זאַוויכאָסט און צוויזמער — ביים ראַנד פון דער ווייסל — דער דעמאָלטיקער גאַליציש־עסטרייכישער גרענעץ.

אַרומגערינגלט פון שפּע׳דיקע דערפער און פאַבריק־שטעט, האָט זיך געבויט אָסטראָווצע, געוואָרן גרויס און גרעסער. ס׳איז אויסגעוואַקסן די פּאַרשטאָט „דער סטאַוו". ס׳האָבן געצויגן אַהין מענטשן פון אַלע נאָענטע און וויטע שטעטלעך. די יידישע באַפעלקערונג האָט שוין געציילט איבער צוואַנציק טויזנט נפשות.

## דער „קאַמין"

ביים ברעג פון „קאַמין" זיינען געזעסן אויף ברייטע, לענגלעכע ברעטער אידישע דינסטן און גויעס, באָרוועסע, מיט רויטע נאַקעטע קניען, און געוואַשן זייערע וועש.

נישט ווייט פון זיי האָב אידישע וואַסערטרעגער געשעפּט זייערע קאַנען וואַסער. דאָס האָבן זיי געטראָגן אין די הייזער מיט זייערע „יאַרזשמעס״ די הילצערנע, וואָס פאַלן ווי אַרונטער פון זייערע העלדזער און אַקסלען, מיט קורצע שטריק אָדער קייטן בייביידע זייטן, די קאַנען וואַסער צו באַהעפטן.

אַביסל ווייטער צו אויף לינקס — די הויכע רויט־ציגלדיקע וואַסערמיל און דאָס שיינע, ברייטע הויז דערנעבן, וואו ס׳האָט געוואוינט ר׳ שמואל דענקעווער, וואָס האָט געהאַלטן די מיל און אַרענדע פון דעם פּריץ גראַף וויעלאָפּאָלסקי — פון דער פּריצישער גזע, וואָס האָט נאָך דאָרטן געהערשט בימי אַלט־פּוילן.

ר׳ שמואל, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, איז געווען אַ מפונק, אַ חסידיש־געפּוצטער, גבירישער פּזרן און בעל־צדקה. ער האָט געפּראַוועט זיינע קינדערס חתונות מיט גרויסע, פייערלעכע שמחות, מיט געדעקטע טישן ביים טייך פאַר אָרעמעלייט — חתונה־שמחות וואָס האָבן אָנגעהאַלטן צו זעקס וואָכן.

דער טייך האָט געשלענגלט זיך צווישן גרינע לאָנקעס, געוואָרן שמעלער און טיפער אַקעגנאיבער דער שול און די בתי־מדרשים און זיך ווייטער אַוועק־געריסן פונם נידעריק־איינגעפאַלענעם שטאָטישן מרחץ. ווען דער טייך דער־נענטערט זיך צום פּונקט אַנטקעגן דעם קינעווער שאָסיי, ווערט ער אַביסל ברייטער — און די בית־מדרש־בחורים, די שווימער, האָבן גערופן דאָס אָרט „דאָס ברייטע שטיקל״.

דער טייך ציט זיך ווייטער, דאָ ברייטער, דאָ שמעלער, פאַרביי די גרינע פעלדער און גרויסן גערטנער וואַלד לעבן בית־עולם, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער טאַרטאַק, די גרויסע זעג־מיל, מיט די הייזער און שלעסער.

## די וואַלד־מלוכה

די וואַלד־מלוכה האָט געהאַלטן אין אַרענדע ר׳ מאיר העניעס, דער לובלינער חסיד, למדן און אַריסטאָקראַט.

ר׳ מאיר האָט געפירט די מלוכה ביד־חזקה, מיט פיל באַדינער און משרתים, גוי׳שע האָלצהעקער, מיט נאַכט־וועכטער, גאַיאָוועס אין גרינלעכע מונדירן, וואָס האָבן געטראָגן קליינע מעשענע טראָמפּייטלעך אויף רויטלעכע געפלאָכטענע שנירלעך צו געבן פאַרשיידענע סיגנאַלן; טייל פון זיי האָבן אויך געטראָגן צוויי־רעריקע ביקסן אויף די רעכטע אַקסלען.

דאָרטן זיינען אויך געווען אידישע, ברייט־פּלייציקע וואַלד־שרייבער, מיט קורצע קורטקעס אום זומער, און שווערע פעלצן מיט פוטערנע היטלען אום ווינטער — זיי האָבן פאַרשריבן די צאָל געשניטענע קלאָפּטער־האָלץ, אין

גליכע שערענגעס אויסגעלייגטע; און די אונטערגעהאַקטע אָדער אונטערגע־זעגטע בוימער.

דאָס געהילץ האָט מען געקוילערט באַרג־אַרונטער און גרויסע, שטאַרקע פערד האָבן עס דערנאָך געשלעפּט אינם טאַרטאַק אַריין מיט די גרויסע זעג־מאַשינעס.

לעבן טארטאק האָט זיך געפונען דאָס גרויסע הויז, וואו די העניעס האָבן געוואוינט זייט דורות. זיי, די ענערגישע בויער פון דער וואַלד־מלוכה, האָבן געצאָלט שטענדיק פאַר צען יאָר אין פאָראויס דעם גראַף וויעלאָפּאָלסקי. זיי האָבן געהאַט אַ שטענדיקן אָפּמאַך פאַר כך־וכך קלאַפטער און קוביק געזעגטע און געהאַקטע געהילץ. דער אָפּמאַך איז נישט געווען קיין געשריבענער, נאָר בלויז אויף זייער נאמנות, זייער הן־שלי צום גראַף און זיין פאַרוואַלטער.

## גראַף וויעלאָפּאָלסקי

וויעלאָפּאָלסקי איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער מיט אַן איידל־געשניצט געזיכט, בלאָנדע האָר, גרויסע פאַרדרייטע וואָנצן, און מילדע בלויע אויגן. ער איז געווען רירעוודיק, ווי קוועקזילבער. שטענדיק געטראָגן אַ ביטשעווקע אין דער האַנט.

מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, טראַגנדיק אַ קאַפּעלוישל מיט אַ גרינער פעדער בײַ דער זייט, פלעגט ער אַריינקומען אין מאַרק אין זיינע רייט־הויזן, פון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעזען מאַסיווע, גוט־פאַרמירטע פיס. ער האָט אַלע סאָרטן אידן — סוחרים, בעלי־מלאכות, מעקלער — באַגעגנט מיט זיין ליבן שמייכל.

ווען די אידן האָבן געצויגן זייערע פוילישע קאַשקעטן און זיך געבויגן פאַר אים, איז דאָס חלילה נישט געטאָן געוואָרן מחמת מורא אָדער חניפה, נאָר פון אינערלעכן דרך ארץ און וואַרעמען געפיל צו זייער גוטן פּריץ, פון וועמען ס׳האָט אַרויסגעלויכטן אמת׳ע נאָנטע פריינטשאַפט — זיי האָבן אים ליב געהאַט אהבת־נפש.

און נישט אומזיסט. די אידן פון דער שטאָט האָט ער באַטראַכט פאַר אַ טייל פון זיין אייגן לעבן, ווייל אידן זיינען שוין לאַנגע דורות געווען פאַרבונדן מיט זיינע אבות. די פריינטשאַפט צו אידן איז שוין געווען אַ טראַדיציע בײַ די וויעלאָפּאָלסקיס.

אַז ער פלעגט באַגעגענען דעם אָסטראָווצער רב, איז ער געפאַלן אויף זיינע קניען אפשר נאָך מיט מער יראת־הכבוד איידער פאַר זיין שטאָט־גלח.

און ער האָט זיך ניט אויפגעהויבן, ביז דער רב האָט אים גענומען ביי די הענט און אויפגעשטעלט.

דער גראַף מיט זיינע מקורבים פלעגן זיך אָפט באַווייזן אין שטאָט אין זיין קאַרעטע מיט די געשפּאַנטע קאַרע פערד נאָשפּיץ. זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן אויף דער הויכער צייל ביי יאָסעלע פעפערס עלעגאַנט־פּריצישן וויין־געשעפט, אָדער ביי דער ישעיה׳כע אויף דער צייל ביים טומאה־געסל.

אין די צווײ רייכע, שיינע שענקען פלעגן זיי פאַרפאָרן טרינקען די בעסטע אונגאַרישע טאָקאַיען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. נאָכדעם פלעגן זיי נעמען די ביליאַרד־שטעקנס, צעברעכן אַלע פלעשער טייערע ווײנען און ליקערן, און באַצאָלן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר די היזיקות.

וויעלאָפּאָלסקי איז קיינמאָל נישט געווען אין כעס אַפילו ווען ער איז געקומען אַמאָל אַ שיכורער צו מאיר העניס, דרייטנדיק אויף זיין גאַלאָפּירנדיקן פערד. ר׳ מאיר העניס האָט אים דעמאָלט געהאָלפן אַראָפּשפּרינגען פונם פערד, ער זאָל זיך חלילה נישט אויסגליטשן, און די דינער האָבן באַלד אַוועק־געפירט זיין פערד.

ר׳ מאיר, וואָס האָט גערעדט דעם שענסטן פּויליש האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, ווי אַ קעניגלעכן פירשט אים אַריינגענומען אינם גרויסן זאַל, געווידקט אויף אים, אַז ער זאָל זיך אַוועקלייגן אויף דער שענסטער קאַנאַפּע, געהאָפּטן מיט די שענסטע פראַנצויזישע האַנט־גאָבעלינען.

אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער בשעת דער גראַף האָט איינגעדרימלט. נאָכן אויפשטיין האָט ער טועם געווען פון זיינע באַליבטע נאַ־שערייען, די רוסישע קאַוויאַרן, די רויטע און שווארצע, די סיבירישע גע־רויכערטע סטוירדזשען־פישן, פאַרשיידענע פראַנצויזישע און שווייצאַרישע קעזן. ער האָט פאַרטרונקען מיט עטלעכע גלעזער פון די ווײנען, וואָס ער האָט אויסגעקליבן.

דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אַ נאַטירלעכער התקרבות, וואָס ר׳ מאיר העניס האָט געפילט צום גראַף. און יענער איז אַלעמאָל געקומען אומגעריכט צו אים, נישט אַזוי וועגן די האָלץ־געשעפטן, ווי זיך אַראָפּריידן פונם האַרצן, סיי ווען ער האָט געליטן פון זיין ווייבס משוגענע קאַפּריזן, און סיי פון זיינע אייגענע דערדריקנדיקע אומעטן, וואָס זיינען אים באַפאַלן.

דער גראַף איז דאַן געקומען זוכן אַ טרייסט ביי ר׳ מאירן, און פאַרלאָזט אים שטענדיק אַ פריילעכער און אויפגערוימטער, ווי ער וואָלט אין אים אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט מיט די מעשיות און ווערטלעך פונם רבין, פון חז״ל, צוגעפעפערט מיט זיין אייגענעם קוואַלנדיקן הומאָר.

## דער לובלינער רבי

אַרום הויז, פול מיט דינער און דינסטן, האָט זיך געפונען דער גרויסער לאַנגער בית מדרש, מיט די לאַנגע טישן. ביי דער מזרח־וואַנט איז געשטאַנען דער הילצערנער, מיט שיינע קאַרניזן אויסגעשניצטער ארון־קודש, באַהאַנגען מיטן טונקל־רויטלעכן פּרוכת. אַ גאַנצע וואָך האָט דאָרטן געדאַוונט מיט מנין ר׳ מאיר העניס מיט די וואַלד־שרייבער, וואָס האָבן געוואוינט אַרום טאַרטאַק אין אייגענע שטיבער.

אין פייערלעכע טעג פון חתונות און שמחות איז דער בית־מדרש געוואָרן אָנגעפּולט מיט פּיל אורחים, ווי מיט ר׳ מאירס ליבע געסט, די לובלינער חסידים פון דעם אַדום, און מען האָט געפּראַוועט טישן אויף אַ חסידיש־ברייטן שטייגער.

ס׳איז שוין געווען אַזאַ חזקה, אַז ר׳ אברהמלע, דער לובלינער רב, זאָל נאָך שבת נחמו קומען צופאָרן יעדעס יאָר אַלס גאַסט פון די העניסעס. דאַמאָלט זיינען די טישן פייערלעך געפּראַוועט געוואָרן אינם וואַלד־בית־מדרש, וואו דער רבי האָט געזאָגט תורה פאַר אַלע לובלינער חסידים פון אָסטראָווצע און די אַרומיקע שטעטלעך.

אָפט איז דאָס פאָרגעקומען בין מנחה למעריב. דער גאַנצער בית־מדרש איז נאָר געוואָרן באַלויכטן פון דעם נר־תמיד, וואָס איז געהאַנגען איבערן ארון־קודש. אַלע וואָס זיינען געזעסן ביי די לאַנגע טישן און די וואָס זיינען געשטאַנען הינטער זיי האָבן געקוקט אָנגעשטרענגט צום רבין, וואָס האָט גערעדט מיט רמזים פון געטלעכער התגלות.

אַרום הויז זיינען דעמאָלט אויפגעשטעלט געוואָרן ביידלעך, וואו ס׳האָבן גענעכטיקט די חסידים פון דער פרעמד. דער אַרומיקער וואַלד איז געוואָרן אַ לאַגער פון געצעלטן. ר׳ מאיר העניס האָט באַזאָרגט אַלעמען מיט מאָלצייטן.

באַשטריימלטע חסידים האָבן באַגלייט דעם רבין אויף זיינע לאַנגע וואַלד־שפּאַצירן. דער רבי האָט געקוויקט זיך מיט די פּרעכטיקע וואַלד־ריחות פון די אייביק־גרינע סאָסנע־בוימער. די ווייכע גרין־באַגראָזטע און מאָכיקע ערד האָט געשפּרייט זיך ווי פּערסישע דיוואַנען און טעפּיכער.

דעמאָלט האָט דער רבי פאַרצויגן אַ שטילן ניגון, וואָס איז געוואָרן באַגלייט דורכן פויגל־געקלאַנג און אינזעקטן־געזשום. אַפילו דאָס זינג־זאַנג פון די זעגן אינם טאַרטאַק האָבן זיך אויסגעמישט מיט די געזאַנגען.

אַזוי פאַרחושט האָבן די חסידים שפּאַצירט מיטן רבין, זינגענדיק, ביז די רויטלעכע ליכט־שפּאַרעס פון דער זיך־זעצנדיקער זון האָבן זיי דערמאָנט, אַז ס׳איז באַלד צייט צו דאַוונען מנחה, און זיי האָבן געאיילט צוריק אין בית־מדרש.

ר׳ אברהמעלע אייגער, אַן אייניקל פון גרויסן פויזנער גאון ר׳ עקיבא אייגער האָט געזאָגט דאָרטן תורה אינם נוסח פון התגלות הבורא אפילו אינם מינדסטן גרעזל, און אַז דער מענטש, דער בחיר פון דער יצירה מוז דורך מעשים־טובים אויסשטראַלן דעם חסד ורחמים צו אַלץ און צו אַלעמען.

נאָך מעריב, ווען דער רבי איז אַריין אין דעם חדר מיוחד, וואָס ר׳ מאיר העניס האָט פאַר אים צוגעגרייט, האָט זיך ערשט גענומען פאַרטייטשן די דמזים פנחס נעשעס, דער אייביקער קעסטניק, וואָס זיצט יומם ולילה איבער די הייליקע ספרים. פנחס האָט מסביר געווען באריכות פאַר די חסידים, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט די תורה פון לובלינער רבין. די חסידים האָבן אָנגעקוואָלן פון דער טיפקייט און שיינקייט פון ר׳ אברהמעלעס דרך.

## הינטערן באַרג

צופוסנס פונם באַרג, וואָס פירט אַרויף צו דער שטאָט האָט געוואוינט אין אַן אַלט הייזל ר׳ מלך שענקער, אַ לאַנגער, דאַרער איד, מיט אַ העל בערדל, וועלכער האָט געהאַלטן אַ שטיקל אכסניה. ער האָט נאָך געדענקט די צייטן, ווען דאָרטן איז געווען די „שלאָגבאַנק״, וואו מ׳האָט געצאָלט מס צו די גראַפן וויעלאָפאָלסקי.

די אַרענדע פונם פריץ איבער דעם מאַגאַפאַל פון בראָנפן, האָט געהאַלטן ר׳ פינטשע מינצבערג, דער אידישער אַריסטאָקראַט פון דער באַוואוסטער פאַמיליע אין פוילן — די מינצעס.

ביים סוף פונם באַרג, וואָס האָט געפירט צו דער שטאָט — ווייל דער שאָסיי האָט זיך געקרייזלט אַרום און פאַרביי דאָס דענקעווער געסל — זיינען געווען עטלעכע גרויסע אויבסט־סעדער, וואָס עס האָבן געהאַלטן אין אַרענדע אידן סאַדאָווניקעס.

דאַרע, שטאַרקע און זון־פאַרברענטע אידן ווי די שניידער־געזעלן, אַנדערע באַלמעלאָכעס און דינסט־מיידלעך, פלעגן זומער קומען אַהער רייסן קאַרשן. שבת פלעגן זיי בייסן די קאַרשן פון די בוימער מיט די מיילער. אין האַרבסט־צייט פלעגן זיי קומען קלויבן אויבסט און פלעגן באַצאָלן דעם סאַ־דאָווניק צען גראָשן פאַר יעדן שאָקל פון אַן אויסגעקליבענעם פרוכטבוים.

## דער „ליאַס״

אויף לינקס פון דער גדויסער לאָנקע האָבן זיך געפּאַשעט פערד און יונגע לאָשעקלעך. זיי זיינען געשפרונגען פריידיק, שטיפעריש, אָדער געטוליעט זיך

האַרציק, פאַרוואַרפנדיק זייערע לאַנגע, גלאַנציקע העלזער איינער אויפן צווייטן; און פּלוצים געלאָזט זיך לויפן, ווי יונגע הירשן, צום גרויסן טייך, דעם „ליאַס“, מיט הויכע טאַפּאַלן און געדיכטע קוסטעס ביי ביידע ברעגן.

צוויי סטעזשקעס האָבן געפירט אויך צום „ליאַס“. איינע, אויף רעכטס — פון וואַנען עס זיינען געגאַנגען זומער די זכרים, יונג און אַלט, זיך באָדן אדם־נאַקעט. די צווייטע, אויף לינקס — פון דאָרטן זיינען געגאַנגען צום טייך די פרויען, וואָס באָדן זיך אין לאַנגע העמדער און גיבן אַכטונג, מיט גרויס צניעותדיקייט, נישט צו וואַרפן חלילה, קיין בליק צו די באָדנדיקע נאַקעטע זכרים.

אָבער די שטאָט־שקצים פלעגן אָפט פאַרנאַכט, זיך אומקערנדיק פון די פּאַשע־פעלדער, בכיוון אַריינפאָרן רייטנדיק אויף זייערע קאַרע פערד אין דער פרויען־מחנה. דעמאָלט פלעגט דער „ליאַס“ פאַרהילכט ווערן פון די פרויענס קוויטשערייען, וואָס האָבן צעשראָקענע פּראָטעסטירט און געזידלט די שקצים פאַרן פאַרשוועכן זייער צניעות.

## די בלינדע קלעזמער

אויפן אַלטן מאַרק האָבן זיך אַרומגעדרייט פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט שעפּטל און סראָל, די צוויי האַלב־בלינדע קלעזמער.

שעפּטל, אַ הויכער, דינער, מיט זומער־שפּרענקלעך אויפן גאַנצן פּנים, אין אַלטע קליידער — וואָס האָבן אָבער געבלאַנקט מיט זייער זויבערקייט — מיט אַ ווייס־געוואַשענעם גומענעם קאָלנער און שוואַרצן קראַוואַטל, וואָס זיינען געגלעט געוואָרן פון זיין שייך־פאַרשוידן, בלאָנד־פראַנצויזיש, שפּיציק בערדל.

סראָל, אַ מיטלוואוקסיקער, אַ ברייטער, אַ טונקעלער, איז שוין געווען דער היפּוך פון זיין קאָלעגע. סראָל איז געווען נאַכלעסיק, אָפּגעלאָזן, ניט אַכטונג געגעבן אויף הילוך און ריינלעכקייט.

ביידע האָבן געשפּילט אין יחיאלס קאַפּעליע אויף אַלטע פידלען ווי סעקונדאַנטן. מיט זייער גוטן געהער האָבן זיי געמאָסטן די אָפּגעהאַקטע טענער, געהיטן זיך נישט אַרויסצוגעבן מיט זייערע שמיטשיקעס קיין פאַלשן טאָן, חלילה.

יחיאל, וואָס האָט געהאַט אַ רונד פּנים ווי אַ קיילעכדיקע שיסל, מיט גרויע לאַכנדיקע אייגעלעך, האָט גערימט זיינע סעקונדאַנטן: „אַזעלכע אַקוראַטנע אונטערשפּילער וועט איר נישט געפינען, נישט אין וואַרשע, נישט אין פּעטערסבאָרג“.

שעפטל און סראָל האָבן זיך געפּילט זייער געהויבן, הערנדיק וועגן זייער חשיבות און אָנגעלייגטקייט אין דער קאַפּעליע. אָבער וואָס טויג די פּאָלקע־מאַזורקע, אַז... זיי קריגן אַזוי וויניק פאַר זייער שפּילן? זיי זײַנען געוועזן בייז און פאַרביטערט צוליב זייער שלעכטן מצב הפרנסה — זיי האָבן באַקומען בלויז צו אַנדערהאַלבן גראָשן פון יעדן גילדן, וואָס קומט אַריין פאַר דער קאַפּעליע פון חתונות, פון בעלער ביי וויעלאָפּאָלסקין, אָדער פון שפּילן אויף די גאַסטראָלן פון די געסט־שוישפּילער פון וואַרשעווער אָפּערעטע־טעאַטער.

און האָרעווען האָבן זיי געמוזט גאָר אַ סך ביי דעם. למשל, אַז ס'פּלעגן קו־מען די וואַרשעווער געסט, האָט מען אויף שנעל געמוזט מאַכן פּראָבע אינם היל־צערנעם טעאַטער אויפן „סטאַוו".

ראוב'על, דער דאַרער, שוואַרצער קלעזמער, מיטן טונקל־רויטן פידעלע, וואָס ער האָט געהיט ווי אַן אתרוג'ל, איז געווען דער גרעסטער קענער פון לייענען נאָטן — געלייענט אַ בלאַט נאָטן, ווי אַ איד אַ למדן אַ בלאַט גמרא אָדער „עין־יעקב", צי „משניות". אמת אין שפּילן לויט די נאָטן איז עס צוגעגאַנגען נישט אַזוי לייכט. די מבינים פלעגן פונדעסטוועגן אויסרופן מיט אַנטציקונג: — אוי־וואַ! וואָס פאַראַ קענער דער ראוב'לע איז!

יחיאלס זון, מענדל, וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב פון קאַפּעליושן און געשפּילט אויף אַ פלייט, האָט אויך געקענט לייענען נאָטן. די אַנדערע קלעז־מער, ווי לאָזער, שאַיע, בערל, האָבן געשפּילט אויף טראָמפּייטן. זיי האָבן זיך דאָס אויסגעלערנט ביים דינען אין מיליטער. דאָס ביסל נאָטן־לייענען, וואָס זיי האָבן אַמאָל געקענט, האָבן זיי אויך פאַרגעסן צוליב זייער שטענדיקער פאַרנומענקייט אין די יאַטקעס ווי קצבים. פלעגן ראוב'עלע און מענדל איבערשפּילן די טעאַטער־שטיק עטלעכע מאָל פאַר די אַנדערע קלעזמער. די אַ גאַנצע וואָך פאַרהאָרעוועטע קלעזמער, וועלכע האָבן זיך געפּילט אין דער קאַפּעליע, ווי די לויים אין בית־המקדש, פלעגן הערן מיט אָפענע מיילער, שטיין פאַרחלומטע מיט זייערע פידלען, טראָמפּייטן, קלאַרנעטן, פויקן, טאַצן, און פאַרגאַפטע שלינגען די טענער פון דער שיינער מוזיק, ווי אין דער אָפּערע־טע „די לוסטיקע אלמנה", ביז זיי האָבן צוביסלעך שוין געקענט שפּילן אויף אויסווייניק.

יחיאל אַליין, וואָס פלעגט שטיין דערביי, האָט אויך נישט געקענט לייענען קיין נאָטן. ער האָט אָבער געהאַט אַזאַ גוטן געהער, אַז אים איז גענוג געווען איינמאָל צו הערן אַ שפּיל, האָט ער עס שוין געקענט ביז דער לעצטער נאָטע. ער איז דאָס געווען דער, וואָס פלעגט ביים שפּילן געבן מיט זיין שמיטשיק די סיגנאַלן צו די אַנדערע קלעזמער, ווען און ווי אַזוי אונטערצוהאַלטן, זיך

איינהאַלטן, אַריינקומען, אַריינפאַלן, ווען זיי דאַרפן זיך די הענט צעפירן און ווען זיך אָפּשטעלן. ער האָט אויך געגעבן די סיגנאַלן צו די שוישפּילער, אַק־טיאָרן, אַקטריסעס, אַמאָל אויך טענצער, ווען זיי דאַרפן זיך צעזינגען און ווען צעטאַנצן.

חיימקע, דער וואַסער־טרעגער, אַ יונג מיט ביינער, האָט געשפּילט אויף דער פּויק און די מעשענע טאַצן. און ער האָט טיילמאָל געזעצט מיט אַזאַ גבורה אויף די אינסטרומענטן, אַז יחיאל האָט פאַרגעסן צו געבן די סיגנאַלן און אַליין געוואָרן אַנגעשטעקט, געריבן מיטן שמיטשיק אויף זיין פידל, אַזש די סטרונעס האָבן געפּלאַצט. געוויינלעך האָבן ביי יחיאלן געגלאַנצט די אויגן, סיי פונם פייערדיקן שפּילן, סיי פונם תאוהדיקן קוקן אויף די האַלב־נאַקעטע אַקטריסעס און טענצערינס.

און ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז די פּוילישע טרופּע איז געקומען אין אַ מאַרק־טאָג און מ׳האָט געמוזט שנעל מאַכן די פּראָבע — דעמאָלט האָט ראובעלע געפינען דעם צווילינג, שעפּטלען מיט סראָלן אויפן מאַרק.

וואָס טוען זיי אויפן מאַרק? אייגנטלעך האָבן זיי גאָרנישט געקויפט — נישט געהאַט מיט וואָס. צו טאַפּן און פאַרזוכן די אויסגעשטעלטע פּראָדוקטן, און כאַטש דורכדעם זעטיקן דעם הונגער און דורשט, — אויך דאָס האָבן זיי זיך געשעמט צו טאָן, נישט געהאַט גענוג מוט און חוצפּה. זיי זיינען אַרומגע־גאַנגען מיט פאַרטריקנטע מיילער.

זיי האָבן נאָר געקוקט מיט זייערע האַלב־בלינדע אויגן אַנגעשטרענגט צו דער ערד, גענישטערט מיט זייער בליקן, אפשר וועט זיי גאָט, אָדער אליהו הנביא אונטערוואַרפן אַ פאַרלוירן בייטעלע, אַ קניפּל מיט עטלעכע גילדן, אַ גאָלדן רינגל, צי גאָר אַ בריליאַנט...

שעפּטל און סראָל זיינען ביידע געגאַנגען ווי שותּפים, געשאַרט מיט זייער פיס אין דעם זאַמד און אין דער בלאָטע, ביז ס׳האָט אַמאָל געגעבן אַ בליאַסק, — אין די מערסטע פאַלן איז עס געווען אַ שטיקל בלעך, — האָבן זיי דאָס אויפגעהויבן, צוגעטראָגן נאָענט צו די אויגן, באַקוקט און באַטאַפּט עס פון אַלע זייטן, און עס אַוועקגעוואָרפן מיט אַנטוישונג. טיילמאָל האָבן זיי אויפגעהויבן אַ גלאַנציק שטיקל גלאָז — נישט קיין בריליאַנט, נאָר אַ שפּליטער פון אַ גלאָז, פלאַש צי פאַטשערקע.

אָבער ס׳האָט אַמאָל געטראָפן, אַז זיי האָבן געפונען אַ גאַנצן זילבערנעם פערציקער. נאָך זעלטענער האָבן זיי געפינען אַ האַלבן רובל שטיק. און ס׳האָט שוין געטראָפן, אַז שעפּטל האָט איינמאָל, נאָר איינמאָל אין זיין לעבן, געפונען אפילו אַ גאָלדענעם פינף רובל שטיק, אַן אימפּעריאַל.

איז וואָס מיינט איר האָבן זיי געטאָן? זייענדיק ביידע אחים־לצרה, איז

דאָס שותפים־פּאָרל אַוועק צו הערשל כאַליערע אין דער טריפהנער שענק, אויפגעגעסן אַ פערטל גענזנס מיט אַן אָנגעפּילט מעגעלע, געמאַכט צוויי שנעפּסלעך. און די איבעריקע פיר און אַ האַלב קערבלעך צעטיילט גלייך אויף גלייך.

האָבן זיי קיינמאָל נישט געקענט פאַרגעסן דאָס גרויסע געפינס, דעם גאָל־דענעם אימפעריאַל... אָבער געוויינטלעך האָבן זיי אַזוי געשאַרט אַ גאַנצן מאַרק־טאָג מיט די פיס און נישט געפינען קיין גראָשן. האָט טיילמאָל גע־טראָפן, אַז פונקט דעמאָלט, ווען זיי זיינען שוין מיד און פאַרביטערט געווען פון שאַרן מיט די פיס, האָט זיי אויפגעזוכט ראובעלע, געהייסן זיי לויפן שנעל אַהיים נאָך זייערע פידלען, און קומען אינעם טעאַטער אויפן „סטאַוו" צו מאַכן פּדאָבע.

סראָל האָט זיך דאַן געוויצלט מיט שעפּטלען:

— נו, באַשערט אַן אומגליק, מיר וועלן זיכער צוליב דעם פאַרלירן אַ זשמעניע גאָלדענע אימפעריאַלן!

און שעפּטל האָט אים שפּאַסיק אָפּגעענטפערט:

— דערפאַר וועלן מיר באַלד נעמען אין אונזערע מוזיקאַלישע הענט אַריין די פערטלען גענזנס...

דאָס האָט ער אַזוי גערופן די פידלען, וואָס גיבן זיי נישט קיין פּרנסה, קיין עולם־הזהדיקס. זיי האָבן אויך געוואוסט, אַז נאָך דער פּראָבע וועט מען מאַכן אַ כוסה ביי יחיאלן און מ'וועט ווידער קריגן ביי אים עטלעכע גילדן אויף שבת. זיי האָבן מיט אים געהאַט אַ שטענדיקן אָפּמאַך צו קריגן אין פאָר־אויס אויף שבת און ימים טובים. זיי זיינען געווען אייביקע בעלי־חובות צו אים. זיי האָבן אים דערפאַר ליבער געהאַט פון אַן אייגענעם ברודער.

זיי האָבן אויך אָנגעקוואָלן פון זיינע אינגלשע שטיפעריַיען, אַפילו פון זיין פאַרגינען זיך צו קנייפּן די שענסטע מיידלעך ביים טאַנצן אויף חתונות.

## ביימאָג אויפן אַלטן מאַרק

אויפן באַרג איז אויך געשטאַנען די גרויסע תיפלה, מיט איר הויכער שטיי־נערנער, ווייסער און אַרומגעצוימטער מויער, באַזעצט מיט אַלטע דזשאַדעס — בעטלער — וואָס מורמלען הייליקע קריסטלעכע געבעטן.

אידן, וואָס פלעגן לויפן אין מאַרק אַריין דורכן שמאָלן טומאה־געסל, האָבן נישט פאַרגעסן צוצוהאַלטן זייערע קליינע פּויליש־אידישע קאַשקעטלעך, כדי דער ווינט זאָל, חלילה, נישט פאַראורזאַכן זייער גלוי־ראש פאַר דער טומאה און זיי זאָלן דערביי נישט פאַרגעסן צו זאָגן „שקץ תשקצנו".

אינעווייניק אינם מאַרק האָט אַדורכגעשניטן דער שאָסיי. אין דער מיט זיינען געשטאַנען פיר ציילן נידעריקע און הויכע הייזער — ווי אַ געשלאָסענע פעסטונג.

צוויי מאָל אין וואָך — מאָנטיק און דאָנערשטיק — זיינען געווען די מאַרק־טעג, יאַרידים, וואו ס׳פלעגן קומען אַלע פויערים פון די אַרומיקע דערפער און ברענגען צום פאַרקויפן מכל טוב. אידישע שניידער, טאַנדעטניקעס פון ביליקע ציצגענע פויערישע קליידער, היטל מאַכער, סטאָליאַרעס מיט אַלערליי פויערישע הויז־חפצים, אידישע שטאַרק־פלייצעדיקע באָנדאַרעס מיט אַלערליי וועגענער — אַלע האָבן צעשטעלט זייערע סחורות אויף די אויבערשטע ציילן פונם מאַרק, עטוואָס באַרג־אַרויף. דאָרטן האָבן געוואוינט די פני׃ אידישע סוחרים און גבירים, ווי די מינצעס און פעפערס, מיט זייערע שיינע געוועלבער.

אונטערן בערגל אינם מאַרק איז געווען אַ רעש און אַ געפילדער פון פערד און חזירים, וואָס די פויערים האָבן געברענגט צום פאַרקויפן. דער גרויסער מאַרק איז געווען געפּאַקט מיט וועגענער, פול ווייצן און קאָרן, הינער און גענז. ביי דער זייט צייל, זיינען געזעסן מיט פאַרלייגטע פיס אויף די שטיינערנע טראָטואַרן די דאָרפס־פויערטעס אין זייערע רויטע ציצענע קליידער מיט פולע שטיינערדיקע טעפּ פוטער און קעזן, צוגעדעקט מיט פריש־גרינע בלעטער. נאָענט דערביי זיינען געשטאַנען פויערישע וועגענער מיט אַלערליי קוישן אויבסטן, פולע טעפּ מיט יאַגעדעס און וויינפּערלעך.

אַלע שענקען זיינען פול געווען מיט פויערים און פויערטעס. אין דרויסן, לעבן דער פּראָפּאָנאַציע, האָבן זיי געקנאַקט פלעשער בראָנפן אין די אָפענע הענט מיט פויערישער קראַפט, אַזש די קאָרקעס זיינען געפלויגן אין דער לופטן, מיט אַ ליאַרם און האַדמידער. פויערים זיינען געשטאַנען ביי אידישע געשטעלן, געמאָסטן און געדינגען זיך מיטן צוקלאַפּן אין די אָפענע הענט. די געוועלבער זיינען פול געווען מיט קונים. אידן האָבן געהאַנדלט מיט ברעך, אויסגעקויפט ביי די פויערים זייער געברענגטע סחורה, קאָנקורירט איינער מיטן צווייטן, געוואויגן און געמאָסטן. צווישן זיי האָבן זיך געדרייט אַ סך אָרעמעלייט, און געבעטן נדבות. מייסטנס זיינען זיי געווען פון די פרעמדע נאָענטע שטעטלעך פון אַרום.

## חנא, דער הויקער

צווישן זיי האָט זיך אויך אַרומגעדרייט חנא דער הויקער. ער האָט געהאַט רויטע קיילעכיקע בעקעלעך, אַ קורץ בלאָנד בערדל, מיט העלע גרויע אייגעלעך. אַ קבצן אין זיבן פאָלעס — נאָר צו־שטאָלץ צו בעטלען. אין די צוויי

פאַר אים גליקלעכע טעג האָט ער געטאָפּט יעדע סחורה, מעשה־סוחר. ער האָט געפּרעגט אויף פּרייזן, געדונגען זיך — אָן אַ גראָשן אין קעשענע. ער האָט פאַרזוכט פון אַלע טעפּ קעזן און יאַגעדעס, פון אַלע פּירות אין די קוישן — די איינציקע פרייליקע טעג פון אָנעסן זיך צו זאַט. ער האָט געהאַט הנאה פון בלאָזן מיטן מויל די געבונדענע הינער און גענז אין זייערע אונטערשטע טיילן — צו זאָגן מבינות אויף זייער פעטקייט. לצים און אינגלעך־קונדסים האָבן דערביי געלאַכט, און חנא האָט געשאָלטן זיינע אויסלאַכער, הלמאי מ׳פאַרגינט אים נישט דאָס טאָפּן און בלאָזן און געמורמלט פאַרשעמט, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן: וואָס אַרט עס אייך?! לאָמע מיינען אַז כ׳האַנדל — און דאָס איז געוואָרן אַ ציניש ווערטל וואָס איז אַרומגעגאַנגען פון מויל צו מויל.

דאַנעדשטיק האָבן זיך געשטעלט די פישער־הענדלער מיט זייערע גרויסע, הויכע פעסער לעשטשעס, סענדיקעס און קאַרפּן, און פאַרקויפט זיי שנעל צו די באַלעבאָסטעס. די זיצערינס, מייסטנס אלמנות, האָבן געהאַט אַ גוטן פדיון די צוויי טעג פון ערב־שבת. אַזוי אויך די קצבים. זיי האָבן געהאַקט מיט העק און לאַנגע מעסערס זייערע פליישן, ווי אויך די הינער און געגנז, וואָס פיל באַלעבאָסטעס קויפן אויף שבת.

## שבת

פרייטיק בייטאָג איז אַרומגעלאָפן איבער אַלע פיר ציילן פונם מאַרק דער שטאָט־שמש מאיר פאַרבעד, וואָס איז טאַקע געווען אַ פאַרבער, און זיינע הענט האָבן דערפון געהאַט אַלערליי קאָלירן און גערופן מיט אַ פאַמעלעכן אויסגעצויגן־זינגענדיקן קול: א י ן ב אָ ד אַ ר י י ן! אַביסל שפּעטער האָט ער געקלאַפּט מיט אַ הילצערנעם האַמער אין די טירן פון אַלע קראָמען און הייזער, אַ צייכן און אָנזאָג, אַז דער ליבער און הייליקער שבת קומט אָן, און ס׳איז צייט צו פאַרמאַכן די קראָמען און בעל־מלאכהשע וואַרשטאַטן. דער מאַרק פאַרנאַכט־צו איז געוואָרן אויסגעליידיקט, פּוסט. אין אַלע אויבערשטע פענסטער איבער די קראָמען האָבן זיך באַלד אָנגעצונדן די פאַרשידענע הענגלאָמפּן.

ביי די שבת־ליכט אין מעשענע און זילבערנע לייכטער און קאַנדעלאַברעס אויף די ווייס־געדעקטע טישן זיינען געשטאַנען צניעותדיקע מאַמעס און באָבעס, אַרומגערינגלט פון קליינע און דערוואַקסענע טעכטער, אויסגעוואַשענע און אויסגעצוואָגענע, מיט פאַרפלאָכטענע צעפּ — פול מיט אידישן חן.

זיי זיינען געשטאַנען מיט זייערע הענט־באַדעקטע אויגן און גע־

פליסטערט הייליקע געבעטן אין אַלט־אידיש, פול מיט שטילן עקסטאַז און שטילן געוויין, — געבעטן גאָט אויף גוטע זווגים פאַר זייערע טעכטער און זין.

אידן זיינען שוין אַריין אין שטריימלעך און אַטלאַסנע קאַפּאָטעס, אַנדערע — אין שוואַרצע, לאַנגע סורדוטן, מיט סאַמעטענע און זיידענע פּויליש־אידישע קאַשקעטן. טייל ווייבער זיינען געווען אויסגעצירט מיט סאַטען־דעליאַנע קליי־דער און קאָפּקעס און שייטלען אויף זייערע שיינע שטאָלצע קעפּ, מיט אַריינ־געשטעקטע ציטער־שפּילקעס, מיט שנירן פּערל און דימענטענע קאָליעס אויף זייערע העלזער — אַלע זיינען געגאַנגען שטיל־שבתדיק, פּסיעה־קטנהדיק, אין דער גרויסער שול אַריין, וואָס איז שוין איבער פיר הונדערט יאָר אַלט. די קיילעכדיקע, זייער הויכע שול, געבויט פון ריינעם פּימסן־האָלץ, אָן אַ נאָגל אין איר, נאָר ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק, מעור אחד, איז ערשט נישט לאַנג אונטערגעבויט געוואָרן מיט אַ נייעם פונדאַמענט.

וועגן איר האָט מען דערציילט פאַנטאַסטישע מעשיות און לעגענדעס.

אַ באַרימטער מאָלער האָט אויסגעמאָלן די צוועלף מזלות, די מערת המכפלה און אַלע אַנדערע געמעלן אין אַ העלער בלויקייט, וואָס איז נאָך אַזוי פריש, ווי ערשט נעכטן געמאַכט.

ער האָט אויסגעמאָלט די לייבן מיט אַזעלכע גוטע, פרומע אויגן, ווי זיי וואָלטן געווען הונגעריק, נעבעך, און רופן אַרויס גרויס רחמנות.

אָבער מען האָט אויך דערציילט, אַז איין מאָלער איז געשטאַנען אויף אַ רישטאָוואַניע זייער הויך איבערן ארון קודש און געמאָלן דעם כתר־תורה. פּלוצים איז אין אים אַריין ווי אַ דיבוק, רחמנא לצלן. ער איז מבולבל געוואָרן און אים איז באַפאַלן אַ מחשבה זרה. ער איז שוין געווען גרייט מיטן פּינזל, געטונקען אין דער העל־בלויער פאַרב, צו מאַכן אַ שתי־וערב, אַ פּאַסיקל אין דער לענג און אַ פּאַסיקל אין דער ברייט — נאָר באותה הרגע האָט גע־קראַכט די רישטאָוואַניע און מ׳האָט אים געפונען אַ טויטן מיטן פּינזל אין דער פויסט. קיין אַנדער מאָלער האָט שוין ניט געוואָלט און ניט געקאָנט פאַרענדיקן די וואונדערלעכע מאָלערייען.

ס׳האָבן געשיינט מיט שבתדיקער חדוהדיקייט די גערער, די אַלעקסאַנדע־רער, די לובלינער, די קאָזשעניצער, די מאָדזשיצער אין זייערע חסידים שטיב־לעך. זיי האָבן זיך געפינען נישט ווייט פון שול, מיט אירע דריי בתי־מדרשים און אַרומגערינגלטן שטיינערנעם מויער מיט זיינע דריי טויערן — אָפענע אַריינגאַנגען, וואו אונטן האָט זיך געפונען די מקוה און דער מרחץ. אידן בעלי־מלאכות און טרעגער, ברייט־פּלייציקע, מיט געקריזלטע שבתדיק־פּאַרקעמטע בערד, האָבן געצויגן אין דער שול און אין די בתי־מדרשים צום קבלת שבת. דער מאַרק איז געווען הויל און ליידיק. די ברענענדיקע שבת־

ליכט און לאָמפּן פון די פיר זייטן האָבן אויסגעזען ווי אַ פייערלעכע אילומינאַ־ציע פאַרן געטלעכן, הייליקן, קעניגלעכן שבת.

ווען אַ פויערישער וואָגן האָט זיך געלאָזט גאַלאָפּ איבערן שאָסיי, וואָס שניידט אַדורך דעם מיטן מאַרק, האָט זיך געהערט אַן עכאָ, אַ ווידערקול אינם חלל אַריין, וואָס האָט נאָך בולטער געמאַכט די מנוחת־שבת פון אַ גרויסער עדה אידן וואָס לעבט גאַנץ מיט איר גאָט און זיינע הייליקע געבאָטן, און מיט איר געשאַפענעם נוסח און לעבנס־שטייגער.

## דער אַלטער בית־המדרש

דער אַלטער בית־המדרש איז געשטאַנען אויף רעכטס אינם שול־הויף. פון צוויי אָזייגער פאַרטאָג האָבן זיך געצויגן צו אים די לומדים פונם שטאָט. ר׳ פישעלע, דער קליינער דאַרער מלמד מיטן שמאָלן בערדעלע, וואָס האָט געלערנט מיט די דערוואַקסענע בחורים, איז געקומען דער ערשטער. ביי אַ לאָמטערן האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ שווערן חושן־משפט, אָדער אַ יורה־דעה, איידער עס זיינען געקומען זיינע פיר תלמידים. דערנאָך זיינען געקומען אַנדע־רע, געצויגן ספרים פון די שרענק, וואָס זיינען געהאָנגען אויף שוואַרצע ווענט, און געלערנט ביי נאָך שוואַרצערע טישן. שפּעטער, אַרום זעקס אין דער פרי, זומער און ווינטער, איז דער אַלטער בית־המדרש געווען איבערגעפּאַקט. ער האָט געהאַט הויכע פענצטער און לאַנגע טישן פון דריי זייטן, ווי אַ חית, מיט בענק אַרום און אַרום פוןביידע זייטן, מיט אַ גרויסן ווייס־געקאַלכטן אויוון ביים אַריינגאַנג, און לעבן דעם כיור — דער גרויסער קופּערנער קוואָרט צו וואַשן די הענט.

אין די ווינטערדיקע פאַרטאָגן האָבן געצויגן פון אַלע געסלעך מיט די לאָמטערנעס אין זייערע הענט די יונגע בית־המדרשניקעס אינם אַלטן בית־המדרש אַריין צו לערנען. אַלע האָבן געמוזט פאַרבייגיין דעם פּאָליש פון דער שול, וואו פאַרנט, ביים אַריינגאַנג, האָבן געהאָנגען אויפן הילצערנעם סלופּ צוויי אייזערנע האַלז־קלאַמערן, אַ זכר נאָך פון די אַמאָליקע צייטן ווען מ׳האָט אַ חוטא איינגעקלאַמערט זיין האַלז בכדי ער זאָל אָפּקומען פאַר זיינע באַגאַנגענע זינד, געלייטערט צו ווערן דורך דער שאַנד און צו ווערן אַ חוזר למוטב.

אַ ביסל ווייטער אויף לינקס, לעבן ארון, וואו מ׳וואַרפט אַריין די שמות, איז געשטאַנען דאָס גרויסע טהרה־ברעט, אויבן עפּעס ווי פאַרשפּיצט — אַן אימה און פורכט פאַר אַלע, וואָס ציען מיט די לאָמטערנעס אין בית־המדרש אריין צו לערנען און צו דאַוונען.

דער בית־המדרש איז שנעל געוואָרן אָנגעפילט, אַלע טישן — באַזעצט. די שפּעט־געקומענע האָבן געמוזט אַדורכשטופּן זיך מיט די פּיס, כּדי צו געפינען אַ שטיקל פּלאַץ. יעדער — מיט אַ גמרא אין האַנט. טייל האָבן געלערנט זאַלבעצווייט. ביי די ראַנדן פון די טישן זיינען געזעסן, אַדאַנק אַ חזקה, עטלעכע שטאָט־מלמדים מיט זייערע תּלמידים. ביים ערשטן טיש אויבנאָן, ביי דער מזרח־וואַנט, לויט אַן אַלטן מנהג, האָט דער דב פונם שטאָט מדריך געווען די יונגע בית־המדרשניקעס און אויך באַהילפיק געווען אַלעמען מיטן ענטפערן אויף שווערע קשיות און סוגיות.

קעגנאיבער, ביים אַנדערן עק טיש פאַרן אַריינגאַנג, איז געשטאַנען ר׳ נפתלי דאַלוסער, אַ דאַרער ווי אַ לולב, ביי אַ הייסן סאַמאָוואַר, און געבלאָזן מיט אַ כאַלעווע די האַלץ־קוילן, כּדי צוצוגרייטן דאָס וואַסער מיט מילך. ער איז געוואָרן אַ יורד, פאַרלאָרן זיין וואַסערמיל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע אין דאָליס פונם פּוילישן פּידשט. ער האָט חלילה, נישט מתרעם געווען אויף זיין אָרעמער ירידה, נאָר מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, פול מיט התלהבות, האָט ער פון אויסנווייניק געזאָגט קאַפּיטלעך תּהלים. און אויב ער האָט מער נישט געקענט אונטערלענען פאַרבייפאַרנדיקע אָרעמעלייט און שיקן וועגענער מיט קאַרטאָפל און האָלץ אַלס מתן בסתר צו די פאַרבאָרגענע אביונים אויף ווינטער, האָט ער איצט אונטערגעלענט די הערצער פון אָרעמע בית־המדרשניקעס און אָרעמע בעלי־מלאכות אויף דער עלטער מיט גלעזער וואַסער מיט מילך. ער האָט דערפאַר געדעכנט צוויי גראָשן און אויך געגעבן אויף באָרג צו די וואָס האָבן נישט געהאַט ביי זיך די צוויי גראָשן. יעדער איז ביי אים געווען אַ בעל־בטוח, ווייל איבער אַלעמען איז דאָך גאָט דער בעל־רחמים, וואָס פאַרגיטיקט אַלעמענס שולדן.

די חסידישע, גבירישע באַלעבאַטים פון ר׳ אשר הערצס שטיט, וועלכע האָלטן זייערע ווייכע געטאָקטע הענט מיט ווירדיקער רחבות אין זייערע זיידענע גאַרטלען; די קינסטלער־באַלמעלאָכעס פון משהל פּנחסעס שטיט (וואָס האָט אויסגעזען מיט זיין ברוינעם לאַנגן געזיכט, מיט זיין אָדלער־נאָז און גרויסע, ליכטיקע וואַרעם־ברוינע אויגן, און מיט זיין זויבערן־געקרייזלטן שוואַרצן בערדל ווי אַן אָריענטאַלישער פּרינץ. איבער אים האָט מען זיך געסוד׳עט, אַז ער האָט יעדן שבת מחלוקתן מיט זיין צווייטער ווייב, דאכצע. זי פאָקט אים אַלעמאָל ביים קומען פון מקווה פאַרן דאַוונען גיין, אַז ער האָט פאַרטאַכלעוועט די ריינע וועש, אַוועקגעבנדיק עס צו אַן אָרעמען חסיד, און קומט אַהיים מיט זיינע אַלטע וועש אויפן לייב און זי מוז אים געבן אַנדערע וועש זיך איבערצוטאָן) — זיי, אַט־די אידן, אין זייער שפּע־

דיקער רחבות, האָבן געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר צו האָבן דעם גרעסטן גאון פאַר זייער רב.

## ר׳ מאיר־יחיאל

די דאָזאָרעס, די אויסגעקליבענע, האָבן באַשטימט ביי אן אסיפה, אַז זיי צאָלן זייער רב די העכסטע שכירות — פערציק רובל די וואָך — מיט אַ שיין געבויט הויז און אַן אייגענעם בית־המדרש. דער דאָזיקער רב, ר׳ מאיר יחיאל, איז זייערס אַ בן־עיר, אַ זון פון אַ בעקער, וואָס האָט זוכה געווען צו האָבן אַזאַ זון מחמת — ווי מ׳האָט דערציילט מפה לפה די מעשה — דער בעקער, דעם רבס פאָטער, פלעגט זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים בעתן אַריינ־רוקן די ברויטן און אַ קאַפּיטל תהלים ביים אַרויסציען די ברויטן.

דער פריערדיקער רב, פאַר ר׳ מאיר יחיאלן, איז געווען דער מפורסם בכל תפוצות פוילן, דער ראַדזינער רבי, וואָס האָט געשמט מיט זיין לומדות און חכמה. ער האָט געפירט אַ ברייט לעבן, ווי אַ פירשט, פלעגט פאָרן מיט אַן אייגענער קאָטש מיט פיר פערד נאַשפּיץ. זיין נאָמען איז געווען ר׳ גדשון העניך. ער האָט אין אָסטראָווצע מגלה געווען דעם סוד צו זיינע חסידים, די מקורבים, אַז ער ציט זיין גזע העט־העט אַזש פון דוד המלך. ער איז געקומען אין זיינע מאָדנע זוכענישן פון משיחישע רמזים צו דער אַנטפּלעקונג פונם תלמודישן ווערעמל חלזון, פון וואָס מען האָט געמאַכט דעם תכלת. ער מיט זיינע חסידים האָבן אָנגעהויבן טראָגן ציצית מיט אַ תכלתדיקן פאָדעם. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ מרידה קעגן אים מצד די גערער, אַלעק־סאַנדערער און אַלע אַנדערע חסידים און סתם באַלעבאַטים. ער האָט דערפאַר געמוזט פאַרלאָזן זיין כסא הרבנות אין אָסטראָווצע און צוריקפאָרן קיין ראַדזין. דעמאָלט נאָך אַן אסיפה, זיינען געפאָרן די דאָזאָרצעס קיין קאָזשעניץ. ר׳ מאיר יחיאל איז דעמאָלט געווען אינם קאָזשיניצער הויף, און מיטן קאָזשי־ניצערס הסכמה האָט ער אָנגענומען די רבנות פון זיין געבוירנשטאָט.

מען האָט אַריינגעפירט ר׳ מאיר יחיאלן מיט גרויס כבוד. מען דערציילט, אַז די גאַנצע שטאָט, קינד־און־קייט, זיינען אים אַנטקעגן געגאַנגען ביז צום אַפּטער באַרג. די אידישע באַלעגאָלעס האָבן אויסגעשפּאַנט זייערע פערד און האָבן געטריטן דעם רב אַנטקעגן מיט נאַפּט־געצונדענע שטורקאַצן. ביי אַלעמען האָט זיך געפילט דער שטאָלץ, וואָס פון זייער עדה האָט זיי גאָט מזכה געווען מיט אַזאַ גרויסן צדיק, וואָס האָט שוין דעמאָלט, צו צוואַנציק יאָר, געשמט אַלס חריף און גאון, וואָס זיין נאָמען האָט שוין געקלונגען בכל תפוצות פוילן.

די אָסטראָווצער גבירים, באַלעבאַטים, די פּני פון שטאָט, וואָס זיינען געקומען קיין קאָזשיניץ מיט זייערע בריטשקעס, כדי צו האָבן די זכיה צו פאָרן מיטן רבין — האָבן דאָס נישט זוכה געווען. זיי האָבן נאָר געקענט האָבן דעם כבוד פון נעמען זיין ווייב מיט דער קליינער טאָכטער. דער רב אַליין איז געפאָרן מיטן אָרעמען באַלעגאָלע מאיר יודושן, אין אַ פּראָסטן וואָגן, געבעט מיט שטרוי, געשפּאַנט מיט אַ דאַר נישט־דערעסן פערדל.

דער רב האָט שוין דעמאָלט געאַרבעט אויף זיך, געשאַפן זיין אייגענעם לעבנס־נוסח — אַ געמיש פון קאָצקער נזירות מיט קאָזשיניצער התלהבות־דיקער חדוה.

צוויי יאָר שפּעטער האָט אים גאָט באַשערט אויך מיט אַ זון, און גלייך נאָך דעם איז ער געוואָרן אַ פּרוש. ער איז געבליבן אין דער צווייטער העלפט פונם הויז, וואו קיין אשה טאָר נישט איבערטרעטן די שוועל פון זיין חדר מיוחד. ער האָט אָנגעהויבן זיין לעבנס־סדר, פון פאַסטן די גאַנצע וואָך, אַחוץ שבתים און ימים־טובים, וואָס זיינען געפּראַוועט געוואָרן אויפן עכטן קאָזשיניצער שטייגער פון חסידישער פייערלעכקייט. אַלע וואָכן־טעג האָט געדויערט דאָס פאַסטן ביז פאַר חצות. ער האָט געדאַוונט מעריב מיט אַ מנין, און נאָכן חצות־אָפּריכטן ערשט געגעסן. דאָס איז געווען אָרום איינס ביינאַכט.

ס׳האָט נישט געהאָלפן די אַריינמישונג פונם אַלטן קאָזשיניצער רבין, מיטן וועלן גוזר־זיין אויף אים, ער זאָל אויפהערן זיין אכזריות־הגוף. מיט געבעטן און געוויינען פאַרן קאָזשיניצער האָט ער געפּרואווט באַווייזן, אַז נאָר אויף דעם שטייגער לעבן קאָן ער ראוי זיין לעבודת הבורא. דערצו, קען ער אויך זיך נישט סומך זיין אויף זכות אבות,ווי דער קאָזשיניצער, וואָס שטאַמט מגזע הרבנים. ער קומט אַרויס פון פּראָסטן שטאַם, קען ער זיך נישט סומך־זיין אויף קיינעם, אויסער אויף זיך אַליין.

אַט אַזוי האָט ער אָפּגעשריגן דעם „גזר״, ביז דער אַלטער קאָזשיניצער האָט אים געלאָזט גיין זיין אייגענעם דרך. יומם ולילה איז ער געזעסן מייסטנס אין זיין חדר, און געלערנט. ער איז געשלאָפן אין די מלבושים, אין שוואַרצן, לעדערנעם פּאָטעל, נישט רעגלמעסיק, נאָר ווען די אויגן שליסן זיך מיט צוואַנג איבער די ספרים.

יעדן פרימאָרגן האָט ער זיך טובל געווען אין דער שטאָטישער מקוה, אַפילו אין ווינטערדיקע פראָסטיקע מאָרגנס. פון דאָרטן איז ער געקומען, אַרום זעקס אַ זייגער אין דער פרי אינם אַלטן בית־המדרש, געזאָגט דעם ערשטן גוט־מאָרגן ר׳ נפתלי דאַלעסער, צוגעגאַנגען צו זיין פּלאַץ, אַרויסגענומען אַ ספר פון ספרים־שאַנק, און געלערנט ביז צום עדשטן דאַוונען. נאָכן דאַוונען

האָט מען אים געזען אַרומשפּאַצירן מיט אַלע אָרעמעלייט, וועמען ער האָט געגעבן צדקה בסתר.

זיין ווייב, די רביצין, איז געלאָפן צו די דאָזאָרצעס מיט אַ געוויין, אַז זי האָט נישט מיט וואָס מפרנס צו זיין זיך מיט די קינדער, ווייל ער צעטרענצלט כמעט די גאַנצע 40 רובל, די שכירות זיינע, פאַר פרעמדע נויט־באַדערפטיקע, אויסער וואָס ער שנאָרעט פאַר זיי נאָך געלט ביי די באַלעבאַטים. און ווען ס'האָבן נישט געהאָלפן זייערע טענות־ומענות, האָבן די דאָזאָרצעס באַשלאָסן אים צו געבן נאָך 10 רובל אַ וואָך פאַר הויז־הצטדכותן. זיי האָבן אויך אַראָפּגענומען העלפט פון זיינע שכירות פאַר דער רביצין. איז אים אויסגעקומען אָפּצוגעבן מער צייט פאַרן בעטן ביי די רייכע באַלעבאַטים אויף תומך־עניים, וואָס איז שטאַרקער פון לימוד התורה.

ווען דער אַלטער קאָזשיניצער איז נפטר געוואָרן, האָט זיך גלייך נאָך שבעה פאַנאַנדערגעטיילט די קאָזשיניצער דינאַסטיע צווישן די צוויי זין זיינע און ר' מאיר־יחיאלן. איין זון איז געווען רב אין גראָדזשיסק, דער עלטסטער איז געבליבן אין קאָזשיניץ. פלעגט אַרומגיין אַ ווערטל וואָס די לצים האָבן געשאַפן, אַז ביים קאָזשיניצער איז געבליבן דאָס קרענצל; ביים גראָדזשיסקער — דאָס טענצל, און ביים אָסטראָווצער — דאָס אָרעמע רענצל. געמיינט האָט מען מיט „דאָס אָרעמע רענצל", אַז צו אים האָבן זיך באַהאָפטן די גרעסטע בני תורה, וואָס האָבן נישט געוואוסט פון קיין צורת המטבע, נאָר האָבן זיך דערנענטערט צו זיין לעבנס־נוסח.

אַ טייל פונם אָסטראָווצערס חסידים, פונם שניט פון ר' הערשעלע שידלאָווצער, זיינען נאָך אַוועק ווייטער פונם רבין. הושענה־רבא ביינאַכט, למשל, האָבן זיי אַריינגעקוילערט גרויסע שטיינער אינם רבינס בית־המדרש, צו לייגן די מידע קעפּ פאַר אַ קורצן דרעמל. אָבער ס'פלעגן אויך קומען טייל חסידים, רייכע סוחרים פון וואַרשע און לאָדזש, טאָמאַשאָווער, זגערזשער טוך־פאַבריקאַנטן אויף שבת און יום־טובים, צו הערן דעם גאונס חריפותדיקע חידושים און זיך וואַרעמען אין זיין עניוות און צדקות. פאַרן געזעגענען זיך מיט אים האָבן זיי אים אַריינגעשטופּט היפּשע סומעס געלט, כדי ער זאָל קענען אָנגיין מיט זיין תמיכות־עניים און צדקה בסתר.

נישט לאַנג האָט אויך אָנגעהאַלטן זיין פונקציע אַלס רב פון שטאָט אינם פּרט פון פּסקענען שאלות און פירן דין־תורות. מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער שטעלט אויף זיך זייער פיל, אין זיין דרך פון כשרן די טריפהנסטע על־פּי־דין שאלות. ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט ביי אַן אָרעמען קצב און דער שוחט־ובודק פלעגט געפינען אַ סרכא און דאָס פלייש טריפה מאַכן, פלעגט דער קצב לויפן צום רב מיט אַ געוויין, אַז דאָס זיינען זיינע לעצטע פאַר גראָשן,

ער וועט ווערן בדלות און וועט נאָך, חלילה, מוזן אָנקומען צו קצבה — דעמאָלט האָט דאָס דער רב גלייך געכשרט.

און ווען ר׳ בערל דער שוחט איז פריער מיט דער סרכא געלאָפן צו די דיינים, און זיי האָבן באַשטעטיקט זיין פסק, האָט ר׳ מאיר־יחיאל זיי אויפגעוויזן דורך פלפול און חריפות, אַז ס׳איז כשר. אַזוי איז גע־ווען מיט אַלע שאלות און דין תורות. די אויבערהאַנט האָט נישט געגנו־מען דאָס געשריבענע געזעץ. זיין שולחן־ערוכדיקער צוגאַנג איז געווען מידת הרחמים, זיך צוהערן צו די נויטן און צום האַרץ פון דעם מענטשן. נאָר לויט דעם דרך האָט ער געפסקנט.

אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן מורמלען קעגן אָננעמען זיינע דרכים. די לומדים האָבן געטענהט, אַז נאָר ער, מיט זיין הייליקן כח און געפייניקטן גוף, קען זיך פאַרגינען אַזוי צו שטעלן אויף זיך. אָבער אַ גאַנצע עדה טאָר נישט אָפּטרעטן פון בפירושדיקע דינים. האָט די שטאָט, נאָך אַן אסיפה, געשיקט צו אים אירע פאַרשטייער מיט אַ החלטה, אַז, היות, מיר זיינען, חלילה, נישט פוגע כבוד אין אים, אין רבין, נאָר מיר קענען עס מער נישט, מיר זיינען נישט ראוי צו זיינע דרכים, דערפאַר בעטן מיר אים, אַז מהיום והלאה זאָל ער מער קיין שאלות נישט פסקענען, און מער מיט קיין דין־תורות זיך נישט פאַרנעמען.

די אָסטראָווצער פאַרשטייער האָבן אין גרויס פייערלעכקייט פאַרענדיקט זייער שליחות צום רבין כהאי לישנא:

— איר בלייבט אונזער רב, אונזער קרוין, אונזער באַשיינונג. זיצט און לערנט תורה, און זייט אונזער וועג־וויזער מיט אייערע מידות טובות, און אין אייער זכות און באַשיצונג פילן מיר זיך ניט פאַריתומט ביי גאָט. מיר בעטן אייך, רבי, אָנצונעמען אונזער החלטה.

ר׳ מאיר־יחיאל האָט זיך אונטערגעוואָרפן צום דעת הקהל. ער האָט זיך מער מיט קיין אָרטיקע שאלות און דין־תורות נישט אָפּגעגעבן, חוץ מיט שאלות ותשובות, מיט וועלכע רבנים פון גאַנץ פוילן האָבן זיך געווענדט צו אים. די אָסטראָווצער עדה האָט זיך געפרייט וואָס דער רבי האָט אָנגע־נומען איר החלטה, און דער גרויסער דרך ארץ צו אים איז נאָך אויסגעוואַקסן שטאַרקער ווי פריער. ביים פאָלק, פון קליין ביז גרויס, איז געווען אַזאַ אהבהדיקע באַציאונג צום רבין, אַז ביים לייענען קריאת־שמע, פאַר שלאָפן גיין, ווען מ׳גיט איבער די נשמה אַלס פקדון צו גאָט, זיינען אַלעמענס בליקן און הערצער, אין יענע מאָמענטן, די נאַכטיקע, געווען דורכגעדרונגען מיטן טיפן גלויבן און זיכערקייט, אַז איבער זיי וואַכט דער שומר ישראל.

כאָטש עס זיינען געווען אַזוי פיל כתות פון חסידים און — ווי דער שטייגער פון יענער צייט — עס פלעגן זיך שאַפן מחלוקתן צווישן די פאַר־שיידענע חסידים איבער זייערע רביים, איז דאָס אין אָסטראָווצע קיינמאָל נישט פאָרגעקומען. נישט קוקנדיק וואָס זיי פלעגן פאָרן, על פי טראַ־דיציע, קיין גער, צי קיין אַלעקסאַנדער, קיין לובלין, צי קיין מאָדזשיץ — איז אָבער ביי זיי אַלעמען געווען דאָס געפיל, אַז זייער רבי ר׳ מאיר־יחיאל איז נישט סתם אַ רבי, וואָס פאַרטרעט איין שיטה, אָדער איין דרך, נאָר אַז ער שטייט איבער אַלע שיטות און איבער אַלע דרכים.

אָט־די באַציאונג פלעגט קומען צום העכסטן אויסדרוק יעדן ערב יום כפור, פאַר כל נדרי.

עס איז שוין געוואָרן אַ טראַדיציע, אַז ווען ר׳ מאיר־יחיאל פלעגט ערב יום כפור גיין פון זיין בית המדרש דאַוונען אין דער אַלטער שול, פלעגן אַלע אידישע שטיבער זיך אויסליידיקן, און יעדעס אידישע נפש האָט זיך, אין איילעניש, געצויגן צום רבין. דאָס איז געווען אַ ספּאָנטאַנע הערלעכע דעמאָנסטראַציע פון פאַרגעטערונג צום רבין. די גאַנצע אידישע קהילה, פון קליין ביז גרויס, פלעגט זיך אויסשטעלן אין צוויי רייען; און ווען דער רבי, אין ווייסן, מיטן געלן פנים און זיינע טונקל־ברוינע אויגן, פלעגט זיך באַוויזן, פלעגט אויסברעכן אַ געיאָמער עד לב השמים, געבעטן און יללהדיקע געשרייען, אַז ער, דער רבי, זאָל זיך אָננעמען ביי גאָט פאַר זייערע קריוודעס, און אָננעמען, זייערע תפילות, זייערע פאַרלאַנגען. און ווען דער רבי, מיט זיין שוואַכער שטימע, פלעגט אַרויסמורמלען: „גוט יום־טוב, אידן! בעט זיך אויס אַ גוט־יאָר״, פלעגן זיך אַלע דעמאָלט פונאַנדערגיין אין זייערע חסידים־שטיבלעך, אין די בתי־מדרשים, אין די שולן.

די גאַנצע עדה אידן האָט פלוצלונג דערפילט אַ דערלייכטערונג און אַ דערלויכטונג פון זיינע ברכות פאַר דעם יום הדין.

ס׳איז זייער שווער געווען פון אים אַמאָל אַ ברכה צו באַקומען, אפילו ווען די אידן אין זייערע נויטן, אין קראַנקהייטן, ביי סכנות־נפשותדיקע מאָ־מענטן פלעגן קומען צו לויפן, מיט גרויסע געוויינען צו אים, און די ווייבער וואָס האָבן ניט געטאָרט איבערטרעטן זיין שוועל, זינט זיין פרישות, פלעגן שטיין אונטער די פענצטער, און פלעגן אַריינשרייען זייערע יללהדיקע גע־בעטן נאָך הילף און רעטונג.

קיין קוויטלעך האָט ער נישט אָנגענומען. זיין תשובה פלעגט שטענדיק זיין: „גייט און בעט ביי גאָט. איך בין דאָך דער זעלבער בשר ודם וואָס איר״. און ווען זייער ענטפער צו אים איז געווען: „רבי, איר מיט אייער תורה, אָבער מיר, פּראָסטע מענטשן?״ פלעגט ער זיי זאָגן:

— זאָגט תהלים!

— און ווען מיר קענען אויך קיין תהלים נישט זאָגן?

—בעט מיט די זעלבע אידישע ווערטערביים רבונו של עולם, ווייל דער מלא עולם איז דער גרעסטער בעל רחמים.

און כאָטש מ׳האָט פון אים קיין ברכה ניט אַרויסגעקראָגן, איז זיי דאָך גרינגער געוואָרן אויף זייערע שווערע הערצער, און מ׳איז אַהיים געגאַנגען געטרייסטע.

דערפאַר האָט דאָס פאָלק אַזוי געדן, מיט אַזאַ אייפער אויסגענוצט דעם ערב יום כפור, פאַר כל נדרי, צו הערן זיין ברכה.

ער פלעגט האַלטן צוויי דרשות אינם יאָר: שבת הגדול און שבת־תשובה — ביידע אין זיין אייגנאַרטיקן לשון קודש, ווייל שבת און יום־טוב פלעגט ער ניט נוצן די שפת־חול. די לומדים פלעגן זיך מתוכח־זיין איבער זיינע פלפולדיקע שאַרפקייטן. דאָס פאָלק, אָבער, האָט ניט פאַר־שטאַנען קיין וואָרט. דאָס זעלבע — די ווייבער אין דער עזרת נשים. נאָר סיי־ווי האָבן געלויכטן זייערע פּנימער פון זיינע רייד, די נישט־פאַרשטאַנענע. געוואוסט האָבן זיי, אַז קיין שטראָף־רייד רעדט ער נישט, און די הייליקע תורהדיקע ווערטער פילן אָן דעם חלל אַרום זיי, און פליען דערנאָך אַוועק צו גאָט, וואו די מלאכים זינגען שירה. זיי האָבן דאָס געפילט בפועל ממש. און געלייטערטע און דערהויבענע פלעגן זיי פאַרלאָזן די שול.

זיין רום און השפעה איז ווייט אַריבער דעם אידישן גבול — מיטן גרעסטן דרך ארץ און ערפורכט האָבן זיך צו אים באַצויגן נישט נאָר פּשוטע גויים, נאָר אפילו די פּריצים. אַז זיי פלעגן אים זען, פלעגן זיי קניען און שעפּטשען תפילות. ווען נאַטשאַלסטווע פלעגט קומען אין שול אַריין, אין רוסישע פייערטעג צו הערן די מי־שברכס פאַרן צאַר, לויט די געזעצן פון יענער צייט, פלעגט ער ריידן אויף רוסיש צו די הויכע רוסישע באַאַמטע.

## זיין רחמנות

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן טאָג האָט זיך באַוויזן אינם בית־המדרש אַ קיילעכדיקער מגושמדיקער פּאַרשוין, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי ביי אַ געשחטענער קאַלב. ר׳ נפתלי האָט אים מקרב געווען מיט זיין גלאָז וואַסער מיט מילך, און ווען יענער האָט זיך נישט באַרואיקט און געוואָרפן משונהדיק מיט די הענט, שטופּנדיק זיינע פינגער אינם מויל, איז ער געלאָפן אים ברענגען זיין לעצט שטיקל ברויט. ביידע, ר׳ נפתלי מיטן רב ר׳ מאיר־יחיאל, האָבן אים מקרב געווען און געזאָרגט פאַר אים. איינמאָל אינדערפרי איז געוואָרן אַ

גרויסער עיפּוש אינם בית־המדרש. אַלע האָבן געשריגן און געוואָלט דעם בערן־בחור — אַזאַ נאָמען האָבן זיי אים געגעבן — אַרויסטרייבן. איז געקומען דער רב און אַלע זיינען צוריקגעלאָפן צום לערנען. דער רב איז צוגעגאַנגען גלייך צום בערן־בחור, אַרומגעוואַשן אים און אַדויסגעטראָגן די אומריינע זאַכן, און אים אַוועקגעגעבן זיין אייגן העמד און גאַטקעס. נאָכדעם האָט דער רב אים גענומען ביי דער האַנט, ווי אַ קינד און אים צוגעפּידט צום באַלעמער. די בית־המדרשניקעס האָבן פאַרשטאַנען זיין מיין און כוונה און מיט גרויס יראת הכבוד האָבן זייערע אויגן נאָכגעפאָלגט דעם מענטשלעכן דרך פון זיין צדקות, און אין זייערע אויגן איז ער צוליב זיין מידה פון רחמים צו יעדער מענטשלעכער בריאה אויסגעוואַקסן צו דער גרעסטער הייליקייט. ער האָט זיי ממש מיט זיין טיפער מענטשלעכקייט פאַרכישופט. ער האָט דערביי גאָרנישט געזאָגט, אָבער זיין שווייגן האָט זיך אַריבערגעטראָגן צו אַלע ווינקעלעך. פון אַלע דריי טישן האָט זיך גענומען טראָגן אַ שטיל כליפּען. דאָס האָבן די בית־המדרש בחורים פאַרשטאַנען, וואָס דער רב איז אויסן דערמיט.

אין 1906 האָט פּאַסירט, אַז ר׳ משהל פּנחסעס איז אַרעסטירט געוואָרן דורכן זשאַנדאַרמעריע־פּאָלקאָווניק פאָן קלוק. מ׳האָט אים געפּייניקט ער זאָל זאָגן, וואו עס געפינט זיך זיין זונדל, דער רעוואָלוציאָנער־פּע־פּע־עסניק, וואָס האָט זיך דעמאָלט באַהאַלטן ביי זיינע פּוילישע חברים אויפן סטאַוו. משהל פּנחסעס האָט זיין זון נישט אויסגעגעבן, ניט געקוקט אויף אַלע שבעה מדורי גיהנום.

ווען דער רב האָט זיך פון דעם דערוואוסט, האָט ער, אַ פּאַרציטערטער, פאַרלאָזן זיינע ספרים און זיך געלאָזט גיין צום מאַגיסטראַט, וואָס איז געווען אַ ווייטע שטרעקע פאַר אים. מען האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך אַריינזעצן אין מאיר יודזשוס וועגעלע, וועט מען אים צופירן. האָט ער גע־טענהט: אַ איד ווערט געפּייניקט — טאָ ווי קען איך פאָרן? האָט ער זיך אַזוי צופוס געשלעפּט מיט אַלע זיינע כוחות, און נאָך אים זיינען נאָכגע־גאַנגען טויזנטער אידן, פון פאַרשיידענע שיכטן, פאַרלאָזנדיק זייערע וואַר־שטאַטן און קראָמען. מיט די פּני פון שטאָט איז ער אַרויף צו מלכות — בעטן פאַר דער באַפרייאונג פון משהל פּנחסעס. ער האָט ערב געווען פאַר אים, אים אַרויסגעפירט אַ באַפרייטן און אים באַגלייט ביז צום הויז. אידן האָבן זיך אָנדערציילט פאַרשיידענע מעשיות וועגן זיין קבלת־פּנים ביי דער זשאַנדאַרמעריע און וועגן זיין דערקלערונג, אַז ער וועט נישט אַרויס פון דאָרט, סיידן מען וועט באַפרייען משהל פּנחסעס.

אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ער געגרינדעט אַ מאָדערנע ישיבה. נישט מער מיט „טעג" עסן ביי בעלי־הבתים, נאָר מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אויך

וואוינונגען. ער האָט טאַקסירט אַלע זיינע רייכע חסידים און ער גופא פלעגט נאָך אַרומגיין יעדע וואָך צו די שטאָט בעלי־בתים קלייבן געלט פאַר די עקסטרע באַדערפענישן פון דער ישיבה.

דער ישוב איז געוואָרן קלענער, צוליב די רדיפות וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין פוילן. אַ האַלבע שטאָט האָט אויסגעוואַנדערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, מייסטנס קיין טאָראָנטאָ. דער אידישער מצב איז געוואָרן ערגער און אויך ר׳ מאיר־יחיאלס זאָרגן זיינען גרעסער געוואָרן.

ביים אָנהייב פון דעם ערשטען וועלט־קריג איז די אידישע לאַגע אין פוילן געוואָרן שווערער. אויס פאַרצווייפלונג און אַלטער שנאה צו די רוסן האָט מען אויפגענומען די עסטרייכישע דייטשן מיט פריינטלעכקייט. האָט ער געוואָגט אַרויסצוטרעטן קעגן דעם און געוואָרנט די אידן, אַז אויב די רוסן האָבן נאָר געוואָלט פייניקן אונזערע גופים, וועלן די דייטשן צונעמען ביי אונז דעם רוח־השם (ענלעכע ווערטער האָט דעמאָלט געזאָגט דר. נחמן סירקין).

## שמואלקע בלעכער

מ׳האָט געוואוסט פון זיינע דרשות און פון זיינע שמועסן מיט די בעלי־מלאכות, אַז ער שטיצט די פרומע ציוניסטן, וואָס האָבן געוואָלט בויען אייגענע דערפער אין ארץ־ישראל.

איינער פון די פּלענער ביי אַ טייל מאָדזשיצער חסידים איז געווען צו בויען אַ דאָרף כפר־אתא לעבן חיפה. אַהין האָבן זיי שטילערהייט אַוועקגעשיקט זייערע פון־מויל־אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע גילדן, געקויפט זיך שטיקלעך לאַנד אין יענעם וויסטן טאָל פון זומפּן און מאַלאַריע.

און איינער פון יענע אידן איז געווען שמואלקע, דער בלעכער, אַ נידעריקער, ברייטפּלייציקער, מיט פייערדיקע אויגן און פלאַמענדיקער רויטער באָרד. ער איז געווען אַ מאָדזשיצער חסיד, אַ קנאי פון שטרענגער פרומקייט, אָבער אויך פול מיט חדוהדיקע געזאַנגען אינם הארץ און אויף די ליפּן.

ער האָט אויסגעאַרבעט בלעכענע אָרנאַמענטן פאַר די פריצישע פּאַלאַצן און תיפלות. פון בלעכענע רערן אָנגעפילטע מיט קאָכיקן זאַמד, האָט ער מאָדעלירט אַלערליי פאַנטאַסטישע באַצירונגען, וואָס ער האָט אויסגעדיכטעט. און ליגנדיק אויף די הויכע, שפּיציקע קלויסטער־קופּאָלן און דעכער, פלעגט ער זינגען די מאָדזשיצער הייטערדיקע געזאַנגען און זיינע פאַרבענקטע לידער נאָך ארץ־ישראל.

זיינע צוויי עלטערע טעכטער, חיהלע און שרה, אָנגעזאָפּט מיטן טאַטנס

גייסט, אָבער שוין קינדער פון דער נייער צייט, פון דער מחנה „פועלי־ציון”, האָבן עולה געווען מיט אַנדערע אָסטראָווצער נאָך זייער מוטערס טויט.

דער טאַטע זייערער איז שפּעטער געקומען מיט נאָך פרומע עולים צו די קינדער, וואָס האָבן דורך שווערער פּראַצע אויפגעבויט אַ הילצערנעם צריף אויף זיין שטיקל לאַנד.

דער אָסטראָווצער רב האָט געבענטשט שמואלקעס גרופּע עולים. ער האָט ליב געהאַט אויך די יונגע סאָציאַליסטישע ציוניסטן, זיי קיינמאָל ניט געמוסרט און וועגן זיי נישט גערעדט קיין שלעכטס. ער פלעגט אַמאָל נאָר זאָגן די בחורים אין זיין ישיבה, אַז די וואָס גרייטן זיך עולה צו זיין אינם הייליקן לאַנד, מוזן פריער אַליין זיך הייליקן דורך תורה און מעשים־טובים, כדי צו זיין ראוי פאַר דער עליה.

אין יענער צייט איז ער שוין געווען שוואַך און אַלט. זיין האַרץ האָט געבלוטיקט פון די נגישות אויף אידן אין פּוילן.

ער האָט כמעט אויפגעגעבן דאָס לערנען, געגאַנגען צווישן די אידן פון זיין עדה, געוועקט בטחון און טרייסט, געגעבן עצות אין פאַמיליע־ענינים. ער איז נישט געבונדן געווען צו קיין פּאַרטיקן שולחן־ערוך, נאָר צו משפּטן מיט שכל און גערעכטיקייט, כאָטש אַ סך זיינען געפּלעפּט געוואָרן פון זיינע גע־וואַגטע דרכים.

## ציפּעלע וויל נישט דעם שידוך

אָט אַ שטייגער, זיינען דאָכע מיט משהל פּנחסעס געקומען צום רב ר׳ מאיר יחיאלן אים בעטן ער זאָל אויסמוסרן זייער יונגע, שיינע טאָכטער ציפּעלע פאַרן קווענקלען זיך חתונה צו האָבן מיטן חתן, וואָס מען האָט פאַר איר אויסגעקליבן צוליב זיין גרויסן יחוס.

ציפּעלע האָט גאָרנישט געזאָגט: ניין! זי וויל נישט מצער זיין דעם טאַטן, וואָס זי האָט ליב ביז מסירת־נפש. אָבער ווען זיי האָבן געזען, אַז זי מאַכט נאָס די קישנס פון די ביינאַכטיקע טרערן; ווי זי גייט אַרום אַ בלאַסע, אַ צעבראָ־כענע — האָבן די עלטערן פאַרשטאַנען, אַז זי איז אַזוי געוואָרן זינט זיי האָבן אָפּגעמאַכט דעם זמן חתונה מיט די מחותנים, ווייל זי וויל נישט דעם שידוך — דער חתן איז איר נישט געפעלן.

ער, משהל, איז אַריין אינעווייניק אינם רבס חדר. דאָכע, זיין ווייב, איז געבליבן הינטער דער טיר ביים שוועל און מיט איר מענה־לשון, אויסגערעדט איר ביטער האַרץ אויף דער חוצפה פון די היינטיקע בחורים און מיידלעך. זי האָט געשריגן:

— רבי, איר מוזט זיך אַריינמישן! איר מוזט שיקן דעם שמש נאָך איר און זי גוט אויסמוסרן! מיר ווילן וואָס שנעלער צוגרייטן די חתונה, אָנהויבן מאַכן דעם אויסשטייער. האָט איר געהערט אַזאַ מעשה פון געפעלך־שמעלן? ס׳עקט זיך דאָך די וועלט!

דער רב האָט זיך פאַרטראַכט, געשאָקלט פאַמעלעך זיין קאָפּ און געזאָגט צו משהל פנחסעס:

— ר׳ משהל, מיין עצה טובה איז: איר זאָלט נאָכאַמאָל איבעררײדן מיט אייער טאָכטער, נאָר מיט גוטן, ווי ס׳פּאַסט פאַר גוטע טאַטע־מאַמע. דער־ציילט איר די גוטע מעלות פונם חתן און די מחותנים צו קריגן איר הסכמה. אָבער אויב, חלילה, נאָך דעם אַלעם, וועט זי דאָך ניט וועלן דעם שידוך, זאָלט איר זיך נישט דערוועגן זי חתונה־מאַכן מיט געוואַלד. איר וועט דעמאָלט מוזן אָפּלאָזן דעם שידוך אויף אַ שיינעם אופן. אין דעם פאַל וועל איך אַליין העלפן מסביר זיין דעם חתן און די מחותנים דעם ענין, כדי עס זאָל זיך ענדיקן בכי־טוב.

משהל האָט אויסגעהערט זייער ערנסט די ביטערע עצה, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געגלעט זיך פאַר עגמת נפש דאָס בערדל. ער האָט פאַרשטאַנען דעם רבס גוטע, גערעכטע רייד, געזעגנט זיך מיט אים און צוגעזאָגט אויסצופירן זיין עצה.

אָבער דאָכע, דאָס ווייב זיינס, האָט נאָך העכער געשריגן:

— היתכן? וואָס איז דאָס פאַראַ רייד? וואָס איז דאָס פאַראַ עצה? אויף אַזאַ מאָדנעם פסק האָבן מיר זיך גאָרנישט געריכט!

האָט זיך דער רב געווענדעט צו משהלען, וואָס איז שוין געשטאַנען לעבן דער טיר אַרויסצוגיין:

— זאָגט אייער אשה, אַז מ׳קאָכט נישט דאָס, וואָס מ׳האָט נישט גערן, און אַ פּשיטא־שוין עסט מען נישט דאָס, וואָס מ׳האָט נישט ליב.

משהל און דאָכע זיינען אַוועק אַהיים מיט אונטערגעהאַקטע פיס. זיי האָבן דערוואַרט פון רב גאָר אַנדערע מעשים. איצט קען זיי שוין קיינער מער נישט העלפן.

די עלטערן האָבן נישט געקענט אַרויסקריגן פון ציפּעלען קיין הסכמה אויף דער חתונה. דער שידוך איז אָפּגעלאָזט געוואָרן. דער רב האָט געקראָגן אַן אונטערגעשריבענע מחילה פונם חתן, אַז ער איז מוחל דער כלה במחילה גמורה.

דאָס האָט באַרואיקט ביידע צדדים און לייכטער געמאַכט זייערע שווערע געמיטער. און משהל און דאָכע האָבן מער נישט מורא געהאַט פאַר גאָטס שטראָף איבער דער פאַרשעמונגביים אָפּלאָזן אַ שידוך.



ר׳ מאיר־יחיאל האָט געבעטן די דאָזאָרעס אים מבטיח צו זיין אַז נאָך זיין פּטירה וועלן זיי מאַכן פאַרן רב פון אָסטראָווצע זיין זון ר׳ יחזקאלע, און זיי האָבן אים געגעבן אַזאַ הבטחה.

ר׳ יחזקאלע האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות נאָכן טויט פון זיין פאָטער. מען דערציילט, אַז כאָטש ער איז נישט געווען אַזאַ גאון, ווי זיין פאָטער, איז ער אָבער געגאַנגען אין זיינע וועגן. אַז מען פלעגט פרעגן ר׳ יחזקאלען פאַרוואָס וויינט ער אַזוי פיל ביים דאַוונען, בעת זיין פאָטער פלעגט דאַוונען אַזוי שטיל, פלעגט ער ענטפערן מיט עניוות: „כ׳וויין צו גאָט, ער זאָל מיך שטאַרקן אין מיין קליינקייט, בכדי נישט צו פאַרשעמען מיין טאַטנס גרויס־קייט״.

# דאָס דענקעווער געסל

קעגנאיבער דעם שאָסיי, וואו ס'איז געווען דער מאַגיסטראַט, און לעבן דער לאַנגער שיענער גאַס, האָט זיך אַריינגעשניטן אויף רעכטס אַ שמאָל געסל — דאָס דענקעווער, לעבן דעם „מקום". דאָס איז געווען אַ באַצייכענונג, אַז פון דאָרט הויבט זיך אָן דער גויעשער טייל פון די איינוואוינער, די ליקעס.

די שטאָט איז אָבער געוואַקסן און אויך דאָרט האָבן זיך באַזעצט אידן, מערסטנס די בעסערע בעל־מלאכות, ווי שניידער און שוסטער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים פון שטאָט און פאַר די פריצים פון דעם אַרום.

און אפילו דעמאָלט, ווען „דער מקום" איז שוין געווען באַזעצט פון אידן, האָט ער נאָך אַלץ געשמעקט מיט עטוואָס דאָרפישעס. דאָס איז געווען סיי צוליב דעם, וואָס פון פאָרנט, ביים אָנהויב געסל, איז געווען אַ פרייער גרויסער פלאַץ מיט גראָז, אַ לאָנקע; אויך דערפאַר וואָס אַרום דעם קעגנ־איבערדיקן נייעם וואַסער־פּלומפּ, — פריער איז דאָס געווען אַן אָפענער ברונים — און ביים אַנדערן עק געסל, אַרויף צום בערגל, זיינען געשטאַנען פיל סאָסנעס, דעמבעס און אַנדערעביימער.

אין פרילינג האָט געשמעקט דער פרישער בעז און די בליאונג פון פרוכט־בוימער אין שכנות פון דעם גלח'ס סאַד. און אויך אויף דער אַנדערער זייט געסל, אויף לינקס, מיט הילצערנע פאַרקנס אָפּגעגרענעצטע, האָבן נאָך געוואוינט די פּיעטשייקאָווסקעס און שעניאַווסקעס. זיי האָבן דאָרט געהאַט זייערע שטאַלן און שייערן, וואו ס'האָבן זיך געהערט דאָס פריילעכע הירזשען פון די פערד, באַזונדערס פון די יונגע לאַשיקעס; דאָס מוקען פון די קי און קעלבער; דאָס ריטשען פון די חזירים; דאָס קוואַקען פון די הינער און גענז; דאָס קרייען פון די הענער און דאָס בילן פון די הינט.

מ'האָט געלעבט אָפּגעזונדערט, אָבער ווי גוטע שכנים. די גוי'עשע ליקעס האָבן גערעדט אידיש, האָבן זיך מיטגעפרייט אויף די חתונות און שמחות פונעם געסל און מ'פלעגט זיי אויפנעמען מיט לעקעך און בראָנפן — און די אַלטע פּיעטשייקאָווסקע האָט זיך געווישט אַ טרער מיט איר ברייטן פאַרטעך אויף אַ אידישער לויה פונעם געסל.

געאַרבעט האָט מען זייער שווער אינעם געסל — מייסטער, געזעלן און לערן־אינגלעך; אויך די פרויען און טעכטער און טייל זין זייערע; אין

אַלעמענס געבעטן צו גאָט אויף געזונט און פּרנסה, האָט מען אויך געבעטן און געהאָפּט צו קאָנען מדריך זיין אין תורה כאָטש איינעם פון די זין זייערע; צו האָבן אַ קינד, אַ זון אַ בן־תורה, אָדער זוכה זיין אַן איידעם אַ בן־תורה. דאָס איז געווען דער עמוד־האש, וואָס האָט באַלויכטן זייער שווערע האָרע־וואָניע.

גלייך מוצאי־שבת, נאָכן מאַכן די הבדלה, ביים אָנצינדן אַ ליכטל, גע־האַלטן פונעם אינגל אָדער מיידל, מיטן כוס פון בראָנפן, פלעגן די טאַטעס אויסגיסן אַביסל בראָנפן אויפן נאַקעטן טיש, מיטן ליכטל אָנצינדן דעם שפּירט פון וועלכן ס'איז אויפגעגאַנגען אַזאַ בלוי, שיין פייערל, מיט די הענט אַזוי לייכט טונקען אין אָט די בלויע שפּירט־פייערלעך און עס אַריינ־רוקן אין ביידע הויזן־קעשענעס אַלס סגולה, אַז גאָט זאָל זיי העלפן מיט פּרנסה אויף דער קומענדיקער וואָך.

און מיטן זאָגן „גוט־וואָך" האָט מען אַרונטערגעצויגן די טיכער פון די באַדעקטע ניי־מאַשינען און שמאָלע, לאַנגע טישלעך פון די ניי־וואַרשטאַטן; דאָס זעלביקע פון די נידעריקע, ברייטע טישן פון די שוסטער־וואַרשטאַטן — אַזוי זומער און ווינטער; און מען האָט געאַרבעט — מייסטער און געזעלן ביז צוועלף ביינאַכט. עס האָבן געזשומעט די ניי־מאַשינען ביי די שניידער, געקלאַפּט די העמערלעך ביי די שוסטער, געסקריפּעט די זעגן און הובלען ביי די סטאָליאַרעס און טשעסליאַרעס, געקנאַלט די גרויסע האַמערס ביי זלמן שלאָסער און ישראל'קע בלעכער — די געזאַנגען פון די אַלע וואַרשטאַטן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין האַרמאָנישן אַקאָרד פון בעל־מלאכהשן שבט אינעם דענקעווער געסל, וואָס הויבט אָן אַ נייע וואָך פון שווערע, אָבער ליבע אַרבעט ביז צום נייעם ליבן שבת, דעם הייליקן, געגאַרטן.

פיל אַרבעטער האָבן געאַרבעט פון זמן, מושווה געווען זיך וועגן געצאָלט פאַרן האַלבן יאָר, וואָס איז געווען פון פינף און צוואַנציק ביז פופציק רובל, און האָבן געגעסן און געשלאָפן ביי זייערע מייסטערס. די עלטערע געזעלן, די חתונה־געהאַטע, האָבן געקראָגן געצאָלט פון דריי רובל ביז פיר רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אַ וואָך. נישט מער האָט געקריגן אפילו דער קינסט־לער־שניידער אהרן שנאָרער, וועלכער האָט געאַרבעט ביי משהל פּנחסעס. אהרנס טאַשמעלעך און דינע שנירעלעך ביי די געהאַקטע קאַפּאָטעס פאַר די גבירים און יונגוואַרג און ביי די זשאַקעטן און פראַקן פאַר די פריצים, זיינען געווען אַ שם־דבר. ער האָט אַזוי קינסטלעריש גענייט, אַז זיי זיינען געווען ווי פון זיך אַרויסגעוואַקסן.

גערופן האָט מען אים „שנאָרער" בלשון סגי־נהור, ווייל אָט דער גרויסער פאַרדינער פון פיר און האַלב רובל אַ וואָך, האָט קיינמאָל ניט געקאָנט באַ־

צאָלן זיין דירה־געלט און דעם שכר־לימוד פאַר זיינע אינגלעך. כאָטש באַ־נומען האָט ער זיך מעשה אַריסטאָקראַט: געראויכערט די בעסטע טערקישע סיגאַרעטלעך, געקליידט זיך ווי אַ פראַנט, אונטערגעשטופּט אַן אָרימאַן אַ פאָר גראָשן, און שבת זיך פאַרשולדיגט דורך טרינקען ביר מיט זיינע שניי־דער־קאַמעראַדן ביי הינדל רויזעס, וואו ס'פלעגן זיך פאַרזאַמלען יעדן שבת און יום־טוב די מייסטע שניידער, שוסטער, טרעגער און אַנדערע בעל־מלאכות.

הינדלס טאָכטער ביילע, אַ כוואַטסקע אידענע, אַ הויכע, אַ פליישיקע, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ ציגיינעריך, מיט אַ ברויך, לענגלעך פּנים, מיט חן־גריבלעך, מיט שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, מיט לאַנגע, שוואַרצע וויעס, פלעגט זיך לאָזן אונטערקנייפּן. זי האָט דאָס סערווירט דעם ביר די מאַנס־פאַרשוינען.

הינדעלס גדויסע, טונקעלע שטוב איז געווען אָנגעשטעלט מיט טישלעך. איר אידים חיים, אַ שטאַרקער, ספריטנער, ווי קוועקזילבער, איז געזעסן אויף אַ נידעריק פּוס־בענקל, האָט געצאַפּט ביר פון די גרויסע פּעסער אין גלעזער און אויך אין פלעשער און ביילע פלעגט אויסשרייען די צאָל פון גלעזער ביר — לויט די נעמען פון יעדן טרינקער — צו איר אַלטער מוטער הינדע, וועלכע איז געזעסן ביי אַ טישל, מיט אַ ברייטן פאַרטעך פול מיט געקאָכטן נאַהיט, שטאַרק געזאַלצן און געפעפערט, און דאָס געמאָסטן אירע קונים.

הינדע האָט אויך געהאַלטן אַ לאַנגן בוך אין די הענט, מיט לאַנגע שטיקלעך פּאַפּיר, ווי אַריינגעקלעפּטע ברייטע לאַקשן, אין וועלכע זי האָט געמאַכט קנייטשן ביי יעדן פאַרקויפטן גלאָז אָדער פלאַש ביר, אָדער נאַהיט, צו די קונים. לויט דער צאָל קנייטשן, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט פון פרייטאָג צו־נאַכט ביז שבת צו־נאַכט, פלעגט זי דורך דער וואָך אויפמאָנען דאָס געלט פון די קונים.

אהרן „שנאָרער" האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אויסצאָלן און איז געבליבן אַ שטענדיקער בעל־חוב. גאַנץ אַנדערש איז געווען חיים־לייב שיינער, וואָס כאָטש נישט אַזאַ מפונק אויף יעדן שטעכל מיט דער דינער נאָדל — אָבער אויך אַ פיינער שניידער און אַ שנעלער דערצו. הגם ער האָט געקראָגן נאָר פיר רובל די וואָך, האָט ער דאָך אָנגעזאַמלט עטלעכע הונדערט קערבלעך, וואָס ער האָט אויסגעליען אויף פּראָצענט צו זיין בעל־הבית משה'לען אויף צו קאָנען באַצאָלן די וועקסלען פאַר דער סחורה, געקויפט ביי ר' אשר־הערץ, אָדער אין וואַרשע.

די אַנדערע בעל־מלאכות פלעגן משה־לייבן שטעכן מיט ריידעלעך וועגן זיין אויפקלייבן, ביים לויפן פאַרטאָג צו דער אַרבעט, די לאַנגע, זיסע בוריקעס, וואָס פלעגן אַרונטערפאַלן פון די פורן, וועלכע זיינען געווען אויפן

וועג צו דער צוקערניע הינטער דער שטאָט. אָט־די בוריקעס פלעגט דאָס ווייב זיינס אָפּקאָכן און אים מיטגעבן מיט אַ שטיק ברויט, וואָס דאָס איז געווען זיין טעגלעכע דערנערונג ביז צום אַהיימגיין עסן וועטשערע. ווען אהרן פלעגט מיט אַ חוזק־שמייכעלע אָנבאָטן לייבן, אים מכבד זיין מיט אַ גלאָז ביר, פלעגט יענער זיך אָפּזאָגן מיטן אויסרייד, אַז ער טרינקט דאָס נישט, ווייל ס'איז ביטער. אהרן אָבער האָט ניט אָפּגעלאָזט, געוואָלט מיט אים אַרויס־גיין טרינקען אין די מאַרק־ביידלעך אַ גלעזל סאָדע מיט סאָק. האָט זיך לייב ווידער אָפּגעזאָגט: „פאַרשטייסטו, אהרן, כ'קאָן נישט סובל זיין קיין סאָדע־וואַסער, ווייל ס'דרייט אין דער נאָז".

לייבל שיינער איז נישט געווען ווי די אַנדערע געזעלן, וואָס האָבן גע־אַרבעט ביי מאיר ליפּסקער, דעם פּריצישן שניידער, וואָס לעבן מיט חשבון און פאַררופן זיך אויפן פּוילישן ווערטל „טאַק קראַוויעץ קרייע יאַק סוקנא סטאַיע" (דער שניידער שניידט וויפיל טוך עס סטייעט). זיי זיינען אַלע ענלעך געווען אויף אהרנען — פאַרלעבט זייערע גאַנצע שכירות, פאַצעטעוועט מיט די קורצע מאַרינאַרקעס און גומענע קאַלנערס מיט קראַוואַטלעך; געגאָלט זיך די בערד ביי די שערער יעדן ערב־שבת; פרייטיק צו־נאַכטסן זיך אַרומגע־שלעפּט זיך ביז פאַרטאָג מיט די דינסטמוידן; און מ'האָט געמורמלט, אַז זיי כאַפּן זיך אַריין צו די ליקעס און טאַנצן און האַלדזן זיך מיט די שכנותדיקע יונגע שיקסעס, ווי יאַדוויגא און בראַנקאַ, מיט זייערע ברענענדיקע לייבער, בלוט און מילך, מיט די רונדע, שטייפע ברוסטן און ברענעדיקע בלויע אויגן, מיט צעפלאָסענע העלע פאַסמעס האָר, ווי העל־זוניקער פלאַקס. זייער פאַרשייט געלעכטער האָט אַריינגעהילכט אינעם געסל און צעמישט די צנועהדיקע, גאָטס־פאַרכטיקע דרכים ביי די באַלעבאַטישע, שיינע טעכטער, ווי רחלע אבע־אהרנס, שרהלע, לייבל קוצעס אייניקל, און אַנדערע אידישע טעכטער אינעם געסל.

רחלע אבע אהרנס, איז געווען אַ הויכע און שטאָלצע, מיט אַ וואַלד געדיכ־טע שוואַרצע לאָקן; מיט געדיכטע ברעמען און אַ טונקל־הויטיקן רונדן געזיכט; מיט אויגן, וואָס ברענען ווי צוויי פייערדיקע שטורקאַצן אַרויס. דער טאַטע אירער, דער שאַפער פון אַלעמאַל נייע פון אים פאַרטראַכטע מאָדעלן, איז געווען באַרימט ווייט אַרום אין די גבירישע הייזער. ער פלעגט אויספּרובירן אַלע זיינע פאַנטאַזיעס און פאַרטלען אויף זיין שיינער רחלע, וואָס מ'זעט אַרויס אַלע אירע געטאָקטע ליניעס פון איר הערלעכן קערפּער, וואָס איר שוועבנדיקער גאַנג מיטן פאַרהויבענעם, פאַרריסענעם קאָפּ אירן איז איין גרויס, געטלעך געזאַנג. זי, רחלע, איז חלילה נישט באַווירקט געוואָרן פונעם אַנדערן זייט געסל, נאָר אויסגעברענט איר פייערדיק געביין אויף איר

געלעגער דורך טוליען זיך ביינאַכט מיטן הייסן, ברענענדיקן קערפּער צו איר עלטערער שוועסטער מלכהן, וועלכע מ׳האָט גערופן — די גדושה.

דער פאָטער זייערער, אַבע־אהרן „טשאַטשקע״, אַ הויכער, שיינער, געוויקסיקער מאַן, מיט אַ רונד געזיכט און שוואַרצער באָרד, מיט אַ פאַרריסענער גריכישער נאָז — דערפאַר דער נאָמען „טשאַטשקע״ (אַ בלום) — איז געווען מער טרוימעדיק, ווי פּראַקטישער באַלמעלאָכע; ער, דער דאַמסקע שניידער, וואָס האָט געמאַכט די אויסשטייערן פאַר די רייכסטע כלות און ביים נעמען די מאָס האָט ער מיט אַ בליק אויף יעדער כלה־מיידל שוין געהאַט אַ ניי צוגעטראַכטע צאַצקע פון אַ קליידל — ער פלעגט יעדן אינדער־פרי, פאַרן דאַוונען, זיך פאַרטראַכטן און פאַרטיפן, ביי די אויסגעלייגטע שטיקער זייד אויף זיין שניידער־טיש מיט דער לאַנגער, שטאָלענער שער, — ווי אַ קאָפּעלמייסטער מיטן שטעקעלע, — איינס און צוויי אויסשניידן אַן אבע־אהרנישע קאָמפּאָזיציע.

שניידנדיק מיט דער שער פלעגט ער פאַר זיינע אויגן זען דאָס כלה־מיידל מיט אַלע אירע ליניעס און קאָנטורן; די פאָרם פון די פיס, ווי זיי באַהעפטן זיך רונדיק אַרום דער טאַליע, די היפּטען, ווי אַ זיידענער גאַרטל; דאָס וויב־רירן און שטייגן פון די שולטערן ביז דער פאָרמירונג פון די ברוסטן; די דיסטאַנץ צווישן די ברוסט־וואָרצלען; די הויך פונם האַלז און געבוי פון געזיכט אין אַלע דעטאַלן — אפילו די חן־גריבלעך אין די באַקן, אָדער אַ שוואַרץ פעפערל, אַ באַ׳חנ׳טס הויט־קאָליר, די אויגן און די האָר־קרוין פון דער כלה׳ס קאָפּ.

אַזוי האָט ער אויסגעדיכטעט פאַר יעדער איינער דאָס באַשטימט־צוגעפּאַסטע קליידל און ערשט דאַמאָלסט איבערגעגעבן זיין עלטערער טאָכטער, מלכהן, ווי אַזוי יעדעס קליידל זאָל גענייט ווערן: דאָ אַ שאַרף ביי די זייטן, דאָ אַ שלייפעלע; דאָרט אַ שוואַרץ אָדער רויט סאַמעט קעלנערל; דאָרט אַן אָפענעם אויסשניט — לויט די לייבער און ברוסטן־פיגורן.

מיט איר אַלט־מיידלשער, פאַרזעסענער ביטערקייט און אַכזריותדיקער שטרענגקייט צו די יונגע שניידער־יונגען, וואָס האָבן געאַרבעט ביי זיי, פלעגט מלכה אויספירן מיט אַלע פּיטשעווקעס דעם טאַטנס פאַרלאַנגען.

***

אַבע־אהרן אַליין, נאָכן פאַרטיק ווערן מיטן צושניידן, פלעגט זיך טאָג־טעגלעך אַרויסכאַפּן פונם הויז, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, צו באַזוכן די שכנים אינם געסל. זומער און ווינטער איז ער אַריינגעקומען מיט זיינע אויסגעפּוצטע שטיוול, מיט שווערע טוכענע הויזן און וואַטאָוונעם שפּענצער, מיט אַ סאַמעטן, פאַרפעדערט קאַפּל אויפן קאָפּ בכדי זיין ערשטן גוט־מאָרגן

אָפּצוגעבן צו משהלע פּנחסעס, ווען ער האָט געטראָפן שוין אַן אָפּגעדאַוונטן און שוין נאָכן אָנבייסן. משהל, מיטן זויבער־אויסגעפּוצטן בערדל און וואָנסעס אויף זיין ברוין, לענגלעך געזיכט, מיט די טיפע, ברוינע אויגן, אין זיינע געשטרייפּלטע הויזן און זיידן וועסטל איבער אַ ווייס העמד, — אויך ער איז געשטאַנען מיט זיין שווערער שער און שטיק קרייד ביי אַ לאַנגן, שווערן טאָמאַשאָווער שטיק טוך. דאָס האָט ער געריסעוועט מיט זיין מייסטער־האַנט זיינע מענערישע געהאַקטע קאַפּאָטעס פאַר די רייכע חתנים, אָדער די פּריצישע זשאַקעטן און פראַקן און ליווערייעס.

אבער אהרן האָט געוואוסט: אויך עד איז דער קינסטלער־טרוימער שניידער, וועלכער פאַנטאַזירט אויס די מענערישע, האַרמאָנישע קערפּער־ליניעס; און ער פילט די פרייד פון זיין שאַפן, ווען אַ בגד ליגט ווי אויסגע־גאָסן, ווי פון בוים אַ פרוכט, רייף אויסגעוואַקסן. אויך ער, ביים צייכענען און שניידן, זעט די מענער־קערפּערס אין אַלע זייערע פאָרמען און קלענסטע איינצלהייטן זייערע. דאָס געשניטענע טוך אָדער אַטלעס מוז זיך אַריינ־פּאַסן געטריי אין די פאַרשיידענע גלידער, ווי די פאַסאַדן פון אַ געשליפענעם בריליאַנט. און אויב עד האָט אַ קונה וואָס לערנט יום ולילה, מיט אַן איינגעפאַלענעם ברוסט־קאַסטן, אַרבעט ער שוין אויס אין זיין פאַנטאַ־זיע ביים צושניידן, מיט אַן אויסגעאַרבעט שטיף־לייוונטל מיט זיין קרייד אין דער האַנט, אַ צוגעפאַרמירטע רונדיקייט, און ער זעט שוין ווי אַזוי ער וועט צוריקגעבן דעם חתן זיין שיינעם מענלעכן אויסזען, וואָס עד האָט פאַרלאָרן אויף די בית־המדרש בענק. דערביי האָט ער גרויס הנאָה און ציט אײדל מיט די לאַנגע פינגער זיינע שוואַרצע וואָנצעס — ער איז צו־פרידן מיט זיך און זיינע געלונגענע שניידערישע איינפאַלן.

דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט, ווען ער האָט געשניטן אַ טייערן, ענגלישן שטאָף אויף אַן אָנצוג פאַרן באַנק־דירעקטאָר, זעפּסער׳ן, אַ קאַפּריזנער פּריץ, פון דער שליאַכטעסקער פאַמיליע אַרום וולאָצלאַוועק. זעפּסער איז געווען אַ שוואַרצלעכער, אַ קרענקלעכער, מיט איינגעפאַלנענע באַקן, איינגעפאַלענעם ברוסט־קאַסטן און אַרונטערגעפאַלענע אַקסלען. ער איז אָבער געווען אַ גרוי־סער פראַנט, וועלכער האָט שוין אויסגעפּרובירט די בעסטע וואַרשעווער שניידער־מייסטערס. קיינער האָט אים אָבער נישט צופרידנגעשטעלט אַזוי ווי דער זויבערער, איידעלער נאַשער, ווי ער האָט גערופן משהלען פון דענ־קעווער געסל, וואָס באַנייט אים, פאַרשענערט אים, גלייכט אים צוריק אויס און גיט אים צוריק דעם אויסזען פון זיין געזונטן שלאַנקן און אַמאָליקן קער־פּער. אַז דער חלושעוואַטער באַנקיר האָט זיך אָנגעקוקט אין די שפּיגלען פון זיינע סאַלאָנען ביי יעדן ניי־געמאַכטן זשאַקעט אָדער פראַק, וואָס משהל האָט

אים געגעניט, האָט ער זיך צעשטדאַלט און געפרייט ווי אַ קינד. ער האָט ליב געהאַט זיין שניידער און געוויזן אים די גרעסטע התקרבותן. ער האָט איינגע־לאַדן משהלען צו אַלע זיינע פאַמיליע־פייערונגען. ער האָט געוואוסט, אַז זיין באַליבטער שניידער וועט ביי אים נישט קאָנען עסן די טריפהנע מאכלים, האָט ער אים דעריבער מכבד געווען מיט אַ גלעזל בראָנפן פון אונגאַרישן שליוואָוויץ מיט אידישע אותיות באַצייכנט כשר לפסח, וואָס ער האָט ספּעציעל געקויפט פאַר מאָשקען. ער האָט פאַר אים אויך צוגעגרייט האַרט־געקאָכטע אייער צום פאַרבייסן.

אַזוי אויך פאַרן דאַלעסער פּריצל, אַ פאַרהויקערטער אַביסל פון פאָרנט און פון הינטן, האָט שוין משהל געפינען אַ פאָרטל מיט זיינע קינסטלערישע הענט און איינפאַלן צוצושניידן און צוצופּאַסן אַן אַנצוג, אַז יענער האָט זיך דערזען אַ באַנייטער, אַן אויסגעגלייכטער. ער האָט משהלען גערופן — מאָשעק דער סקולפּטאָר, וואָס אָפּערירט מיט זיינע טוך־שטאָפן ווי דער קינסטלער, וואָס פורעמט אויס זיינע פיגורן פון ליים.

דאָס אַרויסהויבן דאָס שיינע אין דעם מענלעכן אויסזען, איז ביי משהלען געקומען פון אַן אינערלעכן רוף און פאַרשאַפן אים אמתן תענוג. זיין אייגענע באַפרידיקונג האָט ער געפינען אין טאָן גוטס און פאַרשאַפן פרייד יעדן מענטשן, וועמען ער איז נאָר ביכולת צו טאָן גוטס. דאָס האָט ביי אים גע־שטאַמט פון זיין חסידישער אהבה און רחמים צום מענטשן.

ביידע, אבבע־אהרן און משהל, האָבן געפילט אַ גרויסע קרובהשאַפט צווישן זיך. אבבע־אהרן האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר משהלען, וועלכער האָט זיך געפירט אַנדערש ווי אַלע בעלי־מלאכות פונם געסל.

ער, משהל, האָט חתונה געהאַט מיט זיין צווייטער ווייב, דאָכע — (דאָס איז געווען נאָכן טויט פון זיין ווייב חנה פייגע, וואָס איז געשטאָרבן אין דער צווייטער כאָליערע) — אַ זיבעצן יאָריק מיידל, די טאָכטער פון משה פאַ־רעלס, דער פאַרמעגלעכער בעקער־באַלעבאָס, וועלכער האָט פאַרלאָרן זיין מויער אינעם מאַרק צום פּראָצענטניק, דעם שניידער יצחק פּיאַק. דער אַלטער זוואָלינער האָט דעם פּיאַק דערפאַר פאַרשאָלטן. משהל פאַרעלס האָט דעם פּראָצענטניק גערופן צו אַ דין תורה צו יענעמס רבין, דעם זוואָלינער. אָבער יצחק פּיאַק האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם.

נאָכן זוואָלינערס פּטירה האָט דאָס רבנות איבערגענומען דער עלטסטער זון זיינער, ר׳ ישראל, און ער האָט זיך אַרויסגעצויגן קיין מאָדזשיץ, די פּוילישע פעסטונג־שטאָט, צווישן בערג און גרינע טאָלן און טיפע, געדיכטע וועלדער. דאָרט האָט ר׳ ישראל געשאַפן דעם אייגנאַרטיקן דרך זיינעם פון דערהויבן די גאַבונג האָבן פון אים אַדויסגעזינגען אין די מתיקותדיקע, פאַרצויגענע ניגונים. די געזאַנגען האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַזאַ הייטערדיקן אויפשאַלן, וואָס הויבט

אויף די געפאַלנסטע, עצבותדיקע געמיטער; פאַרוואַנדלט זיי אין דערהויבענע, געלייטערטע, התלהבותדיקע. מיט די ניגונים דערגרייכן זיינע חסידישע נאָכ־פאָלגער צו זיוו השכינה. זיין נאָמען און דרך זיינען געוואָרן באַרימט אין גאַנץ פוילן און זיין יצירה אין נגינה איז אַלץ גרעסער געוואָרן.

ווען ער האָט געהערט אַריינשאַלן צו אים אין זיין חדר מיוחד, וואו ער איז געזעסן על התורה ועל העבודה, די מיליטער־מאַרשן, פון דער פעסטונג, האָט ער זיי גענומען און געלייטערט אינם פייער־טיגל פון זיין האַרץ ווי גינגאָלד. פון דעם זיינען געשאַפן געוואָרן פייערדיקע חסידישע געזאַנגען, ווי געטלעכע הימנען — פון צוועלף ביז פיר און צוואנציק פאַלן. זיינע חסידים האָבן זיי געזונגען אין די שטיבלעך בכל תפוצות פוילן, מיט דער גרעסטער התרוממות הנפש, מיט ברענענדיקע, פייערדיקע אויגן אין די טונקעלע בין־השמשותדיקע שלוש סעודותן; ביי די לעבעדיקע מלוה־מלכה׳ס, וואו מ׳לאָזט זיך אויך אַוועק אין חסידישע טענץ, הענט אויף אַקסל. דורך דעם רבינס פאַר־פאַסטע געזאַנגען האָבן זיך די פיס געהויבן אַזוי לייכט, מ׳איז געוואַקסן העכער און העכער ביז מ׳האָט געפילט ממש גאָטס אָטעם אַרום.

באַלד נאָך דער חתונה איז משהל געפאָרן מיטן שווער זיינעם קיין מאָדזשיץ אויף ראש השנה. מען האָט אים אויפגענומען אין מאָדזשיצער שטיבל מיט גדויס התקרבות. ער איז נישט פון די לומדים, אָבער דערפאַר אַ גרויסער בעל מידות.

און אבע־אהרן האָט טיילמאָל געוואָלט הערן אַ מאָדזשיצער ניגון. משהל האָט דאַן אַוועקגעלייגט די שער און ביים קלאַפּן פון די צוויי ניי־מאַשינען און דעם זינגען פון די שניידער־געזעלן האָט משהל שטיל געברומט דעם נייעם ניגון פאַר אבע־אהרנען.ביידע, מיט די הענט אין זייערע בערד, האָבן זיך געשאָקלט פרום, ביז אבע־אהרן האָט געכאַפּט דעם טאָן פונם ניגון.

**
*

פון משהלען איז אבא־אהרן אַריבער צו זלמן שלאָסער און גערעדט מיט אים וועגן יאַפּאַנישן קריג — ביידע האָבן הנאָה געהאַט פון די רוסישע מפּלות. דערווייל איז אָנגעלאָפן איינע פון זיינע טעכטער דערמאָנען, אַז ער האָט נאָך נישט געדאַווענט און ס׳איז שוין צייט צו עסן מיטאָג. ער איז אָבער געווען אַזוי פאַרטיפט, אַז עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן. ער האָט געמוזט פשוט אַדורכגיין צו אַלע זיינע שכנים פונם געסל ביז דאָס ווייב מיט איר מענה־לשון, רייזל, וואָס רעדט אונטער דער נאָז, מיט אַלע דריי מוידן האָבן אים אָפּגעזוכט און אַהיימגעפירט ווי אַ פאַרלאָרן קינד.

איינמאָל איז געוואָרן אַ דעש אינם געסל. רייזל מיט די מוידן זיינען אַרומ־געלאָפן מיט באַנומענע קולות און געשריגן אויף דעם אומגליק, וואָס האָט

געטראָפֿן. איינער פון געזעלן, יאַנקל צווימערער, אַ יונג מיט ביינער, האָט אַזוי זיצנדיק ביים וואַרשטאַט קעגנאיבער דער עלטסטער טאָכטער מלכהן, געוויזן איר אַ קיילעכיק זילבערן קידושין־רינגל, געבעטן איר דאָס אָנצומעסטן. און ביים אַרויפציען דאָס רינגל אויף איר מיטלסטן פינגער האָט ער געגעבן אַ זאָג־אָפּ אויף שנעל: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל". דערביי זיינען די געזעלן געווען די עדות. באַלד נאָכדעם האָט ער געמאַכט אַ ויברח, — ואיננו, ווי אין וואַסער אַריין.

פון יאַנקלס פּלוצימדיקן אַנטלויפֿן און פון דעם געלעכטער פון די שניי־דער־יונגען, וואָס האָבן איר געוואונטשן: „מזל־טוב!", האָט זי זיך געכאַפּט, אַז דאָס האָט מען איר אויפגעשפּילט אַן אומגליקלעכע חתונה. האָט זי אָנגע־הויבן צו שרייען ווי אַ געשאָכטן קעלבל:

— מאַמע! מ׳האָט מיך געקוילעט אָן אַ מעסער!

די מוטער אירע, רייזל, און די אַנדערע צוויי מוידן האָבן דערהערט די מעשה, זיינען זיי אַרונטער אינם געסל, אויפגעזוכט אים, אבא־אהרנען, און אויסגעלאָזט די גאַנצע תוכחה צו זיין קאָפּ, ווייל דורך זיין אַרומשלעפּן זיך איבער די הייזער האָט ער גורם געווען דעם אומגליק.

די ווייבער האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ: אַזאַ חוצפה! אַזאַ בושה! די בעלי־מלאכות, פאַרטרויערטע, האָבן נישט געוואוסט ווי זיך אַן עצה צו געבן:

— אַ כלה אָן אַ חופה. מ׳מוז איר, מלכהן, די האָר פונם קאָפּ צודעקן!

די וואוילע יונגען פונם געסל: זיינוול לאָמפּ, מיטן אונטערגעשווירענעם רויטן קאַרק, וועלכער זינגט זמירות מיט די ניגונים פון פיעטשקאָווסקיס מאַזורקעס; זלמן טשאַפּ, דער פישער־יונג, מיט דער קורצער קורטקע און גלאַנצאָוונעם דאַשעק; זעליקל וואָלפס דעם קצבס זון, דער יונגער גיבור, וואָס לייגט אַליין אַוועק אַן אָקס אינם שעכט־הויז צו דער שחיטה — האָבן אויסגעשפּאַנט דריי פערד פונם מקום און געלאָזט זיך דורכן געסל אין אַ ווילדן גאַלאָפּ אויפן אַפּטער־צווימערער שאָסיי. זיי האָבן געברענגט יאַנקלען, אַ צעביילטן, אין געסל אַריין, געפידעט אים ווי אַ צעשלאָגענעם הונט צו גוטמאַן, דעם דיין, וואָס האָט געשריבן דעם גט פאַר מלכהן. זיי האָבן אים פאַריאָגט פון שטאָט, אונטערהאַקנדיק אים די זייטן, ווי אַן אָנזאָג קעגן טאָן אַזאַ נבלה, וואָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן.

מ׳האָט דערציילט, אַז בעת גוטמאַן, דער דיין, האָט יאַנקלען גע־פרעגט: היתכן? פאַרוואָס, פאַרוועןן? — זאָל ער האָבן געענטפערט, אַז ער האָט דאָס געטאָן אַלס נקמה פאַרן פאַרשליסן דאָס ברויט פון די אַרבעטער, באָכן צוטיילן צוויי פּענעצלעך ברויט צו יעדן מאָגערן מאַלצייט.

זלמן „שליאָסערזש" און ישראלקע בלעכער, די צוויי חוקרים פונם געסל, האָבן עס מסביר געווען און געגעבן צו פאַרשטיין אַלעמען אינם געסל: — יאָ, רבותי, יאָ — דאָס איז נישט גלאָט אַזוי זיך. ס'האָט זיך שוין אַ רודער געטאָן ביי אונדז אויך. ס'איז דער ווידערקול פון די קלינקעוויטשער אחדות'ניקעס, וואָס מאַרשירן שוין מיט רויטע פענער.

מלכה איז סיי ווי געבליבן פאַרשעמט מיט איר צונאָמען: די גרושה. זי איז געבליבן אַ פאַרזעסענע. און דאָס דענקעווער געסל האָט מיטגעליטן מיט אבא־אהרנס און מלכהס פאַרשעמונג.

נאָך אַ גרעסערע פאַרשעמונג איז געקומען אויפן געסל אַביסל שפּעטער. דאָס איז געשען, רחמנא לצלן, מיט אַ שכנה וואָס האָט געוואוינט אַביסל ווייטער אַרונטער צום „מקום" — שיינדעלע קוץ מיט אירע שיינע טעכטער שרהלע, גיטעלע און רחלע. רחלע, די אינגסטע אין אויסזען, אַ פאַרחלושטע צנועה, מיט איר לענגלעך בלייך־ווייסן פּנים, מיט די לאַנגע, שוואַרצע צעפּ, כאַפּט זיך אַריבער — פלעגט מען מורמלען — אין די פינצטערע נעכט אויף דער אַנדערער זייט „מקום" און פאַרשווינדט מיטן שייגעץ יאַנעקלען אינם שייער. נישט איינמאָל האָט די מאַמע איר נאָכגעשפּידט ווי אַ קאַץ, זי געפּאַקט און אַהיימגעשלעפּט ביי די צעפּ אירע ביז צו דער טיר. און ווען זיי זיינען ביידע אַריין אין שטוב, פלעגט רחלע, אַ צעפלאַמטע אַריין אינם אַלקער, שנעל זיך אויסטאָן אַן אַ וואָרט אויסצורײדן צו קיינעם, אַ וואַליע טאָן זיך אין בעט אַריין, גלייך ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט.

די מאַמע אירע מיט אַ פאַרביטערט האַרץ און מיט שרעקנדיקע אויגן, האָט אַלץ אין זיך דערשטיקט. מיט אַ געמאַכטער פריילעכער מינע האָט זי געזאָגט:

— וואָס אַ נאַריש קינד קאָן איינפאַלן — פאַרבלאָנדזשען ווי אַ ווילדע ציג אין אַ פרעמדן גאָרטן!

איר מאַן נאָטל איז געווען אַ שטיקל לא־יצלח, וואָס האָט נישט געטויגט אַמאָל אַ קאַץ אַן עק צו פאַרבינדן. זיי זיינען אַלע געווען ווי אויף קעסט ביי איר פאָטער לייבל קוץ. און זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט און געזאָגט דעם מאַן אירן, אַז זי וועט בעטן איר טאַטן ער זאָל זיי אַרויסנעמען פונם געסל צוליב רחלען. ס'האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז ס'וועט פון דעם קיין גוטס נישט אַרויס־קומען.

נאָטל האָט חושד געווען שיינדעלען, זיין ווייב, אַז זי איז מגזם: רחלע איז אַ טייער כשר קינד, גייט אַרום ווי אַ שטילע טויב, איז מקיים כבוד־אב־ואם, קאָן קיין הויך וואָרט נישט ריידן, — זי איז, חלילה, נישט קיין חצופה. אָבער שיינדעלע האָט זיך אַפילו איר אייגענעם מאַן געשעמט דערציילן ווי

זי האָט איר רחלען שוין נישט איין מאָל אַרויסגעשלעפּט פון פּיעטשקאָווסקיס שייער, אַ צעהיצטע, אַ צעפּלאָמטע, אַז פאַר בושה האָט זי איר אין די אויגן נישט געקאָנט קוקן, און פּלעגט איר נאָך מיטן פאַרטוך אָפּווישן איר פאַר־שוויצט פּנים און מיט מאַמעשע פינגער אויסגלייכן די צעפּ אירע בכדי די אַנ־דערע קינדער און דער מאַן אירער זאָל גאָרנישט באַמערקן. אויך איצט האָט זי גערעדט מיטן מאַן וועגן דעם זייער שטיל, מיט אַ האַלב מויל.

דער פאָטער אירער, לייבל קוץ, איז געווען אַ דאָרפס־שניידער, וואָס האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויס פאַרמעגן, געהאַט די שענסטע מויער. אַ גרויסער קמצן געווען — און אויך געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט. אַ מאָדנער מענטש געווען. ער האָט גאָרנישט געדאַרפט פאַר זיך. אַרומגעגאַנגען איז ער מיט אַן אַלט היטל, נאָך פון זיין חתונה אָן; אַ כאַלאַטל, זומער און ווינטער, אַן קנעפּלעך; אין בית־המדרש האָט ער שטענדיק געשלעפּט שנופּ־טאַבאַק פון גבירישע, זילבערנע שקעטעלעך.

מ׳פלעגט אים פרעגן:

— ר׳ לייבל, פאַרוואָס קויפט איר נישט קיין ניי היטל?

פלעגט ער ענטפערן:

— נו, אדרבא, כ׳בעט דיך, וויז מיר אין לאַטע אויף מיין היטל.

— און פאַרוואָס נייט איר זיך נישט איין קיין קנעפּל אינם כאַלאַטל?

פלעגט ער ענטפערן:

— צו וואָס האָב איך הענט?

— און פאַרוואָס קויפט איר זיך נישט קיין פּעקל שנופּ־טאַבאַק?

— פאַרשטייסט, — פלעגט ער ענטפערן — אַז איך, לייבל, בין נישט פון די גרויסע אויסגעבער. וועל איך, לאָמיר זאָגן, שוין אָוועקנעמען די האַנט פון האַרצן און זיך קויפן אַ פּעקל טאַבאַק פאַר צען גראָשן, יאָ? הלמאי זאָל איך עס טאָן, אַז איך קאָן מיר גיין אין בית־מדרש, צי אויפן מאַרק, צוגיין צו יעדן גביר און אַ זאָג געבן: אַ שמעק טאַבאַק, איך בעט אייך! נעמען זיי, די גבירים אַרויס דאָס גילדענע טאַבאַק־פּושקעלע און טראָגן עס מיר אַנט־קעגן. און איך שטעק אַריין בהרחבהדיק מיינע פינגער, נעם מיר אַרויס אַ זשמעניע מיט פיינעם, שמעקעדיקן אויסלענדישן טאַבאַק און בין זיך מחיה. וואָרום זאָל איך, לייבל, שמעקן דעם ביליקן צען גראָשנדיקן טאַבאַק? דאָס זעלביקע מאַך איך ווען כ׳בין אַ גאַנצע וואָך אין די דערפער, ביי די פּריצים דאָרטן.

און אַז מען האָט אים געפרעגט:

— ר׳ לייבל, פאַרוואָס שלעפּט איר מיט אַ גאַנצע וואָך אייער אידענע?

האָט ער געענטפערט:

— ערשטנס, פעלט איר נישט אין די דערפער פון קיין פויגל־מילך. און דער עיקר, חוזקט ער, אַז די פּריצישע הינט דערזעען מיין ווייב, לויפן זיי וואו דער פעפער וואַקסט.

דאָס איז באמת ביי אים נאָר געווען אַזאַ המצאהלע ווייל אין דער אמתן האָבן ביידע געלעבט ווי די טויבן.

זי, זיין ווייב, איז געגאַנגען אין די שענסטע קליידער. אַזוי אויך זיין טאָכטער שיינדל, און די אייניקלעך זיינע. פאַר זיי איז קיין זאַך נישט געווען צו טייער. פּונקט אַזוי האָט ער געהאַט אַ ברייטע האַנט ווען ס'איז געקומען צו שטאָט־זאַכן, צו צדקה — ער האָט געגעבן מיט דער פולער האַנט.

אָבער גאָט האָט אים געשטראָפט. איינע פון זיינע אייניקלעך, די שיינע רחלע פונם דענקעווער געסל, איז אַנטלאָפן ביינאַכט קיין צוויזמער אינם קלויס־טער, געשמדט זיך און כאַסלערע געהאַט מיט יאַנעקן. ס'האָט זיך געטאָן חושך אין שטאָט, אַ פינצטערניש אינם דענקעווער געסל. ר' לייבל האָט געקערט וועלטן, געלאָפן צום ביסקופּ, געוואָרפן געלט אויף אַלע זייטן: ער וויל ראַטעווען זיין אייניקל, די קינדער, זיך, די עדה פונם גרויסן בראָך, וואָס האָט געטראָפן. ער איז גרייט זיך איבערלאָזן אין איין העמד אַבי צו געפינען אַ רעטונג. ס'איז אָבער געווען פאַרפאַלן. לייבל איז אַרומגעלאָפן אינם דענקעווער געסל מיטן אָפענעם כאַלאַטל, די הענט צעשפּרייט, מיטן קאָפּ געבויגן אין דרייען און געשריגן פון אַ צעבראָכן האַרץ אַרויס:

— גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט אין מיין ביטערער פאַרשעמונג?

***

אַביסל ווייטער אינם געסל האָט געוואוינט אברהמל שוסטער מיט זיינע בנים, וואָס מאַכן די שענסטע שיכלעך פאַר די גבירישע מיידלעך. איין אינגל זיינעם, שלמהלען, האָט ער געשיקט צו די גרעסטע מלמדים, כדי צו האָבן כאָטש איין זון אַ בן תורה. פון זיין שטיבל האָבן זיך געטראָגן די שענסטע געזאַנגען אַ גאַנצן טאָג, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין: חסידישע, חזנישע, פויליש־אידישע ראָמאַנסן, סאָלדאַטסקע לידער, און אַז ס'פעלט אויס — זינגט מען פוילישע, דאָרפישע מאַזורקעס. זיי האָבן נישט געררוט ווי דער סמבטיון, געזינגען מיט אַזאַ מתיקות, אַז זיי האָבן אָנגעשטעקט די אַנדערע שוסטער געזעלן, וואָס ציען זייערע דראַטוועס און קלאַפּן מיט די העמערלעך; און די שניידער־געזעלן ביי זייערע ניי־מאַשינקעס, וואָס שטעפּן און ציען מיט די דינע נאָדלען זייערע לאַנגע פעדים.

אין אַלע הייזער האָט מען געזונגען. דאָס דענקעווער געסל איז געווען איין גרויסער אָרקעסטער. אָבער נאָכן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט רחלעס שמד, האָט דאָס געסל אַ לאַנגע, לאַנגע צייט אויפגעהערט צו זינגען. די איינ־

וואוינער זיינען געווען איינגעהילט אין טרויער און אבלות, מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ פון בושה און פאַרשעמטקייט.

די פּיעטשקאָווסקיס האָט מען ביז צום שמד איינגעלאַדן אויף אידישע חתונות אינם געסל; און אַז ס'איז געווען חלילה אַ לויה אינם געסל, פלעגן זיי, די גויאישע שכנים, מיטווייגען שטיל מיט די גרויסע יללות און געוויין אינם געסל. אָבער נאָכן שמד האָט מען דערפילט די גרויסע געפאַר און מען האָט זיך פון זיי דערווייטערט, מ'האָט זייער שטאַרק געהיט די קינדער פון צו שפּילן זיך מיט די שקאָצים. באַזונדערס האָבן אַלע געהיט די מיידלעך זייערע. דאָס איינציקע אינגל, וואָס מ'האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן פון אַרומשלעפּן זיך מיט די שקצים, איז געווען זעליקל וואָלפּס.

דער טאַטע, אַ קצב און אַ כלי־זמר, אַ בכבודיקער איד, האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכן מיט זיין זינדל, וועלכער איז געווען פאַרקאָכט אין די פערד ביי די גויאישע שכנים. ער פלעגט געווינען יעדן געוועט, ווער עס וועט שנעלער לויפן אין אַ גאַלאָפּ מיט די פערד. ער איז געפלויגן, שטייענדיק אויפן פערד, איז אַדורך דאָס געסל, ווי אַ פייל פון אַ בויגן.

דאָס דענקעווער געסל, וואָס איז געבליבן פאַרשעמט צוליבן שמד, האָט זיך אויסגעלייזט פון זינד און בושה, און האָט צוריקגעוואונען די חשיבות, טאַקע דורך דעם זעלביקן זעליקל. ער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען באַלד צוואנציק יאָר. די שקצים אינם געסל האָבן געציטערט פאַר זיין גבורה און געוואַגטקייט. ער האָט געקאָנט נעמען אַן אָקס איינער אַליין ביי די הערנער און אים איבערקערן מיט די פיס אַרויף צום בינדן פאַר דער שחיטה אין שעכט־הויז.

האָט זיך איינמאָל געמאַכט אַ פאַל אין אַ מאַרק־טאָג, ווען עטלעכע שיכורע פּויערים האָבן פאַרפירט אַ געשלעג מיט די טשאַפּעס, מיט די אידישע פישער־יונגען און פערד־הענדלער, אויך נישט קיין מלופּים־קינדער. זיי האָבן אַוועקגעלייגט עטלעכע פּויערים ווי סנאָפּעס היי. די איבעריקע פּויערים האָבן זיך אַריינגעמישט. ס'איז געוואָרן אַ גרויס געשלעג, בלוט האָט זיך געגאָסן ביי זלמן טשאַפּ און זיין ברודער. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער רעש און דערשראָקענע אידן האָבן גענומען שליסן זייערע געוועלבער.

איז געקומען צו לויפן פונם דענקעווער געסל זעליקל קצב, אַרויסגעצויגן אַ קלויניצע פון אַ פּויערישער פור און געשניטן מיט איר ווי מיט אַ קאָסע רעכטס און לינקס, געלייגט די פּויערים, וואָס קומען אים אין וועג ווי סנאָפּעס שטרוי. אויך משה נאָטל ציצאַקס איידעם, דער דאַרער, הויכער טרעגער, וואָס האָט געשטאַמט פון למדנים איז אַריין אין געשלעג און פון יעדן זעץ זיינעם מיטביידע הענט זיינען געפאַלן די פּויערים ווי פליגן. זעליקל האָט געקאָסעט

באָכאַנאַנד מיט דער קלויניצע ביז די פּויערים האָבן גענומען שרייען אין שרעק פֿאַר זיין ווילדער גבורה. טייל האָבן זיך געצלמט און געשריגן „אַליע באַגאַ!״ ס'איז געוואָרן אַ ווילדער געווירבל. די געשרייען פֿון די פּויערים האָבן זיך אויסגעמישט מיטן הירזשן פֿון די צעשראָקענע פֿערד און די פּויערים זיינען זיך צעלאָפֿן פֿונם מאַרק אין אַלע זייטן.

דער מאַרק איז געוואָרן אויסגעליידיקט. זעליקל האָט אַרונטערגעריסן ס'העמד זיינס, געמאַכט דערפֿון באַנדאַזשן און פֿאַרבינדן מיט דעם די צע־שלאָגענע קעפּ פֿון אַלע צעבלוטיקטע — די טשאַפּעס, די ליאַמפּעס, די גע־בליבענע ליגנדיקע פּויערים. ער האָט געבדענגגט שנעל אַ קאַן וואַסער פֿונם מאַרק־ברונים, אַרומגעוואַשן אַלעמען און אַלע זיינען דערנאָך אַוועק אין קליינ־קאָוויטשער שענק אַריין און געזויפֿט ביז אין שפּעטער נאַכט אַריין. יאַנקל ליאַמפּ, שוין אַ פֿאַרשניאָשקעטער, האָט זיך צעקושט מיט זעליקלען, גענומען אים אויף די אַקסל ווי אַ קליין קינד, אַרומגעטראָגן אים איבער דער גאַנצער לענג פֿון דער שענק, אַוועקגעשטעלט אים אויף אַ הויכער פֿאַס ביר, און אַלע האָבן געהויבן די אָנגעגאָסענע קופּלס ביר מיט אַ „באַזדראָוויע נאַש זעליקל פֿונם דענקעווער געסל!״

דער דינער, שטאַלענער זעליקל האָט געשיינט ווי אַ חתן אונטער דער חופּה פֿונם כבוד, וואָס ער, יאַנקל ליאַמפּ, דער גרעסטער גיבור, וואָס מ'האָט געציטערט פֿאַר זיין גבורה, איז אים אַזוי מקרב און אָנערקענט אים ווי אַן איגענעם יאַט.

דאָס דענקעווער געסל האָט זיך געגרויסט מיט אים און ווידער אָנגע־הויבן זינגען.

## די דריי משוגעים

די שטילקייט פֿונם געסל איז געוואָרן אויפֿגעמונטערט, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די דריי משוגעים פֿון שטאָט — יעדער פֿון זיי גאַנץ פֿאַרשיידן אין זיין משוגעת.

איינער איז געווען שלמה יאַכל: אַ קליינער, אַ דאַרער, אַ שוואַרצער, מיט לאַנגע פּיאות און אַ האַלב־גרוי, שיטער בערדל. זיין משוגעת איז באַשטאַנען אין וועלן דערגרייכן דעם שורש פֿון יעדער זאַך. ער האָט געשטאַמט פֿונם גרעסטן חסידיש־לומדישן יחוס און פֿון זיין קינדהייט אָן האָט ער ליב געהאַט צו חקירהן. אינם דענקעווער געסל האָט מען געזאָגט, אַז שלמהלע וויל דווקא זיך דערוויסן פֿון וואַנען די פּיס וואַקסן. און דאָך האָט מען געהאַט אַ געוויסן דרך־ארץ פֿאַר אים — אַפֿילו שפּעטער, ווען ער איז געשטעמפּלט

געוואָרן אַלס פּרא־אדם און משוגענער, ווייל ביים געסל איז ער נאָך אַלץ גע־בליבן דער בן תורה, און תורה איז נאָך אַלץ געווען ביי זיי די בעסטע סחורה.

דעם נאָמען יאַכל האָט זיך שלמהלע פאַרדינט אינם געסל, ווען אידן האָבן געבעטן ער זאָל זיי געבן צו פאַרשטיין, וואָס ער איז אויסן מיט זיין זוכן און האַלטן אין איין ריידן פונם שורש. ער האָט זיי מסביר געווען ס׳זאָל זיך לייגן אויפן שכל, אַזוי:

— אָט אַ שטייגער, נעמט אַ גוט הינערן פּדייטיק־צו־נאַכטיקן יאַכל. איאָ, איר האָט דאָס זייער גערן?

— אוודאי — איז געווען זייער ענטפער.

— און איר האָט דאָס פיינט?

— ס׳גייט נישט אין דעם, צי איך האָב פיינט. ס׳גייט אין דעם — פון וואַנען איז דער שורש פון אָט דעם יאַכל?

און ס׳איז אַוועק אַ סדרה פון שרשים — דער שורש איז די הון, און דער שורש פון דער הון איז דאָס איי. און דער שורש פונם איי איז געקומען דורך אַ באַפעל פון השם יתברך, וואָס איז מלא כל הארץ, אַז די הון ווי אַלע אַנדערע ברואים מוזן אויסטיילן פון זיך שטיקער פון זייער גוף, פון זייער בלוט און מאַרך; און מיט זייערע וואַרעמע, ברענענדיקע גופים, דורך עינויים און פיינען, ווידער זיך באַשאַפן על פי סדר העולם.

ערשט ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרקריכן און זיך דערגרונטעווען אַפילו צום שורש פון סדר־העולם, האָט אים אברהמל שוסטער איבערגעהאַקט:

— מילא, אַז איר רעדט וועגן אַ יאַכל, פאַרשטיי איך. ווער שמועסט נאָך, אַז ס׳קומט דער ליבער שבת און איך קום מיר אַהיים מיט מיינע בנים נאָכן קבלת־שבת; און זי, מיין אידענע, וואַרט מיך אָפּ ביי דער טיר אַן אויסגעצירטע און איר פּנים שיינט אַזוי ׳שיין ביי די שבת־ליכט; און איך גיב מיר אַזוי אַ זאָג: גוט שבת! און זי ענטפערט מיט אַזאַ מאַמעשער ווייכקייט: גוט־שבת, גוט־שבת! און איך גיב מיר אַזאַ זאָג אָפּ הויך אויפן קול, מיט אַ פריילעכן ניגון — שלום עליכם מלאכי השרת; כ׳פּיל באַשיינפערלעך, ווי איך דריי מיך אַרום צווישן די מלאָכים, וואָס האָבן מיך באַגלייט פונם קליינעם, שוסטערשן שולכל אַהיים און זיי הערן זיך צו צו מיין זאָגן זיי שלום עליכם; און כ׳מאַך מיר דעם קידוש איבער דעם זיסן ראָזשינקע וויין, וואָס מיין פייגע האָט אים מיט אירע אייגענע הענט אויסגעקוועטשט. און ווען איך דערלאַנג איר דעם איבערגעבליבענעם בעכער וויין צום טרינקען, טרינקט זי דאָס מיט אַזאַ מתיקות, ווי זי וואָלט געפילט אין יעדן טראָפּן פון איר מאַנס קידוש־וויין אַלע תענוגים און טעמים פון דער וועלט. און כ׳גיב מיר אַ וואַש די הענט מיטן בלעכענעם קווערטל ביי דער הילצערנער פאַס וואַסער, (און כ׳דערזע זיך מיט

מיין פאַרקעמטער באָרד אינם שפּיגל פונם פעסל וואַסער ביי דער באַלייכטונג פון די שבת־ליכט, אַז כ׳קוק אויס ווי דער רוסישער גענעראַל סקאָבעלעוו), און איך זאָג מיר אָפּ אויף שנעל נטילת ידים, ווייל ס׳שמעקט מיר שוין די פיש מיטן פיש־יויך, וואָס זיינען באַצירט מיט די קליינינקע, רויט־גאָלדענע שטיקלעך מערן אַרום; און מ׳מאַכט אַ כוסה פונם ריינעם 95עדר, און מ׳גיט אַלע אַ זונג די זמירות מיט די ניגונים פונם נייעם חזן, דעם קוטנער; און ווען מיין פייגע דערלאַנגט די גרויסע טעלער מיט הינערנער יויך מיט די לאָקשן, און מיט די גרויסע, ווייסע צוקער־אַרבעס — ווייס איך דאַמאָלסט פון אַן עונג־שבת. איז וואָס טויג מיר זוכן דעם שורש, ווי איר זאָגט. איר זייט טאַקע משוגע. האָט איר ווען געהערט אַזאַ מעשה? זיך גריבלען גאָר איבער אַ יאַכל.

און אַזוי איז ער געבליבן ביים צונאָמען שלמהלע יאַכל. און כאָטש די קינדער פלעגן אים נאָכלויפן, אים צופּן פון אַלע זייטן און שרייען: שלמהלע יאַכל, יאַכל מיטן באַכל! און אים געוואָלט דערצערנען, בייז מאַכן, שוין געקליבן קליינע שטיינדלעך אין זייערע הענט פאַר אַ שטרייט מיט אים, האָבן זיי אָבער בחינם אויסגעריסן זייערע העלדזלעך און געביילט די הענטלעך מיט זייערע שטיינדלעך. ער האָט זיך אַזוי אַרומגעשפּאַצירט אינם געסל פון איין טיר צו דער צווייטער, אַ פאַרטראַכטער, עפּעס געמורמלט צו זיך, פון וואָס די קינדער האָבן זיך מער געשראָקן ווי ווען ער וואָלט מיט זיי אַ שטרייט פאַרפירט און זיי געזוכט צו פאַרטרייבן פון זיך. דאָ אין געסל האָט ער זיך געפילט היימישער, געקראָגן אינדערוואָכן אַ וואַרעם לעפל וואַסער. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזט דאָס געסל אַ הונגעריקער.

דאָ אין געסל האָט ער געהאַט נאָך אַ שטיקל התקרבות. ביי די לומדים און חסידים האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַ משוגענעם, וואָס אין אים איז אַריין אַ דיבוק פון אַן אפּיקורס, רחמנא לצלן. דערפאַר האָט מען אים נישט געלאָזט אַריבער די שוועל פון זייערע הייזער, נאָר מען האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ פּאָר גראָשן בכדי שנעל פּטור צו ווערן פון אים און זיינע משוגענע גריבלערייען.

שלמהלע יאַכל האָט קיינמאָל קיינעם, חלילה, מיט אַ הויך וואָרט נישט אָקעגן גערעדט. ער האָט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט זיינע מילדע ברוינע אויגן יעדן איינעם באַדאַנקט פאַר דער מינדסטער גוטסקייט צו אים. ער האָט זיך געמאַכט נישט זען, אָדער בכיוון נישט געוואָלט זען די פאַראַכטונג צו אים. ער פלעגט זאָגן, אַז ער זוכט נאָר דעם שורש פון גוטסקייט, נישט פון רשעות.

**
*

דער אַנדערער משוגענער איז נישט געווען קיין אַסטראָוצער, נאָר גע־קומען איז ער אַהער ווי פיל אַנדערע פון די קליינע שטעטלעך פונם אַרום. ס'האָט זיי אַלע געצויגן צו דער שפּעדיקער שטאָט. דערצו האָט ער ליב גע־האָט צו לויפן. ביי אים לויפן אַ דרייסיק, פערציק וויאָרסט איז געווען אַ קינ־דער־שפּיל. געקומען איז ער אַהער פון זאַוויכאָסט, אַ שטעטל ביי דער ווייסל. גערופן האָט מען אים נתן האָקע. דעם צונאָמען האָקע האָט ער באַקומען פון צעטראָגענעם אַרומלויפן זיינעם, און שפּעטער איז דער נאָמען געוואָרן אַ שם דבר — מ'האָט יעדן אינגל אָדער דערוואַקסענעם, וואָס איז געווען אַ צוּ־רירעוודיקער, גערופן מיטן נאָמען האָקע.

זיין משוגעת איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז דער נאָמען נתן איז על פּי טעות. אין דער אמתן איז ער גאָר יוסף הצדיק, וואָס איז קיינמאָל נישט געשטאָרבן. נאָך דער מעשה מיט פּוטיפרעס ווייב, וואָס האָט אים געוואָלט באַצווינגען, איז ער אַריין אינעם ים און האָט געלעבט אין אַ פּאַלאַץ פון ראָזעווע קאָראַלן. מיטן פּאַלאַץ איז ער געשוואומען דורך אַלע ימים און פאַרבינדעטע טייכן ביז ער איז אין דער ווייסל אַריין. פון דאָרט איז ער אַרויס אויף אַ וויילע.

אינם דענקעווער געסל איז ער געווען מער ווי אומעטום, מחמת די שניי־דער־געזעלן האָבן געלאַכט און געפרייט זיך מיט אים פון זיינע משוגענע פאַנטאַזיעס. ער איז געווען אין זיבעטן הימל, ווען די דאַמסקע שניידער־יונגען האָבן פון די פאַרשיידענע שטיקלעך קאָלירטע זיידנס אים אויסגעצירט מיט אַ קרוין פון אַ שני למלך — מיט ברייטע לאַנגע שליפעס, מיט געלע, ווי גאָלד, פראַנזן אַרום זיינע ברייטע הענט, מיט אַ רויטער שאַרפע אויף זיין ברוסט. דאַמאָלט, אַ צעשטראַלטער, מיט זיין שיינער הויכער פיגור, מיט זיין געשניצט, געטאָקט פּנים האָט ער געוויזן זיין לייב, וואָס איז ענלעך געווען אויף די קאָראַלן, די ראָזעווע, וואו ער האָט געלעבט ביז איצט. ער האָט אַרויסמאַרשירט אין זיינע בגדי מלכות אינם מאַרק אַריין, וואו אַלע קינדער, לאַכנדיקע, פריילעכע, זיינען נאָכגעלאָפן און געשריגן: האָקע! האָקע!

ער איז אַרומגעלאָפן שעהן־לאַנג איבער אַלע פיר ציילן, מיט אַ וואָזשנער מינע, אויסגעצויגן גלייך ווי אַ ווירע, ביז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך אַזויפיל אַרבעט צו טאָן. ווי א פייל פון בויגן איז ער דאַמאָלסט אַריינגע־פאַלן אינם שול־געסל, וואו ס'האָבן געוואוינט די אָרימסטע פון שטאָט, געכאַפּט די קאַנען מיט דער „יאַרזשמע", אַזאַ ברייט אויסגעהוילט ברעט, וואָס פּאַסט אַריין אויף די אַקסלען, מיט די צוויי קייטעלעך און האָקנס צו טראָגן די קאַנען, און געברענגט וואַסער פאַר אַלע קראַנקע מענטשן, אַלטע אלמנות. דערנאָך האָט ער אַרויסגעצויגן פון די קעשענעס דאָס ברויט, וואָס ער האָט געקראָגן אינם

דענקעווער געסל, פאַר דער שווערער אַרבעט דאָרטן פון וואַשן און שייערן די שטובן און געלאָזט דאָס ביי זיי.

זומער איז ער אויך געלאָפן אינם גרויסן וואַלד אַריין, אויף דער אַנדערער זייט באַרג, נאָכן קינעווער געסל און געקליבן יאַגדעס, שוואַרצע און רויטע. ער האָט זיך אָנגעגעסן וויפיל עס איז נאָר אין אים אַריין און געברענגט פולע טעפּ פאַר די אָרימע. אָסיען־צייט האָט ער זיך פאַרדונגען ביי מאיר העניעס אינם טאַרטאַק, וואו מ׳האָט געשניטן האָלץ. ער מיט זיין שוואַרצער גבורה, האָט גע־שלעפּט די קלעצער, ווי זיי וואָלטן געווען שפּענדלעך. ער האָט זיך אויסגענומען מיט מאיר העניעס, אַז פאַרן געצאָלט וויל ער נישט קיין געלט, נאָר מען זאָל אים לאָזן נעמען די אָפּגעהאַקטע שפּענער האָלץ, וויפיל נאָר ער דאַרף פאַר די אָרעמע און קראַנקע.

אין יענע פרימאָרגנס, ווען ער איז געקומען אין וואַלד אַריין אויסגע־קליידט אין זיינע בגדי מלכות פונם דענקעווער געסל זיינען ביי אים אַלע בוימער, די הויכע, די גלייכע, געוואָרן סאָלדאַטן. ער האָט זיי געגעבן באַפעלן, ווי ס׳פּאַסט פאַר יוסףן דעם שני למלך. און ווען זיין הויכער געשריי האָט אָפּגעהילכט אין וואַלד־עכאָ, האָט ער זיך אויסגעגלייכט ווי איינער פון די בוימער און געקוואָלן מיט גרויס פרייד, וואָס דאָ הערט מען זיך צו צו אים און מ׳ווייסט ווער ער איז. די גויים אינם טאַרטאַק האָבן פון זיינע געשרייען שוין געוואוסט, אַז היינט קומט ער מיט דער קרוין אויף זיין קאָפּ. זיינען זיי אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט שטיקער האָלץ, ווי ביקסן, אויף זייערע אַקסלען און אים געפירט צום טאַרטאַק מיט געלעכטער און געשרייען אויף שפּאָטיש פויליש:

— דער אידישער קעניג קומט!

ער האָט דאָס אָנגענומען מיט ערנסטע ווירדע און לייכטער געהויבן די קלעצער. די גויים האָבן אים באַוואונדערט און מורא געהאַט פאַר אים.

זיין אינערלעכע אַריסטאָקראַטישקייט און שיינקייט איז געקומען צום אויסדרוק אין די עטלעכע וואָכן פאַר שבועות. ער איז דאַן געזעסן אינם הקדש־שטיבל ביים בית־הקברות, אויפן וועג צום וואַלד, געשניטן און געפּאַרבט זיינע פאַפּירענע רויזעלעך. נתן האָט געוואוסט:

דורך אַן אַלטן מנהג, מקדמונים, באַצירט מען שבועות די פענצטער פון אַלע הייזער מיט אַזעלכע געפּאַרבטע, געשניצטע פאַפּירענע בילדלעך — מייסטנס פון מתן־תורה, ווי משה רבינו שטייט מיט די לוחות אין האַנט אויפן באַרג סיני און אויך אַנדערע בילדלעך פונם חומש. יונג און אַלט, ווער עס האָט נאָר די תאווה פון מאָלן און צייכענען, אַרבעט פיבעריש אויף די רויזעלעך. און ווער ס׳קאָן אַליין נישט, קויפט די שוין־געדרוקטע, פאַרביקע בלע־

טער, וואָס קומען פון די וואַרשעווער און ווילנער דרוקערייען, באַקלעפּן און באַפּוצן מיט דעם די פענצטער פון זייערע שטיבער.

שבועות אינדערפרי, נאָך פאַרן דאַווענען, גייען אַלע אויף אַ מאַיאָוון שפּאַציר. אַ גאַנצע נאַכט איז מען געווען אויף צום תיקון ליל שבועות און די באַלעבאָסטעס האָבן געגרייט די מילכיקע געבעקסן. נאָר אין פרימאָרגן לאָזן זיך אַלע אַרויס צום וואַלד שפּאַצירן, זיך אָנשעפּן מיט דער פרישער לופט, מיט די אַראָמאַטן פון די אַרומיקע פריצישע גערטנער מיט די פאַרשיידענע בוימער, און אויך בוימלעך פון בעז, דעם רויטלעכן, דעם ווייסן און פורפּורנעם, וואָס פאַרשיכורן ממש מיט זייערע מחיהדיקע דופטן.

עס האָבן שפּאַצירט יעדן שבועות פאַרטאָג די שניידער־ און שוסטער־יונגען, אויסגעפּוצטע מיט נייע גאַרניטורן און גלאַנציקע שטיוועלעך און קאַמאַשן; די דינסט־מיידלעך, אין זייערע ציצענע קליידלעך, און געזינגען פריילעכע לידער; בית־מדרשניקעס מיט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און קליינע קאַשקעטלעך האָבן דערביי געזינגען חסידישע געזאַנגען. נישט ווייט פון זיי האָבן שפּאַצירט די באַלעבאַטישע, צניעותדיקע טעכטער, טייל שוין כלה־מיידלעך, וואָס וואַרפן צניעותדיקע בליקן צו די בית־מדרש בחורים. ס'האָבן אויך מאַרשירט די הונדערטער אָנגעפּאַרענע פון גאַנץ פוילן חסידים פונם אָסטראָווצער רבין, ר' מאיר־יחיאל, צופרידענע, וואָס היינטיקן שבועות ביינאַכט האָט מען זוכה געווען צו מתן־תורה, און מען פאַרגינט זיך אַ הוליע טאָן מיטן דבינס איבערגענומענע קאָזשעניצער ניגונים און מיט אַ ריקודל דערצו. די אַלע פאַרשיידענע געזאַנגען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין איין מעכטיק געזאַנג, וואָס הילכט אָפּ אינם טיפן וואַלד און מישט זיך אויס מיט די צאַרטע, אידעלע, קלאַנגען פונם זינגען פון די פויגלען, מיטן עכאָ פונם קלאַפּן פון די פויגל־שנאָבלען אין די יונגע צווייגן. צוזאַמען איז עס געוואָרן אַ הלל צום געטלעכן תפארת.

אויפן וועג צוריק פונם וואַלד און פון די גערטנער האָט מען זיך אָפּגעשטעלט מחנותווייז ביי די שטוב־פענצטער צו זען די שיינע געמאָלענע רויזעלעך. מ'האָט געזוכט די ניי־געשאַפענע, די סאַמע געקינצלטע פון די אַלע רויזעלעך. די געמאָלענע אינם שול־געסל זיינען געווען פונם יונגן מצבה־קריצער, מענדל קוליאַס, מיטן לאָמען פוס, וועלכער האָט יעדן יאָר געשאַפן נייע רויזעלעך מיט אַזעלכע שיינע, קאָמבינירנדיקע פאַרבן פונם רעגנבויגן.

נאָכדעם איז מען אַוועק אינם דענקעווער געסל, וואו די פענצטער זיינען געווען באַפּוצט מיט די רויזעלעך, געמאָלן און געפאַרבט פון נתן האָקע. זיינע רויזעלעך, ווי עגיפּטישע היראָגליפן, אויסגעחלומטע אינם הקדש האָבן פאַרכאַפּט די אויגן מיט זייער ווילדער פאַרביקייט. זיינע שענסטע געמעלן זיינען געווען פון יוסף הצדיק און זיינע ברידער, וואָס ברענגען דאָס זיידענע

העמדל, געטונקט אין בלוט פון אַ שעפּעלע צום טאַטן, יעקבן; פון זייער קומען אין מצרים נאָך ברויט — אַזוי ביז מתן תורה־בילדלעך. דאָס דענקעווער געסל האָט זיך געפילט געהויבן, וואָס די חסידים, גבירישע יונגעלייט, פּילן אָן דאָס געסל און קאָנען זיך נישט אָפּחידושן, וואָס אַזאַ משוגענער ווי האָקע האָט אַזעלכע גאָלדענע הענט. ווען נתן איז שפּעטער געקומען אינם געסל, אַ יום־טובדיקער און אויפגעהייטערטער, האָט מען אים געדופן אין אַלע שטיבער אַריין, וואָס זיינען פול מיט גרינס, בוימער אין די סטעליעס, מיט לאַנגע טאַטריעס אויף די דילן, אַז מ׳גליטשט זיך אַזש אויף זיי. אומעטום האָט מען אים אונטערגעטראָגן שטיקער מילכיקן פלאָדן מיט קעז, שטריצלעך, געפילט מיט ברוינע ראָזשינקעס, און מילכיקע קרעפּלעך, הייסע, מיט פּוטער, אָדער מיט סמעטענע באַגאָסענע.

נתן איז מער נישט געווען דער האָקע, די שניידער־יונגען האָבן פון אים אָנגעקוואָלן:

— נתן, מיט דיינע גאָלדענע הענט וואָלסטו געקאָנט זיין דער בעסטער שניידער אין דער וועלט!

ער האָט זיי געענטפערט גוטמוטיק און שפּאַסיק:

— אַלץ וואָס ענדיקט זיך מיט „דע" ווי „שניידעריי", „שוסטעריי", איז שלעכט. שניידעריי און שוסטעריי זיינען אמת, פון די שענסטע מלאכות, אָבער זיי שטייען אין מיאוסע הענט.

די שניידער־יונגען האָבן גוטברודעריש אים מוחל געווען די שטעך־ווערטלעך. זיי האָבן געפרעגט אים אויב ער האָט געהאַט מפטיר אין דער שול, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ יוסף, דעם שני למלך. דאָ איז ער ווידער צעמישט געוואָרן און גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער.

איינמאָל פאַר תשעה באָב, צווישן מנחה און מעריב, איז נתן האָקע פּלוצים אַרויף אויפן באַלעמער פונם אַלטן בית־המדרש, אַ קלאַפּ געטאָן אינם שולחן, וואָס איז שטענדיק געווען באַדעקט מיט אַן אַלטן פּרוכת:

— רבותי, איך, יוסף הצדיק, וואָס איר רופט מיך נתן האָקע, גיי היינט ביינאַכט אַוועק פון אייך. איך, יוסף הצדיק, גיי צוריק פון וואַנען איך בין גע־קומען. כ׳וועל זיך באַווייזן צו אייך, ווען משיח וועט קומען.

ער איז יענע נאַכט אַוועק מיט דער „יאַרזשמע" און צוויי קאַנען וואַסער אויף זיינע אַקסלען דורכן אַפּטער שאָסיי, איבערן הויכן באַרג, און איז אָנ־געקומען אין זיין געבוירן־שטעטל האָרט ביי דער ווייסל, אין זאַוויכאָסט. צומאָרגנס אין דער פרי האָט ער מיט די קאַנען וואַסער אַריינגעשפּאַצירט אין ווייסל... די זאַוויכאָסטער בעלי־עגלות, וואָס זיינען שפּעטער געקומען קיין אָסטראָווצע, האָבן דערציילט, אַז די וואָס זיינען געקומען צולויפן צום ברעג

און אַריין אים ראַטעווען, האָבן אים נישט געקאָנט געפינען. די גויאישע פישער האָבן זיך געצלמט און געשוואָרן, אַז זיי זעען אים ביינאַכט שווימען שטייענדיק, מיט אַ לאַכנדיק געזיכט און ווי נאָר זיי ווילן זיך דערנענטערן צו אים, אַזוי שווימט ער אַוועק פייל אויסן בויגן צום אַנדערן ברעג און ווערט נעלם.

די באַלעגאָלעס האָבן דערציילט, אַז די משוגעת איז אים געקומען נאָך אַלס קינד ווען זיין טאַטע ר׳ יעקב, דער בן־תורה און גרעסטער האָלץ־סוחר, וואָס האָט געפירט געהילצן אויף פליטן איבער דער ווייסל קיין פילעווו, איז אין אַ גרויסן שטורעם דערטרונקען געוואָרן. די מוטער זיינע, אַן איידעלע מיוחסת, איז באַלד נאָכדעם געשטאָרבן פון האַרץ־ווייטיק. דער בן יחיד נתן, וואָס איז דאַמאָלט אַלט געווען צען יאָר, איז צוגענומען געוואָרן פון אַ קרוב זייערן צום דערציען. ער איז טאַקע באַלד נאָכדעם געוואָרן אַ חסר־דעה. ס׳האָט אים נאָכאַנאַנד געצויגן ווי אַ כישוף אין די טיפענישן פון דער ווייסל. די זאַוויכאָסטער האָבן געוואוסט, אַז זיין געביין וועט ניט קומען צו קבר אָבות.

איינער פון די אינגלעך אין דענקעווער געסל, פנחסל משהלס, האָט נאָך אים קדיש געזאָגט.

**
*

די משוגענע רייזל־ביילע איז געווען אַ מיטלוואוקסיקע, דיק ווי אַ פּאַס; מיט אַ פּאַטשיילע אויפן קאָפּ, פון וועלכער ס׳זיינען אַרויסגעקראָכן צעפּלאָסענע, בלאָנדע האָר; מיט אַ קיילעכיק, לבנהדיק פּנים, מיט בלאָלעכע באַקן פון די ווינטן וואָס בלאָזן אינם הקדש־שטיבל. זי האָט זיך באַוויזן יעדן פרימאָרגן מיט איר וואַקלדיקן גאַנג, ווי אַ קאַטשקע, אינם מאַרק, מיט שטיינדלעך אין אירע הענט. די שטיינדלעך האָט זי געהאַלטן בכדי צו באַשיצן זיך פון די אינגלעך, קונדסים, וואָס לויפן איר נאָך און שרייען:

— רייזל־בייזל, משוגענע עקדיש, גיי צוריק אינם הקדש!

זי האָט געשאָלטן מיט טויטע קללות און די קרעמער אין די געוועלבן האָבן געשמייכלט פון אירע זעלטענע איינפאַלן, פון אירע אייגענע פאַרפאַסטע קללות, ווי — אַ כאָליערע זאָל אייך קוטשן די פיסעלעך ביז צו די קברים־גריבעלעך. און דערביי צעלאָזט זיך מיט איר מענה־לשון און געזידלט די טאַטעס מיט די מאַמעס פון די קינדער, וואָס זי האָט זיי אַלעמען געקענט ווי אירע צען פינגער. אַלע אין שטאָט האָבן געציטערט פאַר איר בייז מויל. זי האָט געקענט יעדנס יחוס אויף דורות צוריק און אויסגעשריגן די פּגימות פון יעדן איינעם. זי איז געווען דער אָפענער פנקס, פון וועלכן זי האָט אַרויסגעלייענט הויך אויף איר משוגע־ווילדן אופן אַלעמענס חטאים. די עלטערע אידן וואָס האָבן געקאָנט איר טאַטן, שמואלקע פעלדשער, האָבן געהאַלטן אַז

דער טאַטע אירער איז נישט בעסער געווען פון איר. דאָס זידלען אירס האָט זי בידושה פונם טאַטן אירן, וואָס איז געווען אַ חצוף ומחוצף.

דעם פעלדשערס אינגסטע טאָכטער, די שיינע דבורהלע, האָט זיך אַרומ־געשלעפּט מיטן שיינעם צירולניק, דעם שערער, בערעלע פּאַצעטל, מיט די פּאַרדרייטע, שטייפע, שוואַרצע וואָנצעלעך, און זיך פאַריאַטלט מיט אַ בייכל.

מ׳האָט דאָס קינד אָפּגענומען אויפן בוידעם און אַלע האָבן מיטגעפּילט די בושה און די שאַנד פון אַזאַ אומגליק. אַלע האָבן געדענקט, אַז דורך דעם אומגליק וועט עטוואָס גוטס געשען, ער וועט שוין קיינעם נישט זידלען, פּילנדיק, ווי מ׳זאָגט, אַז מ׳האָט אַ געהאָנגענעם אין דער משפּחה, זאָגט מען נישט: הענג מיר אויף דעם ראָק. אָבער אַ נעכטיקער טאָג. נישט ביי שמואלקע פעלדשער. אַ וואָך שפּעטער איז ער ווידער געווען דערזעלביקער חוצפּהניק, געזידלט און געשנידלט ווי ס׳וואָלט אים גאָרנישט געשען. ער האָט גענוצט אַ פּאַרטל, אַן אייגן געשאַפענעם, און אָנגעהויבן זיין זידלען אַזוי:

— העי, דו אַזוינער און אַזוינער. וואָס ווערסטו מיר זאָגן — טאָכטער, באָכ־טער, שמאָכטער.

ער האָט פאַרכאַפּט די פּיש פאַר די נעץ און ס׳איז אַוועק ביי אים ווי אַ מזמור...

רייזל איז נאָך אַראָפּ פונם זינען, ווען גלייך נאָך איר חתונה מיט יעקל יאַטשאַש, דער אייער־הענדלער, וועלכער האָט זיך פאַרליאַפּעט אין איר און האָט גלייך אויסגעפונען, אַז זי איז אויך נישט געווען קיין גרויסע צדיקת, איז ער גלייך נאָך די שבע ברכות אַנטלאָפן און ווי אין וואַסער אַריין. פאַר גרויס האַרצווייטיק פונם צווייטן קלאַפּ איז שמואלקע פעלדשער אַוועקגע־שטאָרבן. רייזל האָט באַלד נאָכדעם אָנגעהויבן זיך אַרומשלייכן ווי אַ צע־רודערטע, גאַנצע טעג און נעכט אַרומגעגאַנגען אויף אַלע וועגן און שטעגן זוכן איר יעקלען. לאַנגע יאָרן איז זי אַרומגעגאַנגען און גערעדט צו זיך נאָר פון אים. אָפטמאָל האָט מען זי געזען אַרומגיין מיט אַ פּעקל שמאַטעס, וואָס זי האָט געדריקט צו איר אָפענער ברוסט און געשעפּטשעט מיט מוטערלעכער מילדקייט:

— שאַ, וויין נישט! דער טאַטע דיינער יאַנקעלע וועט קומען באַלד!

דעמאָלט האָט זיך ביי אַלעמען דערוועקט אַ גרויס רחמנות צו איר און מ׳האָט פאַרגעסן אַלע אירע קללות און חוצפּהדיקע רייד.

זי איז זיך אַזוי אַריין אין דענקעווער געסל און געבעטן מ׳זאָל אַ זיידן קליידל מאַכן פאַר איר און איר יאַנקעלעס קינד. די שניידער־יונגען האָבן איר צוליב געטאָן דורך אויסצירן דאָס פּעקל שמאַטעס מיט די שטיקלעך זייד, די אָפּפאַלעכץ, וואָס ליגט אונטער די טישן. דעמאָלט איז געוואָרן אַ נייע

רייזל. זי האָט עס באַגאָסן מיט הייסע טרערן. די ווייבער אינם געסל האָבן זיך געווישט די אויגן מיט זייערע פאַרטוכער פון מיטליד צו איר.

דאָכע, משהל פנחסעס ווייב, די געבאָרענע חכמה, וואָס אַלע ווייבער אינם דענקעווער געסל האָבן פאַר אויסגעגאָסן די ביטערע הערצער, זיצנדיק אַרום וואַסער־פּלומפּ און זי האָט פאַר זיי אַלעמאָל געפינען דאָס פּאַסיקע טרייסט־וואָרט, האָט דאַן גענומען דייזלען ביי דער האַנט, אַריינגעפירט צו זיך און געפּרעגט ביי איר דינסט פייגע־לאה אויב דער וואַרעמס איז שוין פאַרטיק. זי האָט געגעבן רייזלען אַ שיסל קאַשע מיט אַ גרויס שטיק ברויט מיט פּוטער. זי האָט געטרייסט רייזלען:

— וועסט נאָך זען, אַז דיין יאַנקל וועט אַזוי מיטאַמאָל אין אַ שיינעם־העלן טאָג זיך באַווייזן צו דיר און דו וועסט געהאָלפן ווערן!

רייזלס ווילדע אויגן זיינען פון דער טרייסט געוואָרן מילדער און באַרו־איקטעד.

# דער אות

ביי משה פנחסעס, ווי ביי אַלע בעלי־מלאכות אינם געסל, האָט מען געאַרבעט דאָנערשטיק די גאַנצע נאַכט בכדי פּאַרטיק צו מאַכן די אַרבעט ביז ערב שבת. ס׳איז נישט געווען דער מינדסטער חילוק צווישן באַלעבאָס און געזעלן. אַלע האָבן געגעסן דאָס זעלביקע, געאַרבעט צוזאַמען און געפילט זיך ווי איין פאַמיליע. דעם באַלעבאָס זייערן, משהלען האָבן זיי ליב געהאַט אהבת נפש פאַר זיין גוטסקייט צו אַלעמען און פאַר זיין אינערלעכעד און אויסערלעכער זויבערקייט און אײדלקייט און באַנעם צו זיי. קאַפּריזנע ווי אַ קינד — האָט ער געשפּילט זיך מיט יעדן שטאָך פון זיין דינער נאָדל. ער האָט מיט זיין קינדישער מילדקייט נישט דערלאָזט מ׳זאָל חלילה מאַכן אַ פאַלשן שטאָך; ווי אַ גוטער מוזיקער, וואָס קאָן נישט סובל זיין קיין פאַלשן טאָן, איז ער געווען זייער לערער און וועגווייזער. האָבן זיי אָנגעקוואָלן פון זיין שטאָלץ לגבי זיינע קונדן, די גבירים און די גרעסטע פּריצים, און דערפון וואָס ער באַשיצט דעם כבוד פון זיינע אַרבעטער.

האָט לייבעלע שיענער, דער דאַרער און קוועקזילבערדיקער זיך פאַרגינען ווי אַ קינד אַן אייגנס צו געבן אַ שטיפּ, ווען זיין באַליבטער מייסטער האָט גע־כאַפּט אַ דרימל דאָנערשטיק שפּעט ביינאַכט. ער האָט אויפגעהויבן די לאַנגע שער און זי געלאָזט פאַלן אויפן טיש מיט אַ בריאזג, פון וואָס משהל האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרשעמט, געשמייכלט מילד, ליבלעך אַקעגנאיבער לייבלען, און אַלע האָבן הנאה געהאַט פון דער שטיפעריי.

דאָכע, די באַלעבאָסטע מיט די שליסלען אין איר ברייטער טאַליע, האָט פאַרקנעטן אין אַ מולטער דאָס טייג פאַר די חלות. זי האָט דאָס געטאָן מיט גרויס זאָרגפעלטיקייט. זי, וואָס איז געווען אַ פּזרן אין אַלץ האָט געוואָלט אַז אַלדע חלות זאָלן זיי די שענסטע. האָט זי אַריינגעגעבן דעם בעסטן אייל, אייער און זאַפרען און געגוג הייוון זיי זאָלן אויפגיין אַזוי שיין, אַז עס זאָל זיין אַ חיות איבער זיי די שבתדיקע המוציא צו מאַכן. נישט נאָר פאַר איר הויזגעזינט אַליין האָט זי געבאַקן חלות מיט די אייגענע הענט נאָר אויך פאַר איר אַלטער טאַטע־מאַמע, די אָרימע, אָבער בכבודיקע מענטשן; אויך פאַר דער אָרימער שוועס־טער דאָבדע וואָס האָט געהאַט אַ סך קינדער. דאָכע האָט געוואוסט: דער מאַן דאָבערס אַרבעט שווער און ביטער אויף די באַן־ראַמפּעס ביים לאָדן די שווער־סטע משאות אין די פראַכט־וואַגאָנען און מאַכט קוים וואַסער אויף קאַשע. זי

מוז נאָך אַליין מאַכן קלייען־באַרשט און טראָגן יעדן טאָג איבער צען קאַנען וואַסער. און פון אַ סך מלאכות איז ווינציק ברכות — אויף קיין שבת איז נישטאָ אויסצוקומען. האָט שוין איר שוועסטער דאָכע געזאָרגט, אַז זי זאָל נישט האָבן קיין פאַרשטערטן שבת.

אַ באַזונדער ברעט מיט טייג האָט זי פאַרקנעטן פאַר אייער־קיכלעך, מאָן־קיכלעך, האָניק־לעקעך און מאַנדל־ברויטלעך. די געשמאַקע ריחות זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבער די צוויי שטובן אירע, און אַלע אַרבעטער אירע האָבן שוין געשפּירט דעם אָנזאָג און די נאָענטקייט פונם ליבן, טייערן שבת. זי האָט קיינמאָל די אַלע גוטע זאַכן נישט פאַרשלאָסן, נאָר בלויז צוגעדעקט מיט אַ ריין טישטעכל, און יעדן זיין גלייכן חלק געגעבן פון אַלע אירע שיינע געבעקסן. זי פלעגט אויך צוגרייטן פאַר אַלעמען אויף פריטיק, אום זומער־צייט, שטריצלעך מיט יאַגדעס, אָדער קליינע, רונדע עפּל־קוילעטשן, וואָס האָבן געהאַט דעם אויסזען פון קונציקע לאַמטערנעם.

נאָכן פאַרקנעטן, אַרום האַלבע נאַכט, האָט זי איינגעהייצט דעם גרויסן ציגעלנעם, פון דרויסן באַוויסטן באַק־אויוון. פון אויבן איז דער אויוון געווען מיט אַ ווענטל פאַרמויערט, וואָס מען האָט גערופן פּיעקאַליק. דאָרט פלעגט מען האַלטן די וועש צום וואַשן. זי האָט צוגעגרייט די פאַרשיידענע חלות, די גלייכע, לאַנגע — פאַר פרייטיק צו נאַכטס; די געפלאָכטענע — פאַר שבת בייטאָג. ביז דער אויוון פלעגט פאַרטיק ווערן, פלעגט זי זיך צולייגן אין אירע קליידער צו כאַפּן אַ דרימל.

פּנחסל משהלעס האָט דעמאָלט געלערנט ביים בעסטן מלמד אלי קריצער, אַ גרויסער למדן, אַ חריף און שטרענגער יראת שמים. דער מלמד האָט פון זיינע פיר תלמידים געלייגט די גרעסטע האָפענונג זיינע אויף משהלס אינגל, מיטן פייערדיקן קאָפּ, וואָס האָט געקאָנט דעם שיעור שוין דעם ערשטן טאָג, זונטיק. עלי קריצער האָט אַליין געלערנט מיט פּנחסלען די גאַנצע דאָנערשטיקדיקע נאַכט אינם לובלינער חסידים־שטיבל, וואו מען האָט געבראָטן הערינג מיט קאַרטאָפל אין די צוויי הפסקות דורך דער גאַנצער נאַכט.

מאַכט זיך אַמאָל אַרום פורים־צייט, אַז ווען זיין שטיפמוטער דאָכע, וואָס איז געווען צו אים, פּנחסלען, ווי אַן אייגענע מאַמע, האָט זיך צוגעלייגט אַ דאָנערשטיק ביינאַכט, ווי אַלעמאָל, האָט זיך אַ לויזע ציגל אַרויסגעגליטשט פונם ברענענדיקן אויוון און אַ פייער־ציגל האָט אָנגעצונדן די גאַנצע וועש. ס'איז געוואָרן אַ רעש, ס'ברענט! לייבעלע שיענער האָט געגאָסן עמערס וואַסער און פאַרלאָשן דאָס פייער. ס'איז גלייך געקומען זלמן מויערער און דעם אויוון פאַרריכט. פון גאַנצן וועש איז אָבער קיין פאָדעם נישט געבליבן.

ווען פּנחסל איז פרייטיק אינדערפרי געקומען צום אָנבייסן און דערוואוסט

זיך פונם פייער, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט, געפּאַטשט מיט זיינע דאַרע הענטלעך, און געזאָגט, אַז דאָס פייער האָט גאָט בכיוון געמאַכט בכדי זיינע ווייסע בגדים זאָלן פאַרטיליקט ווערן. ס'איז, זאָגט ער, אַן אות מן השמים פאַר זיין דערלייזונג — ער זאָל שוין מער נישט דאַרפן טראָגן די ווייסע בגדים, וואָס דער ליפּסקער רבי האָט באַפוילן ער זאָל זיי טראָגן ביז צו דער בר־מצוה — ער זאָל מער נישט געפּייניקט ווערן פון אַרומגיין אין ווייסן, ווי אַ מת.

דער טאַטע זיינער, משהל האָט אים זייער געצערטלט, געפּיבערט מיט ליבשאַפט צו אים, געגעסן מיט אים פון איין טעלער, קיין ביסן אין מויל נישט גענומען אָן אים, געזען אין אים זיין שטאָלץ פון אַ צוקונפטיקן גרויסן רב.

די גאַנצע שטאָט האָט זיך געבענטשט מיט פּנחסלען. מ'האָט זיין טאַטן דערציילט, אַז די יונגע ווייבלעך פון דער שטאָט, בעת זיי גייען פון דער מקוה, וואַרטן זיי גאַנצע שעהן אינם אָפענעם טויער פונם אַלטן בית־המדרש אויף זיין פּנחסל, בכדי אים צו באַרירן ווי אַ סגולה, — זיי זאָלן געבוירן זייערע זכרים, וואָס זאָלן אַריינגעראָטן אין זיין פּנחסל. משהל האָט אַליין אַלס קינד אויך איבערגעלעבט אַ שוידערלעכע פּאַסירונג דורך אַ פייער, וואָס איז געשען ביי זיינע עלטערן. זיין מוטער האָט דאַן דוקא געוואָלט אַרויסראַטעווען אַ נייע קליידער־שאַנק. אַלע האָבן זיך געראַטעוועט, נאָר זי האָט זיך נישט גע־וואָלט שיידן מיט איר פיין־געשניצטער שאַנק. איר עלטערער ברודער שמואל איז אַריין איר העלפן, און ווען זיי האָבן שוין געהאַט די שאַנק ביי דער טיר, האָט זיך די טיר פאַרהאַקט. שוועסטער און ברודער זיינען פאַרברענט געוואָרן און ליגן אַ קבר לעבן אַ קבר.

יעדן תשעה באב, ווען פּנחסל איז געגאַנגען אויף קבר־אָבות מיטן טאַטן, וואָס האָט מיט זודיקע טרערן געמאַכט דעם אל מלא רחמים, און פּנחסל האָט אַריינגעשטאָכן דאָס הילצערנע שווערדל אין קבר, פלעגט דער טאַטע אים זאָגן:

— זעסט פּנחסל, די קברים פון מיין מאַמע לאה און פעטער שמואל, זכרונם לברכה, זיינען אַ משפחה־צייכן פון ריינעם מסירת־נפש. זאָלסטו געדענ־קען, דאָס צו טראָגן אין דיר און דאָס איבערגעבן צו דיינע קינדס־קינדער — דעם פייערדיקן געבאָט פון מוסר־נפש זיין זיך פאַר יעדן מענטשן.

משהל האָט פּנחסלס פּאַטשן מיט די הענטלעך און זיין באַגער צו דער־לייזונג דורך אַ געשעענעם פייער גענומען זייער ערנסט און מיט טיפן ער־פורכט פאַרשטאַנען. ער האָט אָבער פּנחסלען געזאָגט:

— די גזירה פונם רבין קאָן קיינער נישט אָפּשאַפן, נאָר ער אַליין, זאָל לעבן. לכן אַזוי ווי אין אַ וואָך אַרום איז פּורים, איז, ווען דו וועסט, ווי אַלע יאָר, גיין מיטן שלח־מנות צום רבין, זאָלסטו אים בעטן, און מעגסט אים טאַקע

אַנווייזן אויפֿן אות מן השמים, ווי דו זאָגסט, מיטן פייער, און מיט גאָטס הילף וועט זיך דער רבי צוהערן צו דיינע געדעכטע רייד.

פּנחסל האָט געציילט די טעג און די שעהן. די וואָך האָט זיך ווי אַ יאָר געצויגן. אַז ס'איז געקומען אסתר־תענית, צום מגילה־לייענען, איז זיין גראַגערן מיטן גראַגער, ביי יעדן דערמאָנען המנען, געווען שטאַרקער און הילכיקער — ווי דאָס שאַלן פֿאַר אַ גרויסער, פֿריידיקער דערוואַרטונג. ער האָט געפֿילט היינט איבער נס־פּורים אַ פֿאַרבינדונג מיטן דערלייזן זיך פֿונם אייגענעם גזר. אַ פֿריידיקער איז ער אַהיימגעגאַנגען מיט זיין טאַטן פֿון דעם מאַדזשיצער שטיבל. פֿון קינדערשער אומרואיקייט האָט ער שוין נישט געקאָנט סובל זיין זיינע ווייסע קליידער אויף זיך. ער האָט צוגעהאָלפֿן זיין מומע דאָכצן די גאַנצע נאַכט ביים באַקן די גרויסע פּורים־חלה, וואָס מ'האָט עס אויסגעצירט ווי אַ כלה צו דער חופּה; און ביים באַקן די פֿלאָדן, די המן־טאַשן, די דריי־עקיקע, די האָניק־טייגלעך און אַנדערע געבעקסן.

פּנחסל האָט פּורים ביי טאָג געזען אַזאַ מין בילד:

מען שיקט שוין דאָס שלח־מנות דורכן לערן־אינגל איציק — מ'לייגט אָן אין די טיפֿע טעלער, די גרויסע, יעדן נאָך זיין ווערט נאָך. די מומע שטייט שוין אַ פֿאַרפּוצטע אין איר זיידן קלייד, דאָס בלאָע, מיט זעקס שנירל פּערל אַרום האַלז, מיט אירע דימענטענע רינגען אויף די פֿינגער, מיט איר שיינעם, בלאָנדן, פֿאַרקעמטן שייטל אויפֿן קאָפּ און מיט אַ ווייסן פֿאַרטוך פֿאַרבונדן אַרום די לענדן. מ'שיקט שלח־מנות צום פּעטער נאָטל „ציצאַק", אַ צונאָמען, ווייל ער האָט געזויגן ביי זיין מאַמען ביז זעקס יאָר אַלט. ער איז אַן אָרימער שניידער, וואָס פֿאַרריכט אַלטע מלבושים און נייט די תכריכים פֿאַר די געשטאָרבענע. ער וואוינט מיט דער מומע לאה אין אַ קעלער־שטיבל, ציכטיק און שיין. פֿאַרריכט זיך זיינע שטיוול איינמאָל אַ יאָר; און די נאָסיקעס, די שפּיצן פֿון די שטיוול, ווערן אַלעמאָל גרעסער, דערגרייכן שוין באַלד די כאַליעוועס. אָבער ער פּוצט זיי און זיי גלאַנצן ווי שפּיגעלעך. אים לייגט מען אַריין אין שלח־מנות־טעלער אַ גרויסן פֿלאָדן, אַ סך ניס, ראַזשינקעס, עטלעכע המן־טאַשן און צוויי פּאָמעראַנצן. און משהל לייגט נאָך אַריין צוויי רובל איינגעוויקלט אין ווייסן ביבעלע פּאַפּיר. אַזוי אויך מיט אַלע אַנדערע פֿון די אָרימע קרובים. דעם אַ רובל, דעם אַ האַלבן רובל. אַזוי אויך מיט די שכנים. די טעלער ווערן באַדעקט מיט אַ ווייסער זיידענער פֿאַטשיילע מיט פֿראַנזן.

ס'איז אַ גרויס גערודער. מ'שיקט שלח־מנות און מ'האַלט אין איין ברענגען צוריק, געשיקטע פֿון די קרובים, שכנים, משפּחה, די מאַדזשיצער חסידים און די סוחרים. און יעדער שלח־מנות־ברענגער קריגט אַ זעקסער,

אַ גרויסן. דער טאָג איז אַ מילדער. די זון וואַרעמט אַביסל. די ערד איז נאָך פאַרהאַרטעוועט מיט שפּיציקע הרודעס; פון די דעכער רינט דער שניי אַרונ־טער און ס׳הענגען אַרונטער די פאַרפראָרענע צאַפּנס אייז פון די דעכער, ווי גלעזערנע קרישטאָלן. די ווינטן בלאָזן פון אַלע זייטן.

דאָס דענקעווער געסל איז איין פריילעכע, לוסטיקע משפּחה. די קינדער לויפן פון איין שטוב אין דער צווייטער מיט הענטלעך פולע מיט געבעקסן און נאַשערייען, מיט פאַרמורדשעטע ליפּן און בעקעלעך.

ביים לאַנגן דוד, דער שניידער־געזעל, מיט דער שיינער, לאַנגער, גע־פוצטער געלער באָרד, וועלכער שפּילט די ראָלע פון יעקב אָבינו אינם מכירת־יוסף שפּיל, איז אַ גערודער צוליב דער לעצטער רעפּעטיציע. מ׳הערט זיין באַסאָווע שטימע ביים זינגען די לידער איבערן פאַרלאָרענעם, געליבטן זון, יוספן. זיינוול טשאַטשקע, דער גיבורדיקער טרעגער, וואָס שפּילט אַלס יהודה, ברומט ווי אַ לייב.

פנחסל איז געשטאַנען אַ צעפּלאָמטער, אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ וואַרעם שאַליקל אַרום האַלז, בשעת זיין פאָטער מיט דער מומען האָבן מיט גרויס כוונה צוגעגרייט דעם שלח־מנות פאַרן ליפּסקער רבין. אַלע איבעריקע האָבן פאַרגאַפּט צוגעקוקט: ווי אַזוי מ׳לייגט אַריין פונם שענסטן און בעסטן, און צום סוף דריי רובל. מ׳דעקט עס צו מיט אַן עקסטרע ווייס טישטעכל. דאָס אַלץ גיט מען פּנחסלען אין דער רעכטער האַנט אַריין. אין דער לינקער גיט מען אים אַ פלאַש אונגאַרישן, טאָקייער ווייַן. מ׳באַגלייט אים ביז צו דער טיר. די מומע פאַרבינדט אים נאָכאַמאָל דאָס שאַליקל אַרום האַלז. דער טאַטע גלייכט אויס זיין ווייס היטל, גיט אים אַ וואַרעמען גלעט, און ווינטשט אים, עד זאָל נושא חן זיין ביים רבין.

פנחסל איז געלאָפן הענדום־פּענדום מיט זיינע דאַרע פיסלעך, ווי אַ הירש. ער איז אַריין צום רבין אין גרויסן הויף מיטן האַלב־רונדיקן טויער. דער שמש האָט אים אַריינגעפירט אין חדר, וואו עס איז געזעסן דער רבי, מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד און גרויסע, ווייסע ברעמען. פּנחסל האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ און אָפּשיי. ער האָט אַ דערשראָקענער געזאָגט: „אַ גוט־פּורים, רבי!" ביים איבערגעבן צום שמש דעם שלח־מנות.

דער רבי האָט אים מכבד געווען מיט אַ זיסער קאַרמעלקע, געגעבן אים אַ לייכטן, ליבלעכן קניפּ אינם בעקל און געזאָגט:

— ביזט אַ וואויל אינגל, פּנחס׳ל. כ׳האָב נחת פון דיר. לערן מיט התמדה און דו וועסט אויסוואַקסן אַ גאון בישראל.

פנחסל האָט באַקומען קוראַזש און געזאָגט אַביסל צעטומלט:

— רבי, איך וויל מער נישט גיין אין ווייסן.

ער האָט דערציילט דעם רבין פונם פייער אין באַק־אויוון, מיטן אות מן השמים.

דער רבי האָט שמייכלענדיק געזאָגט, אַז אַ אידיש קינד מוז האָבן סבלנות: „ס'איז אינגאַנצן נאָך פאַרבליבן אַרום אַ יאָר ביז דיין בר־מצוה".

דאָ איז פּנחסל אַרויס פון די כלים, אויפגעקנעפּלט האַסטיק זיין וואַטאָווע פאַלטענדל, עס אויסגעטאָן און שנעל דאָס אַ וואָרף געטאָן אויפן רבינס שויס און אַ צעהיצטער געזאָגט:

— רבי, גייט איר אין ווייסן און ווערט אויסגעלאַכט און אָנגערופן „ווייסער טויטער" ווי איך!

דער רבי האָט אים צוריקגעגעבן דאָס פאַלטנדל און געזאָגט אים:

— גיי אַהיים. זאָג דעם טאַטן ער זאָל אַהערקומען גלייך נאָך פורים.

דער שמש גדליה, האָט אים געהאָלפן צוריק זיך אָנטאָן און געזאָגט דערביי:

— איך האָב זיך גאָרנישט געריכט, אַז דו קאָנסט זיין אַזאַ שגץ, אַזוי אָנטקעגן ריידן דעם רבין. ווער ווייסט וואָס פון דיר וועט נאָך אויסוואַקסן!

אַהיימגעקומען, האָט ער איבערגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט געטאָן און אַז דער רבי וויל זען דעם טאַטן זיינעם גלייך אויף מאָרגן. די מומע האָט זיך מיט דער האַנט אַ וויש געטאָן איבערן מויל פון זיין חוצפּהדיקן באַנעם צום רבי'ן. דער פאָטער, משה'ל, האָט אים גלעטנדיק צוגעזאָגט, אַז גלייך מאָרגן, נאָכן דאַוונען, וועט ער זיין ביים רבי'ן. ער זעט באַשיינפּערלעך אין דעם אַ סימן, אַז דער רבי וועט די גזירה אַרונטערנעמען. פונם טאַטנס ווייכע, מילדע רייד איז פּנחסל אונטערגעשפּרונגען און געטוליעט זיך צום פאָטער.

מ'האָט געגרייט דעם גרויסן לאַנגן טיש מיטן ווייסן טישטעך, די זילבערנע און מעשענע לייכטער, אויך דעם זילבערנעם הויכן קאַנדעליאַבער. מ'האָט אָנגעצונדן אַלע ווייסע סטעאַרינאָווע ליכט, אויך דעם גרויסן בראָנזענעם הענגלאָמפּ איבערן מיט פון טיש, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן פאַרשיידענע פלעשער בראָנפן און ווייגען. אויבן־אָן איז די שיינע, אויסגעצירטע חלה; אינמיטן דער גרויסער פּאָלומעסעק מיט מאַרינירטע פיש. טעלער מיט גרויסע געקאָכטע געלע אַרבעס, מיט זאַלץ און פעפער; פלאָדן און המן־טאַשן, פיל גלעזער און גלעזלעך — ס'האָט געבלאַנקט פון יום טובדיקייט אין יעדן ווינקל. פּנחסל האָט אויפסניי זיך צוגעקוקט צום פורימדיקן משפּחה־בילד, וואָס האָט אַזוי פאַרכאַפּט דאָס האַרץ:

די אָרימערע פון דער משפּחה פאַרזאַמלען זיך און ווערן אויפגענומען מיט התקרבות און וואַרעמקייט. אַלע זעצן זיך אַרום טיש. די יונגע געזעלן לויפן אַרום מיט די פאַרשטעלטע. די עלטערע, ווי משה לייב און גרשון, קומען מיט ווייב און קינדער. די מענער זעצן זיך אַרום טיש. משה'ל זיצט

אויבן־אָן אין זיין זיידענער קאַפּאָטע און זיידענעם גאַרטל, און פּנחסל ביי זיין רעכטער האַנט. צוגעדעקט מיט אַ טישטעכל ליגט אַ קופּקעלע מטבעות פון קופּערנע זעקסער, צענער, זילבערנע גילדן, פּערציקער, האַלבע רובלס און אויך פּאַפּיר געלט פון איינצלנע קערבלעך. אַלע, יום־טובדיק, טרינקען לחיים. מ׳זינגט שושנת־יעקב. ס׳הויבן אָן צו קומען פאַרשיידענע אָרימעלייט און ווינטשן אַ גוטן פּורים. יעדער קריגט זיין געהעריקע מטבע. די היימישע אָרימעלייט ווערן אויפגענומען מיט אַ טרונק בראַנפן און פאַרבייסן, און יענע ענטפערן מיט אַ ווינטשן:

— לחיים, איבעראיאָר זאָל מען ווידער טרינקען, און דער השם יתברך זאָל אייך באַגליקן, רב משה׳לע!

ס׳קומען די פאַרשידענע פּורים־שפּילער, די פאַרשטעלטע. איינער איז פאַרקליידט ווי אַ סטראַזשניק, אַ צווייטער ווי אַ גענעראַל, מיט פּאַפּירענע שליפעס און גילדענע פראַנזן. איינער איז אַריינגעקומען ווי אַ קוימען־קערער, מיט אַ פּנים פאַרשמירט פון סאַזשע, מיט אַ לאַנגן בעזים און זאָגט: היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס; גיט מיר אַ זעקסער און וואַרפט מיך אַרויס! ס׳קומען די שפּילער מיט דער „עקדת־יצחק״־שפּיל, וואָס דויערט נישט לאַנג. די גרויסע שפּילן, ווי „מכירת יוסף״, און די „קראַקאָווער חתונה״ פון שייקע קוואַקע מיט די בנים, קומען נישט אַהער אין געסל. זיי שפּילן דאָס ביי די מינצעס, אויף די אויבערשטע ציילן אין זייערע גרויסע שטיבער.

ביי די שפּילן לויפן זיך אָן אַהין אַ האַלבע שטאָט מענטשן, יונג און אַלט, און שלינגען יעדעס וואָרט פון די שפּילער, זינגען מיט די אַלע באַקאַנטע לידלעך זייערע וואָס ווערן ביסלעכווייז אין פאָלקס־לידער פאַרוואַנדלט. און ווייל ס׳נעמט שעהן־לאַנג דאָס אויסשפּילן, ווערט עס נאָר ביי די עטלעכע שטאָט־גבירים געשפּילט.

אינם דענקעווער געסל, האָט פּנחסל געוואוסט, קומען אויך די אָרימע מוזי־קאַנטן ,ווי שאַיע פּילץ מיטן קלאַרנעט; לאָזער, וואָס שפּילט אויס זיין ניגונדל מיטן קליינעם טראָמפּייטל; דער האַלב בלינדער סראָלע מיט זיין גרילצנדיק פידעלע. און מיט אַלע טרינקט מען לחיים. אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. מען ווייסט שוין טאַקע מער נישט צווישן ארור־המן לברוך מרדכי. און מ׳גייט אויך אַ טאַנץ מיטן געזאַנג פון שושנת־יעקב, פאַרלייגט האַנט אויף אַקסל.

דער אַלטער משהל פּערעלס, וואָס איז פאַרביטערט געווען צוליב זיין פאַרלאָרענער נחלה, איז דעם פּורים ביינאַכט געווען ביי זיין איידעם משהל, אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער. ער, דער אַלטער מאָדזשיצער חסיד, וואָס איז נאָך געפאָרן צום אַלטן זוואָלינער, געווען אַ מקורב ביים רבין, האָט אויסגעציקלט אַלע מאַרשן פונם רבין. אַזוי זינגנדיק און טאַנצנדיק איז מען אַרויס אינם געסל

און ס׳רעדל איז געוואָרן גרעסער. מ׳האָט אַריינגעצויגן אינם ראָד אַלע שכנים, די בעלי־מלאכות פונם געסל. אַפילו שמעיה לאָמפּ, יעקל קלמן טשאָפּ, דער וואוילער זעליקל וואָלפס, מיט די קורצע מאַרינאַרקעס — אַלע האָבן זיך אויסגעמישט מיט די אַטלעסן־באַגאַרטלטע חסידים, און געטאַנצט צוזאַמען.

אויף צומאָרגנס שושן־פּורים, האָט מען אויפגעפירט די „מכירת־יוסף״־שפּיל אינם געסל. עס האָט אָבער שוין נישט געהאַט דעם עכטן טעם, דעם פּורימדיקן חן.

אַז משהל איז אַריין צום ליפּסקער מכוח דעם אינגל זיינעם, האָט אים דער רבי געפרעגט ווי ס׳געפעלט אים דער מאָדזשיצער דרך פון חסידות. ער האָט אָנגעוויזן, אַז ר׳ ישראל מאָדזשיצערס לייגן אויפן וואָגשאָל די בחינה פונם געזאַנג איבער אַלץ איז אַביסל ריזיקאַליש. אַוודאי איז געזאַנג אַ גרויסע מדרגה. ס׳פאַרטרייבט די עצבות און עס ברענגט צו התרוממות. איז גוט, אַז ווען מען האָט זיך שוין אויפגעהויבן, זאָל מען ערשט דאַמאָלט זיך נעמען ביי דער האַנט און פירן זיך דורך אַלע אַנדערע מדרגות צו ווייטערע הויכן; אויב נישט, קאָן מען חלילה דורכן תענוג פון געזאַנג אַריינפאַלן אין סאַמע תהום, רחמנא לצלן.

משהל האָט עס ווייניק פאַרשטאַנען. ער האָט דעם רבין געזאָגט:

— ביים מאָדזשיצער זיינען דאָ לומדים און יראי־שמים און איך וואָרעם מיר אין זייער תורה און אין די מידות, די גוטע, פון צדקה און מעשים־טובים.

דער ליפּסקער האָט בעת מעשה געקלאַפּט מיטן גרויסן מיטעלן פינגער אין טיש און געזאָגט:

— מילא וועגן דיין אינגל ווייסטו דאָך משהל, אַז מען האַלט מיך פאַר אַ קפּדן. מיין שטרענגקייט צו זיך און צו אַלעמען קאָן נישט נושא־חן זיין. נו, דאָס איז מיין דרך צו גאָט ברוך הוא. און על פּי דעם האָב איך געזאָגט, אַז דיין אינגל דאַרף גיין ביז צו דער בר־מצוה אין ווייסן. דאַרף עס אַזוי בלייבן. אָבער, ווען ער איז דאָ געווען ביי מיר מיט דיין שלח־מנות און כ׳האָב געזען דעם קינדישן צער זיינעם, האָט מיך אַרומגענומען אַ רחמנות צו אים. איז גיי און זיי אַ קפּדן צו אַ קינד. לכן איז געבליבן ביי מיר, אַז אַזוי ווי ס׳גייט צו פּסח, זאָלסטו אים באַנייען מיט נייע מלבושים. און זאָל השם יתברך דיר העלפן אין אַלע וועגן דיינע מיט שפע, ברכה והצלחה, אָמן.

משהל, אַ דערפרייטער, האָט אים באַדאַנקט מיט גרויס יראת הכבוד און אַהיימגעקומען מיט דער בשורה פונם ליפּסקער רבין. אַלע זיינען געווען מלא שמחה. ווען פנחסל האָט דערהערט די בשורה, איז ער אַרויפגעפאַלן אויפן טאַטן זיינעם מיט אַ העשעדיק געוויין פון גרויס פרייד. און אַזוי גלעטנדיק אים,

מיט פייכטע אויגן, האָט דער פאָטער געזאָגט צו פנחסלען: קום צו דער שאַנק מיט סחורה, קלויב דיר אויס דיין נייעם ערשטן אויסשטייער אויף פסח. אַלע, די מומע, די געזעלן, אַפילו די דינסט האָבן צוגעהאָלפן אויסקלייבן: פּאָר אַ שלאָף־ראָק די טונקל־ברוינע זייד, מיט די גאָלדענע, דינע שטרייפן; דעם פיינסטן אַטלעס, דעם שוואַרץ שפּיגלדיקן, פאַרן דאַווענען שבתים און יום־טובים. און אַזוי אויך אַנדערע מלבושים. ביי מאיר היטלמאַכער האָט מען באַשטעלט פאַר אים אַ זיידן היטעלע פאַר שבת און יום טוב און אַ טוכן היטעלע פאַר דער וואָכן. פנחסל איז געווען אין זיבעטן הימל פון שמחה. ס'האַרץ איז אים געוואַקסן פון פרייד מיט יעדן שניט, וואָס דער טאַטע זיינער, מיט דער לאַנגער שער, האָט געמאַכט ביים צושניידן די אַלע מלבושימלעך.

אין די פיר וואָכן, פון פורים ביז פסח האָט פנחסל געצאַפּלט פאַר פרייד, ווען ער האָט צוגעזען ווי אַזוי דאָס גאַנצע שטעטל גרייט זיך מיט פיבערישער שפּאַנונג צום אויפנעמען דעם גרויסן יום־טוב פסח:

עס קלאַפּן די ניי־מאַשינען ביי די מענערשע און דאַמסקע שניידער, און די שוסטער־העמערלעך ביי די שוסטער אינם דענקעווער געסל, הילכיקער און האַסטיקער ווי אַ גאַנץ יאָר. מ'איז באַלייגט מיט אַרבעט ביז איבערן קאָפּ. אַלע ווילן האָבן זייערע קליידלעך, שיך און שטיוועלעך אויף דעם שיינעם, ליבן יום־טוב פסח. די בעלי־מלאכות אינם געסל אַרבעטן נאָך שווערער בייטאָג און ביינאַכט בכדי נישט צו פאַרשטערן קיינעמס יום־טוב מיטן נישט פאַרטיק מאַכן די באַשטעלטע בגדים און שיך. די אינגלעך און מיידלעך לויפן צו די שוסטער בכדי זיי צו דערמאָנען, אַז למען השם זאָלן זיי נישט פאַרגעסן אַריינצולייגן דעם סקריפּ אין די זוילן — אונטערגיסן אַביסל משקה. דאָס יונגוואַרג נעמט עס ערנסט און שטופּט אונטער די אָפּגעשפּאַרטע גראָשנס די געזעלן.

אין די מצה־בעקערייען אַרבעט מען מיט חשק און ברען. די קנעטערינס, די מיידלעך מיט די וואַלגער־האָלצער, וועלגערן מיט געשיקטקייט די מצות; די רעדלער רעדלען אויס מיט די שטאָלענע ציינדלעך די גלייכע ליניעס. די שיבער שטייען מיט די לאַנגע, הילצערנע שיבער־לאָפּעטעס און וואַרפן קונציק די מצות אַריין און אַרויס פונם אויוון; די בעלי־הביתטעס שטייען ריינע, אויסגעפּוצטע ווי צו אַ פייערלעכן גאָטעס־דינסט ביים באַקן זייערע מצות, — און זיי טיילן אַלעמען די צענערס און גילדנס, לויט נאָך זייער שטאַנד נאָך.

די כלה־מיידלעך זיצן ביינאַכט און העפטן די זיידענע, ווייסע מצה־טאַשן, און אין דערמיט צוויי לייבן מיטן כתר, ווי אויף אַ פּרוכת; און ביי די ראַנדן געלע, גאָלדענע שנירעלעך מיט גאָלדענע פראַנזן. דאָס העפטן זיי בכדי עס צו שיקן צו זייערע חתנים אַלס פסח־מתנות; און דערביי פּלייסן זיי זיך, אַז זייער העפטן זאָל נושא־חן זיין ביי זייערע מחותנתטעס און די אַנדערע

קרובים פון חתנס צד און צו באַווייזן וואָס פאַרא געראָטענע כלות זיי זיינען; און ביים העפטן חלומען זיי אַריין, מיט אַ שטילן, ברומענדיקן געזאַנג, אַלע זייערע כלהשע חלומות און בענקשאַפטן. מאַמעס און זייערע טעכטער נייען די העמדער פאַר זייערע מענער און קינדער; העפטן זייערע און די טעכטערס העמדער, די לאַנגע, מיט פאַרשידענע באַצירונגען פון שפּיצן שטיקערייען, טייל ווי לעבעדיקע בלימעלעך.

די וואָך פאַר פּסח באַווייזן זיך שוין די חסידים ביי דער מיל פון מרדכי דענקעווער צו מאָלן זייערע אָפּגעהיטענע, געקליבענע ווייצן פאַר מצה שמורה. זיי זינגען פריידיקע לידער. די זון בלענדט שוין מיט איר מילדקייט דורך די בלויע, לויטערע הימלען. די נאָך קילע ווינטן זיינען שוין אַזוי מילד, אַז זיי גלעטן און לאַסטשען און מ׳פילט שוין דעם ריח פון די שפּראָצנדע גראָזן, און פון די פרישע צעעפנטע קנאָספּן פון די בוימער. די טייכן, דער ליאָס און דער קאַמין, זיינען שוין אינגאַנצן אויפגעטויכט און באַפרייט פונם אייז און פליסן אין זייערע שטראָמען, די געקארבטע, פאַרביי דער מיל און דער בריק דער הויכער, אַזש ביז צו דער הויף פוןביידע ראַנדן.

די חסידים, ביים שעפּן דאָס וואַסער פאַר זייער מצה שמורה, זינגען און שאַלן אויס זייער פרייד, די הייליקע, וואָס גיסט זיך צענויף מיטן געט־לעכן, בליענדיקן, פריידיקן אַרום, און ס׳ווערט איין צוזוף פון גאָט און מענטש. די פענצטער צעפראַלן זיך אין אַלע הייזער. מ׳רייניקט און מ׳שייערט.

אַלעמאָל, אין די וואָכן פאַר פּסח האָט פּנחסל זיך געאײַלט אומעטום און געזען אַלץ און אַלעמען:

שייקע קוואָקע, דער טאַנדעטנער שניידער, וואָס האָט ערשט פּורים גע־טראָגן דעם גרויסן גרינעם בוים, מיט די פאַרשיידענע קאָלירטע סטענגעס ביים שפּילן די „קראָקאָווער חתונה״, לויפט שוין אַרום מיט זיינע פאַרווייסטע מלבושים, מיט אַ באַשפּריצט פּנים און אַ באַרשט אין איין האַנט און אין דער אַנדערער אַ קובל מיט ווייסן קאַלך צו ווייסן די קיכן און די שטיבער.

מ׳כשרט, מיט אַן אָנגעגליטן אייזן, אַריינגעשטעקט מיט אַ לאַנגן שטעקן, די טישן און די בענק און די שטולן.

פון פּורים ביז פּסח איז געווען איין המשך פון זאָרגן און פון גרייטן זיך צום גרויסן יום־טוב פּסח. שוין חנוכה־צייט האָט מען צעלאָזט דאָס געגנזענע שמאַלץ און עס באַהאַלטן אין די פּסחדיקע טעפּ אויפן בוידעם און אין קעלער. שושן־פּורים האָט מען די געבליבענע מאַדינירטע פיש און אויך דאָס רעשט פון די פּורים־פּלאָדן זאָרגפעלטיק באַהאַלטן, פאַרן לעצטן חמצדיקן אָנבייסן פון ערב פּסחדיקן מאָרגן.

די שווערע מיזאַמע אַרבעט און די נישט דערשלאָפענע נעכט פון די

בעלי־מלאכות אינם געסל, זיינען מיט אינערלעכער ליבשאַפט געמילדערט געוואָרן דורך די דערוואַרטונגען פונם שיינעם, הערלעכן יום טוב פסח. וואָכן פריער האָט מען שוין געשאַפן שפּאַסיקע, המצאותדיקע ווערטלעך איבערן פסחדיקן מלך מיט דער כשרער מלכה. ערב פסח אינדערפרי האָט מען אין די בתי־מדרשים און אין די חסידים־שטיבלעך פייערלעך פאַרענדיקט ווער דעם סיום פון ש״ס, ווער פון אַ גמרא, ווער פון אַ משניות. און פון אַלע ווינקלען האָט געקלונגען דער רבנן־קדיש — פון די זיגער און דעראָבערער פון גייסט. די בעלי־מלאכות האָבן געדאַוונט און געענטפערט מיט יראת הכבוד די פילע אמנס נאָך די סיומס און געפילט זיך אַלס מיט־שותפים. דער־נאָך האָבן זיך אַלע געאײַלט צום אויספאַרטיקן די אַרבעט און צו די צוגריי־טונגען, אין דער גרויסער דערוואַרטונג פונם קעניגלעכן סדר.

היינטיקס יאָר האָט אָבער פנחסל זיך געאײַלט איבערן דענקעווער געסל מער ווי אַלע יאָר. ער האָט בעיקר געדענקט, אַז היינט איז דער לעצטער טאָג זיינער פון ווייסע מלבושים, היינט וועט ער אַראָפּוואַרפן פון זיך די קליידער פון פאַרשעמונג. היינט איז פאַר אים דער יום־טוב פון חירות, פון באַפרייען זיך פון דער קנעכטשאַפט פון מצרים, ווען זיינע אָבות זיינען דורך משה רבינו געפירט געוואָרן אַריבער דעם ים סוף, דעם געשפּאָלטענעם, וואָס אַלע האָבן דאָס באַשיינפערלעך דורכגעלעבט. ביי אים איז דאָס אָבער געווען טיפער ווי ביי אַלעמען — די דערוואַרטונג, די קינדישע, פון אינערלעכער דערליזונג, פון ווערן מיט אַלע איינגלעך גלייך.

איז ער אַהיימגעקומען פון בית־מדרש אַ צעפלאָמטער, אַריין אין הויז מיט אַ הילכיקן גוט־מאָרגן, גלייך צוגעלאָפן צו זיינע נייע מלבושים, זיי גע־טאַפּט, געגלעט און געוואָלט זיי אָדומנעמען, האַלזן און קושן. דער פאָטער זיינער, משהל, האָט דאָס געזען און געשמייכלט פון זיין פנחסלס פרייד און געזאָגט צו אים:

— נו, האָסט שוין לאַנג נישט צו וואַרטן!

נאָכן פאַרברענען דעם חמץ איז פנחסל היינט נישט אָפּגעטראָטן פון וואַרשטאַט און געוואָלט יעדן געזעל מיט עפּעס אַרויסהעלפן — דעם אַריינ־לייגן די האָלץ־קוילן אינם פרעס־אייזן, יענעם העלפן אַרויסשלעפן די ווייסע פאַסטריגעס פון די פאַרענדיקטע מלבושים, וואָס ער האָט געשלונגען מיט זיינע גרויסע, ברוינע, פאַרבענקטע אויגן.

נאָכמיטאָג, ווען מ׳איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אָפּעסן די צעריבענע קאַר־טאָפליעס מיטן רויטן בוריקע־באָרשט, האָט שוין די מומע דאָכע אים צוגערופן מיט מילדקייט און אים אָנגעוויזן אויף די נייע העמדער מיט גאַטקעס פאַר אים און פאַרן טאַטן, אויף מיטצונעמען אין שרעדערס נייער, מאָדערנער

טערקישער באָד, וואָס אויפן סטאָוו. זי האָט אים מיט אַ ליבלעכן קניפּ אין בעקל, אָנגעזאָגט:

— זע, פּנחסל, אַז דער טאַטע זאָל היינט אין באָד נישט אָװעקגעבן זיינע נייע וועש, ווייל ס׳איז דאָס איינציקע נייע העמד, וואָס איך האָב אים געמאַכט אויף פּסח. נישט געווען קיין צייט גענוג אויף מער, ווייל כ׳האָב געמוזט נייען פאַר דיר און פאַר די קינדער, פאַר שרה־רחלען, פאַר דער משפּחה און פאַר די געזעלן פון דער פרעמד.

נאָך דעם באָד איז פּנחסל אַריינגעקראָכן אינם נייעם העמד און גאַטקעס פון ווייסן, שטייפן לייוונט, וואָס האָט געקנאַקט ווי ס׳וואָלט געווען דינער בלעך, זיך אַריינגעפּאַסט אין די נייע, שוואַרצע קאַמאַשן מיטן סקריפּ. און ביים אָנטאָן די שוואַרצע הויזן מיט די זילבערנע שפּרינקעלעך, און דאָס אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע מיט די לאַנגע שוואַרצע קליאַפּעס, צוויי אונטערשטע קעשענעס מיט דעם זיידענעם שוואַרצן גאַרטל און דאָס זיידענע קליינע היטעלע, האָט ער זיך געפילט מיט גרויס שטאָלץ, ווי אַן אמתער בן־מלך. ער איז עפּעס היינט, ווי דורך אַ כישוף, אויסגעוואַקסן מיט אַ קאָפּ העכער. דער פאָטער און די מומע האָבן גאַרנישט געקאָנט אָנזעטיקן זייערע פריידיקע בליקן אויף אים. ביז היינט האָבן זיי געזען נאָר זיין עילוישן, שאַרפן מוח. איצט שטייט ער פאַר זיי, ווי די מומע האָט געזאָגט: — נו, וואָס זאָגסטו עפּעס צו אונזער חתן בחור? קיין עין הרע זאָל אים נישט געשען!

ס׳איז אויך פון ערגעץ אויסגעוואַקסן די דאַרע, לאַנגע מומע לאה, יום טובדיק אויסגעפּוצט אין איר אָרים, אָבער זייער ציכטיק שוואַרץ קלייד, וואָס איז שוין אפשר צום צענטן מאָל איבערגעניצעוועט, מיט איר קופּקעלע מיט די שוואַרצע סאַמעטענע סטענגעלעך אַרום. די צדקת, וואָס איז גרייט געווען אָװעקצוגעבן דאָס בלוט פון איר האַרץ פאַר יעדן פון דער משפּחה, געטיילט יעדן ביסן ברויט אירן מיט די אָרימע שכנים אירע, און געטראָגן יעדנס נויט און זאָרג, האָט היינט ביים אַריינקומען צו איר ברודער משהלע אין שטוב, מיט אַ ברייטן שמייכל אויף איר בלאַס פּנים, געוואָלט אַ בליק טאָן אויף פּנחסלען, איידער ער גייט אַוועק צום דאַוונען מיטן טאַטן און זען ווי ער זעט אויס אין די נייע מלבושים. זי האָט זיך, ערשטנס, זייער געגרויסט מיט אים.

זי האָט אָבער אויך געהאַט נאָך עפּעס אין זינען — עפּעס וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין מאַמע חנה־פייגע, חיימל העקלמאַכערס טאָכטער. חיימס זילבערנע העקעלעך פאַר ווייבערשע קליידער זיינען געווען אַ שם דבר איבער גאַנץ פּוילן. זי, די מאַמע זיינע, חנה־פייגע, אַ דאַרע, מיט אַ קליין געזיכט, אַ דין נעזל מיט זומער שפּרינקלעך; אַ גוטע צו אַלעמען,

אָבער אַ הערשערישע נאַטור, האָט ליב געהאַט מדקדק צו זיין אויף דער מינדסטער קלייניקייט. אַ גרויסע, שטרענגע בעל־הביתטע, האָט זי אויך גע־פירט די שניידעריי. זי, און נישט איר מאַן משהל, האָט באַדונגען זיך מיט אַלע קונים וועגן פרייז פאַר יעדן מלבוש. זי האָט געבויט דאָס הויז, דאָס נייע, אינם דענקעווער געסל, פאַר זיך און איר ברודער אהרן. זי האָט געהאַלפן איר גאַנצע משפחה, אָבער אויך געזאָגט דעות אומעטום. אַלע האָבן זי ליב געהאַט אָבער גלייכצייטיק מורא געהאַט פאַר איר בליק דעם שטרענגן.

מאַכט זיך, אַז שרה־רחל, דער מומע לאהס טאָכטער, וואָס איז געקומען צו דער מומע חנה־פייגע וועגן די צוגרייטונגען צו איר חתונה, איז פון די צופיל באַפעלן, די שטרענגע, וואָס זי האָט איר געגעבן, אַרויס פון די כלים און איר, דער מומע חנה־פייגע, אַנטקעגן גערעדט. אויף דעם האָט די מומע זיך ניט געריכט. האָט זי מיט איר שטאָלצער מינע באַלד געזאָגט שרה־רחלען, אַז זי וועט ניט קומען צו איר חתונה. אַ דערשראָקענע פאַר דער האַרבער שטראָף, — זי האָט געוואוסט, אַז די חתונה־הוצאות ווערן פון איר געדעקט, אַחוץ דעם איז דאָך חנה־פייגע דאָס שיינדל פון דער משפחה — האָט שרה־רחל געפּרואווט איבערבעטן די מומע. אָבער חנה־פייגע האָט גע־זאָגט צו איר:

— זאָג אינדערהיים, אַז כ'שוווער איבער מיין איינציק אויסגעוויינט קינד, מיין פּנחסל, אַז איך וועל נישט גיין צו דיין חופה.

ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן און וויינען פון אַלעמען. אין טאָג פון שרה־רחלס חתונה, איז דער מאַן אירער, משהל, מיט די שוועסטער און דער גאַנצער משפחה אַוועק צום רב ר' מאיר יחיאלן און געבעטן ער זאָל איר מתיר־נדר זיין בכדי נישט צו פאַרשטערן די חתונה. ער האָט דאָס גלייך געטאָן און געשיקט דעם שטאָט־שמש שמאילע איר צו זאָגן, אַז דער רב האָט איר מתיר־נדר געווען און איר געהייסן גיין צו דער חתונה. ווען דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, איז די כלה מיט אַלע מחותנים און כלי־זמר געקומען אין איר הויז. די כלי־זמרים האָבן געשפּילט כל נדרי, די כלה האָט געוויינט און געבעטן מחילה. אַלע האָבן מיטגעוויינט, חנה־פייגל אַליין אויך, אָבער זי איז געבליבן האַרט ווי פריער. איר ענטפער איז געווען, אַז די שבועה האָט זי געגעבן איבער איר קינד, וואָס איז אַזוי אָפּגעציטערט — האָט זי מורא איינצושטעלן. מיט געוויין, ווי אום תשעה־באב, האָבן די כלה מיט די מחותנים און כלי־זמרים פאַרלאָזט צעבראָכענע און פאַרשעמטע, דאָס הויז. ס'איז געווען אַ פאַרשטערטע חתונה.

אין זעלביקן יאָר, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די צווייטע כאָליערע־מגפה, איז חנה־פייגע אַ שבת פאַרנאַכט אַוועקגעפאַלן מיט גרויסע קראַמפן

אין די געדערים. עס זיינען געקומען די רייבער, ווי מען האָט זיי גערופן. דאָס זיינען געווען אַ גרופּע אידן, שטאַרקע, פון אַלע קלאַסן: חסידים, בעלי מלאכות, וואָס האָבן געטרונקען אַ סך בראָנפן און מיט זייערע שטאַרקע הענט, די מוסקולדיקע, פלעגן זיי רייבן מיט שפּידט דעם בויך און צו די צוזאַמענ־געדרייטע פיס געלייגט הייסע, בריענדיקע טיכער, געזאָגט תהילים און אַזוי אַרום געראַטעוועט פיל מענטשן פון דער כאָליערע, רחמנא לצלן. אָבער חנה־פייגע איז געשטאָרבן אויף צומאָרגנס.

דאָס האָט דער צדיקותדיקער מומע לאה געטראָפן אַמשווערסטן. זי האָט געהאָט עפּעס אינערלעך, מן הסתם, אַזאַ פאַרבאָרגן געפיל, אַז ווער ווייסט צי גאָט האָט יענע נישט באַשטראָפט צוליב דער פאַרשעמטער כלה אינם חופּה־טאָג. און כאָטש גאָט ווייסט דאָך דעם אמת, אַז זי האָט מיט קיין איין וואָרט, און אַפילו נישט מיט דער מינדסטער מחשבה, נישט געטראָגן קיין בייזקייט צו איר, אדרבא, — זי האָט פאַרשטאַנען, אַז די האַרטנעקיקייט האָט חנה פייגען, עליה השלום, מער ווי געטאָן ווי זיי — און אַז זי האָט אַזוי פאַרביסן געהאַנדלט נישט צוליב איר שטאָלץ, נייערט פאַר איר מורא איבערן לעבן פון איר קינד, דאָס אויסגעווײנטע, נאָך זעקס פאַרשטאָרבענע קינדער, וואָס האָבן זיך ביי איר נישט דערהאַלטן. אָבער ס׳האָט דאָך עפּעס געעגבערט אין איר, און איר קיין רו נישט געגעבן. איז זי נאָכן טויט פון איר שוועגערין נאָך מער צוגעלאָזט געוואָרן צום געבליבענעם קינד פּנחסל, און האָט זיך אין אים אַזוי געקלאַמערט און אַרומגעפּאַדעט, ווי אַ באַנדער אַרום אַ פּאַס. ביי אַלע יאָרצייטן חנה־פייגעס, פלעגט זי שטיין דעם גאַנצן פרימאָרגן אונטערן פענצטער פונם אַלטן בית־המדרש און נאָכזאָגן די אמנס נאָך אַלע קדישן. זי האָט געוואוסט, אַז איינער פון די קדישן קומט דאָך אַוודאי פון איר פּנחסל איבער זיין מאַמען. זי פלעגט אים אָפּוואַרטן ביז ער איז אַרויס, אים נעמען ביים הענטל און צוזאַמען גיין צום בית־עלמין אויף קבר־אבות.

דאָס איז געווען אין חודש אלול — מיט די קילע פרימאָרגנס, דורכנע־מענדיקע ווינטן; אַלע קברים זיינען באַדעקט געוואָרן מיט אָראַפּגעפאַלענע, געלע בלעטער פון די בוימער. ס׳האָט זיך געהערט אין דער שטילקייט אַ קלאַפּ פון אַן אַראָפּגעפאַלן עפּל. די מומע לאה, צוקומענדיק צום קבר, איז אַנידער־געפאַלן מיטן פּנים איינגעגראָבן אינם פאַרוואַקסענעם גראָז:

— חנה־פייגע! איך בין געקומען צו דיין יאָרצייט מיט דיין קינד. אָט שטייט ער דאָך דאָ. ער לערנט תורה. ער באַשיינט דיך אין גן־עדן. זיי אַ מליץ יושר פאַר אים און אונז אַלעמען. זאָלסט דיך מיען ביי גאָט אין הימל, אַז ס׳זאָל אים חלילה קיין בייז נישט געשען אין זיין מינדסטן נעגעלע.

און ווען זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ פאַרוויינטע און באַפרייטע

פון איר ביטער האַרץ, האָט זי זיך איינגעהערט אינם קדיש זאָגן פון פנחסלען, מיט זיין ציטערדיקער שטימע, זי האָט געענטפערט מיט אַ הייסן אָמן און אַ טיפן זיפץ, אויפגעהויבן זיך, אָפּגעריסן אַביסל גראָז און דאָס אַריבער־געוואָרפן איבער אירע דאַרע פּלייצעס, און אים אַהיים געפירט אַ דערלייכ־טערטע. און פנחסל האָט טיף אין זיין האַרץ געפילט די ליבע צערטלעכקייט פון זיין מומען, די גוטע נשמה.

און איצט, ווען זי איז אַריינגעפאַלן און געזען אים אין די באַנייטע בגדים און די שטראַלנדיקע פרייד פונם טאַטן און דער מומע דאָכע, איז זי צוגעפאַלן מיט הייסע קושן, זיך צעכליפּעט ווי אַ קינד פון שמחה, און געזאָגט :

— אַ שאָד וואָס די מאַמע האָט דאָס נישט דערלעבט. זאָל־זשע גאָט העלפן, אַז דו, מיין ברודער, און טייערע שוועגערין, וואָס דו ביסט צו אים אַזוי ווי אַ מאַמע, איר זאָלט האָבן פיל נחת פון אים, מיט אונז אַלעמען און קיין עין הרע זאָל אים נישט געשען. ס׳איז שוין צייט משהל, אַז אם ירצה השם חול המועד, ווען דו וועסט פאָרן קיין זאַוויכאָסט, זאָלסטו זיך אַרומקוקן מכוח עפּעס אַ שיינעם שידוך.

אַ שיינענדיקע פון איר נחת, געמישט מיט יום־טובדיקייט, האָט זי אַלעמען געווינטשן אַ גוטן יום־טוב, צוגעזאָגט צו קומען מיט איר נאָטלען נאָכן סדר, אם ירצה השם, געקושט די מזוזה און געגאַנגען אַהיים.

פנחסל מיטן טאַטן זיינען אַוועק אין שטיבל אַריין. די חסידים האָבן אים באַגעגנט מיט פריידיקע פּנימער ; די אינגלעך האָבן אים אַרומגערינגלט און באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, אַריינגענומען אין אַ רעדל, אַרויפגעלייגט זייערע הענט אויף זיינע אַקסלען, נישט ווי פריער, ווען ער איז געווען אַ דער־וויטערטער, נאָר ווי מ׳וואָלט מיט אים אַזאַ שטומען כורת־ברית געשלאָסן, ער איז געוואָרן אַן אייגענער.

אינם שטיבל האָט מען זיך נישט געאיילט מיטן מעריב. מ׳איז געזעסן ביי די טישן, זיך דערציילט מעשיות פונם רבין.

ר׳ הערשעלע האָט געזאָגט אַ שטיקל דרוש איבערן יום־טוב פּסח, אַז עבדי הם ולא עבדים לעבדים, איז אייגנטלעך דער יסוד פון יציאת מצרים. ווייל דאָס מיינט, אַז יעדער מענטש דאַרף זיך דערלייזן דורך פאַרקנעכטונג צו געטלעכער הייליקייט און דורכדעם ווערן באַפרייט פון דער גשמיותדיקער קנעכטשאַפט.

און וועגן דרך פון נגינה ביים מאָדזשיצער רבין, וואו ס׳ווערט געלייגט אַזויפיל געוויכט אויף דעם, איז דער מיין, ווי, ער זאָל לעבן, זאָגט, אַז אינם געזאַנג איז דאָ אויך דער תענוג, וואָס נעמט אַרום אַלע רמח אברים ושסה

גידים; מוז מען בשעתן זינגען זיך מצרף זיין מיטן הייליק־געטלעכן, כדי אַזוי אַרום צו דערלייזן דעם גשמיותדיקן תענוג, ווי די אידן האָבן דאָס געטאָן מיטן זינגען אז ישיר ביים קריעת ים־סוף.

מ׳האָט געדאַוונט מעריב מיט ברייטקייט און נאָענטקייט צו גאָט, אַזוי ווי דער סדר פון חסידישע רביים. די נאָענטקייט מיט גאָט, ברוך הוא, איז אינטים. אָן אַ מחיצה. דער אב־השמים ווערט אויסגעדריקט אינמיטן די תפילות, די לשון קודשדיקע, מיטן שטילן, ווייכן, היימישן, אידישן שעפטשען ווי: טאַטע זיסער, גאָטעניו, ווייל מ׳דינט גאָט דורך אהבה, נישט דורך יראה. און ווען מען זאָגט דאָס וואָרט „אתה" אינם דאַוונען, רעדט מען עס אַזוי ברייט, אַזוי נאָענט — „אטע", ווי מען רעדט צו אַ ליבן טאַטן, וואָס שטייט לעבן דיר. דערפאַר איז דאָ אַזויפיל מתיקות אינם זאָגן און זינגען. אָט די גאָט־נאָענטקייט פילט אויס מיט אהבה פון מענטש צו מענטש, אַלע אויפגעהייטערטע, יום־טובדיקע ווינטשן זיך נאָכן דאַוונען: גוט יום טוב! דאַן נעמט מען זיך אַרום ביי די גאַרטלען, קאָפּ צו קאָפּ און מ׳גייט אַוועק אַ ריקודל אינם שטיבל, מיט אַ זמרל פון רבין. די אינגלעך האַלטן זיך ביי די גאַרטלען פון אונטן און טאַנצן צוזאַמען מיט דער פריידיקער מחנה. טייל ציען נאָך דעם ניגון אין גאַס אַרויס.

ווען מ׳איז אַריין אין די היימען, די שיין־אויפגערוימטע, די כשרע האָט מען באַגעגנט די פרויען און טעכטער, אויסגעפּוצטע, מיט אַ פריילעכן: גוט יום־טוב! גאָטס חדוה האָט גערוט אין יעדן ווינקל. משהל מיטן אינגל, דער־פרייטע, זיינען אַריינגעקומען מיטן: גוט יום־טוב! דאָבע, אָן אויסגעפּוצטע מיט איר צירונג און נייעם שייטל; די קליינע שרה, דער נאָך קלענערער אברהם, פּאַראַלע און די געזעלן, וואָס האָבן געדאַוונט אין דער שול און געוואָרט שוין שעהן לאַנג, באָטש מידע פון זייער שווערער אַרבעט, נאָר דערפרישטע, האָבן געגנטפערט. מ׳האָט געצינדן ליכט, געמאַכט קידוש — און משהל האָט זיך געזעצט לעבן פּנחסלען זאָגן די הגדה.

ווען ס׳קומט צו „מה נשתנה" איז געווען דער מנהג, אַז די אינגלעך, וואָס האָבן שוין געלערנט גמרא, דאַרפן פריער זאָגן אַ פשטל, אויסגעלערנט און איינגעחזרט פון זייערע גמרא־מלמדים. די דערוואַקסענע בית־המדרשניקעס האָבן אַליין צוגעגרייט זייערע אייגענע פּשטלעך. פּנחסל האָט דאָסמאָל גע־זאָגט זיין פּשטל מיט מער ברען און פייער.

אינם דענקעווער געסל זיינען ביי נאָך צוויי סדרים געזאָגט געוואָרן פּשטלעך. איינער — פון אברהמל שוסטערס אינגסטן זון שלמהלע. זיך צו־הערנדיק האָט זיך אברהמל געגלעט זיין ברייטע באָרד פאַר גרויס נחת, און די מאַמע שלמהלעס, חיה־ביילע האָט פרום געשאָקלט דעם קאָפּ און געשעפּ־

טשעט שטיל מיט פייכטע אויגן אַ לויב צום אויבערשטן פאַרן חסד פון האָבן אַ זון אַ בן תורה. די ברידער, די שוסטער, האָבן געשלינגען יעדעס וואָרט מיט גרויס שטאָלץ.

אויך ביי שמעיה לאָמפּ, דעם וואוילן יונג, מיטן אונטערגעשאָרענעם בערדל, איז געזאָגט געוואָרן אַ פּשטל צום סדר. שמעיה גופא האָט געטראַכט בעתן צוהערן זיך צום פּשטל פון זיין גערעאָטן אינגל, נישט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט, אַז מיט אַזאַ זון פאַסט נישט צו זיצן ביים סדר מיט אַ קורצער מאַרינאַרקע, און אַ היטעלע מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק. דערפאַר וועט ער גלייך נאָך יום־טוב זיך באַשטעלן ביי משהל פּנחסעס אַ שיינעם, זיידענעם מלבוש פאַר שבתים און יום טובים, ווייל זיין יצחקל האָט דאָס כשר פאַרדינט.

ס'גאַנצע דענקעווער געסל האָט שוין געזינגען חד־גדיא. ס'געסל איז באַלויכטן געוואָרן מיט ליכט און לאָמפּן. מ'האָט געגאָדערט אין אַלע שטיבער, אַלע קלאַנגען האָבן זיך אויסגעמישט אינם געסל און געוואָרן איין הייליק שאַלן צו גאָט און זיין חסד. משהלס סדר האָט זיך געענדיקט פאַרטאָג. די געזעלן האָבן פאַרגעסן זייער מידקייט און אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן. משהל און פּנחסל האָבן פאַרענדיקט מיטן שיר־השירים.

חול־המועד פּסח איז משהל געפאָרן, ווי זיין שטייגער, קיין זאַוויכאָסט. דאָרט האָט געוואוינט די משפּחה פון זיין ערשט ווייב, חנה־פייגע. ער האָט אויך געוואָלט זען עטלעכע פּריצים בכדי זיך אויסצוחשבונען מיט זיי פאַר דער ווינטערדיקער אַרבעט. ער האָט זיך אויך געטראָפן מיט פּיוול שענקער אינם מאַרק. יענער האָט געפרעגט וועגן פּנחסלען. משהל האָט אים דערציילט, אַז ער וואָלט פּנחסלען נישט דערקענט, ווען ער און זיין ווייב שרה זעען אים אין זיינע נייע בגדים. ער זעט אויס, קיין עין הרע, ווי אַן אמתער חתן בחור. און מיט גרויס התפּעלות האָט ער אים דערציילט, אַז דער רב ר' מאיר יחיאל האָט אים גערופן צו זיך, אָט ערשט פאַר זיין אַוועקפאָרן, און געפרעגט צי ער איז מסכים, אַז זיין פּנחסל זאָל לערנען דעם נייעם זמן מיטן רבינס זון יחזקאלע, און מיט נאָך אַ אינגל, יאַנקעלע ברוכס, אויך אַן עילוישער קאָפּ, אָבער צו פּנחסלען קומט ער נישט.

— קאָנסט דיר פאָרשטעלן — האָט משהל דערציילט — מיין גדולה. ר' מאיר־יחיאל האָט מיר געזאָגט: ווייסט איר ר' משהלע, אַז זיין איצטיקער מלמד, ר' אלי, קומט צו מיר מיט די קשיות, די געפרעגטע פון אייער אינגל? אָט דערפאַר וויל איך אים האָבן ביי מיר.

זי, שרה, די קרובה, איז געקומען צולויפן אויפן מאַרק און געבעטן משה־לען, אַריינצוגיין צו זיי אויף אַ שטיקל כיבוד. זי האָט אים מכבד געווען מיט אונגאַרישן שליוואָוויץ און מיט אַ באָבעלע, פון מצה־מעל און אייער, מיט

צוקער באַשאָטן; און ווען זי האָט געהערט בשעת מעשה וואָס משהל דערציילט וועגן אינגל זיינעם האָט זי זיך צעוויינט פאַר פרייד און געזאָגט משהלען:

— דאָס וואָס חנה־פייגע האָט נישט דערלעבט, דאָס זאָלסטו דערלעבן. און זאָל זי זיין אַ מליץ־יושרטע פאַר איר קינד און פאַר אונז אַלעמען, אָמן!

משהל האָט דערין געזען די האַנט פונם הימל, געטרינקען לחיים מיט פייולען. ביים צעשניידן דאָס באַבעלע און עסנדיק עס האָט שרה געזאָגט:

— הער, משהל, אפשר וואָלט שוין טאַקע צייט געווען צו טאָן אַ שידוך? איך האָב אַ כלה פאַר אים, זאָל־זשע מיר זיין אַזאַ יאָר. אַ שיינע, אַ געראָטענע. און דער עיקר משהל, דער יחוס זייערער — פון דור־דורות רבנים.

אָט מיט דעם כישוף וואָרט — יחוס — האָט זי אים געפּאַקט. ער, דער שניידערשער חסיד, וואָס פילט זיך אַביסל קליין קעגן די לומדים, זיינע חברים ביים רבין; אויך אינם שטיבל פילט ער אַ דראַנג אַזאַ, אַז ער מוז מתקן זיין דורכן אַריינקריכן אינם גרעסטן יחוס. און זייענדיק מער טרוימער און ווייניק איבערגערעכנטער, האָט זי אים, שרה, געפּלעפּט מיט דעם שידוך:

— שרה, דענקסטו נישט, אַז ער איז נאָך צו יונג? אפשר בעסער וואַרטן ביז ער ווערט אם ירצה השם, לאָמיר זאָגן פערצן אָדער פופצן יאָר? וואָס זאָגסטו פייול?

אָבערביידע, שרה און פייול האָבן געהאַלטן אַז ס׳איז גאָרנישט. אַזאַ יחוס טרעפט זיך נישט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. איז קודם שרייבט מען תנאים און מ׳ברעכט טעלער און מ׳וואַרט ביז ביידע וועלן זיין ראוי לחופה.

משהל פנחסעס האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן. זיי זיינען אַוועק צו דער כלה און צו די מחותנים. שרה, איר מאַן און משהל, זיינען אַריין אין אַ לאַנגער, פון ברעטער צונויפגעקלאַפּטער בודע, אַן אויליאַרניע, וואו מ׳קוועטשט אויל, אַ גאַנץ אָרים הויז אין דער שול־גאַס. דער מחותן, ר׳ ישראל איז געשטאָרבן מיט יאָרן צוריק. עס האָט זיי אויפגענומען די אשת־חיל, רבקה, מיט איין אויג. ס׳אַנדערע אויג האָט זי פאַרלאָרן, ווען זי האָט נאָך אַליין מאַנס טויט איבערגענומען די אַרבעט פונם אייל־קוועטשן. דאָס פערד, וואָס דרייט די צוויי גרויסע שטיינער, האָט זי אומגע־וואָרפן און זי איז געפאַלן אויף איינעם פון די אָנגעפולטע טעפּ מיט אייל. איר עלטסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיטן באַגריער רבס זון און ער האָט געגעסן קעסט ביי זיין שוויגער, געלערנט יום ולילה. די האַלב בלינדע רבקה מיט די טעכטער האָבן געאַרבעט שווער צו האָבן גוטע איידימס, לערנער, וואָס זאָלן ראוי זיין צו ציען די קייט פון זייער פאַמיליע־יחוס.

מ׳האָט זיי אויפגענומען אין הויז מיט פסחדיקן כיבוד. דער איידעם האָט געשמועסט מיט משהלען וועגן זיין אינגל פנחסל, אויספרעגנדיק וועגן

זיין מדרגה אין לערנען. זי, די קרובה, שרה, האָט צעלאָזט איר מענה־לשון מיטן אויסרעכענען די מעלות פונם חתן־בחור, פנחסל. דאַקעגן רבקה האָט אָנגעגעבן אין נדן די אַלע רבנים פון מאַנס צד. ביי משהלען האָבן געגלאַנצט די אויגן. ער האָט געזען די אַלע רבנים, וואָס זיינען שוין אויפן עולם האמת, ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע, וואָס שוועבן אַרום אים און זיי זאָגן אים: מזל טוב, מחותן! האָט ער נישט געפרעגט וועגן נדן, וועגן קעסט, וועגן חתונה־מתנות, ווי ש״ס, אַ גאָלדן זייגערל, אַ שטריימל וכדומה. ער האָט גלייך געגעבן אַ וואָרט און געווינטשן זיך מזל טוב. ער האָט איינגעלאַדן די מחותנת־טע מיטן איידעם צו קומען מיט אים פאַרהערן דעם חתן. ער האָט דערביי געוואוסט, אַז פנחסל וועט דעם איידעם איבעררעאַשן מיט זיין חריפות.

משהל איז געקומען צו פאָרן דעם אַנדערן טאָג חול־המועד און אַריין אין שטוב אַן אויפגערוימטער, פאַרגעשטעלט פאַר זיין ווייב דאָכע די בלינדע מחותניתטע מיטן שיינעם איידעם אירן, וועלכע מ׳האָט שטאַרק מכבד געווען. דער איידעם ד׳ יאַנקעלע האָט געשמועסט מיט פנחסלען אין מסכת פסחים. ער איז אַזוי נתפעל געוואָרן פון זיין חריפות, אַז ער האָט אויסגערופן:

— שוויגער, מען מוז באַשטימען אַ זמן תנאים מיטן מחותן און דער מחותנתטע.

דאָכע, די קלוגע אידענע, האָט געוואָלט פרעגן מכח אַכצן און דרייצן, וועגן תכלית. אָבער משהל וואָס האָט געפלאָמט פון גליק איז צוגעגאַנגען צו דער גרויסער שראַנק וואו זיין ווייב איז געשטאַנען ביים אַרויסנעמען אַ סלאָי פסחדיק איינגעמאַכטס, און איינגערוימט איר אינם אויער וועגן דעם גדויסן יחוס פון די מחותנים. זי האָט געפרעגט אויך שעפּטשענדיק:

— און נדן?

האָט ער איר ברייטלעך געענטפערט:

— רוף צוזאַמען די משפּחה צו וועטשערע און מיר וועלן אַלע צוזאַמען זיך ווינטשן אַ מזל־טוב אויפן אָפּגעמאַכטן וואָרט.

האָט דאָכע געפרעגט:

— ווי זעט אויס די כלה?

האָט ער געענטפערט:

— אַ יפת תואר. מיט דריי קעפּ העכער פון פנחסלען.

— קאָנסט דאָך שרהן, פנחסלס קרובה, פון זיין מוטערס, חנה פייגעס צד. יענע וועט דאָך חלילה אונז נישט פאַרפירן. האָט זי מיר געזאָגט, אַז דאָס וואָס זיי לעבן אַזוי גאַנץ פּראָסט, איז נאָר בכדי נישט אויפצורייסן מענטשן די אויגן. זי האָט אַ פאַרבאַהאַלטענעם קניפּל, אוצרות גאַנצע.

מ׳האָט געמאַכט אַ פייערדיקע משפּחה־סעודה און באַשטימט, אַז די תנאים

זאָלן זיין, אם ירצה השם, ל״ג בעומר. אויף צומאַרגנס, פאַרן אַוועקפאָרן, ביים געזעגענען זיך, האָט די מחותניתטע געזאָגט אַז גלייך נאָך די תנאים וועט זי ברענגען איינע פון אירע גוטע ציגן פאַרן חתנס וועגן, בכדי ער זאָל טרינקען אַ סך ציגן־מילך, וועט ער נישט אויסזען אַזוי בלייך, און ס׳וועט אים העלפן וואַקסן. פאַר ל״ג בעומר האָט מען באַשטעלט לייבל באָטש, דעם בעל־עגלה מיט זיין לאַנגן וואָגן, וואָס ער פירט די זעק מעל פון דער ראמפּע, אויסצופילן מיט פרישן היי דעם וואָגן און זיין גרייט פאַר דער יאַזדע פאַרטאָג. דאָכע האָט באַשטעלט ביי הירש־יאָסל גאָלדשמיד — דעם מאָדזשיצער חסיד, וואָס טאַנצט יעדן שמחת־תורה ביי משה׳לען, שפּרינגט ווי אַ קאַץ אַרויף אויפן קליידער־שראַנק און שלעפּט אַרונטער דעם באַהאַלטענעם בוטל ווישניאַק, — די כלה־מתנה פאַר די תנאים, אַ גאָלדענע בראָש, געזעצט מיט עטלעכע אָפּאַלן, וואָס מיניען זיך אין זייער מילך־ווייסקייט און זוניק־ראָזעווער דורכזיכטיקייט.

די גאַנצע משפחה און חסידים האָבן פאַרלאָזט פאַרטאָג דאָס דענקעווער געסל, געזעגענענדיק זיך מיטן חתן פנחסל, וואָס בלייבט אין דערהיים. היינ־טערן הויכן באַרג, דעם אַפּטער, זיינען אַלע אַרויס בכדי די פערד זאָלן קאָנען אַרויפשטייגן דעם באַרג, דעם משופּעדיקן. זיי האָבן געזען: ס׳הויבט אָן צו שאַריען אויף טאָג. די בלאָקייט פון הימל ווערט העלער, ווייסער. ביים ראַנד צעגיסט זיך אַ פייערדיקער פּאַס ליכט. ביים שפּיץ פונם באַרג הויבט זיך די זון אַרויס און וואַרפט שטראַלן אויף די טוי־טראָפּנס פון די געדיכטע גראָזן, וואָס שימערן אין ליכט ווי קרישטאָלן. אַלע האָבן דערפאַר געטונקען זייערע הענט אין די טויאיקע גראָזן בכדי צו וואַשן די הענט פאַרן דאַוונען שחרית.

ביי די תנאים אין זאַוויכאָסט זיינען געווען פאַרזאַמלט די פני פונם שטעטל, באַשטריימלט און באַגאַרטלט. משהלס משפחה, אַלע בעלי־מלאכות האָבן גע־גרויסט זיך מיטן יחוסדיקן שמאַלץ־גדוב און פאַרגעסן דעם אָרימען מאַלצייט, דעם קאָרגן. די קרובים האָבן געשעפּט נחת פון משהלס גליק און פון די שיינע מחותנים אַרום אים. אין די תנאים איז אַריינגעשריבן געוואָרן, אַז די מחותנית־טע, רבקה בת יהודה־אריה, איז זיך מתחייב צו סילוקן ביזן דער חתונה העכער דריי הונדערט קערבלעך, אַ גאָלדענע קייט און אַ זייגערל, אַ סויבל־שטריימל און אייביקע קעסט.

פון אַלע זייטן שרייט מען:

— לחיים מחותן, רב משהל. מ׳זאָל דערלעבן, אם ירצה השם, די קינ־דערס חתונה!

צווישן די ווייבער האָט מען געהערט שטילע געוויינען פון שמחה. די מחותניתטע דאָכע, האָט אָנגעשפּילעט די אָפּאַלענע בראָש אויף דער כלהס

קלייד און איר אָנגעטאָן דעם רינג. זיי האָבן זיך צעקושט און די אויגן זיינען ביי זיי פייכט געוואָרן ביים ווינטשן זיך מזל־טוב.

אויף צומאָרגנס פאַרטאָג איז געוואָרן אַ גערודער אין געסל. דער לאַנגער וואָגן מיט מחותנים האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים הויז. די שכנים האָבן אַרויפּ־געצויגן זייערע הויזן און אַרויס באָרפעסע צום וואָגן ווינטשן דאָכען און משהלען מזל־טוב. פּנחסל איז אַרויסגעקראָכן האַלב פאַרשלאָפן פון בעט, געעפנט דאָס פענצטער און די מומע דאָכע האָט אים געגעבן אַ פּעקעלע מיט לעקעך, ניס און ראָזשינקעס פון זיינע תנאים. ער האָט זיך דערפרייט מיטן צוריקזען דעם טאַטן און די מומען און אויך מיטן פּעקעלע מער, ווי מיטן גאַנצן תנאים־האַרמידער.

פּנחסל האָט שוין איצט געלערנט ביים אָסטראָווצער רב צוזאַמען מיט יחזקאלען. זיי האָבן זיך חבריש געהאַלטן צוזאַמען און באַווירקט איינער דעם אַנדערן — פּנחסל מיט זיין חריפות און יחזקאלע מיט זיין בקיאות.

די ציג, וואָס די בלינדע מחותניתטע האָט אים געבראַכט, פלעגט פּנחסל מיטנעמען מיט זיך צו פּאַשען אויף דער לאָנקע, הינטערן בית־מדרש. די ציג האָט געמעקעט מע־מע און עס האָט אים געשטערט צום לערנען. די אינגלעך פלעגן אָפּבינדן דאָס שטריקעלע און אַוועקרייטן אויף איר צום „ליאָס". האָט מען געבעטן די מחותנתטע זי זאָל די ציג צוריקנעמען מיט זיך קיין זאווויכאָסט. דאָכע האָט איר געזאָגט, אַז מיט גאָטס הילף וואַקסט ער, פּנחסל, סיי־ווי־סיי, קיין עין־הרע.

ס'זיינען אַוועק באַלד צוויי זמנים פון לערנען ביים רב און ס'איז געקומען די צייט פון פּורים. צו דער בר־מצוה, האָט פּנחסל געקראָגן צוגעשיקט פון דער כלה אַ שיין תפילין־זעקעלע פון שוואַרצן, זיידענעם סאַמעט, וואָס איז געווען אויסגעהאָפטן מיט אַ בלאָען מגן־דוד, אַ גרויסן. מ'האָט אים אויפגערופן צו מפטיר אינעם שטיבל. דער טאַטע האָט געזאָגט „ברוך שפטרני". מ'האָט געמאַכט קידוש און דער מאַגליצער מלמד ר' ברוך האָט משהלען געזאָגט, אַז זיין פּנחסל דאַרף מער נישט קיין מלמד, און באַלד נאָכן פאַרענדיקן דעם זמן זאָל ער לערנען פאַר זיך אינעם אַלטן בית־המדרש. פּנחסל, האָט ער געזאָגט, איז ראוי צו לערנען מיט די גרעסטע לומדים. דערביי האָט פּנחסל געזען ווי אַזוי די באַציאונג צו אים האָט זיך געענדערט:

ווען ער קומט אין בית־מדרש, מאַכט מען אַ פּלאַץ פאַר אים ביים קליינעם פּישעלעס טיש. די גרויסע חתן־בחורים, פיל עלטער פון אים, בעטן אים ער זאָל לערנען מיט זיי אַ שיעור. בחורים פון די מינצעס קומען אים אויפוועקן פאַרטאָג אינעם דענקעווער געסל, און דער טאַטע זיינער איז מלא־שמחה, ווען זיי קלאַפּן דריי פאַרטאָג אינעם לאָדן, וועקנדיק צו גיין לערנען

מיט זיי אַ שיעור גמרא. די רייכע בית מדרש־בחורים, די חתנים, קריגן זייערע גאָלדענע זייגערס מיט די גאָלדענע קייטן און ווייזן דאָס פּנחסלען. ער נעמט עס אין האַנט אַריין, לייגט צו צום אויער, הערט זיך איין אין לויטערן קלאַנג, וואָס קלאַפּט אַזוי ריטמיש, ווי אַ פּולסירנדיק האַרץ. ער דרייט אַזוי שפּילעוודיק ביים גאָלדענעם קעפּל די פּרוזשינע, האַלט עס אין האַנט, ווי אַן אבן טוב, גיט אַ קוועטש מיטן פינגער, דעם גראָבן, און ס׳גאָל־דענע דעקל גיט זיך אַזוי קונציק אַן עפן. ער באַטראַכט דעם ציפערבלאַט, דעם ווייסן, מיט די צוועלף ציפערן, ווי די צוועלף מזלות, מיט די גאָלדענע, שיין־געשניצטע ווייזערס, וואָס רוקן זיך אַזוי פּאַמעלעך, און דאָס קליינע סעקונדע ווייזערל, וואָס לויפט ווי אַ קאַטשקעלע. ער מאַכט צו דאָס דעקעלע, באַטאַפּט עס פון אַלע זייטן און מיט הנאה גיט ער דאָס צוריק. די חתנים לייגן די זייגערס אַריין אין זייערע וועסטל־קעשענעס און ער טראַכט, אַז ער, וואָס איז שוין אַ חתן דאָס דריטע יאָר, האָט נאָך דעם געגאַרטן גאָלדענעם זייגער נישט געקראָגן. ער האָט גרויס עגמת־נפש פון דעם.

שלמהלע, וועלכער איז געוואָרן אַ חתן צו אַ טאָכטער פון אַ וואַכּאַצקער וואַלד־סוחר און האָט געקראָגן דעם שענסטן גאָלדענעם זייגער, האָט געפרעגט פּנחסלען, ווען ער קריגט זיינעם.

— ווייסט, זאָגט ער, אַז מיר אַלע, אינעם בית מדרש, זיינען זיכער, אַז דו, דער בעסטער לערנער אין בית המדרש, וועסט קריגן אַזאַ זייגער, וואָס מ׳האָט נאָך נישט געזען, ווי ס׳פּאַסט פאַר דיר.

פּנחסל האָט זיך געפילט אַביסל געקרענקט און געוואָרן אומרואיק. און אויב דאָס איז נאָך געווען וויניק, איז אונטערגעקומען אַ נייעס אין שטעטל, וואָס האָט פּנחסלען לגמרי אויפגעדודערט און פאַרגרעסערט זיין צער. פון אַלע זייטן האָט ער געהערט וועגן דער גרויסער געשעעניש אַרום זיך:

אין שטאָט איז אַ גרויסע חתונה. ר׳ אשר הערצס אַ טאָכטער, די אינגסטע, רבקהלע, וואָס איז געגאַנגען אין אַ פּוילישן פּאַנסיאָן און געלערנט פראַנ־צויזיש — שלאַנק, הויך, מיט אַ ווייס מילך־פּנים, אַ דונדיקס, מיט אַ קליין, געטאָקט נעזל, אַ קליין מיילכל, מיט שוואַרצע לאַנגע צעפּ ביז צו דער טאַליע און גרויסע שוואַרצע אויגן, — האָט גערעדט נאָר פּויליש, אַחוץ מיט איר פאָטער. דאָס האָט זי געוויזן איר דרך ארץ צו דעם חסידיש־לומדישן אַריסטאָ־קראַט, וואָס האָט אַרויסגערעדט די אידישע ווערטער ווי זיי וואָלטן געווען גע־ציילטע פּערל. מיט אים פלעגט זיריידן אידיש. ער איז געווען דער גרעסטער שניט־סוחר. זיין שניט־קראָם איז געווען גרויס ווי אַ וואַלד און איז איבערגע־גאַנגען בירושה פון דור־דורות. ער האָט גענומען פאַר אַן איידים ר׳ בערישל, דעם מלאַוועו רבינס זון, וואָס האָט אויך געקראָגן היתר־הוראה צו זיבעצן יאָר.

ער איז געווען אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט בלויע אויגן, מיט בלאָנדע שפּראָצנדע וואָנצעס, און מיט לאַנגע פּיאות, געקרייזלטע, וואָס הענגען אים ביז צו די אַקסלען.

שוין גאַנצע חדשים ווי די שטאָט האָט זיך געגרייט צו דער חתונה. אַבע־אהרן, פון דענקעווער געסל, האָט געניייט דעם אויסשטייער פאַר דער כלה. זעקס וואָכן האָט ער אַריבערגעטראָגן זיין גאַנצן וואַרשטאַט אין ר׳ אשר הערצס הויז און דאָרט געשניטן און געמאָסטן אַלע זיידענע קליידער פאַר דער כלה רבקהלע. זי, די צעבאַלעוועטע, האָט אים, אבע־אהרנען, געוואָלט דעות־זאָגן, ווען און ווי אַזוי צו נייען. אָבער ער, דער קאַפּריזנער קינסטלער האָט זי געהערט ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי. ער האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז אויב ער וועט הערן נאָך איין וואָרט פון איר, נעמט ער דעם גאַנצן וואַרשטאַט, האַק־און־פּאַק, גלייך צוריק אינם דענקעווער געסל אַריין.

די חתונה איז געווען די גרעסטע געשעעניש אין דער שטאָט. מען איז אַנטקעגן געפאָרן דעם חתן אין די שענסטע קאַטשן, געליען פונם גראַף וויעלאָפּאָלסקי, וואָס זיינע עלטער־זיידעס זיינען געווען פּער־דו מיט די הערצ׳עס. די גאַנצע אָסטראָווצער קאַפּעליע כלי־זמרים האָט אַריינגעפירט דעם חתן צו די מחותנים, צווישן זיי פיל רבנים פון גאַנץ פוילן. די ווייבער זיינען געווען פאַרפּוצט אין סאַמעט און צירונג. ביי דעם כלה־באַדעקנס האָבן געמאַכט צום ווינען די שענסטע בדחנים פון ראַדאָם און לובלין. מ׳האָט געפּראַוועט די חופּה. נאָך דער חופּה האָט מען געטאַנצט דעם פּאָרל אַנטקעגן מיט דער גדויסער סעודה־חלה. די חתונה־סעודה פאַר הונדערטער מענטשן איז פאָרגעקומען אין ר׳ אשרס זאַל מיט די קרישטאָלענע הענג־לאָמפּן און זילבערנע קאַדעלאַברעס. דאָ האָבן די פאַרשטעלטע בדחנים משמח געווען מיט זייערע אייגענע פאַרפאַסטע לידער, חכמהדיקע און המצאהדיקע איינפאַלן און שאַרפע טרעפנדיקע ווערטלעך אין גראַמען.

די גאַנצע קאַפּעליע כלי־זמרים, מיט יחיאלן בראש, איז צו דער חתונה געקומען אָנגעטאָן אין די שענסטע בגדים. זיי האָבן געשפּילט מיט גרויס פייער־לעכקייט. אפילו חיימ׳קע וואַסער־טרעגער. בעת אַ חתונה פילט ער זיך זייער גרויס. ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך די „יאַרזשמע״ מיט די צוויי גרויסע קאַבען. אָנשטאָט דעם גיט ער אַ נעם די גרויסע פּויק, טוט זי אַ וואָרף אינדערהויך, פאַרוואַרפט דעם לעדערנעם פּאַס אַרום זיין האַלדז, און גיט אַ זאָג צו דער קאַפּעליע:

— מיר כלי־זמרים הויבן אָן.

די כלי־זמרים שמייכלען און מורמלען:

— אויך מיר אַ כלי־זמר, וואָס האָט נישט געפּאָקט און נישט געמאָזלט.

היינט, אָבער, האָט חיימקע געפּויקט מיט אַזאַ קראַפט, אַז די כלי־זמרים האָבן אים געמוזט דערמאָנען, ער זאָל נישט צערייסן די פּויק.

ביים באַדעקן האָט שיע יעקל געשפּילט אויף זיין פידעלע אַזעלכע טרויע־ריקע וואָלעכלעך. ער האָט די אויגן געהאַלטן צוגעשלאָסן. אויף זיין מאָגער, בלייך געזיכט האָט מען געזען די צעשטראַלונג: ער שפּילט מיט מתיקות. אָט וויינט זיין פידעלע — וויינען אַלע מיט; און מיטאַמאָל גיט ער אַ צעשפּיל זיך אַ לעבעדיקס און ער רייסט אַלעמען מיט ביז צום טאַנצן בגילופין.

פּנחסל איז לעצטנס פאַר יעדער חתונה געוואָרן אומרואיק: ער אַליין איז דאָך שוין אַ חתן און ווי לאַנג וועט עס דויערן ביז ער אַליין וועט דאַרפן גיין צו דער חופּה? דערפאַר האָט ער מיט אַ שטאַרקן נייגיר צוגעקוקט, וויאַזוי די האַוועניש אַרום דער חתונה קומט פאָר:

צו דער חופּה, וואָס הויבט זיך אָן פון ר׳ אשר׳ס הויף, רייטן פאָראויס זיינע יונגע משרתים מיט שטורקאַצן אין די הענט. נאָך זיי שפּאַנען די מוזי־קאַנטן און שפּעטער די מחותנים אין זיידענע, לאַנגע קאַפּאָטעס, רויטע פּאַטשיילעס, האַלב אַרויסגעלאָזט פון די אונטערשטע קעשענעס, שוואַרצע זיידענע גאַרטלען מיט לאַנגע פראַנזן. זיי טראָגן פוטערנע שטריימלעך פון מאַרדן און סויבל, ברוין־גאָלדיקע. די פרויען טראָגן לאַנגע, סאַמעטענע, זיידענע קליידער, מיט קאָלירטע הויבן אויף זייערע קעפּ, באַצירט מיט ציי־טער־שפּילקעס. אַלע טראָגן אויך סטערינענע, ברענענדיקע ליכט אין די הענט. די אַלע קאָלירן, מיטן ליכט־פייער אין אַ האַלב־פינצטערן מאַרק, און אויף דער גאַס ביים שול־הויף, שאַפן עפּעס אַ מיסטישע פּראָצעסיע, וואָס נאָר דאָס שפּילן פון די כלי־זמרים פון אַלטע, פריילעכע חתונה־ניגונים צעשטרייט, ביז מ׳קומט צום שול־הויף. דאָרט שטייט שוין די חופּה, די זיי־דענע, ווי אַ גרויס, הייליק פּרוכת, מיט פיר שטאַנגען, וואָס ווערן געהאַלטן פון די פיר שמשים אויפן גרויסן, ווייסן, קיילעכדיקן שטיין אויף רעכטס פון דער שול.

צוריקוועגס פון דער חופּה צו ר׳ אשר הערצ׳ס הויף, איז שוין די פּראָ־צעסיע ניט די ערנסטע, פייערלעכע, נאָר איין גרויסער טאַנץ פון חסידים מיט צעעפנטע קאַפּאָטעס, פון וועלכע ס׳שאָקלען זיך די לאַנגע ציצית פון די טלית־קטנס. אויך די פרויען, אין רעדלעך, טאַנצן צניעותדיק, חדוהדיק, אַז זייערע ציטער־שפּילקעס אין די שייטלען און די הויבן טאַנצן אַזש מיט.

אַנטקעגן קומט די קעכין, באַשע, אַ טאַנצנדיקע, מיט דער גרויסער גע־פלאָכטענער חלה איבערן קאָפּ, זי ווינטשט אַלעמען מזל־טוב. אַזוי טאַנצנדיק

קומען אַלע אַריין אינם הויז אַריין, וואו ס׳שטייען די געדעקטע טישן מיט כל־טוב.

שמאילע שמש טיילט אַלעמען בראָנפן מיט לעקעך און טאָרט. אַ פרייד, אַ גערודער פון די אָנלויפער צו כאַפּן אַ קוק אויף חתן־כלה. די כלי־זמרים כאַפּן זיך אַריין אין דער קיך, הענגען אויף זייערע אינסטרומענטן אויף די לאַנגע נעגל, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון די ווענט, וואו עס זיינען געהאָנגען די קופּערנע בראָט־פאַנען און גרויסע בעקנס. דער אַלטער לאָזער, נעבעך שוין האַלב בלינד, וויל אויפהענגען זיין לאַנגן, גרויסן באַס, מיטן אַריינגעשטעקטן לאַנגן סמיטשיק. נאָר אַנשטאט אויפצוהענגען אויפן נאָגל, גיט ער אַזוי אַ הויב אויף דעם באַס און הענגט אים אויף אויף אַ גרויסער פליג צווישן די נעגל. דער באַס גיט אַ באַץ אַרונטער אויפן דיל און ווערט צעבראָכן אויף שטיקלעך.

די כלי־זמרים און דער גאַנצער עולם, דער אָנגעלאָפענער, לויפן צו מיט באַדויערן און באַהאַלטענעם שמייכל און זיי ווילן אים צוהעלפן. נאָר לאָזער שטייט געבויגן מיט זיין ווייסער באָרד און הויבט אויף די צעלאָזענע סטרונעס, ווי עדות פון אַן אָפּגעשפּילט פאַרענדיקט לעבן. שמאילע שמש קומט צולויפן מיט דער פלאַש בראָנפן און טרייסט אים:

— לאָזער, האָב נישט קיין עגמת־נפש. ס׳האָט חלילה געקאָנט זיין ערגער מיטן צעברעכן אַ האַנט, אָדער אַ פוס. מ׳דאַרף נעמען אַלץ מיט אַ דאַנק צום השם יתברך. און זייט זיכער, אַז ר׳ אשר וועט אייך דעם היזק צוריקגעבן כפל כפלים. איך וועל שוין מיט אים מאַרגן אַ רעד טאָן און אַלץ וועט זיין בכי־טוב. איר מאַכט נאָר אַ לחיים. מן הסתם איז עס אַזוי באַשערט פון גאָט, אַז איר זאָלט היינט זיין ניט קיין כלי־זמר, נאָר אַ פאָלנער מחותן אויף דער חתונה.

אַ חשק האָט פנחסלען אָנגעכאַפּט צו דער גאַנצער צערעמאָניע. ער האָט אַזוי ווי פלוצים פאַרשטאַנען, ווי גוט עס איז ראַפּטום צו ווערן דער צענטער פון דער גאַנצער, אַרומיקער פרייד. ער האָט זיך דערפאַר אַזוי איינגעלעבט מיט דער דאָזיקער שמחה, ביז ער האָט אַלע פרטים באַטראַכט מיט פיבערדיקע אויגן:

די בדחנים האָבן אויפגעפירט זייערע שפּילן, דורכגעוועבט מיט תורה׳־דיקע ווערטלעך, געמישט מיט פאָלקס־הומאָר, אַריינגעזאָגט אַ שטעך־ווערטל, וואָס האָט געטראָפן אינם פינטל און אַלע האָבן געוואוסט וועמען זיי מיינען. איינער פון די בדחנים האָט דערציילט, וועגן ר׳ אשרס אַ קאָנקורענטין, אויך מיט אַ גרויסער שניט־קראָם, וואָס איז געפירט געוואָרן פון דער אשת־חיל ריווע. אַז די קונים אירע פלעגן זיך דינגען וועגן פרייז, האָט זי צוגעלייגט איר

מיטלסטן פינגער צו איר שוואַרצן, געדיכטן שייטל און געשוואָרן, אַז דער קאָפּ זאָל איר אַזוי לעבן ווי דאָס קאָסט איר כך־וכך. דער בדחן האָט דערציילט, אַז זי, ריווע האָט אַ שפּילקע פאַרשטעקט אין די האָר פון איר שייטל און לייגט צו דעם פינגער צום קאָפּ פון דער שפּילקע און שווערט גאָר ביי דעם, כדי נישט צו שווערן פאַלש.

מ׳האָט אויך געזאָגט תורה ביי די טישן, געטאַנצט דאָס מצווה־טענצל מיט גרויס איידלקייט און ברען. די חתונה, וואָס פאַרציט זיך ביז אין ווייסן טאָג אַריין, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס יום־טוב. זיינוול „טשאַטשקע״, דער גיבור־טרעגער, איז געשטאַנען מיט אַ לעדערנעם קאַנטשיק אין האַנט און געזען מ׳זאָל זיך נישט שטופּן צופיל. גאַנצע פעסער בראָנפן זיינען געשטאַנען פריי פאַר אַלעמען, און פיל טאַצן מיט לעקעכער. אַלע האָבן געפילט אַ ליבשאַפט צו די מחותנים. די אָרעמסטע האָבן פאַרגינען ר׳ אשרן זיין עשירות פון גאַנצן האַרצן. זיי האָבן זיך אין אים געשפּיגלט מיט זיינע מידות טובות, געזען אין אים זייער שר פון גייסט און איידלקייט אין זיין באַנעם צו אַלעמען.

צו די שבע־ברכות איז אויך געקומען דער לובלינער רבי צו ווענען ר׳ אשר הערץ פלעגט פאָרן. לכבוד דעם לובלינער איז אויך געקומען דער רב ר׳ מאיר־יחיאל, פאַרפאָרן דאָרט שפּעט ביינאַכט נאָך מעריב און חצות, ווי זיין שטייגער איז געווען. ר׳ אשר האָט געגעבן צדקה צו די אָרימעלייט מיט אַ ברייטער האַנט, און מנדר געווען חתונה צו מאַכן אַן אָרימע יתומה.

נאָך דער חתונה האָט ד׳ בערישל געלערנט אינם אַלטן בית־המדרש פון צוויי פאַרטאָג ביז מיטאָג און פון נאָכמיטאָג ביז פאַרנאַכט. ביינאַכט האָט ער געלערנט אינם לובלינער שטיבל. די לומדים, ווי זייער שטייגער איז געווען אויסצופּראָבירן יעדן נייעם איידים, ווי ס׳האַלט מיט זיין לומדות, האָבן צוגעשיקט יונגע בית־מדרשניקעס מיט די שווערסטע קשיות. ער האָט געקריגן די הסכמה פון די לומדים. שפּעטער האָט ער געבעטן דעם שווער, ער זאָל אים קריגן דעם בעסטן, אינגסטן בית־מדרשניק צו לערנען מיט אים. ר׳ אשר האָט געשיקט נאָך משהל פּנחסעס און געזאָגט אים דעם איידעמס בקשה: ער ווייסט, אַז זיין פּנחסל איז דער פּאַסיקסטער פאַר דעם, לכן זאָל ער זיין פּנחסלען אַהער שיקן צו אים, ר׳ אשרן, צום קומענדיקן שבתדיקן טיש בכדי ער זאָל זיך באַקענען מיטן איידים זיינעם. משהל האָט געשטראַלט פון שמחה, געדאַנקט השם יתברך, וואָס האָט אים מזכה געווען מיט אַזאַ געראָטן קינד. היינט זיין נחת:

שבת פאַרלאָזט פּנחסל דאָס דענקעווער געסל און גייט צו ר׳ אשרן. אַלע אויגן פונם געסל באַגלייטן אים מיט שטאָלץ און ליבשאַפט. ביים טאַטן זיינעם רינט אַ טרער פון פרייד. די מומע דאָכע באַגלייט אים ביז צום פּלומפּ, האַלט

אירע הענט ביי בײדע זײטן פון איר דיקער טאַליע מיט אַ היפּש ביסל גאוהדיקייט אין איר באַנעם. און זי זאָגט צו פּנחסלען:

— גיי מיט דעם דעכטן פוס!

ווער האָט זיך צו אים געקענט גלייכן?

אַז פּנחס׳ל קומט אַריין צו ר׳ אשר׳ן, הייסט מען אים זיך זעצן ביים טיש. מ׳איז אים מכבד מיט אַ שטיקל לאָקשן־קוגל. אַביסל איז ער שעמעוודיק און איבערראַשט פון דער רחבות און פון ר׳ אשר׳ס ברייטער, שיינער פיגור. ס׳נעמט אָבער נישט לאַנג און ר׳ אשר׳ס חכמה׳דיקע מילדקייט מאַכט אים זיך פילן היימיש. ער זעט שוין, אַז זיין איידים, ר׳ בעריש׳ל, זאָל נאָכן טיש מיט אים פאַרפירן אַ שמועס אין לערנען.

און אָט זיצן זיי שוין ביידע ביי אַן אָפענער גמרא, לערנען אַביסל און זיי באַשליסן דערנאָך, אַז מאָרגן פאַרטאָג, צוויי אַזייגער, זאָל אים פּנחסל אָפּוואַרטן אונטן, אינם קיילעכדיקן טויער זייערן און זיי וועלן ביידע גיין לערנען צוזאַמען.

זיי זיינען ביידע געוואָרן צוגעלאָזט איינער צום צווייטן. ר׳ בעריש האָט פּנחסלען שוין ניט אַוועקגעלאָזט פון זיך אויף צו לערנען מיט אַנדערע, נאָר זיי האָבן שוין געלערנט צוזאַמען אפילו בייגאַכט אין דעם לובלינער שטיבל.

דאָס לובלינער שטיבל איז געווען באַרימט מיט אירע גרעסטע לומדים, ווי ר׳ פּנחס נעשעס. אַז ס׳איז געקומען דער לובלינער רבי, איז ער איינגע־שטאַנען ביי ר׳ מאיר העניס אינם טאַרטאַק, וואָס איז געשטאַנען אינם וואַלד. בין מנחה למעריב האָט ער געזאָגט תורה אינם בית המדרש, וואו אַלע חסידים, — די ביים לאַנגן טיש און די הינטער זיי, — פלעגן זיך אַריבערבויגן איבער די זיצבדיקע, און מיט אָנגעשטרענגטע מויל און אויערן זיך איינהערן אינם רבי׳נס רייד, די זייער שטילע, די געציילטע, ווי רמזים. די אינגלעך פלעגן זיך אַרויפדראַפּען אויף די חסידים, טיילמאָל האָבן זייערע יונגע פּיסלעך פאַרבלאָנדזשעט אין די קעשענעס פון די חסידים. אַלע זיינען פאַרחושט און פאַרקאָכט ביז צו פאַרגעסנקייט צו כאַפּן פון זיין הייליקן מויל, אַ רמז, אַן אָנדייט פון אַ טיפן תורה׳דיקן מיין, וואָס איז זייער שווער געווען תופס צו זיין. אָבער זיינע חסידים פלעגן נאָך מעריב, ווען דער רבי איז אַוועק אין זיין חדר מיוחד, בעטן רבי פּנחס נעשעס, ער זאָל זיי מסביר זיין די רייד פונם רבי׳ן. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום אים אויף די בענק, אויך אויפן טיש, און פאַרגאַפטע זיך צוגעהערט צו ר׳ פּנחסעס רייד. יענער האָט גענומען אַלע אָפּגעהאַקטע רייד פונם רבינס מויל — די געהערטע און נישט פאַרשטאַ־נענע, — און געבויט אַ ריזיקן געדאַנקען־בנין, אַ גאַנץ נייע שיטה. שעהן לאַנג האָט מען זיך מפלפל געווען איבער דער אויפגעבויטער שיטה פון ר׳ פּנחס

נעשעס, וואָס אַדאַנק אים קאָן מען ערשט אָפּשאַצן די גרויסקייט פונם רבי׳ן, זאָל לעבן.

די קעגנער פונם רבין, די אַלעקסאַנדער חסידים, פלעגן שטענדיק זאָגן, אַז די נייע שיטה איז פּנחס נעשעס׳עס, נישט דעם רבינ׳ס. אָבער מאַלע וואָס די אַלעקסאַנדער חסידים, די ניט פאַרגינער, קאָנען זאָגן!

לעבן ר׳ פּנחס נעשעס איז געזעסן דער יונגער גאון און חריף, חנניה, און נאָך אַנדערע לומדים. אַנטקעגנאיבער איז געזעסן בערישל אָשרס, צוזאַ־מען מיטן יונגן פּנחסל. זיי האָבן שטענדיק געלערנט אין איין ספר, דאָך האָט יעדערער געלערנט ווי פאַר זיך. אַז ס׳איז געקומען צו אַ נישט־קלאָר פאַרשטאַנענעם ענין, האָט זיך פּנחס׳ל אָפּגעשטעלט, פאַרטראַכט, כדי צו דערגיין דעם תוכן. בערישל האָט געפּרואווט אים קלאָר־מאַכן די שווערע שטעלן און ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ וויכוח צווישן זיי.

פּנחס נעשעס און חנניה האָבן אָוועקגעריסן זייערע קעפּ פון די ספרים, געהערט מיט פאַרשפּיצטע אויערן דעם הייסן וויכוח, אין וועלכן פּנחסל ווערט אָפּ אַלע זיינע, בערישעס, אויסטייטשונגען, לייגט צו זיין לינקע האַנט צום קאָפּ און פאַרטיפט זיך אין ספר; און באַלד בליצט ביי אים אויף אַ ליכטיקער גע־דאַנק און ס׳ווערט אים קלאָר דער ענין. ער גיט דאָס איבער בערישלען. יענעם פּאַסט אָבער נישט זיך אונטערצוגעבן צו אַ אינגל — דערצו נאָך פּילט ער אויף זיך די אַנטקעגנאיבערדיקע, טשאַטעוונדיקע בליקן, וואָס ווילן פּאַקן דעם נאָך פון זיי ניט אַנערקענטן למדן. אויך פּנחס׳ל וויל זיך אָבער נישט אונטערגעבן צו אַלע בערישעס אָפּוועגדונגען. האָט זיך אויפגעשטעלט ר׳ פּנחס נעשעס, אַ קלאַפּ געגעבן אין אָפענעם ספר. אַלע אינם שטיבל האָבן אָנ־געשטרענגט זייערע אויערן און אויגן. פּנחס נעשעס האָט אויסגערופן:

— פּנחסל איז גערעכט. צוליב גאוה דאַרף מען דעם אמת נישט פאַר־דרייען — אדרבא: דרך ארץ מוז מען האָבן פאַרן אמת, אויב אַפילו עס קומט פונם מויל פון אַ אינגל.

בערישל — אַ בלאַסער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט געבעטן מחילה ביי פּנחסלען, וואָס איז געוואָרן נאָך בלאַסער פון זיין עלטערן חבר מחמת דער מורא, אַז אפשר איז ער מבייש בדבים זיין איידעלן מיטלערנער, וועמען ער טוט זייער שעצן און אַכטן.

פּנחסלס נאָמען איז געוואַקסן צווישן די לומדים פון דער שטאָט. ס׳איז אויך געוואַקסן זיין אומרו. אָט האָט ער ערשט, ווען ער איז שוין אַלט געוואָרן 15 יאָר, געקראָגן זיין געגאַרטן זייגער, דעם גאָלדענעם, וואָס די בלינדע מחותנית׳טע האָט אים געבראַכט און זי האָט געפרעגט ביי זיין טאַטן וועגן באַשטימען אַ זמן החתונה.

משה׳ל, אַ קוק טוענדיק אויף דעם געבראַכטן אַלטן, איבערגעניצעוועטן זייגער, האָט זיך דערפילט ווי באַליידיקט פאַר זיין גערעטן קינד, וואָס וועט צוליב דעם פאַרשעמט ווערן דורך די בית־מדרש׳ניקעס; ער האָט דערפילט זיין פאַרבלענדונג מיטן „גרויסן יחוס״ און מיט די כלומרשטע „באַהאַלטענע אוצרות״ פון דער מחותנית׳טע.

— ווער ווייסט אין וואָס פאַראַ בלאָטע ער שטופּט זיין געליבט פּנחס׳ל, — האָט ער געטראַכט.

ער האָט אָבער קיין מוט ניט געהאַט איר צוריקצוגעבן דעם אַלטן זייגער. האָט ער נאָך באַדאַנקט פאַר דער שיינער מתנה, נישט געוואָלט זי פאַר־שעמען. נאָר וועגן דעם עיקר האָט ער איר געזאָגט:

— מחותנתטע! וועגן דער חתונה איז נישטאָ וואָס צו איילן זיך. מ׳קאָן נאָך וואַרטן צוויי־דריי יאָר ביז די שמונה עשרה לחופּה.

זי, אַ בייזע, האָט געברומט, אַז זי וויל נישט וואַרטן ביז איר מיידל וועט ווערן אַ בוגרת און וועט אים, משהלען, רופן צו אַ בית דין. נאָך די ווערטער האָט זי אַ קוש געטאָן די מזוזה און פאַרלאָזט דאָס הויז.

ווען משה׳ל האָט געדאַרפט פּנחס׳לען איבערגעבן דעם זייגער, האָט ער זיך געפילט פאַרשעמט. ער האָט גערעדט מיט אַ האַלבן מויל:

— ס׳איז נישט דער זייגער, וואָס דו ביזט ווערט. מעגלעך, אַז אינעם קליינעם שטעטל האָט מען עפּעס בעסערס נישט געקראָגן און ס׳איז נאָר אויף דערוויילע. טאָ נעם דעם זייגער און האָב קיין עגמת נפש נישט פון אַזאַ קלייניקייט. דיין שם וועט חלילה נישט קלענער ווערן צוליב דעם.

און צו דעם ווייב זיינעם האָט ער געזאָגט:

— ס׳גייט נישט אינעם געלט. האָט דאָך יאָשע קצב, וואָס האָט געוואונען ס׳גרויסע געפינס, געקערט וועלטן, געשיקט שדכנים, מיר נאָכגעלאָפן און געוואָלט גלייך געבן פינף טויזנט קערבלעך נדן בכדי צו האָבן פּנחסלען פאַר אַן איידים און איך האָב אים געהערט ווי דעם קאָטער. תורה פאַרקויפט מען נישט פאַר געלט. אדרבא, איך האָב געזוכט פאַר מיין קינד דעם שידוך נישט דער־פאַר וואָס איך וויל זיך איינקויפן אין יחוס; אפשר דאָס אויך אַ ביסל — נאָר תורה איז ווי אַ ספר־תורה, וואָס דאַרף שטיין אין אַן ארון־קודש, מיט אַ פּרוכת איבער זיך, און מיט אַ מענטעלע און אַ קרוין אויף זיך; און דערפאַר ווען זי האָט צוגעזאָגט נדן מיט די דריי הונדערט קערבלעך, מיט אַ ש״ס און אַ גאָלדע־נעם זייגער, איז דאָס געווען נאָר ווי אַ באַשיצונג, בכדי אַזאַ קאָפּ ווי פּנחסל זאָל ווייטער אָן סכנה קאָנען זיצן על התורה־ועבודה ביז ער וועט קריגן סמיכת הרבנות. ווי עס זעט אָבער אויס פון אָט דעם אַלטן זייגער, איז עס נישט נאָר

דאָס מבייש זיין, נאָר ווער ווייסט אויב ער וועט גלייך נאָך דער חתונה נישט דאַרפן ווערן אַן עבד־כנעני אין איר אויליאַרניע?

דאָכע, זיין ווייב, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— מ׳וואָלט געדאַרפט דעם שידוך שוין לאַנג אָפּלאָזן!

אַז פּנחס׳ל איז געקומען מיט זיין זייגער אין בית המדרש, האָט ער זיך געשעמט אים צו ווייזן אפילו זיין חבר יאנקל־איטשע, דער הויכער פון דער אויבערשטער צייל, מיט וועמען פּנחס׳ל פלעגט לערנען אַ שיעור יעדן טאָג. אָבער אַלע אינם בית־המדרש האָבן שוין געוואוסט דערפון און יעדע ווײַלע איז אַן אַנדערער געקומען פרעגן פּנחסלען מכלומרשט, ווי שפּעט ס׳איז, און גע־צווינגען אים אַרויסנעמען דעם זייגער און זיי זאָגן די צייט; און דערנאָך זיינען זיי אַוועק אָן אַ זייט, זיך גע׳סוד׳עט, און אָפּגעלאַכט פון דער מציאה, וואָס מ׳האָט אים געגעבן. ער האָט דאָס באַמערקט און געפילט ווי ער וואָלט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ שרץ. ער וואָלט דעם זייגער שוין לאַנג געוואָרן אַוועקגעלייגט, בכדי זיך נישט אַרומצוטראָגן מיט אים און ס׳זאָל אויפהערן דאָס בלוט־צאַפּעניש פון די בית מדרשניקעס. דאָך האָט ער דאָס נישט געטאָן, כדי נישט נאָך מער מצער צו זיין זיין הייס־געליבטן, אײדעלן טאַטן. אָבער פון דעם איז אים עפּעס ווי אַ טיפע אומרו אַריין אין די ביינער — ער האָט שוין נישט געקאָנט איינזיצן אין בית־מדרש. עפּעס האָט ער פלוצים דערזען, אַז די וועלט איז נישט כולה־גלאַטיק און אַז מען דאַרף אויספאָרשן, וואָס אויף איר טוט זיך. דער זייגער מיטן גאַנצן שידוך זיינען בלויז געווען אַ מין וואָר־נונג צו אים, אַז מען דאַרף עפענען די אויגן...

# קאַליע געוואָרן

מאיר־ישׂראלס, דער חזן אינעם אַלטן בית־המדרש, אַ הויכער, קרעפּ־טיקער מיט רויטע האָר און אַ פּנים מיט זומער־שפּרענקלעך, איז געווען דער גרעסטער בעל תּנ״ך אין שטאָט. ער האָט אַלעמען נאָכאַנאַנד גע׳מוסר׳ט אין בית־המדרש, הלמאַי מ׳באַציט זיך צום תּנ״ך ווי צו אַ שטיפקינד: מען לערנט מיט התמדה און ברען גמרא און פּוסקים יום־ולילה, אָבער דעם תּנ״ך זשעברעוועט מען דורך, און דאָס נאָר יעדן פרייטאָג אינדערפרי, און בלויז דעם חומש, און זעלטן ווען אַ קאַפּיטל נביאים.

זיין חבר איז געווען נתן ליטוואַק, דער שפּיליטער — דער איינציקער אין שטאָט, וואָס טראָגט אַ קורצן סורדוט מיט אַ קאַפּעליוש און איז אויך אַ בן תּורה, אַ ירא־שמים, אַ גרויסער מתנגד וואָס שאָקלט זיך נישט ביים דאַווענען, און שטייט ביי שמונה־עשׂרה גלייך ווי אַ ווירע. ווען נתן האָט געדאַוונט מיט זיין ליטווישער אויסשפּראַך, האָט ער געציילט די ווערטער ווי רענדלעך. אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט דרך־ארץ און דאָך האָט מען אַביסל מורא געהאַט פאַר אים, נישט געטרויט זיין פרומקייט. קיינער האָט זיך נישט געחברט מיט אים אויסער מאיר־ישׂראלס.

מ׳האָט זיך אויך געשושקעט וועגן מאירלען, וואָס זיין צעלניק־געשעפט ווערט געפירט פון זיין ווייב דבורה, אַז ער איז גאָר פאַרקאָכט אין חקירה, אַז ער איז אַ גריבלער אין אַלע שבע חכמות און, אַז ער פאַרטאַכלעוועט זיין ווייב׳ס פּראַצע מיט אויסשרייבן פון וואַרשע און ווילנע אַלע חקירה־ספרים, פון די עלטסטע ביז די נייסטע.

זיי ביידע, מאירל און נתן ליטוואַק האָבן געלייענט די „הצפירה״ און אַ סך אַנדערע גאַזעטן און אַלע ווינקלען פון כדור הארץ זיינען זיי באַקאַנט. פאַרן ליטוואַק האָט מען מורא געהאַט, אָבער דערפאַר נישט צוגעהערט זיך צו אים. אָבער ווי נאָר מ׳האָט דערזען מאירלען אינעם מאַרק, אָדער בית־המדרש, האָט מען אים אַרומגערינגלט און געשלינגען יעדעס וואָרט פון זיין מויל. ספּעציעל האָט מען דאָס געטאָן בעת דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, ווען אידן האָבן ליב געהאַט צו הערן פון די מפּלות, וואָס פאָניע־גנב כאַפּט יעדן טאָג.

אין שטאָט האָט מען געמורמלט, אַז מאירל־סראָעלס האָט שוין צעררודערט אויך אַ טייל פון די בית־מדרש׳ניקעס. מען האָט אָנגעוואונקען אויף איינעם אַן עלטערן בחור, יאַנקל אברהם־מלכ׳ס, וואָס איז שטענדיק געקומען אין

בית־מדרש אַריין אַן אויסגעפּוצטער, ווי צו אַ חתונה, — מיט אַ שניי־ווייסער העמד; אָבער ס'איז געווען חידושדיק, סיי זיין פּראַנטישע קליידונג, סיי זיין קאַלטע האַלטונג ביים לערנען. זעלטן ווען ער האָט געהאַלטן אַ גמרא אין דער האַנט, נאָר האָט זיך עפּעס געגריבלט אין די אַלטע ספרים, ווי ר' יהודה הלוי'ס „כוזרי", דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים" וכדומה.

זיין אינגערן ברודער, נחמן אַ אינגל פון אַ יאָר זעכצן, מיט אַ קיילעכיק, ווייס מיידלעריש פּנים, האָט זיך אויך עפּעס לעצטנס ווי פאַרענדערט. ער איז געזעסן נישט ווייט פון פּנחסלען, געהערט עפּעס אַזעלכע מאָדנע רייד, וואָס גיבן אויף עפּעס אָנצוהערן, ווי כמעט דייד פון גאָט־לעסטערונג, רחמנא־לצלן. נחמן האָט דערשנאַפּט די אומרואיקע אומצופרידנקייט פון פּנחסלען, האָט ער זיך צוגערוקט און איינגערוימט אים אין אויער אַריין:

— קום מאָרגן נאָכמיטאָג אויפן „סטאַוו", וואו ס'גייט זיין אַ פּאַראַד פון די אָקאָרשט געגרינדעטע פייערלעשער, כ'וועל דיר ברענגען עפּעס צום לייענען און מיט דיר אַ שמועס טאָן מכח זייער וויכטיקע ענינים.

פּנחסל האָט זיך צומאָרגנס אַרויסגעגנבעט פון בית־המדרש און געקומען צו דער באַשטימטער צייט אויפן „סטאַוו", וואָס איז הינטער דער שטאָט, דאָרט וואו ס'האָט זיך ערשט ניט לאַנג אָנגעהויבן בויען די נייע פאָרשטאָט, מיט די נייע הייזער, ווייסע ווי מילך. אויף אַ פרייער לאָנקע מיט נידריקן גראָז, ווי פּערסישע טעפּיכער געשפּרייטע, האָבן זיך פאַרזאַמלט די פייער־לעשער אין נייע, בלאָע מונדירן, רויטע קעלנער און בלאַנקענדיקע מעשענע קנעפּ, מיט רויטע פּאַסיקעס אַרום די לענדן, אין וועלכע עס זיינען געווען אַריינגעשטעקט שיינע, נייע, קורצע העק. דאָס געזעענע האָט אים פאַרכאַפּט:

ווען ס'קומט אָן זייער נאַטשאַלניק מראַזאָווסקי, דער הויכער, פליישיקער מיטן רויטן פּנים, אָנגעטאָן ווי אַ גענעראַל, מיט אַ נאַפּאָלעאָנישן היטל, שטעלן זיך די פייער־לעשער אויס ווי גוטע, אויסגעמושטירטע סאָלדאַטן. לויט מראַזאָווסקיס קאָמאַנדעווען מאַכן זיי אַלערליי קונצשטיק מיט זייערע נייע לייטערס, לויפן און שפּריצן וואַסער, ציען די העק, ווי זעלבער די ביקסן, און אַזוי ווייטער.

נחמן האָט אָנגעקוואָלן פון שמחה און געגעבן אָנצוהערן פּנחסלען, ער זאָל נישט מיינען אַז דאָס מושטירט מראַזאָווסקי נאָר די פייער־לעשער. דאָס איז נאָר אַ תירוץ פאַר די „מאָסקאַליעס", די רוסן, וואָס דריקן און שטיקן אונזער פּוילן. דאָ גרייט מען די מרידה קעגן דער צאַרישער קנעכטשאַפט, אַ בונט פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילן. און מיר, די אידן, וועלן באַפרייט ווערן צוזאַמען מיט פּוילנס באַפרייאונג.

עפּעס מאָדנע האָבן די רייד אַריינגעקלונגען אין פּנחס'לס אויערן. ער,

דער ביז איצט אָפּגעזונדערטער פון דער וועלט פון גשמיות; ער, וועלכער איז געווען אַריינגעטאָן נאָר אין הייליקע ספרים מיט לויטער געטלעכקייט, האָט עפּעס לכתחילה נישט תופס געווען די פרעמדע רייד נחמנ׳ס.

ווען פנחסל האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז ס׳איז עפּעס אַזוי הייס היינט — ס׳איז געווען אַ הייסער זומער טאָג — האָט אים נחמן געפרעגט:

— ס׳שטייט געשריבן, אַז גאָט ציט אַרויס די זון פון איר פוטער־פּאַס, דערפאַר איז עס אַזוי הייס און פאַרוואָס ציט גאָט ניט אַרויס די זון פון איר פוטער־פּאַס אום טבת, נאָר אַלעמאָל אין דער באַשטימטער צייט פון יאָר?

פנחסל האָט געקוקט אויף אים מיט חשד: ווי אפּיקורסות קלינגען נחמנס רייד. האָט ער געוואָלט צוריקלויפן אין בית־המדרש. נחמן האָט אים אָבער אָנגענומען ביים לאַץ פון זיין כאַלאַטל און געזאָגט:

— נו, אָט האָסטו אַ ביכל, וואָס מיין ברודער יאַנקל נעמט אַהיים צו לייענען פונם משכיל מאיר׳ל־סראַעל׳ס. וועסט איבערלייענען, וועלן דיר די אויגן זיך עפענען, און ס׳וועט דיר קלאָר ווערן די גאַנצע טבע פון כדור־העולם, וועסט אויפהערן זיין אַ פינצטערלינג.

ער, פנחס׳ל, האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַפרייען פון נחמנ׳ס נעץ. ער האָט געשלונגען די אַלע ביכלעך, די אויפגעקלערטע, וואָס נחמן האָט אים געבראַנגט. ער האָט זיך מיט אים אַריינגעגנב׳עט אין דער נייער ביבליאָטעק, וואָס האָט צו יענער צייט געעפנט אין מאַרק איינער אַ שמחה פעדער, אַ לובלינער יונגערמאַן; דאָרט האָט מען שוין געקראָגן אפּיקורסישע ביכלעך אויף אידיש, ווי פון פייגענבוימען, פיליפּ קראַנצ׳ן און אַנדערע פון זעלביקן מין.

טעג און נעכט האָבן זיי בײדע, נחמן און פנחס, געפירט הייסע וויכוחים. פנחסן האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל נחמנס שיטה פון כפירה בעיקר. וואָס הייסט? ווי איז דאָס דען מעגלעך, אַז די וועלט, דער גאַנצער באַשאַף, די אַלע מינים באַשעפענישן, אַלע פלאַנצן און מכל שכן דער מענטש, דער בחיר־היצירה, אַז דאָס אַלץ איז פון דער ווילדער הויט אַרויסגעשפּרינגען? אַז ס׳איז גאָר קיין בראשית נישט געווען? אדרבה! פון די ביכלעך איבער אַסטראָ־נאָמיע, מיטן גאַנצן חידוש פון די אַנטדעקטע נייע זונען, פּלאַנעטן און פון אַנדערע נייע אַנטפּלעקונגען, ווערט נאָך שטאַרקער ביי יעדן בר־דעת די אמונה אין אַ גאָט וואָס האָט דאָס אַלץ באַשאַפן. פון וואַנען דען איז דאָס אַלץ געקומען? נחמן האָט אים אָבער איבערגעשריגן: נישט גאָט! די נאַטור האָט דאָס אַלץ געלאָזט אין באַוועגונג. דאָס גייט שוין פון זיך אַליין, פון די אייביקייטן אָן, אין אַ אייביקער באַוועגונג. האָסט דאָך ערשט געלייענט וואָס קאָפּערניק האָט אַנטדעקט, אַז די ערד שטייט נישט נאָר זי דרייט זיך. אַלץ איז איין

געדריי. אַפּילו די ימים דרייען זיך מיט אַזאַ שווינדלענדיקער שנעלקייט, וואָס מען קען גאָרנישט משיג זיין. דערפאַר גיסן זיי זיך נישט אויס. אָט האָב איך דיך ערשט לעצטע וואָך געוויזן מיט דער רייף אין דעם גלאָז וואַסער, וואָס איך האָב אַזוי שנעל געדרייט און קיין איין טראָפּן איז נישט אויסגעגאָסן געוואָרן. אָבער ווער האָט געגעבן דעם ערשטן דריי? האָט פּנחס געפרעגט אַ צעפּלאָמטער. נחמן האָט בייז צוריקגעשריגן: פאַרשטאָפּטער קאָפּ וואָס דו ביסט! אין די גמרות, אין פּוסקים האָסטו אַן אָפענעם קאָפּ, אָבער ווען ס'קומט צו אַ דעיון פון אַן אמתדיק ביכל, ווי אַ שטייגער פון אַ דאַרווינען, וואָס מיר ביידע האָבן דאָס ערשט איבערגעלייענט עטלעכע מאָל, ווען דו אַליין האָסט דיך פאַסמאַקעוועט פון זיין גרויסער חכמה און ביי יעדן קאַפּיטל האָסטו אויסגעשריגן: או וואַ! וואָס פאַר אַ חכם דער ענגלישער גוי איז געווען! און טאַקע ער, באַווייזט דאָך שוואַרץ אויף ווייס, אַז אַ קינד קאָן דאָס פאַרשטיין, אַז אַלץ גייט ווי געשמירט פון זיך אַליין. געדענקסט דאָך וואָס ער רופט „עוואָלוציע". אין דער אַנטוויקלונג פון די באַשעפענישן, וואָס האָבן זיך אַליין אַנטוויקעלט האָט גאָט נישט געטאָן די האַנט אינם קאַלטן וואַסער אַפּילו. אַז אַלץ איז הא בהא תליא, אַז אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ לעבעדיק שטויבעלע און אַזוי איז דאָס חל אויף דער גאַנצער נאַטור, וואו נאָכן ערשטן קלענסטן שטויס, איז אַלץ אַוועק ווי אַ מזמור. און דו האַלטסט אין איין פרעגן דיינע נאַרישע קשיות. ווער עס האָט דעם ערשטן שטויס געגעבן? ווער עס האָט דאָס ערשטע לעבעדיקע שטויבעלע באַשאַפן? וואָס אַרט דאָס דיך! אַבי ס'איז אַוועק אַ גאַנג! און ס'גייט שוין פון זיך אַליין!

פּנחס האָט פאַרלאָזט זיין חבר נחמנען און אַוועק אַ צעפּלאָמטער עסן וועטשערע. אים איז שטעקן געבליבן דער ביסן אינם מויל. דער טאַטע זיינער האָט עס באַמערקט און געפרעגט אַ דערשראָקענער צי ער האָט, חלילה, היץ? ער האָט אים געטאַפּט דעם שטערן מיט זיין צאַרטער האַנט, דערפילט אַ וואַרעמקייט און געהייסן אים געבן אַ גלאָז טיי מיט מאַלינע־סאָק. ער האָט אים געהאָלפן אויסטאָן, פאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ קאַלטער, נאַסער פאַטשיילע און דערמאָנט נישט צו פאַרגעסן דאָס קאַפּל. ער האָט נישט חושד געווען אַז זיין זינדל פיבערט גאָר מיט פּיינענדיקע ספקותן וועגן גאָט און וועגן וועלט־באַשאַף.

אַזוי זיינען אַוועק טעג און וואָכן מיט שלאָפלאָזע נעכט און נישט געגעסענע טעג. נאָך די הייסע וויכוחים צווישן די צוויי חברים, אין איינעם פון זייערע היציקע אָמפערייען איבער דעם ענין פון השגחה פּרטית. נחמן האָט אויפגעקלערט פּנחסן די נאַרישע זאַבאָבנע, אַז גאָט קוקט נאָך מיט מילע־מילאָסן אויגן אויף דעם מענטשנס מעשים און אויף די קלענסטע טואונג זיינע. ער

האָט זיך דערביי צעהיצט אויף פּנחסן: נו? לייגט זיך דאָס דיר אויפן שכל? זאָל שוין זיין ווי דו זאָגסט מיט דיינע שטותדיקע גריבלערייען, אַז ס'איז דאָ אַ קדמון, און אַ גייסט, וואָס מ'רופט גאָט; וואָס ווייסט פון אַלץ, וואָס פירט די וועלט. אָבער פון וואַנען איז געדרינגען, אַז אָט דער קדמון דיינער, האָט אַזוי פיל מילע־מיליאָסן אויגן? אי, דיין קשיא, אַז אויב נישט וואָל דאָך די וועלט געווען אַ הפקר־וועלט? איז עס ווידער נאַריש...

— אויך מיר אַ קשיא! ווייסטו דען נישט און ס'איז קלאָר ווי דער טאָג באַשיינפערלעך, אַז גאָט גייט נישט נאָך יעדן מענטשן ווי אַ פּאָליציאַנט אים צו כאַפּן ביי אַן עבירה און דערפאַר טאָקע האָבן זיך מענטשן געשאַפן אייגענע פּאָליציאַנטן? אָט האָב איך אַ פּלאַן, פּנחס, און מיט דעם וועל איך דיר עפענען דיינע אויגן און עס דיר באַווייזן, אַז די גאַנצע מעשה פון השגחה־פּרטית, איז אַן אויסגעבלאָזן איי. קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט. אָט איז נישט ווייט פון תשעה באָב, וועלן מיר אַוועק צו קאַזשמירסקין, אונטערן טומאָה־באַרג, צו לינקס, דו ווייסט דאָך, אויפן ראָג מיט די שיינע מאַרמאָרענע שוואַרץ־געפלעקטע שטיגן, אין דעם שיינעם חזיר־געוועלב, וואו יעדן מאָל ווען איך גיי פאַרביי שטעל איך מיך אָפּ ביי דער טיר, בכדי צו זען די קאָלבאַסעס, וואָס גלאַנצן מיט זייער פעטקייט ווי פעטע קוגלען. שטענדיק ווען עס עפנט זיך די טיר, גיט עס אַ זעץ אַרויס אַזאַ מאָדנער רייצנדער גערוך, וואָס דרייט מיר אין דער נאָז פון די געשמאַקע ריחות. אָט דאָרטן וועלן מיר זיך אַזוי אַ פאַר־נאַכט ביידע אַריינכאַפּן אַז קיינער זאָל אונז נישט באַמערקן. מיר וועלן קויפן אַ שטיק קאָלבאַס, אַ גוט פעט שטיקל קעז, פון די פוטערדיקע קעזלעך. מיר וועלן דאָס ערב תשעה באָב באַהאַלטן הינטערן ארון קודש אין דער אַלטער שול. און צומאָרגנס, נאָך די קינות, ווען אַלע מתפללים וועלן אַוועק וועלן מיר דאָס שטיל אַרויסנעמען, אַרויפגיין אויף די שטיגלעך צום ארון קודש און דאָרטן דאָס עסן. וועלן מיר זען ווער ס'איז גערעכט, איך אָדער דו? איז דאָ אַן השגחה עליונה און אַ שטראָפער פאַר עבירות אָדער נישט? און מיטן פייערדיקן אייפער פון יינגלעך פון יענער צייט וואו די לופט איז שוין געווען אָנגעפילט מיט אַלגעמיינער מרידה האָבן זיי זיך צוגעגרייט צו זייער ערשטן אַפּיקורסישן עקספּערימענט.

ביידע זיינען תשעה באב נאָכמיטאָג געשטאַנען לעבן ארון קודש, אין אַ טונקעלער שול פול מיט שאָטן און אימה, און האָבן דעם ערשטן ביסן נישט געקאָנט אַרונטערשלינגען, צי פון עקל, אָדער פון שרעק, — ווער ווייסט? זיי האָבן מיט אַלע כחות, קוקנדיק איינער אויפן צווייטן, ווי צוויי רויטע אָנגעבלאָזענע העגער, דאָס געקייט און געקייט, נאָר עס אַראָפּשלינגען באַין

אופן נישט געקאָנט. זיי האָבן עס לאַנג געהאַלטן אין זייערע מיילער, ביז ביידע זיינען פון שול אַרויסגעלאָפן, און דאָס אויסגעשפּיגן.

צו יענער צייט האָט מען זיך געגרייט ביי משהלען צו פאָרן קיין לאָדזש אויף דער חתונה פון זיין עלטערן ברודער יאַנקל. מען האָט באַשלאָסן מיטצו־נעמען פּנחסלען: אפשר וועט דאָס פאַרטרייבן זיין מאָדנע אומרואיקייט, און די פאַרקרימטע רייד, וואָס ער רעדט שוין אין בית־מדרש. מ׳האָט אים אויסגע־פּוצט אין נייע בגדים, ווי ס׳פּאַסט פאַר מחותנים אין דער גרויסער שטאָט.

ס׳איז געווען האַרבסטיק, בלאָטיק און ס׳האָט געהאָנגען אַן אומעטיקער, פאַרנעפּלטער הימל. פאָרנדיק מיט דער באַן זיינען געפאַלן די טראָפּנס דעגן אויף די שויבן פון וואַגאָן און זיך קרומלעך אַרונטערגעליטשט. דורך די פענס־טער, מאַטע, פאַרצויגענע, האָט מען געזען פאַרביילויפן די נאַקעטע פעלדער, נאַקעטע ביימער און צווייגן מיט פאַרפוילטע געל־ברוינע בלעטער אַרום.

ביים אָנקומען אין ווערזשבניק זיינען אַריין אין וואַגאָן די מומע טאָבע מיטן פעטער פּיוול. ער אַ הויך־קרעפּטיקער מיט ברייטע פּלייצעס, אַ קיילעכיק פּנים, מיט אַ שיקלדיק אויג און אַ גרויסן וואָרצל אויף דער רעכטער באַק. זי, די מומע טאָבע, משה׳לס שוועסטער, אַ נידעריקע, אַן אויסגעדאַרטע, מיט אַ דין נעזל, שמאָלע באַקן און אַ קליינעם שטערן — אַ גוטע נשמה צו אַלעמען, ספּעציעל צו אייגענער משפּחה, און באַזונדערס צו משהלס קינד. פאַר אים וואָלט זי געגעבן דאָס בלוט פון איר האַרצן.

היינט, ביים באַגעגנען איר געליבטן ברודער, די קרוין פון דער משפּחה, און איר שוועגערין דאָכע, — די חכמה, ווי מען רופט איר אין דער משפּחה, מיט ווען אַלע זיינען זיך מיעץ וועגן אַלץ — האָט זי, ביים אַרומכאַפּן און קושן זיך מיט אַלעמען, געוויינט פאַר פרייד.

פּנחס׳ל איז געווען איר ליבלינג. ער פלעגט קומען צו איר יעדן חול המועד פּסח און זי פלעגט אים אונטערשטופּן דאָס טייערסטע, וואָס זי האָט געקאָנט קריגן פאַר אים, ביז פויגל־מילך ממש. איצט, אינם וואַגאָן, מיט אַלע צוזאַמען, איז זי געווען אין זיבעטן הימל, געפלאַפּלט פריידיק, אַזש ביז סקאַרזשיסק. דאָרט האָט מען געדאַרפט וואַרטן עטלעכע שעה און זיך איבערזעצן אין אַן אַנדער באַן — האָט מען דערוויל געגעסן מיטאָג ביי יאָשע דעם שענקער, וואו ס׳איז געווען די אכסניא פאַר אַלע דורכפאָרער.

פאַר פּנחס׳לען איז דאָס געווען די ערשטע לאַנגע „יאַזדע״ זיינע. ס׳האָט אים ווי אויפגעלעבט, דערפרישט. מיט גרויס דערוואַרטונג האָט ער געציילט די שעה׳ן און די מינוטן ביז ער וועט דערזען די גרויסע באַרימטע שטאָט לאָדזש, וועגן וועלכער מען האָט אים אַזויפיל אָנדערציילט: וועגן אירע ברייטע, שיינע גאַסן; וועגן דעם גלעזערנעם פּאַלאַץ פון דעם פאַבריקאַנט

פּאָזנאַנסקי; וועגן דעם אידישן טעאַטער, וואו מ׳שפּילט „כינקע־פּינקע״ און נאָך אַזעלכע זאַכן; וועגן אידישן קוואַרטאַל, דער באַלוט, וואו ס׳קלאַפּן די וועב־שטולן אין יעדן הויז; וועגן די פאַבריקן פון פּאָזנאַנסקי און שייבלער, מיט די הויכע קוימענס און די שטאָלענע שפּיצן צו באַשיצן פון דונערן און בליצן. ער האָט שוין אויך געהערט עפּעס וועגן די לאָדזשער אחדות׳ניקעס, ציציליסטן און בונדיסטן.

אַז די באַן מיטן פּאַרסאַפּעטן לאָקאָמאָטיוו האָט אויפגעהערט ווילד צו קלאַפּן און פייפן און לאַנגזאַם, וואָס אַמאָל פּאַמעלעכער זיך אַריינגערוקט אונ־טערן דאַך פון לאָדזשער באַן־סטאַנציע, איז געוואָרן אַ געשטופּעריי פון אַלע ביי די טירן. משהל און זיין משפּחה, מיט זייערע פּעקלעך אין די הענט, זיינען אַרונטער פון די שמאָלען שטיגלעך, וואו ס׳האָט זיי פריידיק באַגעגנט זיין ברודער יעקל. ער איז געווען אַ מיטלוואוקסיקער, קרעפּטיקער, מיט אַ ברוין, געגאָלט פּנים, ברוינע אויגן, שוואַרצע, געדיכטע וואָנצן. געגאַנגען איז ער גלייך ווי אַ סאָסנע, מיטן ברייטן ברוסט־קאַסטן פּאַראויס, ווי ס׳פּאַסט פאַרן אויסגעדינטן סאָלדאַט, דעם „יעפרעיטער״, וואָס האָט אהיים געבראַכט עטלעכע הונדערט קערבלעך נאָכן אויסדינען די דריי יאָריקע דינסט אין יעקאַטע־רינאָסלאַוו ווי דער ערשטער שניידער־מייסטער אינם פּאָלק זיינעם. מיט אים איז געווען זיין כלה, פייגעלע, פון זיין וואוקס, מיט אַ קאָפּ געלע לאָקן, מיט אַ קיילעכדיק, ווייס־ראָזעווען פּנים און זומער שפּרענקלעך אַרום איר פּאַרריסן נעזל. זי איז געווען אַ דיקלעכע, מיט שטייפע בריסטן.

מיט זיי איז מיטגעקומען איר שוועסטערל צלאָווע, אַ שלאַנקע, קוועקזיל־בערדיקע מיט צוויי לאַנגע בלאָנדע צעפּ, וואָס דערגרייכן אַזש צו איר טאַליע, דער דינער. נאָכן קושן זיך און אָפּפרייען זיך און אויספרעגן איבער אַלץ וואָס ס׳הערט זיך אינדערהיים אין אָסטראָווצע און אין וויערזשבניק, זיינען אַלע אַריין אין אַ דראָזשקע, וואו צלאָווע און פּנחסל האָבן זיך געזעצט אויף די שויסן פונם פּעטער יעקל און דער כלה. זי, צלאָווע האָט געשטופּט זיך צו אים, פּנחס׳לען, מיט אירע פיסלעך, די וואַרימע. מיט איר גרויס־שטאָטישער פאַר־שייטקייט, האָט זי באַקוקט זיין בלייך פּנים מיט די גרויסע, פייערדיקע, ברוינע אויגן, מיט די שאַטינע, געקרויזלטע, לאַנגע פּאות. מיט אירע לאַנגע, ווייסע הענטלעך האָט זי געכאַפּט זיינס אַ פּאה און געשפּילט זיך. מיט גרויס צערט־לעכקייט האָט זי אים דערביי אָנגעזאָגט, אַז פאַר דער צייט, וואָס ער וועט זיין אין לאָדזש, זאָל ער זיי פאַרשטעקן אונטערן קאַשקעטל, ווייל די ווייבער, אויפן באַלוט, וואו זיי וואוינען, וועלן מאַכן חוזק פון אים.

פּנחסל האָט געהערט זיין האַרץ קלאַפּן. די גוטע, קלוגע שטיפּמוטער זיינע, דאָכע, זעענדיק פּנחסלען אַ פאַרדרויטלטן, האַלב פאַרשעמטן, האָט געזאָגט צו

צלאַווען, וועלכע איז כמעט געווען זיין עלטער, אין דעם זעכצנטן יאָר, אַז פנחסל וועט זיינע פיאות נישט פאַרשטעקן, מחמת ער וועט אַמאָל זיין דער גרעסטער רב אין פוילן.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין אַ גאָר־שיינעם זאַל אַרום דער פּיטער־קאָווער גאַס. משהל און פנחסל זיינען געווען אָנגעטאָן אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט זיידענע גאַרטלען. אַלע מחותנים, אַלט און יונג, האָבן געטראָגן געהאַקטע, שוואַרצע קאַפּאָטעס און קליינע קאַשקעטן; אייניקע מיט שוואַרצע סורדוטן, מיט זיידענע קלאַפּעס, מיט ווייסע, געפּרעסטע העמדער, מיט שטייפע, ווייסע קאָלנערס און ווייסע מאַנזשעטן.

דאָבע איז געקומען אין איר שוואַרצן, סאַמעטענעם קלייד. איר בלאָנד שייטל איז געווען פאַרקעמט מיט אַ שדינט אינדערמיט. זי האָט זיך באַהאָנגען מיט צירונג ווי אַ טיולע. איר דימענטענע שפּילקע, אינם שייטל פאַרשטעקט, האָט געמיניעט מיט די קאָלירן פון די עלעקטרישע לאָמפּן און קרישטאָלענע זשיראַנדאָלן, וואָס זיינען פונם הויכן סופיט אַראָפּגעהאָנגען. דאָ איז שוין אָבער געווען אַן אַנדערע וועלט:

די כלה איז געווען אויסגעצירט אין אַ ווייס־זיידן קלייד מיט אַ לאַנגער שלעפּע.

דער חתן האָט געטראָגן אַ קורצן סורדוט, געהאַט אַ פריש־געגאָלט פּנים מיט פאַרדרייטע וואָנצן, מיט אַ שוואַרצן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ.

די יונגע מיידלעך האָבן געטראָגן לאַנגע, זיידענע קליידער, סאַמעטענע, און זיידענע סטענגעס אין די האָר. טייל — מיט דעקאָלטירטע האַלז־אויסשניטן ביז צו די בריסטן. די מוזיק האָט געשפּילט און מענער און פרויען האָבן זיך באַוועגט אין ריטמישע וואַלצן. צלאַווע, אויסגעפּוצט אין אַ ראָזעווען קליידל, מיט אַ ווייס בלימל איבער אירע גאָלדענע צעפּ, האָט געשוועבט ווי אַ סאַרנע איבערן זאַל, געהאָלפן איר מוטער און די סאַרוועדס מכבד זיין די געסט מיט פאַרשיידענע ליקערן און טאָרטן. מ׳האָט געטרונקען לחיים און געוואונטשן זיך צו האָבן נחת פון די קינדער.

פנחסל איז געשטאַנען אַ געפּלעפּטער, אַ פאַרגאַפטער, מיט צעעפנטע אויגן אויף דער נייער, פאַר אים אַנטפּלעקטער וועלט. ער האָט געפּרוּווט אָפּ־צואווענדן זיינע בליקן פון צלאַווען, אָבער וואָס מער ער האָט עס פּרובירט, אַלץ מער האָט זי אים געצויגן ווי אַ מאַגנעט. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ווען זי האָט אים געבערענגט אַ שטיקל טאָרט, מיט אַ ביסל זיסן ליקער, איז ביי אים דאָס גלעזל פון האַנט אַרויסגעפאַלן און באַשפּריצט דאָס קליידל, בעת זי איז אַפּגעשפּרונגען פון אים.

נאָך דער חופּה, ווען דער חתן צעברעכט דאָס גלאָז מיטן פוס, און אַלע שרייען „מזל טוב" און מען צעקושט זיך האַלב ווײַנענדיק פון פרייד, פונם נחת דעם דערלעבטן, האָט די קאַפּעליע אויסגעשפּילט אַ „פריילעכס" און אַלע האָבן געטאַנצט אין רעדלעך. די קעכין איז אַריין מיט דער אויפגעהויבענער גע־פלאָכטענער חלה, די בדחנטע, די גלאַנצנדיקע אינמיטן ראָד אַריין, ווען פון אַלע רעדלעך איז איין גרויס ראָד געוואָרן איבערן גאַנצן פּרעכטיקן זאַל; צלאָווע, אַריינציענדיק פּנחסלען אין טאַנץ האָט אים געהאַלטן שטיף מיט איר האַנט; און ער אַ צעפּלאָמטער, וואָס ווייס נישט אויף וועלכער וועלט ער איז, האָט געהויבן זיינע יונגע פיסלעך אין טאַקט מיט צלאָוועס.

דאָס מיטנאַכטיקע עסן, די סעודה פון כל־טוב, מיט דער גילדענער יויך, האָבן דערלאַנגט אויסגעפּוצטע סאַרווערס, און נישט, ווי אין אַסטראָווצע דער שול־שמש שמאילע. און דער מאַרשאַלעק, ווי מען פלעגט רופן דעם בדחן, איז אויך געווען פון אַן אַנדער שניט — נישט דער לוסטיקער תלמיד חכם, וואָס האָט קונציק געוואָרפן מיט פסוקים און וויציק זיי אויסגעטייטשט, פעפערדיק אַריינגעזאָגט, אַז ס'איז דערגאַנגען ביז אין דער זיבעטער ריפּ אַריין, פון וואָס אַלע האָבן גרויס הנאה געהאַט פונם שטראָפן דורך געלעכטער. דער לאָדזשער מאַרשאַלעק איז געווען אַ יונגער צוציק אָן פאות, אַ געפּוצטער פּאַצעט, אַ מין טעאַטער־אַקטיאָר.

ביים באַדעקן די כלה, האָט ער ווי דער שטייגער אינם אַלטן נוסח גע־מאַכט אַלעמען צום וויינען — דער עיקר די ווייבער האָבן געכליפּעט ווי די ביבערס. אָבער ביים טיש האָט ער זיך פאַרשטעלט און אויסגעלאַכט די כניאָקעס, די חסידים. ער האָט פאַרגעשטעלט אַ קליין שטעטלדיקן רב, וואָס ווערט אַנדרימלט ביי אַן אָפענער גמרא. און איינער, וואָס האָט געהערט צו אַן אַנדער כיתה חסידים — זיי האָבן געפירט די מחלוקת מיטן רב, ווייל די בעלי־מלאכות האָבן אים אַריבערגעבראַכט אַלס דעם ליפּסקער רבינס איידים, און דער ליפּסקער רבי איז געווען דער רבי פון די בעלי־מלאכות — האָט זיך אונטערגע'גנב'עט מיט אַ שאַרפער שער און אים אָפּגעשוירן די ביידע פאות זיינע און זיי געלאָזט ליגן אויף די אָפענע בלעטער פון דער גמרא. אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען די שוואַרצע לאָקן פאַר זיינע אויגן, און האָט זיי אין טיפן פיין דערקענט אַלס זיינע פיאות, האָט ער אימה'דיק, מיט איינגעהאַלטענעם געשריי אויסגערופן:

— גאָטעניו, זיי מוחל דעם רשע פאַרן שניידן די הדרת'דיקע שטיקער פון מיין גוף!

אַז ער איז אַהיימגעקומען צו זיין ווייב שרה'לען וואָס האָט געצויגן איר יחוס ביז צום „איד הקדוש", האָט זי זיך איינגעהאַלטן פון וויינען, כדי אים,

איר מאַן, נישט מצער צו זיין. גע זאָגט האָט זי, אַז מען מוז אָננעמען די יסורים באהבה, און אים געטרייסט, אַז ס׳זאָל זיין אַן אָפּקומעניש פאַר וועלכע ניט איז זינד. זי האָט אים צוגעקלעפּט די פאות צום סאַמעטענעם קאַפּל זיינעם און אַזוי האָט ער זיי געטראָגן ביז ס׳זיינען אָנגעוואַקסן ביידע פּיאות.

דאָס האָט טאַקע געטראָפן מיטן טאַרלער רבין. אָבער דער מאַרשאַליק האָט די פּאַסירונג חוזק׳דיק פאַרגעשטעלט אויף אַזאַ אופן: „... בעת דער רב,ביים דאַווענען מיט גרויס התלהבות, צעשאָקלט זיך, פאַרגייט זיך אין פאַרגעסנ־קייט, דרייט זיך אויס דאָס קאַפּל זיינס און איין פּיאה בלייבט אים הענגען אינדערמיט פון זיין נאָז״.

אַלע היינטוועלטיקע ביים טיש האָבן געקוואַלן און געלאַכט, אָבער משהל, דער אַמאָליקער ליפּסקער חסיד, וואָס האָט געקענט דעם טאַרלער רב, ר׳ שלמה־לע האָט מיטגעפילט דעם צער זיינעם און האָט נישט געלאַכט. ער האָט אָבער איינגעהאַלטן זיין פאַרדרוס און טיפן צער.

ער האָט בלויז געזאָגט דעם לאָדזשער מחותן, אַז ס׳איז צייט אויסצורופן דרשה־געשאַנק. ביים אויסרופן דאָס דרשה־געשאַנק דורכן מאַרשאַליק, האָט ער יעדן באַטיטלט מיט גרויס איבערטרייבונג, ווי אַ שטייגער: „דער אַסטראָווצער מחותן פון חתנ׳ס צד, דער גביר אדיר און תלמיד חכם, דער גרויסער מפורסם בכל פינת פוילן גיט דרשה־געשאַנק כך וכך״. און ס׳איז געפאַלן דרשה־געשאַנק אין אַ טעלער אָדער אין אַ זילבער טעצל — קערבלעך און האַלבע קערבלעך, זילבערנע בעכער און אַ פּאָר געזילבערטע לייכטער פון דער כלהס צד, פון איר פאָטער און מוטער.

נאָכן בענטשן און זאָגן די שבע־ברכות האָט מען ערשט רעכט זיך צעטאַנצט ביז צום מצוה־טענצל, ווען דער מאַרשאַליק האָט מכבד געווען יעדן פון די מחותנים מיט אַ גלעזל בראַנפן און לעקעך, נאָכדעם ווי זיי האָבן אָנגערירט דעם עק פון דעם ווייסן פאַטשיילעכל, וואָס די כלה האָט צנועה־דיק געהאַלטן ביים אַנדערן עק. מ׳האָט זיך אַזוי לאַנגזאַם געדרייט אין אַ רעדל דריי מאָל און באַלד האָבן אַלע אין אַ גרויסער ראָד פריידיק גע־זונגען „אין כאלוקינו״... ס׳איז שוין געווען פאַרטאָג. ס׳האָט שוין דורך די פענצטער די לאַנגע, אַריינגעשאַרעיעט אַ טונקל־בלויע ליכטיקייט, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט דער העלער ליכט פונם זאַל.

אַזוי האָפּקענדיק, זינגענדיק צום צענטן מאָל, שוין האַלב מידע, דעם „אין כאלקינו״, געטאַנצט אין אַ גרויס ראָד, מיטן חתן און דער כלה אינדערמיט פונם ראָד, באַגלייט פונם ניגון, וואָס הויבט זיך אָן אין די ערשטע שורות ווי אין אַ געבעט; ביים צווייטן פּסוק „מי כמלכינו״ זינגט מען שוין ווי אַ פראַגע (?)

און דער ניגון פאַרענדיקט זיך מיט אַ זיכערקייט, בעת מען קלאַפּט צו דריי מאָל מיט די פיס, און ווידער לויפט מען אין דעם ראָד אַרום.

דערביי האָט מען שטיל אַרויסגעגנבעט די חתן־כלה אַוועקגעפירט זיי אין אַן אַלקער ביי אַ שכן, וואו ס'איז שוין פון פריער צוגעגרייט אַ בעט מיט הויכע פעדערנע קישנס, מיט נייע, ווייסע ווי שניי איבערצוגן, מיט שיינע שפּיצן, וואָס די כלה האָט געהאָפטן.

די לאָדזשער מחותנים האָבן זיך געזעגנט מיט פאַרשיידענע ווינטשן און אַוועק אַהיים. די פרעמדע מחותנים, ווי משהל און די אַנדערע, זיינען אַוועק שלאָפן די עטלעכע שעה צום מחותן, ר' יצחק, דער כלהס פאָטער, אויפן באַלוט. די עלטערע האָבן זיך געלייגט זאַלבעדריט אין די פּאַראַנענע בעטן. פאַר די אינגערע האָט מען אויסגעבעט אויפן דיל אַ גרויס געלעגער, וואו מ'האָט אונטערגעלייגט עטלעכע קאָלדרעס. נאָכן אָפּפלוידערן אַביסל וועגן דער שיינער חתונה, זיינען אַלע אַוועקגעפאַלן טויט־מידע אין אַ זיסן שלאָף.

מ'האָט זיך אַזוי צעלייגט אויפן דיל, אַז פּנחס'לען איז אויסגעקומען צו ליגן לעבן צלאַווען. ער האָט דערפילט איר וואַרעמען גוף. די בלאָנד־גאָלדענע האָר פון אירע צעפּ וואָס זי האָט פאַנאַדערגעלאָזט פאַרן שלאָפן גיין, האָבן פּנחסלען פאַרשכורט מיט זייער זעלטענעם אַראָמאַט. דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערפילט אַזאַ מין זיסע נאָענטקייט און אַ מאָדנע וואַרעמקייט האָט געררישט אין אַלע זיינע גלידער.

דאָס האַרץ האָט האַסטיק געזעצט און ער האָט אַליין נישט געוואוסט, וויאַזוי און ווען ער האָט אַריינגענומען אירס אַ לאָק און אים אָפּגעביסן מיט זיינע שאַרפע ציין. דאָס האָט אים נאָך מער צעפּיבערט און נישט־וויסנדיק אַליין וואָס ער טוט האָט ער זיך איינגעביסן אין איר ווייסן, קיילעכדיקן אַקסל. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ מוראדיקן געשריי: מאַמע! און אַלע האָבן זיך אויפ־געכאַפּט. צלאַווע האָט אַלעמען געוויזן די סימנים אויפן אַקסל, וואו עס האָבן זיך געררויטלט די צייכנס פון פּנחסלעס ציין.

אַלע זיינען דערשטוינט געוואָרן און משהל איז געבליבן זיצן אויף דעם בעט אַ פאַרשעמטער, אַ דערשלאָגענער. נאָר דאָכע, זיין גוטע שטיפמוטער האָט געפּליסטערט, אַז ס'איז אַזאַ בייזער חלום נאָר. אַלע אויגן, בייסיקע ווי שפּיזן האָבן זיך געווענדט צו פּנחסלען, דעם ווילדן חוטא מיט די לאַנגע פּיאות.

אין דער מינוט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר, האָט ער זיך אָנגעטאָן זיינע בגדים שנעל, ווי אַ פייל פון בויגן, דעם אָפּגעביסענעם גאָרשט האָר באַהאַלטן אינסטינקטיוו אין זיין בוזים־קעשענע, און אַרויסגעלאָפן פונם הויז, ווי אַ געטריבענער, קרעציקער הונט. זיין צעפלאַמטער גוף און די אויגן, די ברענענדיקע האָבן זיך געקילט אין דער פרישער מאָרגן־לופט. אַ סך מענטשן

אין אַרבעטס־קליידער, האָבן געשטראָמט מיט פעקלעך עסנוואַרג אונטער זייערע אָרעמס. די טראַמווייען, די עלעקטרישע, האָבן געקלאַפּט און געזשומט. די באַכטיקע לאָמפּן האָבן זיך גענומען לעשן און די פאַבריקן־סידענעס האָבן אָנגעהויבן פייפן. ווי אַ צעמישטער האָט ער געבלאָנדזשעט גאַס־איין גאַס־אויס אָן וועלכן ס׳איז ציל, ביז ער איז אָנגעקומען אויף פעטריקאַווער גאַס.

דערזענדיק אַז מ׳קוקט אים נאָך, האָט ער געכאַפּט די צוויי פּיאות זיינע און זיי פאַרשטעקט אונטערן קאַשקעטל. ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ וויכוח מיט זיך איבער דעם וואָס איז געשען מיט צלאַווען, און געקומען צום אויספיר, אַז נאָך אַלעמען איז דאָס גאָרנישט קיין פאַרברעכן. וואָס איז? פאַר גאָט האָט ער מער קיין מורא נישט. און אפילו אויב יאָ, איז דאָס דאָך נישט געטאָן געוואָרן במזיד — אויסגערעכנט פון פריער, נאָר בשוגג — געטריבן פון אַ ווילדן יצר־הרע, פון אַן איבערמאַכט, און ער קאָן זיך אַפילו נישט אָפּגעבן קיין קלאָרן חשבון, ווי אַזוי דאָס איז געשען. ער געדענקט נאָר, אַז בעת׳ן בייסן האָט ער געפילט אַ גרויסן תענוג. אָבער דאָס בייסן אַ מענטשן איז דאָך נישט מענטשלעך — איז ווער האָט אים געשטופּט צו דעם?

נאָך אַ סך טראַכטן — דערהויפּט ווי וועט ער קאָנען קוקן זיין געליבטן טאַטן אין די אויגן אַריין? — האָט אים געפּייניקט דער צער, וואָס ער האָט מיט זיין ווילדקייט דעם טאַטן פאַרשאַפט. איז אפשר זאָל ער בעסער מער אינגאַנצן זיך נישט ווייזן פאַר זיינע אויגן, נאָר זאָל זיך אָנגעבן ערגעץ פאַר אַ לערן־אינגל פאַרן בלויזן עסן, דאָ אין לאָדזש, ביי וועלכער ס׳איז מלאכה? שפּעטער וועט ער שרייבן דעם טאַטן און ביי אים בעטן מחילה. און אַז ער וועט אַרויס פון דער לערע, און וועט שוין פאַרדינען, וועט ער זיך אָנטאָן ווי אַ פּאַצעט און זיך באַווייזן פאַר איר, צלאַווען, אַן אויסגעפּוצטער אין אַ זומערדיקן שבת, מיט אַ זילבערנעם שטעקן אין דער האַנט, ווי די פּאַצעטלעך, וואָס שפּאַצירן דאָ פאַרביי, געאָרעמט מיט זייערע לאַכנדיקע מיידלעך. ביז דעמאָלט וועט שוין דער ביס זיין אַ פאַרהיילטער. צלאַווע וועט אים זיכער פאַרגעבן און ער וועט זי נעמען פאַר אַ כלה.

באַלד אָבער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט גאָר אַ תקיעת־כף געגעבן זיין חבר נחמנ׳ען, אַז ביידע זאָלן גאָר פאָרן קיין וואַרשע. פריער דאַרף פאָרן נחמן, שפּעטער ער, פּנחס, נאָכדעם ווי נחמן וועט אים שרייבן ווען צו קו־מען אין דער נייער האַנטווערקער־שול, געגרינדעט פונם אידישן באַנקיר וואַ־ועלבערגן, וואָס אַז מען לערנט זיך פלייסיק, קאָן מען דאָרטן אַפילו ווערן אַן אינזשינער. ער וועט דעריבער זיין תקיעת־כף נישט ברעכן. האָט ער באַשלאָסן צו שטיין ביים וואָקזאַל און אָפּוואַרטן זיין טאַטן מיט זיין מומען, וואָס וועלן דאָך זיכער היינט אַהיימפאָרן. ער וועט וואַרטן ביז ביינאַכט, ווען דער צוג גייט

אָפּ קיין אַסטראָווצע. און אויב זיי בלייבן דאָ, וועט ער זיך לייגן אונטער דער באַנק, איינקאָרטשען די פיסלעך זיינע, דער קאָנדוקטאָר זאָל אים נישט פּאַקן.

משה׳ל מיט דאָכע׳ן האָבן זיך אָנגעטאָן. פּנחס׳לס טאַטע האָט זייער שטאַרק געוויינט ביים דאַוונען. דאָס אָנבייסן מיטן גלעזל בראָנפן מיט לעקעך, וואָס איז געבליבן פון דער חתונה און מיט וואָס די מחותנית׳טע האָט אים מכבד געווען, האָט ער אפילו נישט טועם געווען. זי, דאָכע, נאָך דער ברכה, האָט געטרונקען דאָס טעפּעלע ציקאָריע און פאַרפירט אַ שמועס מיטן צוועק צו פאַרגלעטן די גאַנצע מעשה.

— כ׳ווייס נישט פאַר וואָס מ׳דאַרף זיך נעמען אַזוי צום האַרצן. ער איז דאָך נאָך אַ קינד, אַ שניעק. מ׳האָט אים איינגאַנצן נישט געדאַרפט מיטנעמען אין אַזאַ שטאָט, אַ פאַרריסענער. די נייעסן דאָ האָבן אים דעם קאָפּ פאַרדרייט. וועסט זען, אַז ער וועט צורוקקומען אַהיים, זיך אומקערן אין בית־המדרש אַריין און ווייטער לערנען „יאַקבי ניגדי ניץ", ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. און דו, צלאַוועלע קרוין, פאַרדעק אויך דיינע שיינע אַקסל און „יאַקבי ניגדי ניץ".

צלאַווע האָט געלאַכט מיט אירע, ווי מילך, ווייסע ציינדלעך, און געזאָגט:

— מחותנית׳טע, כ׳וועל מיך איבערטאָן אין אַן אַנדער קליידל און גיין אים אָפּזוכן, פּנחס׳לען. כ׳קאָן יעדעס ווינקל פון אונזער שטאָט. כ׳וועל אים גלייך אַהערברענגען — אָבער נאָר אויפן באַדינג, אַז דער מחותן, ר׳ משהל, זאָל אַ שמייכל טאָן און גיין עסן דאָס אָנבייסן.

ווען משהל האָט זיך געוואַשן די הענט און געזאָגט דעם על־נטילת־ידים, איז שוין צלאַווע געווען אויף דער אַנדערער זייט טיר. נאָכן אַרומלויפן שעהן־לאַנג אין אַלע געסלעך אַרום, מיט אַ פיבערדיקער, אימפּעטדיקער, מיידלשער פאַרליבטקייט, האָט זי אים דערשנאַפּט, אַרומשלייכנדיק אַרום וואָקזאַל, פאַרטראַכט, פאַרבענקט. ער האָט זי נישט באַמערקט, ביז זי איז צו אים צוגעלאָפן, אַ שטראַלנדיקע, מיט אירע אַרונטערגעלאָזטע אויגן, מיט אַ שטילן „גוט־מאָרגן". זי האָט אים געזאָגט, אַז ס׳איז שוין צייט אַהיימצוגיין עסן מיטאָג, ווייל אַלע וואַרטן אויף אים. דער טאַטעשי און די מומעשי האָבן זי געשיקט אים אויפזוכן. באַרירנדיק אים מיט איר האַנט, און אויפהויבנדיק אירע אויגן האָט זי באַמערקט אַז די פּיאות זיינע זיינען פאַרשטעקט אונטערן קאַשקעטל זיינעם און געזאָגט צו אים:

— זעסט, פּנחס׳ל, דאָרט אין יוּאוועליר־געשעפט, איז דאָ אַ גרויסער שפּיגל אינעם שוי־פענצטער, — וועסטו זען ווי ס׳פּאַסט דיר אָן די פּיאות.

זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט ליבלעך ווי אַ שוועסטער, און גע־פירט אים צום פענצטער. ביידע האָבן זיך געשפּיגלט מיט יוגנטלעכער פרייד

אַזוי ווי קינדער. זי האָט פאַרגעסן פון איר היים ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן און זיי האָבן דערזען פונדערווייטנס ווי דער טאַטע מיט דער מומען קומען אָן צו דער באַן.

ביידע זיינען זיי אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּלעך. ער, פּנחסל, שטיל אָן אַ וואָרט אויסצורײדן. זי ווידער האָט געמורמלט:

— מחותנתטע, איר וועט מיר פאַרגעבן, וואָס איך האָב אים באַלד נישט אַהיימגעברענגט. ער האָט פריער נישט געוואָלט גיין ביז איך האָב אים איבערגערעדט.

זי האָט זיך שנעל געזעגנט זאָגנדיק, אַז די מוטער אירע מוז זי שוין אַרומזוכן אין אַלע הייזער.

אַהיימקומענדיק קיין אָסטראָווצע איז פּנחסל אַוועק מיטן תּפילין־זעקל, געמאַכט פון רויטן פּליוש, אין בית־המדרש אַריין. פאַרזונקען אין טיפע מחשבות האָט ער געגלעט די תּפילין מיט די רצועות צוזאַמען מיט די צוויי פּערלמוטערנע קנעפּלעך פונם תּפילין־זעקל. ער האָט געפילט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ מחוצה צווישן אים און די תּפילין, וואָס זיינען געווען זיין הייליקטום. ער פלעגט קושן דעם של־יד און דעם של־ראש, האַלטנדיק מיט דער לינקער האַנט די רצועה און דעם פאַרבויגענעם פינגער, וואָס האָט פאַרמירט דעם „שדי״. ער האָט געפילט ווי אַ רחמנות אויף די תּפילין, וואָס ער האָט זיי שוין פאַרלאָזט זינט זיין באַגעגעניש מיטן חבר זיינעם, נחמן.

און אַזוי גלעטנדיק דאָס תּפילין־זעקל, ווי ער האָט מיט צוויי נעכט צוריק געגלעט דעם בלאָנדן קאָפּ פון צלאַווען, האָט ער זיך אַריינגעשלייכט אינם אַלטן בית־המדרש אַריין, אַוועקגעזעצט זיך נישט ווייט פון ר׳ פישלען, דעם קליינעם מלמד מיטן שוואַרצן ציגן־בערדל, אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ ביים טיש, לעבן זיין חבר נחמן.

ער האָט אים שטילערהייט דערציילט די פּאַסירונגען אין לאָדזש, וואָס האָט אים ממש פאַרבלענדט, און אויך די שרעקלעכע פּאַסירונגען מיט צלאַווע׳ן, וואָס ער ווייסט נישט פון וואָס און פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען; ווי אויך פון דער בושה זיינער, און ספּעציעל פון זיין אַנגעוויטאַקט האַרץ דורכן מבייש זיין דעם געליבטן טאַטן זיינעם מיטן אַנטאָן אים אַזויפיל עגמת־נפש.

דערביי האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון זיין בוזעם־קעשענע דאָס שטיקל פונם בלאָנדן לאָק האָר און געוויזן עס נחמנען אונטער דער אָפענער גמרא. ביידע האָבן עס באַטראַכט זייער ערנסט. נחמן האָט עס באַרירט מיט זיינע פינגער, מיט אינגליש־צערטלעכער נייגעריקייט און דערפילט אַ זיידענע גלאַטקייט.

פּנחסל האָט אַראָפּגעבויגן זיין קאָפּ נאָענט צו זיינע קני און געקושט די האָר מיט אַ טיפן, הייליקן געפיל.

זיי האָבן נאָכאַמאָל איבערגעשמועסט זייער פּלאַן וועגן פאַרלאָזן דאָס בית־המדרש און פאָרן קיין וואַרשע. נחמן האָט אים געוויזן אַ בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן, אַז מען נעמט אים אָן אין דער האַנטווערקער־שול אויפן נייעם זמן, גלייך נאָך די יום־טובים. ער האָט פאַרזיכערט פּנחסלען, אַז ער וועט אים באַלד שרייבן, און ער מעג זיך אויך נעמען גרייטן צו דער רייזע קיין וואַרשע.

ביידע מיט פאַרפלאַמטע באַקן און פיבערדיקע אויגן האָבן צוגעמאַכט די גמרות, וואָס זיינען זיי געווען אַזוי לאַנג ליב און אייגן, ווי פרישע, שמעקעוודי־קע קוואַלן. זיי האָבן דאָך פון דאָרט געשעפּט אַזויפיל חכמה, וואָס האָט זיי געבראַכט צו התרוממות הנפש. זיי האָבע געפילט, ווי עפּעס אַ נישט־גוטער טרייבט זיי ווי מיט בייטשן אַוועק פון דאַנען, פון זייערע ביז איצטיקע הייליקייטן, צו נייע געחלומטע וועלטן, פאַרהוילענע, געגאַרטע, נאָך נישט געאַנטע. אַ זיסע בענקשאַפט האָט זיי געלאָקט צום שימערירנדיקן ליכט פון וואונדער־לעכע מיראַזשן, וואָס נאָר יונגוואַרג ווי זיי, וועלכע לעבן אין געצעלטן פון איי־ביקע, הייליקע, געטלעכע בענקשאַפטן זיינען מסוגל צו דעם.

זיי זיינען ביידע אַוועק פאַרטראַכטע צום שמאָלן טייכל, זיך אויסגעטאָן און האַסטיק אַריינגעשפּרונגען שווימען ביז צום אַנדערן ברעג. דערפרישטע האָבן זיי געקוקט אויף די גרינע פעלדער: גלייכע, סימעטרישע בייטן פון קרויט מיט די פאַרוויקלטע קעפּ, ווי די פּוילישע פּויערטעס מיט זייערע גרינע פאַטשיילעס; הויכע ווייצן־ און קאָרנפעלדער, וואָס ציען זיך ווייט אַוועק ביזן האָריזאָנט, וואו ס׳מיניעט זיך די בלאָקייט פונם הימל מיט דער גאָלדי־קייט פון די פעלדער; אָט פאַשען זיך געל־ווייסע קי מיט זייערע יונגע קעל־בער, וואָס מו־ו־קען אַריין אינם גרויסן חלל אַרום; פערד מיט לאַשעקלעך, רויט־ברוינע, וואָס לויפן אַרום לעבן דעם וואַלד, אַרום באַרג, מיט פריידיקע געזעטיקטע געהירזשן.

פונדערווייטנס סטאַרטשען אַרויס די הויכע, געל־ציגלדיקע קוימענס פון דער קלימקאָוויטשער אייזן־פאַבריק, וואו די רויכן, די שוואַרצע, ציען זיך ווי שמאָלע וואָלקנס אַרויף צום הימל.

נחמן האָט דערציילט פּנחסלען, אַז ס׳זעצט פון דאָרטן נישט נאָר אַ רויך פון די קוימנס — עס זעצט פון דאָרטן אויך אַ פייער פון מענטשלעכער אומ־צופרידנקייט פון די פערצן טויזנט פאַבריק־אַרבעטער, וואָס אַרבעטן צו צוועלף שעה א טאָג אין צוויי שיכטן, בייטאָג און ביינאַכט, ביי די אויוונס אין די אייזן־גיסערייען. די אַרבעטער האָבן ביי זייער לעצטער ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַ־ציע מיט רויטע פאָנען אויפן שאָסיי, געטראָגן אויך פּלאַקאַטן מיט די פאָדערונ־

גען פון אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און פוילנס באַפרייאונג פון די „מאָס־קאַלעס".

ביים אָנטאָן זיך האָט נחמן אַרויסגעשלעפּט אַ אידישע פּראָקלאַמאַציע, וואָס עס האָט איבערגעלאָזט אַ דורכפאָרער אין זייער אכסניא. אין דעם פלוג־בלעטל רופט מען די אַרבעטער צו רעוואָלט קעגן רוסישן צאַריזם און קעגן די קאַפּיטאַליסטישע בלוט־זויגערס. ס'ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „עס לעבע די רעוואָלוציע! נידער מיטן צאַריזם!" און זי איז אונטערגע־שריבן: „דער בונד פון אידישע אַרבעטער אין ליטע, פוילן און רייסן".

פּנחסל האָט מסכים געווען מיטן גאַנצן האַרצן צו די פייערדיקע ווערטער און ער האָט געטראַכט: פאַרוואָס זאָל מען שוין נישט אין איין גאַנג מיטן אַראָפּוואַרפן דעם צאַר אויך באַפרייען פוילן?

אָבער קיין סוד איז נישט מעגלעך געווען צו האַלטן. באַלד האָט מען זיך גענומען שושקען וועגן אים אין בית־המדרש, אַז ער לערנט מער נישט מיט קיינעם קיין שיעורים, ווייל מער נישט לערנען מיט ר' בערישל־אָשרס. ער קומט נישט מער פאַרטאָג אין בית־המדרש אַריין. אַמאָל נעמט ער אַרויס אַ ביכל פון דער קעשענע, אויף לשון־קודש, אָדער אויף אידיש, לייגט דאָס אַוועק אויף די אָפענע גמרא־בלעטער און שלינגט די בלעטלעך, די דינע פון די ביכלעך מיט דערזעלבער התמדה, ווי ער פלעגט עס פריער טאָן מיט אַ חושן־משפט.

ביז צוויי פון זיינע חברים האָבן געפרעגט ביי אים, וואָס ער זוברעוועט אַזוי דאָרט אין די ביכלעך. פּנחסל האָט זיך נישט געפוילט און פאַר זיי אַרויס־געלייגט די אפיקורסות ווי אויף טעלערלעך. מיט ברען און היץ האָט ער זיך פאַרגעסן וואו ער איז אין דער וועלט. זיי זיינען דערפון אויפגעציטערט געוואָרן. צוליב זיין ריידן על ה' ועל משיחו האָבן זיי זיך פון אים דערווייטערט אַזויווי ער וואָלט געלעגן אין אַ שטילן חרם. דאָס האָט אים נאָך מער צערייצט. דאָס יונגע בלוט האָט אין אים געקאָכט און מעשה להכעיס האָט ער גענומען אויסטייטשן פּסוקים אויף אַן אפיקורסישן שטייגער...

ר' פישעלע נישט קאָנענדיק שוין סובל זיין דאָס הערן פונדערווייטנס זיינע לעסטערנדיקע רייד — ער האָט אויך מורא געהאַט, אַז די רייד זאָלן נישט אָנשטעקן זיינע פיר תלמידים — איז ער אַוועק מיט זיי פון זיין אַלטן ווינקל צו אַן אַנדער טיש. ער האָט עס אויך דערציילט ר' אלי קריצער, פּנחס'לס לעצטער מלמד.

קריצער איז געווען שטאָלץ מיט זיין תלמיד פּנחסל, געלייגט אויף אים די גרעסטע האָפענונגען, אַז ער וועט זיין אַ גאון און גדול־בישראל. דעם נאָמען קריצער האָט ער באַקומען צוליב זיין טענהן, אַז מ'דאַרף לערנען די

תורה מיט די תלמידים נישט נאָר לשמה, מיט התמדה און ברען, נאָר מ׳מוז די ווערטער אַריינקריצן אין זייערע יונגע הערצער, און אַז דאָס קאָן מען דערגרייכן נאָר דורך חבר׳שאַפט מיט די תלמידים אויך נאָכן לערנען.

ר׳ פישעלען האָט זיך דאָס געלייגט אויפן שכל. ער פלעגט דעריבער אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן גיין צום „ברייטן שטיקעלע״, ווי מען פלעגט רופן דעם שמאָלן פלוס, דעם געשלענגלטן, וואו אין איין אָרט, ביי אַן אויס־בויג־ווינקל, איז דער פלוס געווען ברייטער ווי אומעטום. דאָרט פלעגט ער שווימען צוגלייך מיט די תלמידים, געווען פון די ערשטע צו שווימען שטייענ־דיק ביזן אַנדערן ברעג. חבר׳יש פלעגט ער דערנאָך, ביים צוריקגיין צו מנחה, ריידן דברי־תורה מיט זיינע תלמידים.

ר׳ אלי קריצער איז געגאַנגען נאָך ווייטער פון אים. ער פלעגט גיין אין די נאָכמיטאָגן, זומער און ווינטער, אויף לאַנגע שפּאַצירן מיט זיינע תלמידים. אַליין אַ הויכער, אַ קרעפטיקער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט געדיכ־טע, שוואַרצע, געקרייזלטע האָר און פיאות און שיינער באָרד, האָט ער באַ־וואונדערט יעדן שיינעם בוים און די שיינע לאַנקעס אַרום. ער פלעגט זיך אָפּ־שטעלן האַרבסט־צייט ביים „ברייטן שטיקל״, אַרום דעם שיינעם, דינעם ביימל, אויסגעבויגן ווי אַ מענטשלעכע קני, באַוואַקסן מיט רויטע פויגל־בערעלעך, ווי שיינע, געשליפענע קאָראַלן, ווי ביי אַנדערע אויסטערלישע, שיינע געוויקסן. מיט גרויס התפעלות פלעגט ער דערביי ריידן וועגן גאָטס־שאַפונגען, די הערלעכע; אָנווייזן אויף די ווילדע, בערגיקע סקאַלעס אַרום, אַז דאָס איז איין אחד פונם גרויסן האָר, דעם מלא כל הארץ כבודו; אַז פונקט ווי גאָט ברוך הוא האָט אויסגעקריצט זיין שיינקייט און גרויסקייט אין די בערג און אין די טאָלן, אַזוי דאַרף יעדער איד, דורך תורה, תפילה און מעשים־טובים אַריינקריצן אין זיין נשמה די אַלע תפארתן און אַזוי אַרום דערגיין צום זיו השכינה.

פנחסל, וואָס האָט ביי אים געלערנט ביז מיט צוויי יאָר צוריק, האָט אים אַמאָל געפרעגט:

—רבי, ס׳טייטש, ס׳שטייט דאָך אין פרק אבות, אַז מען טאָר נישט זאָגן „מה נאה אילן זה״?

האָט ער אים געענטפערט:

— דאָס מיינט מען נאָר ווי ס׳שטייט טאַקע געשריבן, „זה״, ווען מען לייגט דעם גאַנצן טראָפּ אויפן „זה״, דאַן פירט עס צו עבודה זרה, רחמנא לצלן. מען מאַכט פון בוים אַ שיינקייט־געטשקע.

איצט אָבער, ווען ר׳ פישעלע האָט זיך געסודעט מיט אים וועגן זיין תלמיד פנחסלען, דעם אפיקורס, איז זיין פנים בלייך געוואָרן און זיינע אויגן האָבן

צאָרנדיק געברענט. עד איז צוגעלאָפן צו פנחסלען, וועלכער איז געשטאַנען ביים עמוד און ער האָט צו אים אויסגעשריגן מיט אַ ווילדן, וויינענדיקן קול: פושע־ישראל, אַרויס פונם מקום קדוש! — און דערלאַנגט אים צוויי פייער־דיקע פעטש.

דער חצוף מיט די פלאַמענדיקע, געשוואָלענע באַקן האָט געענטפערט:

— רבי, איר ווייסט דאָך ווי עס שטייט געשריבן: „אין עונשין אלא אם כן מזהירין". און איר האָט דאָס עובר געווען. בין איך אייך מזהיר, אַז אויב איר וועט מיך נאָכאַמאָל פאַטשן וועל איך אייך מיט אַ שטיין דעם קאָפּ פלעטן!

דאָ איז אויך ר׳ פישעלע אַרויס פון די כלים און אויסגעשריגן מיט ווילדע קולות: פושע־ישראל, אַרויס! — און ער האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר, אים געטריבן ווי אַ הונט ביז נאָכן טויער פון בית־המדרש מויער.

ר׳ אלי איז אים נאָכגעלאָפן דורך דער שול־גאַס ביז צום מאַרק און גע־שריגן:

— ס׳ברענט אַ פייער!

אידן פון אַלע הייזער זיינען אַרויסגעלאָפן אין שרעק:

— וואו ברענט?

דער קריצער איז געלאָפן מיט צעלאָזענע פאָלעס פון זיין כאַלאַט, מיט ווילדן כעס און צאָרן, און נאָך אים הונדערטער אידן, ווייבער און קינדער מיט געשרייען:

— וואו ברענט?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די שטיגלעך פון שמחה־פעדערס ערשט נישט־לאַנג צוריק געעפנט בוך־געשעפט און אָנגעוויזן מיט צעשפּרייטע הענט:

— אָט דאָ, אידן, ברענט! פון דאַנען קומט דאָס פייער פון אפיקורסות, וואָס האָט חרוב געמאַכט מיין בעסטן תלמיד, משה׳ל פנחס׳עס אינגל, מיין גרעסטע האָפענונג!

שמחה פעדער, דער לובלינער, אַ גבירישער איידים, וועלכער האָט פאַרקויפט די נייע העברעאישע און אידישע השכלה־ביכער, האָט פון שרעק פאַרהאַקט זיין געוועלב.

ר׳ אלי, אַ מידער, אַ בלייכער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, איז פּאַמעלעך צוריקגעגאַנגען אין בית־המדרש אַריין ווי נאָך אַ לויה. די נאָכלויפנ־דיקע עדה האָט זיך באַרואיקט, נאָכדעם געשטאַנען אין רעדלעך און זיך איבער־דערציילט פונם תכשיט, משהלעס, וואָס איז אַרויס לתרבות־רעה. די ווייבער האָבן געשאָלטן מיט טויטע קללות אויף אַזאַ נבלה. פנחס (מען האָט מער נישט גערופן פאַרצויגן: פנחס׳ל) האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן אין אַ גאַס, וואו

ס׳איז געלעגן אַ חולה. די ווייבער, איינגעהילט אין זייערע פּאַטשיילעס איבער די קעפּ, האָבן געהויבן די הענט, ווי די כּוהנים ביים דוכענען, און אים באַ־וואָרפן מיט קללות. איבער אים, האָבן זיי געמורמלט, שטאַרבן קינפּעטאָרינס און קליינע עופה׳לעך.

ביי משה׳לען אין הויז איז געווען ווי אום תשעה־באב. אַלע האָבן מיט־געוויינט מיט משה׳לען איבער זיין בראָך. און ווען פּנחסל איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, איז ער צוגעפאַלן צום טאַטן זיינעם און געוויינט מיט אים. דער טאַטע האָט געפרעגט:

— וואָס וועט זיין? — דערמאָנענדיק זיין טויטע מאַמע, וואָס האָט אים אויסגעוויינט ביים ליפּסקער רבין.

פּנחס האָט געענטפערט:

— ס׳איז נישטאָ קיין צוריק. כ׳האָב קיין שלעכטס קיינעם נישט געטאָן. בכדי איך נישט מצער צו זיין, לאָזט מיך אַוועקפאָרן אין דער וועלט אַריין.

דער טאַטע, מיט ווייטיק אין האַרץ, האָט געפּרואווט ווערן אַן אכזר. ער האָט מיט אים נישט גערעדט קיין וואָרט און געלאָזט אים לויפן ווי אַ הונט. אויף יום־טובים האָט מען אים קיין נייע מלבושים נישט געמאַכט. ער האָט מיט אָפענע זוילן געטראָטן אין דער בלאָטע, דער האַרבסטיקער.

ביים באַגלייטן נחמנ׳ען צו דער באַן קיין וואַרשע, האָט פּנחס אים אָנגע־וויזן אויף זיין מצב, אים געזאָגט, אַז ער מוז גלייך אים שרייבן, און ער וועט זיך דערוויל בשתיקה צוגרייטן ביי זיינע גויאישע, סאָציאַליסטישע חברים אויפן „סטאַוו" צום אַנטלויפן קיין וואַרשע. ער מאַכט אַ קופערט, גנבעט שטיל אַרויס פון הויז זיינע זאַכן.

ענדלעך האָט ער דערהאַלטן דאָס געגאַרטע בריוול פון נחמנען, אַז ס׳איז דאָ אַ פּלאַץ פאַר אים אין דער האַנטווערקער־שול פון דער גמינע, וואו ער, נחמן, לערנט זיך פאַר אַ מעכאַנישן שלאָסער, און אַז ער, פּנחס, וועט קאָנען לערנען דאָס פאַך. דער קופערט איז שוין געווען פאַרטיק און ער האָט אַלע זיינע זאַכן פאַרפּאַקט. דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן צום דאָליעסער פּריץ און וועט ערשט צוריקקומען מאָרגן פאַרנאַכט. איז פּנחס אַוועק צום טאַטנס אַ קונה, אויפגעמאָנט פינף קערבלעך אויף דער הוצאה, און שטיל, פאַרנאַכט, אין אַ קאַלטן, רעגנדיקן טאָג זיך אַרויסגעשלייכט פון „סטאַוו" אויפן וועג צו דער באַן, מיטן שווערן, היל׳צערנעם קופערט אין זיינע דאַרע הענט.

אָבער עמיצער האָט דעם סוד פון זיין פּרואוו צו אַנטלויפן באַלד אויפ־געדעקט דער מומען זיינער. די שטיפמוטער, דאָכע, בכדי אים צו ראַטעווען פון שמד, ווי מען האָט עס באַטראַכט, איז תיכף געלאָפן צו מרדכי־נעשעס, דעם צעלניק־סוחר, דער ראש פון דער חברה קדישא און משהלעס אַלטער

פריינט, מיט דער פינצטערער בשורה פון פנחסעס וועלן אַנטלויפן קיין וואַרשע. זוען פנחס, אַ פאַרסאַפּעטער, אַ מידער, האָט זיך נאָר באַוויזן אויף דער באַן־פּלאַטפאָרמע, האָט אים מרדכי־נעשעס אָנגענומען מיט דער רעכטער האַנט פאַרן אויער, דעם קאַסטן צוגענומען אין זיין לינקער האַנט אַריין, און אים אַזוי צוריק געפירט, אַ פאַרשעמטן, אין הויז אַריין.

פון בושה פאַר די געזעלן־אַרבעטער, וואָס האָבן אויף אים געקוקט האַלב מיט רחמנות, האַלב מיט חוזק, האָט ער זיך אַ וואַליע געטאָן אין די קליידער אויף דעם הילצערנעם בעטל, מיטן פּנים איינגעגראָבן אינעם קישן. ער איז אָפּגעלעגן אַ גאַנצן מעת־לעת, גאָרנישט נישט טועם געווען ביז דער טאַטע זיינער איז צוריקגעקומען פון דאַליעסער פּריץ.

## אַ בעל־מלאכה געוואָרן

דער טאַטע איז צוריקגעקומען שפּעט ביינאַכט פון עצה'ן זיך מיט מרדכי־נעשעס און אויך מיט אַנדערע פון דער משפּחה, וואָס צו טאָן מיט פּנחסן. זיי האָבן באַשלאָסן אים צו מאַכן פאַר אַ בעל־מלאכה, — אָבער נישט פאַר קיין שניידער, אָדער שוסטער, חלילה — אים אָוועקצוגעבן צו חיים זייגערמאַכער, ער זאָל זיך אויסלערנען די מלאכה נקיה: אפשר דורך התקרבות צו אים, וועט מען אים קאָנען מחזיר למוטב זיין!

מ'האָט זיך מושווה געווען צו באַצאָלן פאַר לערנען מיט אים. פּנחסן, 75 קערבלעך דעם יאָר. חיים דער דאַרער, קליינער, געפּוצטער אָרימאַן, האָט זיך אָבער געהאַלטן פאַרן גרעסטן קינסטלער אין זייגערמאַכעריי. ער האָט געקאָנט מאַכן מיט דער האַנט אַ שפּינדל, אַ רעדל און אַלע אַנדערע טיילן פון די צעבראָכענע זייגערלעך און וואַנט־זייגערס. זיין קליינער וואַרשטאַט, וואו ער האָט געאַרבעט, איז פאַר אים געווען ווי אַ הייליקער מזבח, און ער איז געווען דער כוהן גדול.

חיים האָט ביי זיין וואַרשטאַט דעם זויבערן, אָוועקגעזעצט פּנחסן לעבן זיך, אים געוויזן ווי אַזוי פאַנאַנדערצונעמען אַ קאַליע־געוואָרענעם וואַנט־זייגער. ער האָט צו די זייגער־טיילן זיך באַצויגן מיט אמתער יראת־הכבוד. דאָס איז נישט קיין שניידעריי, וואו מען קאָן אַריינשטעכן אָדער אַריינשטעפּן, ווי איינער קאָן, האָט חיים אים דערקלערט. דער זייגער איז ווי אַ פאַר'חלש'־טער, לעבעדיקער נפש, וואָס מ'מוז אים צוריק מחיה־מתים זיין. דערפאַר מוז מען מיטן צוועגגל און שרויפנציער אומגיין מיט גרויס פּאַרזיכטיקייט, און ספּעציעל מיטן שפּינדל, וואָס איז ווי דאָס האַרץ ביי אַ מענטשן. ס'מוז קלאַפּן אַ געמאָסטענעם טיק־טאַק, נישט גרילצן, נישט שפּרינגען.

אַזוי ווי אַ מלמד נעמט לערנען מיט אַ קינד אַלף־בית, האָט ער מיט אים גענומען לערנען פון אָנהייב אָן. פּנחס האָט זיך ווידער גענומען פילן ווי אַ חדר־אינגל, וואָס מען לערנט מיט אים פּאַמעלעך: קמץ אַלעף־אָ! ווייזט אויס אַז אַרבעטן איז אויך אַ תורה...

חיים האָט זיך טאַקע געפירט ווי אַ גוטער מלמד און מיט אים געקנעלט:

— דו זעסט דאָס לאַנגע צוואַנגל, מיט וועלכן מען נעמט די זייגער־טיילן? דאָס הייסט „קאָרן־צוואַנג". אַזוי איז אויך דער שרויפן־ציער — די גרויסע שרויף־באַנק, פּאַרפעסטיקט צום וואַרשטאַט. און דאָס לאַנגע, מיטן שרויפן־קעפּל זעסטו? דאָס הייסט „שטיפטן־קלאָבע" צום אויספּיילן שטיפטן. איצט די נעמען פון די רעדלעך: דאָס שטאָלענע רעדל מיט די ציינדלעך אַזויווי טויבן־פּיסקלעך הייסט „אַנקער־רעדל". דאָס רעדל מיט די ציין פאַר־בויגן אַרויף, ווי פּיסלעך פון אַ שפּין, הייסט „צילענדער־רעדל".

ער האָט אים אויך געלערנט, וויאַזוי אומצוגיין מיט דער האַנט־טאָקעריי, וואָס האָט אַ בויגן פון פּאַראַסאָל־דראָט; אים געוויזן פוץ־האָלץ פון אינדישע בוימער. פאַר טייל זייגערלעך ווערט אויך דערפאַר געמאַכט אויל פון אַ סאָרט טייערן פיש, זייער פיין דיסטילירט אין שווייצאַריע. ביים איילן דעם מעכאַניזם באַנוצט מען זיך אַמאָל אָנשטאָט אַ בערשטל, מיט אַ האָר פונם קאָפּ אָדער פון דער באָרד.

נאָכן קנעלן מיט אים די דאָזיקע תורה האָט ער אים נאָר געוואָרנט וועגן איין זאַך:

— זאָלסט מיר דאָ אין מיין הויז נישט פאַרשפּרייטן דיינע אפּיקורסישע רייד, איך בין טאַקע נישט קיין חסיד, נאָר איך וויל נישט, אַז מיינע קינדער זאָלן אַרונטער פונם גלייכן וועג.

ס'האָט אָבער אינגיכן פּאַסירט אַזאַ זאַך: זיין ווייב שרה'לע, אַ הוסטערין, וואָס האָט געליטן פון אַ קורצן אָטעם, איז זומער נאָך שבועות אַוועקגעפאָרן אין די וועלדער קיין טשאָרני גור, לויטן באַפעל פונם דאָקטאָר מאַלינגער. מען האָט אַלץ פאַרזעצט בכדי איר לעבן צו דאַטעווען. זי איז צוריקגעקומען אַהיים גראָד אום תשעה באָב, אומגעריכטערהייט, האָט זי געפונען, צו איר צער, זיך קאָכן אויפן אויוון אַ פליישיק יאַיכל. אויפהויבנדיק דאָס שטאָרצל פונם טעפּל, האָט זי זיך צעהוסט און געמורמלט:

— דער משומד פּנחס האָט מיר שוין דאָס הויז חרוב געמאַכט. ס'איז אַ טאָפּלטער תשעה באָב היינט ביי מיר: חורבן בית־המקדש און חורבן פון מיין הויז, פון מיינע קינדער.

אַלע זיינען געבליבן פאַרשטומט. דאָס יאַיכל האָט זי אַרויסגעוואָרפן. אָבער פּנחסן האָט זי נישט אַרויסגעוואָרפן צוליב זיין גוטסקייט צו אירע

דריי טעכטערלעך און צו איר עלטערן אינגל אנשלען, וואָס קלעפּט זיך צו אים ווי אַ פליג צו האָניק. פּנחס האָט באַלד אַריינגעקלאַפּט אין אַנשעלס יונג האַרץ אַלע זיינע אַפּיקורסישע און אויך רעוואָלוציאָנערע רייד פון די פּראָק־לאַמאַציעס פון די „פּע־פּע־עס" (פּאָלסקאָ פּאַרטיאָ סאָציאַליסטיטשנאָ, פּוי־לישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

חיימס ווייב האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אפשר וועט ער, פּנחס, ווערן אַמאָל איר איידים, כאָטש ער וועט מוזן פריער ווערן צוריק אַ לייט. זי האָט באַמערקט, ווי איר עלטער מיידל, מאַרייטשע, איז פאַרקאָכט און פאַרליאַפּעט אין אים.

פּנחס האָט מאַרייטשען געבעטן צו גיין מיט אים אין צירק אַריין, האָט חיימס ווייב, נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת מיט איר מאַן, אויף דעם מסכים געווען. מאַרייטשע איז אָבער אויסגעשטאַנען נאָכדעם גרויס עגמת־נפש, ווייל דאָס איז געוואָרן באַרעדט אין אַלע הייזער ווי פאַרשייטקייט.

מילא, פון אים, משהלס תכשיט, קאָן מען אַלץ דערוואַרטן, אָבער אַ באַ־לעבאַטיש קינד זאָל זיך לאָזן פאַרפירן און גיין מיט אים אין צירק אַריין, וואו זיי זיינען געזעסן גלייך מיט אַלע שקצים און שיקסעס, ווי ס'האָבן אי־בערגעגעבן די, וואָס האָבן אַריינגעקוקט דורך די לייוונטענע לעכער; אַז זי זאָל זיך דערלויבן אַזאַ חציפות, האָבן די שכנים אירע נישט דערוואַרט. און דערצו האָט מען גלייך אויף מאָרגן געזונגען אַ לידל איבער דער פאַרשייטקייט, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין מלך'ס גילזן־פאַבריק. און געזונגען האָט מען עס אין אַלע באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן, אַלע דינסטמוידן האָבן עס אויך גע־ברומט ביים שיילן די קאַרטאָפל.

פּנחס, וואָס איז שוין געווען פאַרקאָכט אין דער רעוואָלוציע, האָט זיך אַלעמאָל געטראָפן מיט פרענקל דעם בוכהאַלטער, פון יאָסל פעפערס באַנק. ער, פרענקל, אַ בלאָסער בחור פון ראַדאָם, האָט נישט געוואָלטריידן קיין וואָרט אידיש, נאָר זיך געחברט מיט גויים און גערעדט פּויליש. ער האָט געהאַלטן, אַז פּנחס קאָן ווערן אַ גוטער טוער פאַר דער רעוואָלוציע. האָט ער אים געראָטן צו פאָרן נאָך דער לערע קיין וואַרשע און ווערן אַ פּראָלעטאַריער און נישט קיין בלוט־זויגער ווי זיין טאַטע און אַנדערע.

ס'האָט פּנחסן אַ ריס געטאָן ביים האַרצן, הערנדיק ווי פרענקל האָט מזלזל געווען זיין פאָטער מיט רופן אים בלוט־זויגער. ס'פּנים האָט זיך ביי אים פאַררויטלט פון איינגעהאַלטענער רוגזה צו אים: זיין טאַטע, אַ בלוט־זויגער? ער, וואָס גיט אַוועק זיין העמד פון לייב צו אָרימע; וואָס לעבט מיט זיינע גענזעלן ווי ברידער, עסן דאָס זעלביקע; וואָס האָט אַזויפיל דאגות און שברת־הלב פון דעם, וואָס ער מוז פאַרזעצן שטיקלעך סחורה ביי יחזקאל

דעם פּראָצענטניק, כדי אָפּצאָלן די וועקסלען און די שכירות פון באַלמעלאָ־כעס — ווי קאָן ער זיין אַ בלוט־זויגער? אָבער אַז ער, פּרענקל, זאָגט, איז דאָך דאָס מסתמא לויט די השגות פון די נייע לעצטע ביכלעך, וואָס זיינען ביי אים געווען קדוש וטהור, ווי די פוסקים אחרונים זיינען אַמאָל געווען אין זיינע אויגן, ווען ער איז נאָך געווען אַ פינצטערלינג.

אמת, זיי געהערן נישט צו דער בורזשואַזיע, ווי זיין באַלעבאָס יאָסעלע פּעפּער און די אַנדערע רייכע, ווי די מינצעס, אָדער די פּוילישע פּריצים פונם אַרום. ער האָט אָבער געלערנט, אַז אַלע וואָס לעבן פונם אַנדערנס שוויס און בלוט זיינען בלוטזויגערס און עקספּלואַטאַטאָרס. די נייע ווערטער האָבן אים באַגייסטערט. פרענקל האָט אים געהייסן לייענען קאַרל קאַוטסקיס „ערפורטער פּראָגראַם" און קאַרל מאַרקס׳עס „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", און דערווייל אים געגעבן עטלעכע פייערדיקע פּראָקלאַמאַציעס, געשריבן פון דאַשינסקין, מיט רופן צו באַפרייען פּוילן. זיי האָבן זיך פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „עס לעבע די רעוואָלוציע! עס לעבע די פּע־פּע־עס!"

נאָכן פאַרענדיקן די לער ביי חיים זייגערמאַכער, האָט פּנחס געפאָלגט פרענקלען און איז אַוועק קיין וואַרשע.

אָנקומענדיק קיין וואַרשע, מיט זיין לאַנגער קאַפּאָטע און קליינעם היטעלע, איז פּנחס אַרומגעלאָפן פון איין זייגער־געוועלב צום אַנדערן צו קריגן אַרבעט, ביז ער האָט געקראָגן אַ פּלאַץ אויף דער פּרעטע גאַס. שפּעטער האָט ער גע־אַרבעט אויף דער פאַנסקע גאַס, אויפן פינפטן שטאָק, ביי אַן אַרויסנעמער פון היים־אַרבעט פון די פאַבריקאַנטן פון גראַניטשנע און קרולעווסקער גאַסן, וואָס האָבן געמאַכט זייגערלעך פון די רויע טיילן, וואָס מ׳האָט עס גערופן „זייגער־שאַבלאָן" פון שווייצאַריע.

פּנחס, ווי אַן אָנהויבער, האָט געאַרבעט זייער שווער, פון זיבן אינדערפרי ביז צען ביינאַכט. דער באַלעבאָס האָט אים אַוועקגעזעצט לעבן דעם לאַנגן, דאַרן, שוואַרצן ליטוואַק קאַטאַווסקי, מיט דער שוואַרצער מאַרינאַרקע און ווייסען גומענעם קאָלנער. און יענער, בכדי נושא חן צו זיין ביים באַלעבאָס און אים ווייזן זיין געטריישאַפט, האָט אַרויסגעטריבן די קישקעס פון זיך מיט די לאַנגע שעה׳ן. בכדי נישט צו פאַרלירן זיין שטעלע האָט פּנחס אים נאָכ־געיאָגט ווי אַ יונג פערדל, נישט געקוקט אויף זיין רעוואָלוציאָנערן, אינער־לעכן ווידערווילן און זיין נישט געוואוינטקייט צו אַזאַ שווערער, מיזאַמעדיקער אַרבעט.

מיט די פיר רובל געהאַלט אַ וואָך, וואָלט ער שוין ווי נישט איז אויס־געקומען בצמצום. אָבער אין זיין עקשנות נישט צו געבן דעם פאָטער זיינעם די געלעגנהייט אים פאַרצווואַרפן צו וואָס ער האָט דאָס אינגאַנצן באַדאַרפט;

אַז ווען ער זיצט בעסער ביים לערנען אין בית המדרש וואָלטן דער טאַטע זיינער און די מומע אים באַהאַנדלט ווי אַ קיסר — דערפאַר האָט פּנחס, ווען דער טאַטע זיינער איז יעדע וואָך געקומען אויף אַ טאָג קיין וואַרשע איינצוקויפן סחורה, אים אַרויסגענומען, מיט דער דערלויבעניש פון זיין מייסטער אָפּצואַר־בעטן די צייט, אין דער שענסטער רעסטאָראַציע, צו עקסעלמאַנען. ער האָט אים מכבד געווען מיטן בעסטן בראָנפן, און פאַרטאָכלעוועט כמעט אַ העלפט פון זיין גאַנצן געהאַלט. ווען דער פאָטער פלעגט אים פרעגן, ווי ס'גייט אים, צי ער דאַרף עפּעס הילף, האָט ער מיט אַ אינגלערישן שטאָלץ געענטפערט, אַז ער נויטיקט זיך, חלילה בישט אין קיין שטיצע. אין דער אמתן האָט ער אונטער־געהונגערט, ווייל אים איז געבליבן ווייניק קערבלעך.

געוואוינט האָט פּנחס אויף דער וואָלעווקע ביי זיינעם אַ בן־עיר בער, דער געגריוועטער שוסטער, אין אַ געבויגן שטיבל איבערן איינפאָר־טויער, און זיין געלעגער איז געווען אויף אַ סאָלדאַטסקען קאַסטן.

ער האָט זיך געקויפט אַ קורצע מאַרינאַרקע מיט אַ גומענעם ווייסן קאָל־נער, מיט אַ שוואַרץ שניפּסל. אַזוי איז אים געווען באַקוועם צו גיין אויף די קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען, צווישן די עקסטערניקעס מיט די שוואַרצע העמדלעך און שוואַרצע גאַרטלען, מיט די קליינע טראָלדן, די פאַרקניפּטע. יענע האָבן אים מיטגענומען צום עסן ביי דער גויע אויף דער אָרלער גאַס, וואו מ'האָט געקראָגן אַ גרויסן פליש־קאָטלעט, אַ שוואַרצן, מיט בוריקעס און אַלטן ברויט פאַר צען קאָפּיקעס. מ'האָט נאָך געקאָנט מיטנעמען עטלעכע האַרטע שטיקער ברויט אין די קעשענעס צו האָבן דאָס פאַר וועטשערע. די פּאָליציי האָט די רעסטאָראַציע שפּעטער פאַרמאַכט פאַר נוצן פליש פון געפּגר'טע פערד.

פרייטיק ביינאַכט פלעגט זיך פּנחס אַריינכאַפּן, ווי פיל אַנדערע, אין גריכישן בעקער־געשעפט זיך קויפן לכבוד שבת אַ ברויטל מיט ראָזשינקעס פאַר גאַנצע פינף קאָפּיקעס. בעתן קייען דאָס ראָזשינקע־ברויטל, שטייענ־דיקערהייט, פלעגט ער זיך אָפּט פאַרטראַכטן און פאַרבענקען נאָך זיין היים אין אָסטראָווצע. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי דער טאַטע זיינער מיט די קינדער און די מומע און די געזעלן זיצן ביים לאַנגן טיש מיטן ווייסן טישטוך. די שבת־ליכט, די ווייסע, די סטעריגנענע, ברענען און לויכטן אַזוי שיין אין די זילבערנע און מעשענע לייכטער, די געפּוצטע, די בלאַנקענדיקע. אין דערמיט פון סופיט ברענט דער שיינער, בראָנזענער הענג־לאָמפּ אויף דריי קייטן מיט די דריי לייבן.

דער טאַטע מאַכט קידוש, וואַשט זיך און טיילט גרויסע המוציאס חלה פון אייער און זאַפרען. מ'טונקט די חלה אין זיסער, געשמאַקער פיש־יויך און

מ׳עסט גרויסע, קיילעכדיקע שטיקער פיש. נאָכדעם זינגט מען זמירות מיט רחבות און דערהויבנקייט. אַלע פּנימער לויכטן מיט שבת׳דיקייט, פון דעם וואָכן־יאָך באַפרייטע, און מיט גאָט באַהאָפטענע. ערשט דערנאָך דערלאַנגט מען די געשמאַקע יויך מיט לאָקשן און צוקער־אַרבעס.

פּנחס האָט דערפילט אינם ברויטל, וואָס ער קייט, דעם גערוך ממש, פון די אַלע גוטע מאכלים פונם היימישן, שבתדיקן טיש — מיטן צימעס און שבת־אויבסט. ער האָט געזען פאַר זיינע אויגן דאָס בענטשן במזומן, ווען דער טיש און דאָס עסן ווערן געהייליקט צו גאָט, און מענטש מיט גאָט ווערן איין באַהעפטונג.

פאַרזונקען אין די מחשבות האָט ער פאַרענדיקט דאָס ברויטל, געמאַכט זיך דערנאָך אין געדאַנק פאַרוואורפן פאַר אַזעלכע פאַנאַטישע מחשבות, וואָס פּאַסן פאַר פינצטערלינגען. אַ האַלב־הונגעריקער האָט ער זיך געשלעפּט איבער די גאַסן צו זיין פינצטער געלעגער אויפן סאַלדאַטסקען קאַסטן, געלייענט דורכן אַריינלויכטנדיקן גאַסן־לאָמפּ, אַקעגן זיין פענצטער, זיינע טריפהנע, רעוואָלוציאָנערע ביכלעך; אָבער ער האָט זיי געלייענט מיט דעם דעם זעלביקן ברען, ווי ער פלעגט אַמאָל לערנען די גמרא און פּוסקים.

וואַרשע האָט געבדרויזט מיט רעוואָלוציאָנערע קאַמפן. די בייעסן זיינען דערגאַנגען אויך צו פּנחסעס עלטערן אין אָסטראָווצע. משהל האָט זיך דער־שראָקן פאַרן זינדל, ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין חד־גדיא אָדער אין כף־הקלע אַריין — איז ער געקומען אַ פאַרציטערטער קיין וואַרשע און געשלעפּט פּנחסן צו פאָרן מיט אים אַהיים.

אין אָסטראָווצע האָט ער געדינגען פאַר פּנחסן אַ געוועלבל ביי ליפּעלע גלאָמפּ, דער אויסגעדינטער יעפרעיטער, אַ הויכער מיט אַ בלאָנד בערדל, אַ פאַרשוידעגס. ער האָט אויסגעזען ווי ניקאָליי דער צווייטער און איין געוועזן אַ האַלבער אידיאָט, — אַ משפחה פעלער אַזאַ. גראָד אַלע קינדער פונם קלוגן גרשון, דער סוחר און האַלבער אַדוואָקאַט, האָט געפעלט אַ קליעפּקע. זיי האָבן נישט געקאָנט קיין צורת אַלף. ליפּעלע האָט זיך געשעמט סוכות צו עסן מיט די שכנים, צוליב דעם וואָס ער האָט נישט געקאָנט זאָגן דעם קידוש. פלעגט ער און די מאַמע זיינע נעבעך וואַרטן ביז שפּעט אינדערנאַכט. ווען אַלע זיינען שוין געשלאָפן, איז ער אַריין אין דער סוכה מיט צוויי לייכטער, זיך אָנגעגאָסן דעם קידוש־בעכער און אַזוי אַ זשעברעווע טאָן אונטער דער נאָז, אַז איין וואָרט האָט זיך נישט געקלעפּט צום צווייטן און פאַרענדיקן מיט: טאַטעניו, פאַרשטיי מיין שטאַמלדיקן קידוש!

לצים פלעגן זיך באַהאַלטן הינטער דער סוכה, זיך איינהערן אין זיין מאָדנעם קידוש־זאָגן און אים דערגיין די יאָרן, אים אַזוי מבייש זיין, אַז ער האָט שוין נישט געקאָנט דעם ביסן פון דער המוציא מיט האָניק אַראָפּשלינגען.

דאָס געוועלבל אין דער טומאה־גאַס האָט ער געהאַט ווי זיין חלק פונם פאָטערס איבערגעלאָזט גרויס הויז.

משה׳ל האָט מיט אָנשטרענגונג און גרויס מי אויסגעשטאַט פאַר פּנחסן דאָס געוועלבל מיט זייגערס, זייגערלעך און אַ וואַרשטאַטל צום אַרבעטן. משה׳ל האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אפשר וועט זיין זון דאָך ווערן אַ שטיקל לייט. דער טאַטע זיינער האָט אים דעריבער ווידער געצערטלט ווי אַמאָל.

אָבער לייבל שיינער, משהלס גענעל, האָט אים שטילערהייט אויפן אויער דערציילט די אמתע מעשה נורא: שבת נאָכמיטאָג זיינען פּנחס מיט פרענקלען געקומען אין וואַלד אַריין. פרענקעל האָט צוערשט גערעדט צו די אַרבעטער אויף פּויליש, זיי געזאָגט וועגן בונט פונם רוסישן און פּוי־לישן פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם צאַר ניקאָלאַי און סטאָליפּינען. נאָכדעם, גאָר אומגעריכט, האָבן עטלעכע שניידער און שוסטער אַ הויב געטאָן דעם דאַרן, קליינעם פּנחסן. לייביש גראָזדע, דער בלאָנדער שוסטער מיט די זו־מער־שפּרענקלעך, האָט אים אַ נעם געטאָן אויף די אַקסלען, און אים אַוועק־געשטעלט אויף אַ ברייטן, אָפּגעהאַקטן בוים.

אַלע האָבן געשריען מיט באַנומענע קולות, אַז פּנחס זאָל רעדן צו זיי. און פּנחס, אַ בלאַסער, האָט גענומען רעדן מיט פייער, וואַרפן מיט פּסוקים פון חומש און גמרא, באַוויזן אַז די אַלע טרערן, וואָס די טאַטעס און זיידעס האָבן פאַרגאָסן אויף די סידורים און מחזורים צוליב זייערע בענקענישן נאָך משיחן, דעם דערלייזער, ווערן אָפּגעווישט דורך דער רעוואָלוציע; אַז ס׳איז איצט געקומען דער אמתער משיח, די דערלייזונג פון זייער ביטערער מערכה, די דערלייזונג פון נויט און פּיין פונם פּראָלעטאַריאַט.

פּנחס האָט נאָך געשילדערט פאַר זיי זייער ביטערע מערכה פון אַרבעטן טאָג און נאַכט. ער האָט פאַרענדיקט מיט אויסרופן: „זאָל לעבן די רעוואָלו־ציע! זאָל לעבן דער אַכט שעה׳דיקער אַרבעטסטאָג!"

די אַרבעטער האָבן פּנחסן ממש אויף די הענט געטראָגן. לייבוש גראָזדע האָט אויסגעשריען צו אַלע אַרבעטער, אַז מיר קלייבן אויס אונדזער פּנחסן פאַרן ראש פון דער צענטראַלער סכאָדקע, אָבער דאָס מוז זיין זייער קאָנספּי־ראַטיוו, מ׳טאָר וועגן דעם נישט דערציילן קיינעם פון די בעלי־הבתים.

ביים אויסהערן די מעשה וועגן זיין זינדל, וואָס איז אַזוי עולה לגדולה געוואָרן, האָט משהל בעת מעשה געווישט די וואָנצן זיינע, אי מיט אַביסל שרעק אי מיט אַ געוויסן שטאָלץ. אויב ער האָט ניט זוכה געווען צו זען זיין זון אַ גרויסן רב, איז ער דאָך געוואָרן אַ שטיקל רב ביי די אַרבעטער.

אין דעם געוועלב וואָס זיין טאַטע האָט אים געעפנט, איז פּנחס געווען זייער ווינציק; ער איז געווען פאַרנומען טאָג און נאַכט מיט רעוואָלוציאָנערער

אַרבעט. פרענקל האָט אים אָפּגעטרעטן אומעטום זיין פּלאַץ כאָטש ער איז נאָך אַלץ געבליבן אינם צענטראַל קאָמיטעט.

פּנחס האָט אַריינגעצויגן בייע חברים אין דער אַרבעט, ווי עליען, דעם הויכן שוסטער, וואָס האָט שוין דעמאָלט מיטגעאַרבעט מיט דער „באָיעוור־איא אָרגאַניזאַציע״ פון די פּוילישע חברים, וואו ער האָט אויסגעפירט מיט זיין רעוואָלווער עטלעכע אטענטאטן; מאָטל פוקס, דער נידעריקער, פעסט געבויטער, צעפּלאָשעטער, וואָס האָט געשטאַמט פון דורות רבנים, און איז שפּעטער געוואָרן אַ שטיק הפקר־מענטש; שלמה־מאיר ליפּסקערס, וואָס האָט שוין געמאַכט וועסטן ביי זיין טאַטן דעם פּריצ׳שן שניידער און געשלונגען יעדעס וואָרט פון די ביכלעך, וואָס פּנחס האָט אים געגעבן צום לייענען. און ווייל זיי האָבן געוואוינט אין איין הויז, זיינען שלמה־מאירל און אנשל געוואָרן פּנחסעס נאָענטסטע מיטהעלפער.

די קאָנספּיראטיווע, נאַכטיקע פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי דער שיינער, שלאַנקער, רייכער מאניע, ליפּע אסטראָווסקיס טאָכטער. דער טאַטע אירער, אַן אויפגעקומענער גביר, האָט זי געשיקט אין אַ פּוילישן פּאַנסיאָן. זיי האָבן געוואוינט ווייט הינטער דער שטאָט אין אַ רייך הויז — איז דאָס דעריבער געווען אַ זיכער הויז זיך אויסצוהיטן פון דער זשאַנדאַרמעריע און געהיים־אַגענטן, וואָס האָבן דעמאָלט געלויערט קעגן דער קראמאלע, די רעוואָלוציאָנערן. ביי מאניען זיינען גאַנצע נעכט אָנגעגאַנגען דיסקוסיעס מיט די בונדישע און פּועלי־ציוניסטישע פאַרשטייער, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון ראַדאָם און וואַרשע איבערצונעמען דאָס קרייזל אין זייערע הענט.

פּנחס, דער פאַרקאָכטער פּע־פּע־עסניק, האָט אָפּגעשלאָגן אַלע זייערע טענות. ער האָט באַוויזן מיט אַלערליי פּלפּולדיקע אַרגומענטן, אַז דער אידישער פּראָלעטאַריער אין פּוילן איז אַ לייבלעכער ברודער פונם פּוילישן. לכן מוז מען גיין האַנט אין האַנט פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילן, וואָס איז אויך אונזער „אָיטשיזנע״, אונזער פאָטערלאַנד.

מ׳האָט גערופן דעם ערשטן סטרייק פון אַלע בעלי־מלאכות אין שטאָט. יענעם שבת נאָכמיטאָג האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אַלע אַרבעטער אויף דער שטענדיקער בירזשע, די אויבערשטע צייל פונם מאַרק. מ׳האָט געטיילט פּראָקלאַמאַציעס, אין וועלכע ס׳האָט זיך געזאָגט, אַז ס׳איז שוין גענוג מיט דער שקלאַפעריי, און אַז היינט ביינאַכט, מוצאי שבת, זאָל קיינער נישט גיין נאָך דער הבדלה צו דער אַרבעט.

אינם גרויסן טומל צווישן די שניידער, די סטאָליער, די שוסטער — האָבן די אַרבעטער געפרעגט: ווי אַזוי וועלן מיר אויסקומען? מה דאָך, אַז מען

אַרבעט איז נישטאָ אויף אויסקומעניש, איז ווי וועט מען האָבן פּרנסה אַז מען וועט ניט אַרבעטן?

דוד טאָמעק, דער יתום, האָט געגעבן אַ דינסט־מיידל אַ פּראָקלאַמאַציע. זי האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל איר אויפקלערן די ווערטער — „עס לעבע די רעוואָלוציע". זי וויל וויסן, וואָס אַזוינס איז דאָס אַ „רעוואָלוציע"?

ס'איז אַ בראָך די בעלי־בתים — איז געווען זיין ענטפער.

— ס'איז אַ טראָך־טערעבאָך — האָט ער עס איר נאָך קלאָרער געמאַכט.

זי האָט פאַר אים געהאַט דרך־ארץ, ווייל ער איז אַ שוועסטערקינד פונם קיסר, פּנחסן. די ווייבער און די מיידלעך האָבן זיך געסודעט צווישן זיך, אַז משהל פּנחסעס זינדל איז דער נייער קיסר, וואָס וויל אַראָפּוואַרפן ניקאָלאַיקען פונם בענקל.

מאָטל קישקע, איינער פון די וואוילע יונגען, איז שוין געווען אָנגעשי־כורט ביי הינדע רייזעס, ווען ער האָט געהערט, אַז די שניידער אַרבעטער דרייען זיך אַרום אויף דער בירזשע. ער איז געווען לעצטנס בייז אויף די שיינער און זאַוויכאָסטער שניידער, פאַרוואָס זיי האָבן אויפגעהערט קומען אין שענק אַריין, צאָלן מער נישט דאָס פּראָצענציע געלט דורך שטעלן ביר פאַר זיי — ווייל די שניידער האָבן אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַר די וואוילע יונגען. איז ער מיט זעליקל, חיים גלאָמפּ, געקומען אויף דער בירזשע און וואוילע־יונגעריש אַ קלאַפּ געגעבן יעקל שיינער אונטער דער גאָמבע. זיי האָבן אים דערביי געפרעגט פאַרוואָס ער קומט נישט מער צו הינדל רייזעס? און פאַרוואָס ער האָט אויפגעהערט צאָלן פּראָצענציע־געלט?

איז געוואָרן אַ געשריי: מ'שלאָגט אַ פּראָלעטאַריער! און ס'האָט זיך אָנ־געהויבן אַ שלאַכט צווישן די וואוילע יונגען און די אַרבעטער. דוד טאָמעק האָט אין געראַנגל מיט אַ וואוילן יונג, אים געשטאָכן אין אַ פוס, פון וואָס ער איז געפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט. מאָטל קישקע מיט זעליקל גלאמפּ און אַנ־דערע חברהלייט זיינען אַנטלאָפן מיט בושה און זיך געוואונדערט: פונוואַנען איז עס געקומען דער נייער מוט צו די אַרבעטער?

די אַרבעטער האָבן דאַן באַשלאָסן אויסצוראָטן אַלע וואוילע יונגען פון דער שטאָט, און ס'וועט זיין אויס מיט פּראָצענציע־געלט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צו די הייזער פון די וואוילע יונגען וואו ווייבער און מאַמעס זיינען געפאַלן צו זייערע פיס און געבעטן רחמים פאַר זייערע מענער און קינדער.

מוצאי שבת האָט זיך מאָטל פוקס געלאָזט מיט אַ מחנה אַרויסהעלפער צעיאָגן די שטרייק־ברעכער, וואָס זיינען געקומען צו דער אַרבעט. זיי זיינען געגאַנגען פון איין וואַרשטאַט צום צווייטן, אויסגעלאָשן די נאַפט־לאָמפּן, און

אַרויסגעיאָגט פון אונטער די בעטן, וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן, און באַפוילן די אַרבעטער, אַז מאָרגן הויבט זיך אָן דער אַרבעטסטאָג פון זיבן ביז זיבן.

צומאָרגנס זונטיק האָבן זיך צונויפגענומען אַלע וואוילע יונגען, מיט מאָטל קישקע בראש, אויסצוראָטן די „שמענדריקעס, וועמען ס׳געפעלט ניט אונזער קיסר״. די ערשטע כפרה וועלן זיי שלאָגן מיטן נייעם קיסר, דעם בונטאָווטשיק, זיי וועלן אים די קישקעס אַרויסלאָזן — האָבן זיי געשריגן, פאַרבייגענדיק פנחסעס געוועלבל.

פנחס האָט גערופן די צענטראַלע סכאָדקע, אָפּגעשטעלט די אַרבעט ביי אַלע בעלי־מלאכות און געהייסן די אַרבעטער קאָנפיסקירן אַלע פיילן פון די צוויי אייזן־געוועלבער, ביי משה הינדעס און לייזער קאַשעוויק. זלמן שלאָסער מיט זיינע אינגלעך האָבן פון זיי געמאַכט שאַרפע מעסערס. פנחס איז אַוועק צו סטעפּאַנען, אין קלימקאָוויטש, און דערציילט אים פון דעם געפּלאַנטן בונט פון די וואוילע יונגען. האָט יענער געשיקט עטלעכע שקצים מיט מאַוזער־ביקסן, באַפוילן צו שיסן, אויב די וואוילע יונגען וועלן זיך באַווייזן אויפן מאַרק. אויך די אַרבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן מאַרק מיט צאָרנדיקע אויגן און פלאַטערנדיקע הערצער צו דער מלחמה מיט די וואוילע יונגען.

אויף דער שיענער גאַס, ווייט הינטער דער שטאָט, האָט געוואוינט הערש־קע מיט זיין שיינער, פעטער, קיילעכדיקער וויב חנה, די בורדעלניצע. חנה איז געגאַנגען אָן אַ שייטל און געטראָגן די אייגענע בלאָנדע האָר, ווען זי האָט נאָך געוואוינט מיט הערשקען אינעם עק פון דענקעוווער געסל, אינעם בוידעם־שטיבל ביי שיע דעם סטאָליער. איר מאַן איז נאָך געווען אַ קלעזמער, געשפּילט אויפן קליינעם טראָמפּייטל.

מ׳האָט שוין דעמאָלט געמורמלט, אַז חנה טליקעוועט זיך אַרום מיטן בייזן עלטסטן סטראַזשניק, מאַרזשיצקי, וואָס אַלע אידן און גויים פלעגן ציטערן פאַר זיינע אכזריותן און הינטישקייטן. מ׳האָט געמורמלט, אַז מאַר־זשיצקי האָט נאָך זי פאַרפירט אַלס יונגע יתומה. מ׳האָט אים געזען אַלע טאָג אַרויפגיין צו איר מיט אַ פלאַש בראָנפן אין קעשענע, דערנאָך אַרונטערגיין האַלב־שיכור, צעפלאַמט, מיט דער לאַנגער שווערד, ביי זיין רעכטער זייט, וואָס איז געהאָנגען אויפן שוואַרצן לעדערנעם פאַס און געקלאַפּט זיך נאָכ־שלעפנדיק אויף די הילצערנע שטיגן.

מאַרזשיצקי פלעגט כסדר אַרומגיין מיט אַ ביכל אין האַנט און פאַר־שרייבן שטראָפן פאַר נישט האַלטן ריין די הויפן און פאַר ענלעכע זינד. פלעגט מען אים מוזן שטופן די פערציקער און די האַלבע קערבלעך אין יד אַריין, כדי ער זאָל נישט מאָנען דאָס שטראָף־געלט.

ביי חנה׳ן פלעגט מען הוליען גאַנצע נעכט. אירע שכנות פלעגן זי פרעגן,

וואָס עס טוען ביי איר די צוויי יונגע שיקסעס מיט די רויטע, פעטע באַקן און גרויסע קיילעכדיקע בריסטן. זי פלעגט ענטפערן, אַז דאָס זיינען אירע דינסטן.

דאָס דענקעוועד געסל האָט חנה׳ן מיטן מאַן אירן, אַזוי ווי אַריינגעלייגט אין חרם. מ׳האָט זיך דערווייטערט פון זיי ווי פון שרצים. פיל מאָל אין די הוליענדיקע נעכט, האָבן די באַלמעלאָכעס, אין זייער כעס און פאַרביטערונג אויף אַזאַ נבלה און געמיינהייט, געוואָלט אַרויפגיין, צעברעכן און מאַכן אַ תל פון איר הויז. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט פאַרן בייזן, מערדערלעכן מאַרזשיצקין, ער זאָל נישט נקמה נעמען אינם גאַנצן געסל.

דערפאַר זיינען זיי איר אויף אַנדערע אופנים דערגאַנגען די יאָרן. זיי האָבן געזען, אַז הערשקע זאָל אַרויסגעוואָרפן ווערן פון דער קאַפּעליע. מ׳האָט די קינדער זייערע, דעם בחור גאָדל און דאָס מיידל פייגל, נישט צוגעלאָזט צו שפילן זיך מיט די קינדער פונם געסל. ווען מען האָט זיין אינגל, גאָדלען אַרויסגעוואָרפן פון חדר, האָט הערשקע זיך געבראַכט אַ מלמד פון קינעוו און אים געצאָלט פינף קערבלעך אַ וואָך. אָבער דאָס געסל האָט דעם רבין פאַר־טריבן מיט בושה.

דאָס געסל האָט געליטן און געקריצט מיט די ציין ביז גאָט האָט זיי גע־האָלפן: אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי געזען פאַרפאָרן אַ וואָגן פון די פיעטשאַקאָווסקיס, און חנה, מיט אירע קינדער און בעבעכעס, ווי אויך די צוויי שיקסעס פאָרן אַוועק.

דאָס גאַנצע געסל האָט זיך געפרייט און געדאַנקט גאָט פאַר פטור ווערן פונם חמץ. די ווייבער פונם געסל האָבן זיי נאָכגעשיקט אַלע טויט־קללות פון דער תוכחה. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז זיי זיינען טאַקע אַוועק פונם געסל, אָבער געבליבן אין שטאָט. זיי האָבן זיך פאַרכאַליעט אויף דער שיענער גאַס, העט ווייט אַוועק פון די אידן, און זיך באַזעצט צווישן די ליקעס, וואו ס׳פאַשען זיך חזירים.

ס׳האָט דערנאָך פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: יום כיפור, ביים ליפסקער רבין, האָבן געוויינטלעך געדאַוונט די באַלמעלאָכעס, זיינע חסידים פון דער שטאָט און פון אַנדערע שטעטלעך אַרום. צווישן מוסף און מנחה, האָט מען זיך, ווי אַלעמאָל, אָפּגערוט, ווער מיט אַ קאַפּיטל תהילים, ווער מיט אַ שטיקל „עין יעקב״ איבערזעצט אויף עברי־טייטש. פּלוצלינג איז אַריינגעפלויגן אינם הויף שלמהלע יאכעל, דער שטאָט משוגענער, איינגעהילט אין זיין טלית איבערן קאָפּ, און געשריגן מיט ווילדע קולות:

— וואָס איז דער שורש פון אייערע געבעטן צו גאָט, אויב נישט צו דייניקן איך פון אייערע חטאים? אָבער וואָס טויגן אייערע תפילות, אַז אונטער

אייער נאָז, דאָ נישט ווייט פון דאַנען, זינגט מען, פרעסט מען און מ׳הוליעט ביי הערשקע, דעם בורדעלניק?

די אידן, געהילטע אין זייערע טליתים, איז באַפאַלן אַ ווילדע אימה. זיי האָבן גענומען לויפן איבערן זאַמדיקן וועג. אַ וואָלקן שטויב האָט זיך אויפגעהויבן אַרום זיי. פאַרסאָפּעטע האָבן זיי זיך דערנענטערט צום הויז און געזען אַז שלמהלע יאַכל האָט זיי נישט אָפּגענאַרט. זיי זיינען אַריין אינעווייניק, פאַרבינדנדיק פריער זייערע טליתים אַרום די לענדן, און מיט זייערע באַלמעלאָכישע מאָזאָליעדיקע פויסטן פאַריאָגט אַלע שיכורע גוים מיט די שיקסעס. הערשקע איז געלעגן אַ צעביילטער אויף דער ערד. חנה און די קינדער האָבן זיך ערגעץ באַהאַלטן און די אידן, אין זייער רוגזה, האָבן פאַרגעסן, אַז ס׳איז דער הייליקער טאָג, צעבראָכן אַלץ אין שטוב, געוואָרפן עס דורך די טיר און פענצטער און געשריגן: פושעי־ישראלים!

זיי האָבן פאַרשפּעטיקט מנחה און געקומען צו נעילה. דער ליפּסקער רבי, וואָס האָט אַפילו צו גאָט גערעדט מיט בייזקייט, איז געשטאַנען גלייך מיט זיין געהויבענעם קאָפּ און ווייסער באָרד, מיט די לאַנגע, ווייסע ברעמען און קיילעכיקן, בלייכן פּנים, און אַרויסגערעדט זיינע תפילהדיקע ווערטער מיט אַזאַ טאָן, ווי מ׳מאָנט ביי אַן אייגענעם טאַטן. זיינע ווייסע ברעמען האָבן זיך געהויבן ווי שטאָלענע נאָדלען. ער האָט מיט צער זיי אויסגעמוסרט פאַרן ווערן גאָטס סטראַזשניקעס און מחלל זיין גאָטס נאָמען אינם הייליקן טאָג יום־כיפּור:

— ווי צו אונז, אַז אידן ווערן שלעגער און שופכי־דם אַפילו פאַר אַ דבר־מצוה. גאָט קאָן זיין שטעטל אַליין באַשטיין און דאַרף נישט איר זאָלט זיך אָננעמען זיין קריוודע.

אַ דערצאָרנטער האָט ער זיך געשטעלט ביים עמוד דאַוונען נעילה. מ׳האָט דערציילט, אַז ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מ׳האָט אים געהערט דאַוונען מיט אַזאַ ווייכקייט ווי דאַן ביי יענער נעילה. אָנשטאָט זיינע באַפעלערישע, שטרענגע רייד, האָט ער געדאַוונט ווי אַ קינד און אַזוי געכליפּעט, אַז די קינבאַקן האָבן ביי אים געציטערט.

זיינע באַלמעלאָכישע חסידים האָבן זיך געקאָרטשעט פאַר מורא, זיי האָבן זיך נישט געפילט ווי זיגער איבער הערשקע דעם בורדעלניק, נאָר ווי געפאַלענע, זינדיקע. זיי האָבן מיטגעוויינט, געהעשעט, און האָבן געבעטן ביי גאָט מחילה וסליחה פאַר זייערע אָקאָרשט־באַגאַנגענע זינד.

הערשקע איז געבליבן ביי זיין בורדעל ביז יענעם זונטאָג־ביינאַכט, ווען די וואוילע יונגען האָבן זיך באַהאַלטן און נישט געקומען זיך פאַרמעסטן מיט די אַרבעטער, ווי זיי האָבן געדראָט. מאָטל פוקס, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַ

צעפּלאָשעטער, ווי אַ קאָמאַנדיר, און געזוכט מיט זיין פאַרבאָרגענעם מאוזער־דעוואָלווער זיך אָפּצורעכענען מיט די וואוילע יונגען פאַר זייערע לאַנגיעריקע עוולות קעגן די פרעמדע, צוגעפאַרענע באַלמעלאָכעס. האָט פּלוצים אַ געשריי געטאָן:

— פּראָלעטאַריער, צו הערשקען!

אַלע זיינען אַוועק נאָך אים. ביי דער טיר האָט ער געגעבן אַ באַפעל זיך אָפּצושטעלן. ער איז אַריין אַליין, נאָר געוויזן חנהן און הערשקען אויף דער מחנה אין דרויסן. ער האָט זיי געגעבן פיר און צוואנציק שעה צייט צו פאַרלאָזן די שטאָט און צו זיי געזאָגט:

— איך רייד אין נאָמען פון רעוואָלוציאָנעדן פּראָלעטאַריאַט פון פוילן און רוסלאַנד. אויב מאָרגן ביינאַכט וועט דאָס טריפה׳נע הויז נישט זיין אויס־געליידיקט, וועלן מיר דאָס אויסליידיקן.

ער האָט געוויזן הערשקען דעם „שפייער" און דערביי באַמערקט:

— אַ קויל פון אונזערע „מאוזערס" וועט אייך אַוועקלייגן, וואו דו און דיין טריפה׳נע ווייב זאָלן זיך נישט געפינען. אויב דו וועסט אונז פאַר׳מסור׳ן צום הונט מארזשיצקין. מאָרגן קריגסטו אַ צעטל פון דער פּאַרטיי מיטן רויטן שטעמפּל.

הערשקע און חנה זיינען אים געפאַלן צו די פיס. די קינדער האָבן געוויינט, די שיקסעס האָבן געציטערט. מאָטל איז אַרויס און האָט געהייסן אַלעמען אַהיימגיין.

הערשקע און חנה זיינען בעלם געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. מ׳האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז זיי זיינען אַוועק קיין לאָדזש און אויפגעגעבן זייער טריפהנע פּרנסה. ער האָט מער פון אַלץ מורא געהאַט, אַז זיין מיידל די שיינע פייגעלע, מיט די רויט־בלומיקע באַקן, זאָל נישט אויסוואַקסן לתרבות־רעה. שכנים האָבן דערציילט, אַז בעתן האַלטן דעם בורדעל, פלעגט ער, הערשקע וואַכן איבער פייגעלען, ווי אַ הונט, שטענדיק זיין מיט איר אינם זייטיקן אַלקער זי זאָל נישט זען, וואָס עס גייט אָן ביי זיי. ער פלעגט זי גאַנצענע טעג האַלטן אויפן שויס. מיט איין האַנט פלעגט ער גלעטן איר בלאָנדן געלאָקטן קאָפּ און מיט דער צווייטער — האַלטן דאָס טרומפּייטעלע און פאַר איר אויסשפּילן אַלערליי ניגונים. געטאָן האָט ער דאָס, כדי זי צו פאַרשפּילן און כדי זי זאָל נישט הערן די שיכורע, אויסגעלאַסענע קולות.

און ווען פייגעלען פלעגט זיך וועלן דוקא זען, וואָס ס׳גייט אָן, און זי פלעגט זיך אַראָפּגליטשן פון זיינע קני, האָט זיך זיין פּנים פאַרצויגן מיט אַ מאָדנער גרימאַסע. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן דיל און געמאַכט קאָזשעלקעס, אַלער־

ליי פּאַיאַצישע שטיק, פון וואָס זי פלעגט קייכן פון געלעכטער און פּאַטשן מיט די הענטלעך.

## יאָסל ברוכס

אין א שיינעם העלן טאָג האָט זיך פּלוצים באַוויזן צווישן די אַרבעטער יאָסל ברוכ׳ס איינציקער זון. געווען איז ער שוין עטלעכע יאָר אין דער באָברויסקער ישיבה. אַוועק נאָך אַלס אַ קליין אינגל, אַ דאַרס; איצט — אַ הויכער, אַ דינער, אַ בלאַסער מיט אַ שמאָלער, לאַנגער נאָז און דינע ליפּן. ער האָט זיך אַרומגעשלויכט מיטן קליינעם היטעלע און צייגענעם גראָען כאַלאַטל. ער איז קאַליע געוואָרן אין דער ישיבה, ווי אַ סך אַנדערע אין יענער צייט. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין וואַרשע און אַנדערע שטעט מיט די אחדותניקעס. ער האָט זיך אינגיכן צוגעקלעפּט צו מאָטל פוקסן און ער, מאָטל, האָט אים באַזאָרגט מיטן עסן, אַ ביסל פון זיין היים און אויך פון אַלטער בולאָקס. די צוויי בנים, איציק און אַבראַמטשע, פלעגן אַרויסשלעפּן שטיקער פלייש פון די טעפּ, וואָס זייער מוטער האָט געקאָכט, —גאַנצע סאַגאָנעס מיט פלייש — און פלעגן דאָס געבן יאָסל ברוכס. וועגן יאָסלס פאָטער אַנטשל ברוך האָט מען געשמועסט אין שטאָט, אַז ער איז אויך „געכאַפּט אין דער מעשה״, אַז דאָס עפּעלע פאַלט נישט וויט פונםביימעלע.

יאָסל, ברוך און מאָטל פוקס זיינען געוואָקסן צוזאַמען ווי אייגענע ברידער. זיי האָבן זיך גענומען פיבעריש איינצופירן דעם נייעם סדר פון באַשטימטע אַרבעט־שעה׳ן, וואָס דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן. ס׳איז זייער שווער געווען לכתחילה צוגעוואוינען די מייסטערס און אַפילו די געזעלן פון די שניידער־ און שוסטער־וואַרשטאַטן צו די נייע איינפירונגען.

משה׳ל פנחס׳עס האָט געפרעגט זיין זונדל פנחס׳ן, מיט אַ צעבראָכענער, האַלב וויינענדיקער שטימע:

— ס׳איז נאָך ווייניק, וואָס אַלע מיינע חלומות וועגן דיר זיינען אויסגע־רינען געוואָרן? איצט ווילסטו נאָך צונעמען ביי מיר און ביי אַלע אַנדערע באַלמעלאָכעס דעם ביסן פון מויל? ס׳איז דאָך גאַנץ פּשוט: אַז מען וועט נישט אַרבעטן, וועט מען נישט האָבן וואָס צום עסן. און אַזאַ יושר גייסטו און דיין חברותא איינפירן?

פנחס האָט מיטגעפילט זיין טאַטן און געזען זיינע פייכטע אויגן. ער האָט אים געענטפערט:

— מאַכסט אַ טעות, טאַטע. ס׳איז נישט קיין בייזע גזירה, כדי דיך און די אַלע באַלמעלאָכעס אומצוברענגען, אדרבה: מ׳וויל פאַרבעסערן אַלעמענס

לאַגע. וועסט זען, אַז ווען די געזעלן וועלן נישט אַרבעטן ווי ביז איצט, טאָג און נאַכט — מידע, שלאַבעריקע, גענעצן דעם גאַנצן טאָג נאָך די נישט־דערשלאָפענע נעכט, נאָר וועלן קומען יעדן אינדערפרי אויסגערוטע — וועט אין זייער אַרבעט און אויך אין אייער אייגענער אַרבעט, פון די מייסטערס, אַריינקומען מזל־ברכה. וועסט זען, טאַטע, — זאָגט ער אים מיט אַ שמייכל, וויסנדיק וואָס פאַראַ מפונק ער איז, בעתן נאָכקוקן יעדן שטאָך, — וועסט זען, אַז די טאַשמעלעך און די שנירעלעך, וואָס זיי נייען, וועלן אַרויסקומען אַזוי שיין, ווי פון זיך געוואַקסן און דו וועסט מיט הנאה דיר גלעטן די באָרד בעתן נעמען אַ פּאַסאָנדל אין האַנט אַריין; ווייל ס׳וועט געניייט ווערן מיט פריש־אָפענע אויגן, נישט מיט מידע, האַלב־פאַרשלאָפענע ווי ביז איצט. און זיי וועלן מאַכן די רעקלעך און די געהאַקטע קאַפּאָטעס שנעלער אויך. ס׳וועט זיין אייך לטובה, אַזוי ווי פאַר די אַרבעטער. דעמאָלט וועלן מיר פאָדערן פון אייך צו העכערן די שכירות פון די אַרבעטער, זיי זאָלן קאָנען לעבן בעסער און מענטשלעכער. זיי האָבן דאָס כשר פאַרדינט, און דו וועסט דיר אין די פרייע ביינאַכטן קאָנען זיצן ביים „עין יעקב" און נאָך האָבן צייט אַריינצוכאַפּן עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים פאַרן שלאָפן גיין.

זיין שטילע מומע, האַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט, ווי איר שטייגער, ביי דער דיקלעכער טאַליע, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— פון דיין מויל פנחס׳ל, אין גאָטס אויערן אַריין. ווי פּאַסט עס אָבער פאַר דיר, דעם עילוי, זיך צו חברן מיט אַלע שוסטער און שניידער־יונגען? שיינע חברים׳לעך האָסטו דיר אויסגעקליבן. לייבוש גראָזדע, וואָס קאָן נישט מאַכן קיין ברכה איבער אַ דעטעך, קיין המוציא, איז דיין בעסטער חבר געוואָרן. שיין נחת דערלעבט, אַזאַ יאָר אויף אַלע אונזערע שונאים.

פנחס איז אַרויס פון הויז מיט אַ סאָרט ביטול און רחמנות צו די אָפּגעשטאַנענע וואָס פאַרשטייען נישט, אַז דער פּראָלעטאַריער איז דאָס זאַלץ פון דער ערד; ער וועט אַרונטערוואַרפן די קייטן פון שקלאַפעריי, דעם צאַרישן יאָך, און פאַראייניקט מיט דער הילף פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט ברענגען פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט דער גאַנצער מענטשהייט.

## מאָטל פוקס

מאָטל פוקס און יאָסל ברוכס זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די וואַר־שטאַטן און אָנגעזאָגט אַטונג געגעבן, אַז די אַרבעטער זאָלן נישט אַרבעטן לענגער ווי ביז זיבן ביינאַכט. מיט די אינגערע איז עס צוגעגאַנגען לייכטער; מיט די עלטערע געזעלן אַ ביסל שווערלעכער. זיי האָבן געוואָלט, לויט זייער געוואויב־

הייט, אַריינכאַפּן נאָך אַ שטעפּ אויף דער מאַשין, אָדער נאָך אַ פּרעס מיטן אייזן. מ׳האָט געמוזט איבערקערן די וואַרשטאַטלעך און צעברעכן, אַלס שטראָף, עטלעכע מאַשינען ביז מ׳האָט דעם נייעם סדר איינגעפירט.

ביי איין שניידער איז דאָס נישט געלונגען. חיים שיע, דער יונגער שניידער־מייסטער האָט זיך פאַרעקשנט און געזאָגט, ווייזנדיק אויף זיין לינקער, אָפענער האַנט מיטן פינגער פון זיין רעכטער האַנט:

— אַזוי ווי דאָ וועט קיין האָר נישט וואַקסן, אַזוי וועלן זיי, די ציציליסטן, די בונטאָווששיקעס, ביי מיר נישט אויספירן, אַז איך, חיים שיע, זאָל טאַנצן אויף זייער דודקע (פייפל).

מאָטל האָט זיך ביי אים לכתחילה געבעטן ווי ביי אַ גזלן, און געוואָרנט, אַז ער וועט מיאוס אָפּשניידן. אָבער ס׳האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. מאָטל איז דערנאָך אַריינגעקומען מיטן „שפּייער" און אויסגעשאָסן אויף דער סטעליע. ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכער רעש. דאָס ווייב זיינס, חיה׳לע, אַ מעוברת׳דיקע מיטן שפּיציקן בייכל, איז אַרויס אין גאַס נאָך מאָטלען און געשריגן מיט באַנומענע קולות: פּאָליציי!

מאָטל איז אַנטלאָפן. סטראַזשניקעס זיינען געקומען און אים אַרומגעזוכט, האָבן גענישטערט און איבערגעקערט דאָס הויז ביי זיין טאַטן, לייבל פוקס, דעם פּאַראַרימטן פעל־סוחר. זיי האָבן פאַרלאַנגט ער זאָל זיי אַרויסגעבן זיין זון מאָ־טעקן, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אויפן סטאַוו ביי די פוילישע חברים זיינע. אין מאַרק איז געווען אַ גערודער. רעדלעך אידן זיינען געשטאַנען און דער־ציילט צווישן זיך ווי מ׳האָט צעקלאַפּט דעם קאָפּ לייבלען און צעריסן דאָס בעטגעוואַנט זוכנדיק די טריפה׳נע זאַכן, ווי פּראָקלאַמאַציעס און ביכלעך.

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען מענדל ברוך־לייזער׳ס, אַ דאַמסקער שניידער און באַרימט זיך, אַז ער האָט דערשנאַפּט, זייענדיק אויפן סטאַוו, וואו מאָטל געפינט זיך און עס איבערגעגעבן מאַרזשיצקין, דעם עלטסטן פון די סטראַזש־ניקעס. ער האָט זיך נאָך דערביי באַרימט פאַר די אידן אין מאַרק:

— איר וועט באַלד זען ווי מ׳וועט דעם פויגל דאָ אַדורכפירן מיט קייט־לעך אויף די הענט, און מען וועט אים אַריינוואַרפן אין קיטשעמענט, וואו ער וועט פאַרפוילט ווערן ווי אַ הונט!

ס׳האָט טאַקע לאַנג נישט גענומען ווי מ׳האָט מאָטלען דורכגעפירט דורכן שאָסעי אַ צעשלאָגענעם, אַ צעביילטן, אַ פאַרבלוטיקטן. ער איז אָבער גע־גאַנגען מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, אַ צעשטראַלטער, ווי מען פירט אַ חתן צו דער חופה. מ׳האָט אים אַריינגעוואָרפן אין דער קאָזע מיט גראַטעס ביים שטאָטישן מאַגיסטראַט.

אַ סך האָבן זיך געפרייט אין דענקעווער געסל, נאָר די געזעלן האָבן

זיך געביסן די פינגער פאַר כעס און מורא. דער קאָמיטעט האָט זיך יענע נאַכט פאַרזאַמלט ביי מאַניע אַסטראָווקער און באַשלאָסן צו שיקן אַ בריוו מיטן רויטן שטעמפּל פון דער פּאַרטיי „פּע־פּע־עס" צו חיים־שיע דעם שניידער־מייסטער, אַז מ'גיט אים צוויי וואָכן צייט אַרויסצונעמען מאַטל פּוקסן פון דער טורמע. אויב נישט, וועט מען אים מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער; און מענדל, ברוך־לייזערס האָט מען פאַראורטיילט צום שיסן און נאָך יענע נאַכט דאָס באַלד איבערגעגעבן דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון די פּוילישע חברים אין קלימקעוויטש.

אין דער זעלביקער נאַכט האָט מען אָוועקגעפירט מאַטלען מיט קייטן אויף די הענט, אונטער דער וואַך פון צוויי זשאַנדאַרן, וואָס זיינען געקומען פונם פּאָוויאַט, פון דער שטאָט אָפּט. מ'האָט אים אַריינגעזעצט אין דער אַלטער טורמע אויפן באַרג.

די געזעלן פונם דענקעווער געסל, וואָס זיינען געווען אַקעגן דעם מאַ־גיסטראַט, האָבן אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. שלמה, מאיר ליפּסקערס, און פּישעלע באלק האָבן נישט מורא געהאַט, ריזיקירט אָפּצוואַרטן ביים טויער פונם מאַגיסטראַט און זיך געזעגנט אויף פּויליש מיט מאַטלען. זיי האָבן געוואָלט אים מיטגעבן אַ פּעקעלע מיט עסן, זיי זיינען אָבער אָפּגעשטויסן געוואָרן מיט רוגזה פון די זשאַנדאַרן און די סטראַזשניקעס.

אויף צומאָרגנס, ווען חיים שיעס האָט געקראָגן דאָס צעטל פונם קאָמי־טעט, געבראַכט פון יאָסל ברוכס, און דערזעענדיק דעם רויטן שטעמפּל מיט דער וואָרנונג פון דער פּאַרטיי „פּע־פּע־עס", האָט ער באַלד אָוועקגעחלשט. יאָסל האָט אים באַפּוילן, נאָכן איבערלייענען, דאָס באַלד צו צערייסן בכדי ס'זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. ער האָט אים געזאָגט, אַז זיין לעבן שטייט אין קאָן — אויב ער וועט נישט דורכפירן דעם באַפעל פון דער פּאַרטיי, מעג עס אים קאָסטן זיין גאַנץ פאַרמעגן, אפילו אויב ער זאָל דאַרפן אַלץ פאַרזעצן. דאָס איז געווען אין אַ האַרבסטיקן, דעגנדיקן פריי־מאָרגן פון אַן ערב שבת. ס'איז געווען חושך ואפילה און אַ פאַרשטערטער שבת ביי חיים־שיען. ס'איז אים נישט איינגעגאַנגען דער ביסן פון שבתדיקן עסן.

אין אַ שבת פאַרנאַכט נאָך שלש־סעודות, צווישן מנחה און מעריב, — ס'איז דעמאָלט האַלב־פינצטערלעך אין אידישע הייזער, אויך טרויעריק איבער דעם, וואָס דער היילקער, ליבער שבת גייט אַוועק — איז מענדל ברוך־ לייזערס געזעסן אין זיין אָרים שטיבל מיטן צוגעדעקטן וואַרשטאַט, האַלטנדיק זיין קליין מיידעלע אויפן שויס און ברומענדיק איר אַ לידל פון דער „קראַקאָווסקע וועסעליע". פּלוצים זיינען אַריין צוויי יונגע שקצים מיט אַ „דאָברי וויעטשור".

זיי האָבן אים געפּרעגט, אויב ער איז דאָס מענדל, וואָס האָט גע׳מסר׳ט מאַטעקן. ער־האָט געשטאַמלט. זיי האָבן אים געהייסן אַוועקגעבן דאָס קינד צו זיין ווייב. זיי האָבן אין אים אַריינגעשאָסן עטלעכע קוילן, און ער איז געפאַלן אַ טויטער אויפן אָרט.

אין שטאָט האָט זיך געטאָן חושך. אידן האָבן געאיילט אַהיים פון די בתי־מדרשים און פון די חסידים־שטיבלעך — אַלע דערשראָקענע פון אַזאַ מער־ד׳עריי, פון אַזאַ רציחה, ווי דערשיסן אַ טאַטן פון קליינע קינדער. אמת, ער איז באַגאַנגען אַ גרויסע נאַרישקייט; ס׳איז אַ זינד צו מסר׳ן אמנטשן. ער האָט דאָך דאָס אָבער נישט געטאָן פאַר געלט.

צווישן די אַרבעטער איז געווען אַ חילוקי־דעות. די מיינסטע האָבן פאַרריסן די קעפּ פון גאוה, ווי זיגער איבער שונאים פון פּראָלעטאַריאַט. פּנחסן מיט פרענקלען האָט עפּעס געגעבן אַ שטאָך אונטערן האַרץ איבער זייער שותפות צו מענטשלעכער רציחה.

יאָסל ברוכס און עליע באַקסענבוים האָבן זיך אַנגעשלאָסן אָן דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון די פּוילישע חברים אָן דער הסכמה פון די מיטגלידער פון אידישן קאָמיטעט, וועלכע זיי האָבן באַצייכנט אַלס ווייכהאַרציקע רעוואָלוציאָ־נערן. זיי האָבן זיך געלערנט שיסן פון קורצע מאַוזער־ביקסן און געזאָגט, אַז מ׳מוז העלפן די פּוילישע חברים אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. זיי האָבן געהאַט אַ חשד, אַז פּנחס האָט געהאַט אַ האַנט איאָם אַנטלויפן פון חיים זייגער־מאַכער, פּנחסעס לערנמייסטער. דאָס איז טאַקע געווען אמת. אין יענעם אָוונט האָט מען פלוצים אַרעסטירט דעם אָנפירער ליאַסקאָווסקין, וועל־כער איז געווען פון פּוילישן קאָמיטעט. עס איז געווען אַ חשד, אַז דאָס האָט אים געמסורט צו דער זשאַנדאַרמעריע חיים זייגערמאַכער, וואָס איז געווען כלומרשט פּנחס׳עס אַ פריינט. ווען פּנחס האָט זיך דערוואוסט, אַז מען גרייט זיך אים שיסן, האָט ער געזאָגט צו זיין אַדיוטאַנטל, לייבל חיימס זון, אַז ער זאָל גלייך לאָזן וויסן דעם טאַטן זיינעם, אַז ער מוז אַנטלויפן נאָך דעם זעלביקן טאָג בכדי צו ראַטעווען זיין לעבן. פּנחס האָט דאַן געהאַט אַ גרויסן ויכוח מיט זיך, צי מעג ער דאָס טאָן, צי נישט? הייסט דאָס פאַר־ראַט פון דער רעוואָלוציע, אָדער נישט? געבליבן איז ביי אים, אַז וויבאַלד דער עיקר ציל איז פּטור ווערן פון אַ מסור, און נישט דאָס מאָרדן אַ מענטשן, ועט מען מיט זיין אַנטלויפן פּטור ווערן פון אים און פון שפיכת־דמים. דאָס איז גענוג.

און אפשר האָט זיך עס פּנחס געכשרט מיטן גמרא־דריידל, ווייל ער האָט ליב געהאַט חיימס משפחה און וואָס פון זיין לערנען זיך דאָרט די מלאכה פון זייגערמאַכעריי איז ער אַ ביסל פאַרבונדן געווען אין אַ שטילער ליבע מיט

דער עלטסטער טאָכטער מאַרייטשע. טעראָר איז אין יענער צייט נישט געווען קיין נאָווינע אין גאַנץ פּוילן. אויך אין אָסטראָווצע האָט זיך פאַרשפּרייט דער רעוואָלוציאָנערער טעראָר. מ׳האָט געשאָסן עטלעכע זשאַנדאַרן און מאַרזשיצקין. האָט מען אַרונטערגעשיקט פון דער גובערניע אַ פּאָליציימייסטער מיט נאָך סטראַזשניקעס; מ׳האָט אויך אַרונטערגעשיקט נאָך זשאַנדאַרן מיט דעם פּאָלקאָווניק פאָן קלוק און זיין אינגערן ברודער, דעם קאַפּיטאַן, אויף אויסצוראָטן די רעוואָלוציאָנערע קראַמאָלע, וואָס איז מיינסטנס אָנגעפירט געוואָרן פון די פּוילישע חברים אין דער גרויסער קלימקאָוויטשער אייזן־פאַבריק, וואו ס׳האָבן געאַרבעט פערצן טויזנט אַרבעטער.

די פּוילישע רעוואָלוציאָנערע „באָיאָווקע" האָט דאַן דורכגעפירט אַ סך אַטענטאַטן און עקספּראָפּריאַציעס ווי באַפאַלן באַנקען, פּאָסט־ביוראָס און אויך געשאָסן דעם ערשט־אַריינגעשיקטן פּאָליציימייסטער. אָבער ביי אידן איז דער ערשטער מאָרד געווען איבער מענדל ברוך־לייזערס. חיים־שיע, דער שניידער, האָט פאַרלאָזט זיין וואַרשטאַט און געאַרבעט מיט אַלע כחות אַרויסצונעמען מאָטל פוקס פון דער אַפּטער טורמע. ס׳איז צוגעגאַנגען נישט גרינג. ער האָט זיך געבעטן ביי לייבוש גראָזדע, אַז דער קאָמיטעט זאָל פאַרלענגערן די צייט, וואָס מ׳האָט אים געגעבן אויף אַרויסצונעמען מאָטלען. נאָך דער לאַפּקע־געלט, וואָס ער האָט געגעבן דעם אַפּטער נאַטשאַלניק, איז ער זיכער, אַז מאָטל וועט אַ ליאַדע טאָג באַפרייט ווערן.

לייבוש גראָזדע איז מיט חיים־שיע, דעם שניידער־מייסטער, צוגעפאָרן זען מאָטלען אין טורמע און אים מבטיח געווען, אַז ער וועט אינגיכן באַפרייט ווערן. ער האָט געבראַכט אַ פריילעכן גרוס, אַז מאָטל זיצט מיט פיל אַנדערע פּוילישע רעוואָלוציאָנערע חברים און זיי לעבן ווי ברידער. מען זינגט דאָרטן דעם „טשערוואָני שטאַנדאַר" („די רויטע פאָן") און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער. אויף מאָטלען האָט רחמנות געהאַט זיין באָבע, די אַפּטער רביצין, וואָס נאָכן זיידנס פּטירה, האָט איר די קהלה געצאָלט אַ שטיקל פּענסיע. ווען די אַלטיטשקע האָט זיך דערוואוסט, אַז איר אייניקל זיצט אין תפיסה, איז זי באַלד געקומען און אים געבראַכט געקעכטס. זי האָט געשלעפּט זיך אַן איינגעבויגענע יעדן טאָג באַרג אַרויף און געברענגט אים עסן. פרייטיק האָט זי געברענגט אים אַ חלה מיט פיש, אַ הינערש טעפּעלע יויך לכבוד שבת. דערביי האָט לייבוש גראָזדע געלאַכט דערפון וואָס מאָטל האָט אים געזאָגט, אַז ער גיט דאָס אַוועק זיינע פּוילישע חברים און זיי גיבן אים דערפאַר גוטע, פּוילישע קאָלבאַסע.

מאָטל איז נאָך לאַנגע וואָכן באַפרייט געוואָרן. ער האָט אָבער געמוזט אַנטלויפן, ווייל ס׳איז געוואָרן שווער פאַר אים צו אַרבעטן ווי פריער איבער

דער פאַרשטאַרקטער אויסשפּיר־אַרבעט פון דער זשאַנדאַרמעריע. אויך פּנחס, וואָס פלעגט אינדערפרי אַרויסהענגען די שילד מיטן זייגער אויפן געוועלבל, נאָר ער פלעגט מייסטנס זיך געפינען אויפן סטאַוו ביי די פּוילישע חברים, האָט אָנגעהויבן היטן מער זיינע ביינער.

## זעליקל וואָלפּם

זעליקל וואָלפּ׳ס, דער העלד פונם דענקעווער געסל, האָט געזוכט זיך נוקם צו זיין אָן די אחדות׳ניקעס פאַר זייער קאָמאַנדעווען אין געסל מיט איינפירן דעם נייעם סדר פון ארבעט. ער האָט געפילט, אַז דאָס דענקעווער געסל איז מאָדנע פאַרענדערט געוואָרן; ס׳איז פינצטער און שטילער געוואָרן אין די ביינאַכטן. מ׳הערט שוין מער נישט דאָס נייען פון די מאַשינען, דאָס קלאַפּן מיט די פּרעס־אייזנס און די שוסטער־העמערלעך; מען הערט נישט מער דאָס זעגן און הובלען ביי די סטאָליאַרעס. פאַרשוואונדן דאָס ביי־נאַכטיקע געזאַנג פון די אַלע וואַרשטאַטן. איצט גייען אַ סך אַרבעטער אַרום מיט די שטעקעלעך שפּאַצירן. די מערסטע זיצן ביי ליכטלעך און זאָגן תהלים, און אַ טייל שפּילן אין אָקע.

עפּעס אַן אומעט און בייזקייט איז זעליקלען באַפאַלן. ער האָט אָפּגעוואַרט אינם געסל ביים פּלומפּ יעקל אַפּטער דעם שוואַרצן, וואָס איז דער פאַרשטייער פון די אחדות׳ניקעס אינם געסל (ער איז דאָס געווען דער שומר אויפן באַ־פעל פון קאָמיטעט מ׳זאָל חלילה נישט עובר זיין אויף אַ מינוט איבעריקע אר־בעט) און צע׳ממיתט אים. און ווען יעקל איז שוין געלעגן אַ צעבלוטיקטער, האָט ער אים אויפגעהויבן און צוגעפירט צו אַן אַפּטער וואָגן און געזאָגט:

— געדענק יעקל, זאָלסט זיך מער נישט צוריקקערן קיין אָסטראָווצע, אַז נישט מאַך איך דיך פאַר אַ קאַליקע!

אין צוויי טעג אַרום איז זעליקל געריטן אויפן אַפּטער וועג, ווי זיין שטייגער איז געווען ביים איינקויפן בהמות פאַר זיין פאָטערס יאַטקע. ווען ער איז געקומען צום בריק, האָט עמעצער אַריינגעשאָסן א קויל אין זיין קאָפּ. ער איז אַ טויטער אַרונטערגעפאַלן פון פערד, ווי אַ דערשאָסענער, פאַלנדיקער פויגל.

דאָס דענקעווער געסל האָט אים געמאַכט אַ שיינע לויה און לאַנג גע־רעדט וועגן אים. אפילו אַ סך אַרבעטער פונם געסל האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער ווילדער אכזריות. אַלע האָבן געפילט, אַז זעליקל איז געפאַלן אַ קרבן פאַר זיין געטריישאַפט צום געסל. מ׳האָט אויך געשאָסן

שיקע־קישקע, וועלכער איז נישט געווען קיין מסור, אָבער גערעדט צופיל, די שיסערייען האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה און פּחד אויף דער שטאָט.

ס'איז געווען אין יענע טעג, ווען די פּאַרטיי „פּע־פּע־עס" האָט זיך גע־שפּאָלטע אויף לינקע און אויף רעכטע, וואָס זיינען געווען ווייניקער סאָ־ציאַליסטיש, אָבער דערפאַר פּויליש־שאָוויניסטיש און טעראָריסטיש. דער ריס צווישן די פראַקציעס איז נאָך נישט געווען קיין אָפענער. אָבער פון טעראָר איז אַ טייל געקומען צו פּשוט'ן באַנדיטיזם.

אין די ערשטע פדייהייטס טעג, ווען די פּאָליציי און זשאַנדאַרן האָבן זיך פאַרשטעקט און דער מאַגיסטראַט איז געווען צוגעמאַכט, איז די שטאָט פערצן טעג פאַקטיש רעגירט געוואָרן פון דער פּאַרטיי „פּע־פּע־עס" דורך אַ פּאַרטיי־מיליציע. אין יענע טעג זיינען פאָרגעקומען פּשוטע, באַוואָפנטע רויבערייען פון טעראָריסטן.

די פּאַרטיי האָט זיך דעמאָלט אַמאָל דערוואוסט וועגן אַ געפּלאַנטן טע־ראָר־אַקט אויפן סענעווער גלח. האָט די פּאַרטיי ביינאַכט געשיקט אירע גע־טרייע „באָיואוועקעס", וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אַרום דעם גלח'ס הויז ביי דער סענעווער תפלה. און ווען די טעראָריסטן האָבן זיך דערנענטערט צום גלחס הויז אויסצופירן דעם רויב־אָנפאַל, האָבן די „באָיואוועקעס" פון דער „פּ.פּ.ס." מיט זייערע מאַוזער־ביקסן זיי דערשאָסן. פיר זיינען געפאַלן טויט אויפן אָרט, נאָך אַנדערע זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן און עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן.

די פּאַרטיי איז געווען געצוואונגען צו פאַרדעקן די אייגענע שאַנד, זי האָט דעריבער איינגעאָרדענט פאַר די פיר רויבער אַ פּאַראַדנע לויה מיט רויטע פאָנען און פלאַמיגע דרשות, אַז זיי זיינען געשטאָרבן אין קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע. די נאָענטע, אייגענע מענטשן, וואָס האָבן געוואוסט דעם אמת, האָבן די אויגן אַרונטערגעלאָזט און זיך געשעמט מיטן פּאַרטיי־שקר.

פּנחס איז דעמאָלט געווען דער פאַקטישער רעגירער איבער אַלע שטאָ־טישע אָנגעלעגנהייטן, הגם ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון אויפטרעטן אין מאַרק אויף די גרויסע, פייערלעכע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. צו אים, אין דעם אידישן קאָמיטעט, האָט מען זיך געווענדעט מיט אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע געווען דאָס אידישע לעבן.

חיים גימפּל איז געווען דער איינציקער אידישער האַלב־סטראַזשניק אין שטאָט. זיין פונקציע איז געווען מכמה יאָרן אַרומצוגיין מיטן מאַגיסטראַט־באַאמטן אויפצומאָנען די שטאָטישע שטייערן, אַריינרעכענענדיק שוין די ספּעציעלע אידישע טאָקסע פאַר קהילה־הצטרכותן, וואָס די אויסגעקליבענע דאָזאָרצעס, די אידישע פאָרשטייער, האָבן אַדויפגעלייגט אויף יעדן לויט

זיין יכולת. שטענדיק האָט מען חיים־גימפּלען געזען טראָגן פּעק מעשענע שבת־לייכטער און תפילין־זעק אין דער קאַנצעלאַריע אַריין. דאָס זיינען געווען משכנות פון אָרימע אידן פאַר נישט באַצאָלטער טאַקסע. איצט איז ער, חיים־גימפּל, געקומען צום סאָציאַליסטישן קאָמיטעט און געפרעגט פּנחס׳ן, צי זאָל ער ווייטער גיין ברענגען פאַרן קאָמיטעט די פּעק מעשענע לייכטער מיט די תפילין־זעק. דערביי האָט ער געבעטן עטלעכע גילדן אויף שבת און גע־פרעגט, צי מען וועט אים לאָזן ביי זיין פּרנסה.

פּנחס האָט עפּעס ווי געאָטעמט, אַז אַ שווערע כמאַרע רוקט זיך אָן. ער איז שוין דעמאָלט, נאָכן אָפּלאָזן דעם ערשטן שידוך, געווען דער חתן פון לייב בערמאַנס טאָכטער, די שיינע פּעסעלע. זי האָט גע׳שמ׳ט מיט איר שיינקייט און פּריצישער אַריסטאָקראַטישקייט. זיין משפּחה, פון מוטערס צד, האָט דאָס אים פאַרקנסט, און זיין פאָטער משהל האָט מיטן מחותן לייבן שוין גערעדט פון אַ זמן חתונה. פּנחס האָט דאָס נאָכאַנאַנד אָפּגעשטופּט, ווייל ער איז גאָר געווען פאַרקנסט צו דער רעוואָלוציע.

די צאַרישע רעאַקציע האָט שנעל צוריקגעקראָגן די בייטש אין אירע הענט. מ׳האָט אַרעסטירט און געוואָרפן אין די טורמעס אַלע אָנפירנדיקע רעוואָלוציאָנערן. מ׳האָט פּנחסן שטאַרק געזוכט. ער האָט זיך באַהאַלטן אויפן סטאַוו ביי זיינער אַ קרובה. מ׳האָט דעם פאָטער זיינעם, משה׳לען, געפּייניקט, ער זאָל אויסזאָגן, וואו זיין זון געפינט זיך. נאָר דער פאָטער האָט אים די זעלביקע נאָכט געשיקט געלט מיט איינעם פון זיינע געזעלן, לייבעלע שיענער, אויף צו אַנטלויפן איבער דער גרענעץ. ער האָט אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן ביים מחותן, אין צויזמער, וואָס איז ביי דער גאַליצישער גרעניץ.

וואַנדערנדיק אַ גאַנצע נאַכט דורך פעלדער און וועלדער איז פּנחס פאַרטאָג אָנגעקומען צום מחותן. די כלה פּעסעלע האָט געהאַט אַ הויכן שטערן, אַ שוואַרצע פּריזור, אַ ווייסן אַלעבאַסטער־פּנים מיט צוויי חן־גריבעלעך אין די רונדיק געטאָקטע באַקן, מיט אַ קורצן, אַ ביסל פאַרשפּיצטן, גריכישן נעזל, וואו ביי דער לינקער זייט האָט אַרויסגעלויכטן אַ קליין שוואַרץ פעפערל ווי אַ צוגאָב צו איר חן און דרייץ. די כלה מיט איר פאָטער האָבן די ערשטע אויפגענומען פּנחסן.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער גרויסער שטוב האָבן זיי אַלע באַלד דערקענט זיין געיאָגטקייט. פּנחסעס טאַטע מיט דער מומען, די שטיפמוטער, זיינען די צווייטע נאַכט אַהין געקומען. פּנחס האָט געוואָלט אַנטלויפן קיין שווייצאַריע. ער האָט געהאַט חלומות וועגן אָט דעם שיינעם לאַנד פון פריי־הייט, וואו עס געפינען אַ מקום־מקלט אַלע פרייהייטס־קעמפער פון דער וועלט.

אפשר וועט ער דאָרט אויך קאָנען פאַרווירקלעכן זיין טרוים צו לערנען זיך אין אוניווערסיטעט, זיך ווידער באַהעפטן מיט די נייע ספרים.

זיין כלה האָט געגעבן איר הסכמה אויף זיינע פלענער. ביידע האָבן שוין געחלומט ווי זיי וועלן, אין פרייהייט און גליקזעליקייט, שפּאַצירן איבער די שיינע, שווייצאַרישע שניי־בערג, און פעסעלע וועט אים העלפן אין זיין פרייהייטס־קאַמף צו ברענגען דערלייזונג פאַרן פאַרקנעכטעטן פוילן און רוס־לאַנד.

אָבער די טאַטעס און מאַמעס האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט נאָך די קינדער פאַרלירן אויף אייביק, — מילא אַריבערשוואַרצן די גרענעץ איז לייכט, אָבער יונגוואַרג וועט אויך שנעל פאַרגעסן זיינע נעסטן, און גאָט ווייסט צי זיי וועלן דערלעבן זיי נאָכאַמאָל זען. האָבן זיי, נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת, באַשלאָסן דערווייל אָננעמען די עצה, אַז פנחס זאָל אַנטלויפן קיין וואַרשע בסוד סודות. ער זאָל דערווייל קיין בריוו נישט שרייבן; דער שטורעם וועט אַריבער, ס׳וועט ווערן רואיקער, וועט מען מאַכן מיט גאָטס הילף אַ חתונה אין וואַרשע און גאָט וועט העלפן, ס׳וועט זיין בכי טוב. וויפל פנחס האָט זיך נישט געווערט קעגן אַזאַ נאַאיווען פּלאַן און בעסער געוואָלט אַריבער די גרענעץ, האָט פעסעלע, די כלה זיינע, אים באַווירקט אָנצונעמען דעם באַשלוס פון טאַטע־מאַמע.

פנחס האָט זיך געזעגנט. אַלע האָבן אים באַגלייט ביז צו דער טיר מיט שטילע, איינגעהאַלטענע טרערן. מער פון אַלע האָט געוויינט זיין כלה. ביי פעסעלען האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן צוויי שנירלעך טרערן, און איינס, דאָס לינקע, האָט באַנעצט דאָס שוואַרצע חן־פּעפּערל. פנחס, מיט אַן אויפגע־שטעלטן קאָלנער און אומעטיק האַרץ פול מיט בענקשאַפט און ליבשאַפט, האָט געעפנט די טיר און אַ לעצטן בליק געוואָרפן אויף אַלעמען. זיינע גדויסע, ברוינע אויגן, די ברענענדיקע, האָבן מיט זייער פייער דורכגעגליט פעסעלעס געזיכט. אירע שנירלעך טרערן זיינען אין דער גליאונג ווי פייער־דיקע בריי־ליאַנטן, לויכטנדיקער געוואָרן, וואָס האָבן זיך באַהאָפטן מיט זיין זעלישן ברען און ער האָט מיט שטילן אומעט און טיפער האָפענונג פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

ער איז אַדורך דעם מאַרק, אַריין אין טויער פון דעם אַלטן שלאָס, אַ זכר פונם אַלטן, אַמאָליקן פויליש־קאַטוילישן גלאַנץ. אויף איין זייט איז גע־שטאַנען די געביידע פון דעם גלחים־סעמינאַר. אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט האָבן זיך געשאַרט דורכן טויער יונגע גלחים מיט זייערע לאַנגע מאַנטלען. ווייטער אַביסל איז געווען די טורמע, אָנגעפילט מיט זיינע חברים. הינט האָבן

געבילן. די ווייסל אונטן האָט געשטורעמט פון די בייזע ווינטן און ריטמיש האַסטיק געקלאַפּט די ברעגן, ווי שוימיקע וואַסערפאַלן.

און אַזוי איז ער אַן אומרואיקער אַוועק אויפן וועג קיין וואַרשע.

## אַרעסטירט אין וואַרשע

אין וואַרשע האָט ער גלייך ביים אָנקומען באַגעגענט זיינע אַנטלאָפענע חברים, וואָס וואוינען צוזאַמען אין דעם נייעם מקום מנוחה אַרום דזשיקע גאַס. דאָרט איז געווען דער זאַמל־פּונקט בעיקר פון יונגע מענטשן. די בחורים האָבן געטראָגן שוואַרצע העמדלעך מיט גאַרטלען און טראָלדן; מיידלעך ליטווישע, וואָס זעען אויס ווי מענער האָבן זיך געקאָכט ביי די הייסע וויכוחים וועגן זייערע פּאַרטייען און זייערע פּראָגראַמען. דער רעוואָלוציאָנערער אימ־פּעט און די דעמאָנסטראַטיווע מאַניפעסטאַציעס זיינען שוין פאַרשוואונדן. מ׳האָט נאָך געגלויבט אָבער אָן פייער. מ׳האָט זיך שוין מער פאַרנומען מיט דער אידישער ליטעראַטור און אירע שעפער. פּרץ איז געוואָרן דער עמוד־האש אין דעם אַריינגעטראָטענעם חושך מיט זיינע פלאַמיקע ווערטער און פלאַמיקע אויגן.

די יוגנט האָט זיך דעמאָלט געגנויטיקט אין נייע נביאים, זי האָט אָבער נישט געקאָנט סובל זיין די שטראָף־רייד, די ירמיהו׳שע, פונם גייסטיק־מאָראַלישן שטורמער און מאָנער, הלל צייטלין, מיט זיינע פּרייטיקדיקע בריוולעך אין וועלכע ער האָט גערופן צו פאַרלאָזן די פרעמדע אָפּגעטער.

פּנחס מיט זיינע חברים זייגער־מאַכער אין דער קאָוויאַרניע אויף קרו־לעווסקא גאַס האָבן אַ פּרייטיק פאַרנאַכט, נאָכן איבערלייענען אַזאַ בריוול, קעגן אים געשטורעמט, ווייל ער האָט געטראָפן אין פינטל אַריין. פּנחס האָט זיך נישט געפוילט און דורכן טעלעפאָן גערייזערט זיך אויף הלל צייטלינען. נאָר יענער איז נישט בייז געוואָרן, אדרבא, מיט אײדעלער מילדקייט האָט ער פאַר־ענדיקט דעם טעלעפאָן־שמועס:

— געדענקט יונגערמאַן, טראַכט זיך אַריין אין מיינע ווערטער די שטראָ־פיקע, ווייל זיי קומען פון הייסער ליבשאַפט צו אייך. נישט ווייט איז די צייט ווען איר וועט זיי אויפנעמען און ס׳וועט מקויים ווערן דער „ושבו בנים לגבולם״!

פּנחס האָט זיך טאַקע פאַרטראַכט, ער האָט זיך דערנענטערט צו דער גרופּע „עס־עס״, וואָס איז געווען די פּאָפּולערסטע צווישן די זייגערמאַכער. איינער פון זיי, פּיניע וואולקאַן, פון וואָלקאָוויסק האָט געגרינדעט צוזאַמען מיט אַנדערע דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון זייגערמאַכער.

אַ טשיקאַווער סטרייק איז געוואָרן גערופֿן ביים גרעסטן זייגער־פֿאַברי־קאַנט מאיר־יואל שוואַרצשטיין; אַ הויכער, שלאַנקער איד מיט אַ שיין־פֿאַר־פוצטער, שוואַרצער באָרד. ער איז געווען אַן אַריסטאָקראַט און אַ גערער חסיד, געפֿאָרן אויף די יאַרידן אין ניזשני־נאָווגאָראָד צו שליסן זיינע גרויסע יערלעכע קאָנטראַקטן מיט די רוסישע קופּצעס. בעת מסחר איז ער געווען אָנ־געטאָן אין אַ קורצן סורדוט און ווייסן קאָלנער, אָבער אין שטיבל האָט ער גע־טראָגן אַ סויבעלנעם שטריימל. דער גערער רבי האָט פֿון אים געהאַלטן אַן עולם ומלואו — ווי פֿון אַ למדן און גרויסן בעל צדקה. ער האָט געווירקט אויפֿן רבין ער זאָל הייסן די חסידישע יונגעלייט, וואָס זיצן אויף קעסט, זיך אויסלערנען די מלאכה פֿון זייגערמאַכערס און גאָלדשמידן. דער רבי האָט מיט אים מסכים גע־ווען, אַז תורה מיט מלאָכה פּאַסן זיך און געשיקט צו אים אַ סך פֿון די אויס־געלערנטע זייגערמאַכער. מיט זיי צוזאַמען האָבן געאַרבעט עטלעכע סאָציאַ־ליסטישע אַפּיקורסים.

די אָנפֿירער פֿונם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין האָבן געהאַט גרויס אַכטונג פֿאַר מאיר־יואל, ווייל ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט נאָכגעגעבן אַלע אַרויסגעשטעלטע פֿאָדערונגען, ווי אַ ניין שעהדיקער אַרבעטסטאָג, העכערן געהאַלט, און פֿרייטיק, ערב שבת, צו אַרבעטן בלויז ביז האַלב נאָך צוויי.

האָט אָבער געטראָפֿן, אַז גרינבערג, אַ ליטוואַק, האָט געגעסן חזיר ביי אים אין פֿאַבריק. האָט מאיר־יואל דערקלערט אַז אונטער זיין דאַך וועט ער אַזוינס נישט דערלויבן. די אָנפֿירער פֿון פֿאַראיין האָבן אים דערפֿאַר געדראָט מיט אַרויסרופֿן אַ סטרייק. זיי האָבן אָבער איינגעזען, אַז מען קאָן אים נישט צווינגען צו לאָזן טרעטן מיט די פֿיס זיינע ערלעכע איבערצייגונגען. זיי האָבן געוואוסט אין פֿאָראויס, אַז מען וועט דאָס נישט אויספֿירן, און זיך מיט אים אויסגעגליכן, אַז ער זאָל באַצאָלן גרינבערגן פֿאַר פֿיר חדשים שכירות.

מ׳האָט דערנאָך געפֿירט אַ סטרייק ביי בידקער׳ן, וואָס האָט זיך פֿאַר־צויגן און מען האָט געוואָרפֿן די שולד אויפֿן פֿאַרוואַלטער, אַ פֿרומער איד. האָט מען אים שבת אָפּגעוואַרט אינדערפֿרי ביים אַרויסגיין פֿון שול מיטן טלית־זאַק אונטערן אָרעם. פּנחס, וועלכער האָט אים געקענט איז צוגעגאַנגען נאָענט און אויפֿגעהויבן זיין שטעקן — אַ צייכן, אַז דאָס איז דער בעל־דבר. דעמאָלט איז צוגעלאָפֿן פּיניע וואָלקאָווויסקער, וועלכער האָט אים געוואָרפֿן אין די אויגן אַ פּעקל שמעק־טאַבאַק און פֿאַרבלענדט אים. דער דריטער, משה שעדלעצער האָט אויף אים צעבראָכן דעם דעמבענעם שטעקן. ער איז געפֿאַלן אויפֿן טראָטואַר אַ צעבלוטיקטער און געפּרוווט זיך באַשיצן מיטן טלית־זאַק, וואָס איז געוואָרן איינגעטונקען אין בלוט. די דריי זיינען אַנטלאָפֿן.

פּנחס מיט זיין פריינט פּיניע האָבן געהאַט גרויס עגמת־נפש און האַרץ־ווייטיק פון דעם שטיקל אַרבעט. פּיניע איז נאָכדעם אַוועקגעפאָרן און מ׳האָט אים מער נישט געזען.

## אין טורמע

פּנחס איז אַמאָל געשלאָפן אויף זיין קוואַרטיר ביי זיינעם אַ בן־עיר, נחום קצב, אויף פאַנסקע גאַס. אינמיטן נאַכט האָט מען געקלאַפּט אין טיר און מען האָט געהערט רעדן רוסיש. ביים עפענען די טיר, האָט זיך אַריינגעלאָזט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע פּאָליציסטן, צוזאַמען מיטן טויער־היטער, אַ נידעריקער פּאַ־ליאַק מיט לאַנגע וואָנצעס. ער האָט געהאַלטן דעם טויער־שליסל אין האַנט. דער פּאָליציי־אָפיציר האָט געפרעגט זיך אויף פּנחסן. ציענדיק אויף זיך די הויזן, האָט פּנחס געענטפערט אַז דאָס איז ער. די פּאָליציי האָט געוואָלט וויסן, פאַר־וואָס ער וואוינט נישט אויף דזשיקע, וואו ער איז איינגעמאָלדן. דערביי האָט דער אָפיציר אַראָפּגעלאָזט צוויי פּעטש מיט ווילדער רציחה דעם אָרימען „סטרוזש״. יענער איז געפאַלן צו דער ערד. דער אָפיציר האָט געשריגן, הלמאי ער לאָזט אַריין נישט־געמאָלדענע מענטשן, דערצו נאָך אַזאַ בונטאָוושטשיק ווי פּנחס. דאָס גורם זיין פּעטש פאַר דעם טויער־היטער האָט פּנחסן מער ווי געטאָן ווי דער אַרעסט. ער האָט זיך אָנגעבויגן אויפצוהייבן דעם סטרוזש, אָבער דער אָפיציר האָט אים אָפּגעשטויסן מיט ווילדער רציחה.

מ׳האָט אים אַוועקגעפירט בכבוד גדול אינם ראַט־הויז, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ סך אַנדערע ווי ער — סטודענטן און אַרבעטער. זיי האָבן זיך דערנענטערט איינער צום צווייטן. מ׳האָט געשפּילט שאַך. די קאַמער איז גע־ווען אַן ענגע, אַ שמוציקע. די איינוואוינער אין קאַמער זיינען אָבער געווען דער־הויבענע, אויפגעהייטערטע. עפּעס מיט אַ באַהאַלטענעם געפיל פון אינערלעכער צופרידנקייט. אינם פּיין און ליידן, אין דעם צרת־רבים, וואָס מען ליידט פאַר די רעוואָלוציאָנערע חטאים האָט פּנחס דערפילט אַ מאָדנע מתיקות אין טיפן געמוט; דערשפּירט עס אויך ביי זיינע חברים אין קאַמער, וואו קיינער דער־וואַרט שוין גאָרנישט, וואו אַלע ווייסן, אַז די פרייהייט־האָפענונגען זיינען דערשטיקט. און דאָך איז דאָ אַזאַ תענוג פונם פּיין.

דאָס פיינלעכע איבערלעבן האָט פּנחס נאָר געפילט ווען ער איז גערופן געוואָרן צו דער געהיים־פּאָליציי יעדן צווייטן טאָג אויסגעפרעגט צו ווערן. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט, איז ווי ער וואָלט אַריינגעקומען אין אַ היים אַ וואַרעמער. פּנחס האָט צוויי מאָל אַ וואָך באַקומען פּעקלעך מיט עסן. ער האָט געוואָלט וויסן, ווער ס׳איז דער ברענגער. האָט ער געבעטן דעם הויכן

גראָדזשינסקין, דעם לאַנד־מעסטער, ער זאָל אים לאָזן זיך אַרויפשטעלן אויף זיינע אַקסלען, כדי ער זאָל קאָנען זען דורכן שמאָלן פענצטער, וואָס איז פאַרשטעלט מיט פאַרזשאַווערטע אייזערנע גראַטעס. אַרונטערקוקנדיק האָט ער דערזען ווי זיין טאַטע, איינגעהויקערט, שלעפּט זיך צום טויער פון דעם ראַט־הויז מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם. אַ ציטער איז אים דורכגעלאָפן דורך זיין גאַנץ געביין. ער איז אַרונטערגעשפּרונגען אויפן דיל אַ דער־שלאָגענער. ער האָט געהאַט גרויס צער און רחמנות אויף זיין טאַטן. ער האָט זיין טאַטן פאַרשאַפט געגנוג חרפּות און בושה׳ס. דאָך פאַרגעסט ער אָן אַלץ און שלעפּט פּעקלעך כדי אונטערצוהאַלטן אים, זיין תכשיט, מיט זאַכן, אין וואָס ער נויטיקט זיך נישט אַפילו דעריך. וואָלט מען צוגעלאָזט זיך זען, וואָלט ער דעם פאָטער געבעטן אָפּצושטעלן דאָס ברענגען פּעקלעך. אָבער מען לאָזט קיינעם נישט צו אין דער אויספאָרשונגס־צייט.

מיט דריי וואָכן שפּעטער, אין אַ פרייטיק־צו־נאַכט, האָט מען פאַרזאַמלט אַלעמען אין דער גרויסער קאַנצעלאַריע. אַ גרויסע מענגע סאָלדאַטן אין שוואַרצע אוניפאָרמען, איז געשטאַנען אויסגעשטעלט ביי די ווענט. מ׳האָט אָנגעטון קייטעלעך אויף די הענט, געשמידט איינעם צום צווייטן. פּנחס האָט געפרייט זיך מיטן קייטעלע אויף זיין לינקער האַנט, ווי אַ קינד מיט זיין ערשטער שפּילצייג; אַזוי אויך דער חבר זיינער, דער סטודענט פון וואָוועלבערגס טעכני־קום, ווּלאַדעק, אַ פאַרפּוילישטער איד. פּנחס, קוקנדיק אויפן קייטל, האָט אים געזאָגט מיט שטאָלץ, אַז דאָס קייטעלע איז אים אַזוי הייליק, ווי די תפילין, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן צו דרייצן יאָר. ווּלאַדעק האָט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט מסכים געווען מיט פּנחסן.

מ׳איז אַרויס אַרום עטלעכע צענדליק, אויסגעשטעלט צו צוויי פאָרלעך. די מערסטע זיינען דאָ געווען יונגע אַרעסטאַנטן, אַלע זיינען געגאַנגען מיט געהויבענע קעפּ. די סאָלדאַטן האָבן געמאַכט אַ רינג מיט אַן אָפיציר בראָש, וועלכער האָט אַ באַפעל געגעבן: גיין! די טריט האָבן געהילכט אויף די שטיינערנע, אויסגעפלאַסטערטע וועגן. מיטאַמאָל האָט פּנחס דערזען זיין טאַטן, אַ פאַרוויינטן, וועלכער פאַרגעסט אָן אַלע געפאַרן און וויל זיך דערנענ־טערן צום זינדל זיינעם, אפשר אים אַ טרייסט־וואָרט מיטצוגעבן אין וואָס ער נויטיקט זיך גאָרנישט און קריגט מיט אַ הענטל פון אַ ביקס אַ זעץ און ווערט אַנידערגעשליידערט אויף די קאַלטע שטיינער. פּנחס האָט אַ ריס געגעבן ווּלאַדעקן, צוגעפאַלן צום זעלנער, דעם אכזר, מיט זידלערייען און אויך באַ־קומען אַזאַ קלאַפּ מיט דער ביקס.

באַגאָסן מיט שווייס און מיט אַ צעוויייטיקט האַרץ איבער זיין טאַטנס ליידן, און אַלץ צוליב אים, איז פּנחס צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּאַרטיע אַרעס־

טאַנטן אָנגעקומען ביז צו דער מוראַנאָווער באַן־סטאַנציע, וואו מען האָט זיי אַריינגעפּאַקט אין אַ שוואַרצן וואַגאָן, ווי הערינג אין אַ פאַס. גאָר הויך איז געווען אַ שמאָל פענצטערל. מ׳איז געפאָרן לאַנג און קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין. פאַרטאָג איז מען געקומען קיין בריסק, וואו מען האָט אַלעמען געפירט אין דער פעסטונג — און אויפן הויף האָט פּנחס דערזען אַזאַ מין בילד: דאָ און דאָרט זעט מען אַן איינצל ביימעלע, אַ יונגגס. פון ביידע זייטן, רעכטס און לינקס, עפענען זיך אַ פענצטער און הונדער־טער חברים באַגריסן זיך מיטן ליד „טשערוואָני שטאַנדאַר", די ציי־טערדיקע שטימען קלינגען ווי אַ תפילה, אַ הייליקע. ביי אַלעמען ווערן די אויגן באַנעצט מיט טרערן־פייכקייט פונם צוויבערדיקן געזאַנג. און אַלע, כאָטש אין די קייטעלעך געשמידט, זינגען מיט אין טיפן עקסטאַז און הערן נישט די ווילדע געשרייען פון די סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן, ביז די סאָלדאַטן שטעלן אַן די ביקסן און דראָען צו שיסן.

אין טויטן שטילשווייגן האָט מען אַרונטערגענומען די קייטלעך ביי צוויי רייען. פּנחס און וולאַדעק זיינען געגאַנגען אין דער לינקער ריי, אָבער אין באַ־זונדערע קאַמערן. צו צוועלף ביז פערצן אין אַ קאַמער. יעדער קאַמער איז גראָד אויסטאַפּעצירט געווען מיט אייזערנע בעטלעך און מאַטראַצן. די חברים אינם צימער האָבן אויפגענומען פּנחסן מיט היימישקייט, געוויזן אים זיין בעטל און מודיע געווען דעם סדר פון זייער איינאָרדענונג: אַט דאָ איז די פאַרברייטונגס־שולע פאַר דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער רעפּובליק. ס׳זיינען נישטאָ קיין מיוחסים. אַלע זיינען דאָ גלייך. איצט ווערסטו, זאָגן זיי, דער פערצנטער מיט־גליד, אַ גלייכער צווישן גלייכן. יעדן טאָג נעמט איינער איבער די אַרבעט פאַרן גאַנצן ציבור. אינדערפרי גייט ער, אין זיין דינסט־טאָג, מיטן גרויסן טשייניק און ברענגט טיי מיט ברויט פאַר אַלעמען. נאָכדעם מוז ער וואַשן די גלעזער, רייניקן דעם צימער, מאַכן די בעטן און טאָן ענלעכע זאַכן מיטאָג־צייט און ביינאַכט.

פּנחס האָט זיך איינגעלעבט מיט זיינע חברים ווי מיט אייגענע בדידער. מ׳האָט געלייענט ביכער, געפירט לאַנגע דיסקוסיעס איבער די פאַרשיידענע פּראָגראַמען פון די פאַרטייען; מ׳האָט זיך געהיצט איבער יעדן קוצו של יוד.

דער פאַרוואַלטער איז געווען אַ קליינעד נידעריקער אָפיצער מיט אַ טונקל, ברוין פּנים, מיט מילדע אויגן און זיין נאָמען איז געווען מיאַסענקאָ. ביי פּנחסן און ביי אַלע אַנדערע איז געבליבן, אַז ער מוז זיין אַ באַהאַלטענער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אין זיין האַרץ מיט זיי מסכים. דערפאַר איז ער אַזוי גוט און מילד צו זיי. ער פּאַסט אויף אין דער סאָלדאַטסקער קיך מען זאָל קאָכן ריין; ער קומט אַריין באַזוכן אַלע חדרים. אַלע נעמען אים אויף מיט

דרך־ארץ און אַכטונג. ער דערלויבט אינם גרויסן צימער די באַזוכן פון די דריי פּראָפעסאָרן פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וואָס קומען האַלטן לעקציעס איבער געאָלאָגיע, מאַטעמאַטיק און קונסט.

אינם פאָדערשטן „באַרג", אין אַ באַזונדער איינגעבויטן צימער, איז געזעסן דער פּראָפעסאָר לאַנגע, דער געשמדטער אידישער פּראָפעסאָר פונם וואַר־שעווער אוניוועסיטעט, און טיילמאָל געגעבן לעקציעס איבער דער געשיכטע פון דער פּוילישער ליטעראַטור. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד אַנטקעגן זיין פענצטער און ער איז געזעסן ביי אַ טישל מיט געשריבענע נאָטיצן, און גערעדט פון דאָרט צום דרויסנדיקן עולם.

פיל מאָל ביז שפּעט אינדערנאַכט האָט מען אויפגעפירט טעאַטער־שטיק. פּנחסן דעם סופלאָר האָט מען באַהאַלטן הינטער מאַטראַצן. פּנחס האָט פאַרגע־לייענט מיט זיין שאַרפער דיקציע די דראַמע אָדער הומאָרעסקע, וואָס איז טייל־מאָל אָנגעשריבן געוואָרן פונם זשורנאַליסט איגנאַץ מיטן קליינעם פּנימל און גרויסע בלאָנדע וואָנצעס — אַ לא־יוצלח, וואָס טויג נישט אַ קאַץ אַן עק צו פאַרבינדן און ווען ס'קומט זיין טאָג פון באַדינען, מוז מען אים אַרויסהעלפן. ער, איגנאַץ, אַ אידישער בחור, וואָס קאָן נישט קיין צלם פון קיין אַלף, האָט דאָך געהאַט גרויס הנאה, וואָס זיין שכן לעבן אים, לייענט פאַר אים פון אויסנווייניק פּרצעס און אַנדערע מעשיות פון דער אידישער ליטעראַ־טור. באַזונדערס איז אים געפעלן, ווען פּנחס האָט אים דערציילט פון די טשי־וואַקע אידן אין אָסטראָווצע. מ'האָט אויך געלערנט מיט גרויס פלייס די צו־קונפטיקע וועלט־שפּראַך פון סאָציאַליסטישן באַחרית הימים — עספּעראַנטאָ. דער לערער איז געווען וולאַדעק. פּנחס האָט זיך אַזוי איינגעלעבט אין דער פעסטונג, אַז ער האָט געהאָפט צו פאַרבלייבן דאָרט אַן אייביקער תושב ביז משיח וועט קומען.

זיין טאַטע איז אים געקומען באַזוכן. פּנחס איז געשטאַנען הינטער גראַטעס, דער טאַטע אינם שמאָלן, טונקעלן קאָרידאָר. ער האָט צו אים גערעדט אין אָנ־הויב מיט אַ פאַרשטיקטער, וויינענדיקער שטימע. אָבער זעענדיק ווי פריש און פריילעך זיין זינדל זעט אויס (און פּנחס האָט אים דערציילט פון זיינע גליקן), האָט דער פאָטער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— ביסט דאָך אָפּגעריסן פון דער גאַנצער לעבעדיקער וועלט. איידער מען קומט דאָ אַהער קומט דאָך אָן ווי קריעת ים־סוף. וואָס איז די פריילעכ־קייט דיינע, מ'שטיינס געזאָגט. אַזוינע גליקן ווינטש איך נישט אַפילו אונזערע ערגסטע שונאים. אָבער נישט געזאָרגט. ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און מיט השם יתברכ'ס הילף וועל איך דיך אַרויסרייסן פון דאַנען, אַפילו ווען איך זאָל דאַרפן בלייבן אָן אַ העמד אויפן לייב.

און ער האָט צוגעגעבן:

— כ׳האָב דיר דאָ אין דער קאַנצעלאַריע געלאָזט אַ פּעקל עסנוואַרג, געבעקס און כשר׳ן וואורשט. זע, כ׳בעט דיך מיין קינד, קער דיך אום צוריק צום שורש דיינעם!

פּנחס האָט זיך געזעגנט מיט זיין טאַטן מיט בליקן פון ליבשאַפט און מיט־לייד אויף דעם ריס צווישן אים און זיין פאָטער.

מיט חדשים שפּעטער האָט מען אים גערופן אין קאַנצעלאַריע, אָפּגעהאַלטן אים דאָרט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע בילד: מ׳ברענגט אים זיינע זאַכן. מ׳שטעלט אים ווידער מיט אַ קלייענער גרופּע קאַמעראַדן, — צווישן זיי איז אויך דאָ דער מאָלער, וואָס פלעגט מאָלן אויפן הויף זיינע בילדער. און ווידער דער „צעפּ“ פון סאָלדאַטן און ווידער באַגלייט מען זיי פון די פענצטעד מיט רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען, וואָס קלינגען ווי הייליקע הימנען פול מיט ברענענדיקן עקסטאַז. דאָס פּאַ־סירט אַלעמאָל, ווען ס׳גייען אַוועק חברים, וואָס מ׳ווייסט נישט צי גייען זיי אינם צענטן פּאַוויליאָן, פאַרמשפּט ווערן צום הענגען אָדער פאַרשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרגע אינם וויטן סיביר, אָדער ווי ס׳פּאַסירט זייער זעלטן, באַפרייט צו ווערן.

ביים אָנקומען קיין וואַרשע, האָט מען אים נישט געפירט צו דער געהיים־פּאָליציי, נאָר גלייך אַוועקגעפירט אין זיין צירקל, און נאָך אַ קורצן אויספרעגן אים געלאָזט פריי. פּנחסן האָט דאָס איבערראַשט. ער האָט זיך געוואונדערט אויף אַזאַ אומגעריכטער זאַך. ווייל לויט זיינע באַגאַנגענע חטאים מוז דאָ עפּעס זיין וואָס ליגט זיך אים נישט אויפן שכל.

זיין פלוצימדיקע באַפרייאונג איז טאַקע געקומען צוליב אַ מעשה שהיה. נאָכדעם ווי די באַהאַלטענע טעראָריסטן, די געבליבענע, פלעגן דערשיסן יעדן ניי־געשיקטן פּאָליציי־מייסטער אין אָסטראָווצע, האָט דער ראַדאָמער גובערנאַטאָר געשיקט זיין פּריוואַטן סעקרעטאַר, דעם רוסישן אָפיציר ריאַ־בוכינען, אַלס פּאָליציי־מייסטער קיין אָסטראָווצע, און אַ מאָדנע זאַך האָט פּאַסירט — אים האָט מען נישט געשאָסן. די אידן פון דער שטאָט האָבן זיך געוואונדערט, וואָס ער, דיאַבוכין, גייט נישט אַרומגערינגלט מיט סטראַזש־ניקעס ווי די פריערדיקע, נאָר טראָגט אַפילו קיינמאָל נישט קיין רעוואָלווער ביי דער זייט. ער גייט זיך אַרום, דער הויכער, עלעגאַנטער אָפיציר, אַן אויס־געפּוצטער, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, און מ׳זעט אים אַפילו ביינאַכט גייענדיק אַליין. מ׳קאָן דאָס גאָרנישט פאַרשטיין. אמת, ער איז אַ גוטער, נישט קיין אכזר, איז שטרענג צו גנבים, אָבער ער איז פּאַני־בראַט מיט יעדן איינעם.

ווען משהל איז באַלד נאָך פּנחסעס באַפרייאונג געקומען קיין וואַרשע און זיך מיט אים געהאַלדזט, געקושט און געוויינט פאַר פרייד, האָט ער אים דערציילט וועגן אַ נס: מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווען ער איז געווען אויפן וואָקזאַל קויפן אַ בילעט קיין בריסק, האָט ער געזען ווי דער נייער פּאָליציי־מייסטער, ריאבוכין שפּאַצירט אַזוי אין פאָרנט פון דער באַן מיטן פּאָלקאָווניק פאָן קלוק, ימח שמו, פון דער גובערניע. ער האָט געשפּירט, אַז ריאבוכין האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים.

משה׳ל האָט פּנחסלען ווייטער דערציילט וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש:

— ווען דער פּאָלקאָווניק איז אַריין אינם וואַגאָן, קומט ריאבוכין צו צו מיר און רופט מיך אָוועק אָן אַ זייט. ער גיט מיר אַ פּאַקעט מיט פּאַפּירן, פאַרחתמעטע מיט טריף־וואַקס און באַפעלט מיר איך זאָל גלייך פאָרן צום גענעראַל גובערנאַטאָר אין וואַרשע און דאָס איבערגעבן אין דער ערשטער קאַנצעלאַריע. כ׳האָב אַזוי געטאָן. און איצט זעסטו, אַז גאָט האָט געהאָלפן, און דער רבי, דער מאָדזשיצער, האָט עס מיר צוגעוואונטשן.

פּנחס האָט נאָכדעם אויסגעפונען, אַז דער זעלביקער ריאבוכין טראָגט דעם נאָמען סטעפּאַן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער „פּע־פּע־עס״. פּנחס האָט זיך מיט אים געטראָפן אַלס פאָרשטייער פון אָסטראָווצער קאָמיטעט ביי די געהיימע זיצונגען אין ראַדאָם. מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אים דערהויבן צום אַמט פון פּאָליציי־מייסטער אין לאָדזש. ער איז אָבער דאָרט אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט אים פאַרשיקט אויף צוועלף יאָר קאַטאָרגע.

פּנחס האָט שפּעטער דעם טאַטן זיינעם נישט געוואָלט קאַליע מאַכן דעם נס. פּנחס האָט איצט געלעבט צוריקגעהאַלטן, ווייל בעתן אַרויסקומען האָט ער געטראָפן אַ געדריקטע שטימונג. די רוסישע רעאַקציע האָט געבושעוועט איבער גאַנץ רוסלאַנד און פּוילן. אַרעסטן פון געוועזענע רעוואָלוציאָנערן האָבן אַ ביסל אויפגעהערט. ס׳איז געוואָרן שטילער אויף אַ קורצער ווײלע. דער סאָניניזם האָט אָבער די אידישע אינטעליגענץ נישט פאַרסמט. זי האָט זיך גאָר דערנענטערט צו דער אידישער קולטורעלער אויפלעבונג, ווי צום „הזמיר״, אָנגעפירט פון דר. גרשון לעווין; צום אידישן קונסט־טעאַטער פון קאַמינסקי, וואו מען האָט געזען פּרצן אין די קולואַרן אין זיין ברייטער, שוואַרצער פּעלערינע, מיט די גרויסע, ברענענדיקע אויגן.

פּנחס האָט געאַרבעט אויפן גזשיבאָווסקי פּלאַץ, פאַרדינט פּיל, געקליידט זיך ווי דער גרעסטער פראַנט, געלעבט ביחידות; באַקענט זיך מיט זיין בן־עיר לייבוש פּיטשעס, דעם גאָלדענעם קייטל־מאַכער, אַ לעב־יונג, אַ גרויסער וויצלער. זיי האָבן זיך געלערנט שפּילן אויף אַ גיטאַר. אַהיים פאָרן האָט ער מורא געהאַט און דאָך האָט ער געמיינט, אַז מ׳האָט שוין אָן אים פאַרגעסן.

ער האָט זיך שוין פאַרגונען צו פאָרן איבער דער ווייסל מיט דער שיף, וואָס גייט פון וואַרשע ביז פּילעווו. פון דאָרט איז ער געפאָרן מיט אַ בעל־עגלה ביז אָפּאַלע און דאָרט, ביי זיין כלהס שוועסטער מינדעלע, האָט ער זיך גע־טראָפן מיט זיין באַשערטער און געמאַכט פּלענער פאַר דער חתונה. די מחותנים האָבן באַשלאָסן, אַז שבת נאָך שבועות זאָל זיין די חתונה אין וואַרשע, אינם זאַל אויף קאַרמעליצקע.

מ׳האָט געפּראַוועט אַ פּייערלעכע חתונה.

— אַוודאי, — האָבן די מחותנים געזיפצט, וואָלט געווען בעסער, ווען גאָט וואָלט געהאָלפן און די חתונה פון אונזערע קינדער וואָלט געווען אין אונזער היים, אין צויזמער. אַי, וואָלט דאָס געווען אַ חתונה! מ׳וואָלט געטאַנצט אין די גאַסן מיט די שטריימלעך און בעקעשעס.

— נאָר מסתמא איז אַזוי באַשערט — האָט געזאָגט לייב בערמאַן, דער מחותן מיט דער ברייט באַוואַקסענער באָרד, איבער וואָס מ׳האָט קוים אַרויס־געזען זיינע ווייכע קינדישע אויגן. ער האָט געטרונקען איין גלעזל בראַנפן נאָך דעם אַנדערן מיט אַלע מחותנים. משהל איז אויך נישט געבליבן הינטער־שטעליק און ס׳האָט געהילכט זיין לחיים, וואָס מ׳שרייט אויס בעתן שפּילן פון דער קאַפּעליע און דעם טאַנצן פון יונגוואַרג.

פּנחס האָט זיך אַריינגעצויגן אין דעם פון פריער צוגעגרייטן צימער אויף דזשיקע גאַס, נישט ווייט פון דער באַלעבאַטישער נאַוואָליפּקע. ער האָט די וואוינונג געדונגען ביים אייגנטימער פונם הויף, וועלכער האָט שוין אויסגעגעבן אַלע זיינע קינדער און געלעבט אויף דער עלטער אַליין מיט זיין ווייב; ער האָט געלערנט יום ולילה ביי אַ לאַנגער גמרא פון ווילנער ש״ס, אין אַ לעדער־נעם ברוינעם איינבונד, וואָס גלאַנצט פון אַלטקייט. ער האָט ליב געהאַט אַריינ־צוציען פּנחסן אין אַ טיפן תוספות, ווען ער איז ביינאַכט געקומען פון זיין גע־וועלבל, וואָס ער האָט מיטן נדן־געלט זיך געעפנט אויף דזשיקע גאַס. ער האָט יעדע נאַכט אַהיימגעטראָגן ביים שליסן דאָס געוועלבל, זיין גאָלדענע און ווערט־פולע צירונג. דאָס יונגע ווייבל האָט אים באַגלייט יעדע נאַכט ביים אַהיימגיין.

פּנחסן איז עס נישט שלעכט געגאַנגען מיט פּרנסה. פּעסעלע איז פאַרגאַנ־גען אין טראָגן. צוביסלעך האָט ער זי אַריינגעצויגן אין זיין וועלט פון געדאַנ־קען און געלייענט מיט איר נאָכן עסן, פאַרן שלאָפן גיין, דער פּעטערבורגער „פריינד“, וואָס ער האָט געקויפט ביינאַכט אַ פריש־אָנגעקומענעם. ער האָט אויך געלייענט פּרצן, אַשן און וויסענבערגן — אויך טאָלסטאָיען. ס׳האָט אים גע־וואונדערט וואָס איין אָוונט, גלייך נאָך פּורים, ביים אַהיימגיין ווי יעדער נאַכט גייט מען אים עפּעס נאָך. זיין געוועזענער רעוואָלוציאָנערער חוש האָט עס דערשנאַפּט און ער האָט געזאָגט צו דעם ווייב, אַז מען שפּירט אים נאָך

אפשר צוליב דעם, וואָס עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די מאַסן־אַרעסטן אי־בער גאַנץ פוילן, כדי אויסצורייסן מיטן וואָרצל יעדן, וואָס איז נאָר געווען פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציע. דאָס ווייב, פּעסעלע, האָט אים באַרואיקט, אַז אפשר זיינען דאָס גאָר גנבים, וואָס שפּירן אים נאָך.

פנחס האָט שוין אויך געהערט, אַז אין ראַדאָם איז איינער אַ יעקב־הערשעלע, אַ קאַמאַשן־מאַכער, וועלכן מען האָט אַרעסטירט, געוואָרן אַ שפּיאָן ביי דער זשאַנדאַרמעריע. ער גייט אָנגעטאָן ווי אַ טעכניקום־סטודענט און גיט אַרויס אַלע זיינע חברים. אויך אין אָסטראָווצע האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־אַרעסטן, דאָס זעלבע איז קלימקעוויטש און אויפן סטאַוו: צוויי פון די אַמאַליקע טעראָריסטן זיינען געוואָרן שפּיאָנען און גיבן אַרויס זייערע חברים. זיי וואוינען אַלע ביי דער זשאַנדאַרמעריע מיט אַנדערע שפּיאָנען צוליב דער מורא פון אָפּגעראַמט צו ווערן.

פנחס איז זייער אומרואיק געוואָרן און געזאָגט פּעסעלען, אַז אויב ער ציט נישט אָפּ, פאַלט ער אַריין אין זייערע הענט. ער וואָלט עס געטאָן גלייך, אָבער ס'איז אים אַביסל שווערלעך איבערצולאָזן זי אין די אומשטענדן; און ס'איז אויך פאַראַן דאָס געוועלב, וואָס איז נישט אַזוי גרינג צו ליקווידירן.

אַ נאַכט שפּעטער איז ער אַהיימגעקומען און, ווי זיין שטייגער, געזעסן ביים קליינעם טישל שפּעט נאָך האַלבער נאַכט און געליינט. פּעסעלע איז שוין לאַנג געשלאָפן אין בעט, געהאַט זיסע חלומות און שוין געפילט די באַוועגונגען פון קינד אין איר אינגעווייד. אין דער אַנדערער גרויסער שטוב איז נאָך געזעסן דער בעל־הבית ביי דער לאַנגער גמרא און געלערנט אין גרויס פאַרטיפונג. אין די פענצטער האָט געקלאַפּט דער ווינט. עס זיינען געפאַלן געדיכטע שטיקער שניי, וואָס שמעלצן שנעל אַוועק. מיטאַמאָל האָבן זיי דער־הערט אַ ווילדן קלאַפּן אין טיר. באַלד איז די גרויסע שטוב פול געוואָרן מיט זעלנער, פּאָליציי, שפּיאָנען, און צווישן זיי יעקב־הערשל אין דעם סטודענטן־היטעלע.

דער אַלטער ביי דער גמרא איז געבליבן זיצן אַ פּאַראַליזירטער. מ'האָט אים געפרעגט אויף פנחסן. פנחס האָט שוין געהערט דעם גאַנצן גערודער, האָט ער געעפנט זיין טיר און זיי אַריינגעלאָזט. פּעסעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענע, מיט אירע צעלאָזטע האָר, די שוואַרץ־סאַמעטענע, וואָס זיינען געפאַלן אויף איר ווייסן נאַקן און ווייסן נאַכט־העמד מיט די שפּיצן, די געהאָפּ־טענע פון אירע כלה'שע הענט, אין וועלכע זי האָט אַריינגעחלומט אַזויפיל וועגן איר לעבן מיט פנחסן. איצט האָט מען זי אַרויסגעטריבן פון בעט ווי אַ פאַר־ברעכערין. זי איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע צווישן ווילדע. מ'האָט געזוכט אונטער די בעטן, צעריסן די קישנס, די מאַטראַצן, ווי אין אַ ווילדן פּאָגראָם.

אַז מ׳האָט גאָרנישט געפונען פון די טריפהנע זאַכן, האָט דער זשאַנדאַרמס־קער אָפּיציר גענומען נישטערן די ביכער. ער האָט זיך געטשעפּעט צו טאָלס־טאָיס „קריג און פרידן״. זיי האָבן קאָנפיסקירט נאָך עטלעכע ביכער אין אידיש און געהייסן אים גיין. מ׳האָט אים נישט געלאָזט געזעגענען זיך, נישט אויסריידן אפילו אַ וואָרט צו זיין ווייב. ער האָט געפילט דעם טיפן צער ביים געזעגענען זיך מיט די לעצטע בליקן פול מיט פּיין, ליבשאַפט און טרייסט.

ס׳האָט פּנחסן נישט געאַרט צו גיין ווידער אין טורמע. ער איז אָבער געווען צערודערט פון איבערלאָזן פּעסעלען אין אַזאַ צעפּאָגראָמירטן הויז איינע אַליין מיט איר געוויין. ווידער גייט ער אינמיטן נאַכט, אינמיטן גאַס, אַן אַרומגערינגלטער פון בייזע חיות פאַרן איינציקן פאַרברעכן פון וועלן זען אַ באַפרייט פּוילן און רוסלאַנד, אַ לעבן פון גערעכטיקייט און די אָפּשאַפונג פון צאַריזם.

אין דערוואַכונג פונם אָקאָרשט איבערגעלעבטן ווילדן קאָשמאַר, האָט ער ווידער אויפגעהויבן זיין קאָפּ מיט שטאָלץ און ווירדע. ער האָט געזען ווי פאַרשפּעטיקטע דורכגייער קוקן אים נאָך. דאָס קלאַפּן פון די לויפנדיקע פערד פון די נאַכט־דראָזשקעס מיט די צוויי קליינע לאָמטערנעס, האָבן זיך אויסגע־מישט מיטן קלאַפּן פון די באַוואָפנטע סאָלדאַטסקע שטיוול, וואָס רינגלען אים אַרום.

ער איז ווידער געווען אין ראַט־הויז. די זעלביקע שמוציקע קאַמערן אָבער אָנגעשטאָפּט געדיכטער; די נאָרעס פול מיט שלאָפנדיקע, געפּייניקטע. מ׳איז געלעגן אויף דער ערד, אויף פאַרלייזיקטע שעניקעס און מאַטראַצן. ס׳איז גע־ווען קאַלט און פייכט אויפן שטיינערנעם דיל, וואו ער האָט זיך אַנידערגעלייגט אין זיינע בגדים, אַריבערגעצויגן זיין פּאַלטאָ איבערן קאָפּ און האָט נישט גע־קענט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט געזען פאַר זיינע אויגן די שטוב זיינע, מיט פּעסעלען, וואָס קלאָגט אויף איר חורבן און געוואוסט, אַז איצט וועלן שוין קיין ניסים מיט אַ ריאַבוכינען נישט געשען. ער איז שוין איצט פּאָליציי־מייסטער אין לאָדזש. איין גאָט ווייסט וויפיל חברים זיינע אין אָסטראָוועצע, די געבליבענע, אָדער די וואָס זיינען אַנטלאָפן ווי ער, קיין וואַרשע, וועט מען נאָך אַרעסטירן. וועט ער זיי זען? וועלן זיי זיין צוזאַמען? וועלן זיי בלייבן געטריי דער רעוואָ־לוציע? אָדער ס׳וועט פון זיי ווערן, חלילה, אַזוי ווי פון אָט דעם פאַררעטער יעקב הערשעלע. דעמאָלט זיינען זיי אַלע פאַרלאָרן. טייל וועלן גיין אין צענטן פּאַוויליאָן צום שטריקל; טייל וועלן פאַרפוילט ווערן אויף קאַטאָרגע, אין די ווייטע, סיבירישע סטעפּעס.

ס׳האָט געזעצט אַ שרעקלעכער געשטאַנק, אַזש צום דערשטיקט ווערן, פון הילצערנעם קובל, דעם בידעריקן, מיט די צוויי אויערן און לעכער. ער האָט

אַריבערגעצויגן דעם פּאַלטאָ אַריבער די נאָזלעכער און איינגעדרימלט. ער איז געשלאָפן ביז ס׳איז געוואָרן אַ גערודער אין קאַמער. מ׳איז געקראָכן פון די נאַרעס אַרונטער. פונם קליינעם פאַרשטעלטן פענצטערל האָט זיך אַריינגעריסן אַ שמאָלער פּאַס ווייס ליכט. מ׳האָט זיך געזאָגט גוט־מאָרגן, געוואַשן זיך מיטן האַלב־פאַרפרוירענעם וואַסער פון דער הילצערנער קאַן. מ׳האָט געהערט אינם קאָרידאָר דאָס קלינגען פון די גרויסע שליסלען. די פּאָליציי־היטער האָבן אויפגעשלאָסן די קאַמערן. ס׳האָט געעפנט זיך אויך זיין קאַמער.

מ׳האָט ווידער געעפנט די טיר און צוויי אַרעסטירטע האָבן אַריינגעטראָגן אַ קובל, וואָס איז פול ביז צום ברעג מיט הייסן קלייען־באָרשט. זיי האָבן דער־לאַנגט יעדן איינעם אַ הילצערן שיסעלע. יעדער האָט אויך געהאַט זיין היל־צערנעם לעפל.

פּנחס, דער נייער גאַסט, האָט אויך באַקומען אַ שיסל מיט אַ לעפל. דער סטראַזשניק, מיט אַ זאַק שוואַרץ, פאַרדאַרט ברויט, האָט יעדן איינעם געגעבן אַ שטיק. מ׳האָט זיך גענומען צו דער סעודה, געגעסן מיט אַפּעטיט דאָס דאַרע ברויט מיטן ריח ניחוח׳דיקן באָרשט. ווער ס׳האָט געהאַט עפּעס אייגן ברויט, אָדער וואורשט, אַריינגעשיקט פון דרויסן, האָט געטיילט זיך מיט אַלעמען אין קאַמער.

די שטימונג איז נישט געווען אַזאַ געהויבענע ווי מיט צוויי יאָר צוריק. אַלע האָבן געפילט אַז אַלץ איז פאַרלאָרן. יחידים נאָר, און צווישן זיי פּנחס, האָבן געוועקט און געמונטערט, נישט לאָזנדיק אַריינפאַלן אין עצבות.

## אין דער ראַדאָמער טורמע

דער טאַטע זיינער איז ווידער, ווי פריער, געקומען צולויפן קיין וואַרשע און געבראַכט עסנוואַרג פאַר זיין זינדל. טיילמאָל האָט דאָס עסן געבראַכט זיין יונגערער ברודער, אברהם שמואל.

מ׳האָט אים גערופן צו אַ פאַרהער, געוואָלט אוודאי עפּעס פון אים אַרויס־פישן. ס׳איז אָבער געווען אומזיסט די מי. אין עטלעכע טעג אַרום, ביים צופאַלן פון דער נאַכט, האָט מען אים גערופן אין דער קאַנצעלאַריע אַריין. דאָס האָט פּאַסירט אינמיטן אַ שאַך־שפּיל מיט בראָנעקן, אַ טעראָריסט פון דער פּראַגער, רעכטער פראַקציע „פּע־פּע־עס״. ער האָט געוואָלט נעמען מיט זיך זיין מאַרי־נאַרקע נאָר מען האָט נישט געלאָזט. אין קאַנצעלאַריע האָט מען אים געזאָגט, אַז ער ווערט אַוועקגעשיקט. וואוהין — זאָגט מען אים נישט. ער האָט גע־וואָלט גיין צוריק נאָך זיינע זאַכן, נאָר מען האָט נישט געלאָזט אויס מורא, אַז ער וועט מיטנעמען עפּעס פון די אַנדערע אַרעסטאַנטן. עס

האָבן זיך באַוויזן צווייַ באַוואָפנטע זשאַנדאַרן, אים אַרויסגעפירט אין דרויסן וואו ס׳האָט געוואַרט אַ דראָזשקע וואָס איז געפאָרן צו דער באַן. מ׳האָט אים געהאַלטן אין דער זשאַנדאַמסקער אָפּטיילונג ביז די באַן פאָרט אָפּ. מ׳האָט געמאַכט אַ גרויסע וואַרע אויף דער פּלאַטפאָרמע; מ׳האָט אָפּגעשטופּט אַלעמען און אַרייַנגעפירט אין אַן אָפּגעטיילטן וואַגאָן. נעבן אים זייַנען געזעסן די זשאַנדאַרן און יעקב־הערשעלע, וועמען ער האָט נישט געקענט אין דער צייט פון זייַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. פּנחס האָט אים אָבער דערקענט פון זייַן באַצייכנט היטעלע. פאַרטאָג איז מען אָנגעקומען קיין ראַדאָם און אים אַרייַנגעפירט אין דער טורמע. דאָרט האָט מען אים אויסגעטון אדם־נאַקעט פאַר אַן אונטערזוכונג. לויט די טורמע־פאַרשריפטן. מען האָט אים דערנאָך אַרייַנגעזעצט אין דער קעלער־אָפּטיילונג. דאָרטן זענען געזעסן אַלע, וואָס זייַנען פאַראורטיילט אויף קאַטאָרגע. זיי זייַנען געשמידט מיט שווערע קייטן אויף זייערע בײדע פיס. די לענג פון דער קייט איז נישט מער ווי אויף איין שפרייז צו מאַכן.

די לויז־געבליבענע קייט איז געווען באַהאָפטן מיטן פּאַסיק אַרום די לענדן. ווען זיי האָבן אַרומגעשפּאַצירט יעדן פרימאָרגן אין טורמע־הויף, וואו מ׳האָט די אַרעסטאַנטן יעדן פרימאָרגן אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר פון צען מינוט, געהיט פון באַוואָפנטע וועכטער, האָבן די קייטן, בעתן גאַנג, געקלונגען אויף די צענדליקער געשמידטע פיס, ווי קלויסטער־קלאַנגען צו אַ מענטשנס לויה.

די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, כאָטש אין קייטן געשמידט, האָבן אָבער דאָס אַלצדינג איבערגעטראָגן מיט ווירדע. די קאַמערן אונטן אין טיפע אַלטע ווענט, פייכטע, פאַרשוויצטע; דאָס קליינע שמאָלע פענצטערל אין הויף אַרייַן; דאָ איז מען אויך געווען געפּאַקט ווי הערינג אין אַ פאַס. די נאַרעס זייַנען שוין געווען פאַרנומענע. פּנחס און נאָך ניי געקומענע האָבן זיך געלייגט אויף זייערע שטרוי־זעק אויפן שטיינערנעם דיל. די קובעלן זייַנען אויך דאָ געווען. מיטן עסן טיילן איז אָבער פיל ערגער. צוליב דער צאַרישער, שוידערלעכער קאָרופּציע, פלעגן די רוסישע באַאַמטע געבן די אַרעסטירטע פאַרשטונקענע פליישן. מען פלעגט דערלאַנגען יעדן איינעם צעשניטענע פלייש־שטיקלעך.

פּנחס און אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט עטלעכע רובל אין דער קאַנצעלאַריע, פלעגן דורכן עלטסטן סטראַזשניק קויפן חזיר־פעטס מיט דער דערלויבעניש פון דער פאַרוואַלטונג, פלעגן דאָס צעלאָזן אין דער טורמע־קיך בכדי צו האָבן חזיר־שמאַלץ און גריוון אין זייער טאָרבע. זיי פלעגן זיך טיילן מיט זייערע חברים ביים עסן דאָס ברויט מיטן חזיר־שמאַלץ. זיי פלעגן אויך טרינקען טיי, וואָס מען האָט געקראָגן אין גלעזערנע בוטעלס מיט הייס וואַסער

אין דער טורמע־קיך, בעתן שפּאַצירן גיין. דאָס הייסע וואַסער פלעגן זיי צודעקן מיט די פאַרלייזיקטע קאָלדרעס ביז צום שלאָפן גיין.

פּנחסעס פאָטער האָט שפּעטער באַשטעלט ביי אַ ראַדאָמער אידישער פאַמיליע מען זאָל דעם זון זיינעם שיקן יעדן טאָג אַ וואַרעמען מאָלצייט. פלעגט פּנחס, ווי די אַנדערע ראַדאָמער, וואָס האָבן אַריינגעקראָגן עסן פון זייערע היימען, זיך טיילן מיט זיינע חברים, כדי מען זאָל קאָנען עסן דעם ביסן פרייער און עס זאָל זיך נישט שטעלן אין דער קעל ביים עסן אַליין. באַלד ווי די אָסטראָוועצער חברים האָבן זיך דערוואוסט, אַז זייער פּנחס איז דאָ אין קעלער, האָבן זיי אים געוואָלט האָבן לעבן זיך. די אַלטע אַרעסטאַנטן, ווי די קרימינעלע פאַרברעכער, וואָס זיינען פאַראורטיילט געוואָרן אויף עטלעכע יאָר, האָבן געאַרבעט אין דער אַרעסטאַנטן־פאַבריק, וואו זיי האָבן אויף פּרימיטיווע וועב־שטולן געוועבט די שווערע קאָלדרעס. איצט, אַז מען האָט אָנגעפּאַקט אַלע טורמעס מיט פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, און ס'האָט אויס־געפעלט פּלאַץ, איז די פאַבריק אויסגעליידיקט געוואָרן און מ'האָט אָנגעפּאַקט די פיר קאַמערן פונם בדייטן, לאַנגן קאָרידאָר — צו דרייסיק ביז פערציק אַרעסטאַנטן אין יעדן פון די קליינע קאַמערן. דעם לאַנגן קאָרידאָר, וואו ס'זיינען פריער געשטאַנען אַלטע וועב־שטולן, האָט מען אָנגעפּאַקט מיט אַרום זעכציק אַרעסטאַנטן.

אין איין קאַמער אויף לינקס, זיינען געזעסן נאָר פּוילישע חברים פון אָסטראָווצע, קיין איין איד איז נישט געווען מיט זיי. קעגנאיבער זיינען געזעסן די שידלאָווצער בונדיסטן מיט זייער שניידערישן רבין משה שימעלעס, אַן אַסקעט־מתנגד, וואָס האָט מדקדק געווען אויף יעדן קוצו של יוד; ער האָט נישט געקאָנט פאַרליידן די אידישע „פּע־פּע־עס"ניקעס, די אָסטראָווצער, פאַר זייער איבערטריבענעם פּוילישן פּאַטריאָטיזם, וואָס האָבן פאַרנומען די אַנדערע צוויי קאַמערן. דער קאָרידאָר איז געווען אַ נייטראַלער, אַ מין שעטנז. דאָרט זיינען שוין געווען עטלעכע ראַדאָמער בונדיסטן, אַ פּאָר עס־עס־אָווצעס, עטלעכע איסקראָווצעס. די אָסטראָווצער האָבן דוקא גע־וואָלט האָבן זייער רבין פּנחסן לעבן זיך. זיי האָבן אונטערגעשטופּט לאַפּ־קע־געלט דעם עלטסטן סטראַזשניק און פּנחס מיט זיין שטרויענעם זאַק איז אַריינגעלאָזט געוואָרן פונם וועכטער אין קאָרידאָר פון די קודלאַטע. אַלע אָסטראָווצער חברים זיינען אַרויפגעפאַלן אויף פּנחסן. זיי האָבן אים גע־האַלדזט און געגלעט ווי קינדער אַ זיידן. אָבער פּנחס, דער יונגער, האָט אויפגענומען זייער ליבשאַפט מיט גרויסער, אינערלעכער פרייד און זיי צוריקגעצאָלט מיט זיין פריידיקן עקסטאַז און התרוממות הנפש. ער האָט איצט מיט זיי ווידער געלערנט — אָבער נישט די תורה פון דער רעוואָלוציע, נאָר

די תורה פון דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט מיט זיי גערעדט וועגן די גרויסע ווערטן און דער נייער אויפפאַסונג פונם אידישן גייסט; פּרצעס באַנעם פון חסידות; ביאַליקס פּאָעזיע; אַשס ראָמאַנטיזם; גרעצס און דובנאָווס אויפפאַסונג פון דער אידישער געשיכטע. ער האָט אויך געפירט לאַנגע דיס־קוסיעס מיטן אַסקעט משה שימעלעס פון שידלאָווצע און מיט אַנדערע פּאַר־טיי־חברים. די קודלאַטע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־המדרש.

## אין קאַמער נומער זיבן

פנחס האָט זיך דערוואוסט פון זיינע בני עיר, אַז מען האָט נאָך אַ לאַנגע צייט פריער אַרעסטירט עטלעכע אָסטראָווצער חברים און זיי אָוועקגעפירט אין צויזמערער טורמע; אַז אַלטער בולאַק, דער פעלדשער, מיט זיין עלטסטן זון אבראמטשע, זיצן דאָ אין צימער זיבן, דער שענסטער און ליכטיקסטער קאַמער, וואו ס׳זיצן די מיינסטע אידישע גנבים און מ׳רופט עס דער נייער בית־המדרש, וואו די פרומע גנבים דאַוונען דאָרט יעדן טאָג מיט אַ מנין. אַלטער בולאַק איז געמסרט געוואָרן פון אַבראַמעלע ראַטשימאָרע. ער זיצט פאַר גאָרנישט, ווייל אַלע ווייסן, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. ער איז דיק ווי אַ פאָס און קאָן זיך נישט איינבויגן אַפילו, זיצט ער און פרייכט ווי אַ פעטער אינדיק אין אַן ענגער שטייג. זיינע חברים האָבן דערציילט ווי אַבראַם־טשע רייסט זיך אַרום דאָרט מיט די גנבים און ווי ער וואָלט בעסער געוואָלט זיין מיט זיי אין דער קודלאַטע. ער קאָן אָבער נישט לאָזן דעם טאַטן אַליין, ווייל ער מוז אים אָנטאָן און אויסטאָן די שטיוול, מחמת דער אַלטער קאָן זיך נישט איינבויגן! און זיינע אינגערע זין, אייזיק און חיימקע, זיינען אַדמיניסטראַ־טיוו אָוועקגעשיקט געוואָרן דורכן גענעראַל־גובערנאַטאָר קיין סיביר. מען גלויבט אָבער, אַז מען וועט זיי צוריקברענגען אַהער, ווייל די זשאַנדאַרמעריע האָפט, אַז ס׳וועט זיי געלינגען צוצוגרייטן אַן אָסטראָווצער פּאָליטישן פּראָ־צעס, נאָך וועלכן זיי האָפן צו קאָנען אָוועקשיקן אַ טייל אויף דער תליה און אַ טייל אויף קאַטאָרגע.

די שפּיאָנען האָבן אַלץ און אַלעמען געמסרט און ס׳איז פאַרשריבן גע־וואָרן ביי זיי יעדנס טעטיקייט אין דער רעוואָלוציע. היות אָבער אין געריכט נעמט מען נישט אָן ווי אַ באַגלויבטן עדות קיין שפּיאָן, אָדער מסור, נאָר ס׳מוז אַלץ באַשטעטיקט ווערן דורכן עדות זאָגן פון אייגענע, רעוואָלוציאָנערע מיט־אַרבעטער האָט די זשאַנדאַרמעריע געהאָפט, אַז ס׳וועט איר געלינגען דורכן פייניקן צו מאַכן אייניקע פון זיי פאַר עדות אין פּראָצעס (דערביי האָבן אַ פּאָר פון דער „קודלאַטע" צוגעגעבן: „אַז נישט דערלעבן וועלן זיי דאָס ביי די אָסט־

ראָווצער״). זיי האָבן איבערגעגעבן פּנחסן, אַז מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט מען אַרעסטירט עליע, דעם שוסטער, וואָס האַלט זיך פאַר פּנחסעס אַ שטיקל קרוב. ער זיצט אין צויזמער. האָט מען אים איינמאָל געפּייניקט ממש ווי אין דער אינקוויזיציע. מען האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז די זשאַנדאַרן און שפּיאָנען, געבראַכטע פון וואַרשע, האָבן אים גענומען אין אָסטראָווצער וואַלד און האָבן אים געשלאָגן מכת־רצח און ער איז געבליבן שטום ווי די וואַנט און נישט געענטפערט אויף זייערע פראַגן. זיי האָבן אים געפרעגט אויך וועגן פּנחסן. דאַן האָבן זיי אים מיט אַ צוואַנג געצויגן די נעגל פון די הענט. און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי אים געצויגן די צונג מיט אַ צוואַנג און אים געדראָט די צונג אַרויסצורייסן, אויב ער וועט נישט ריידן. ער האָט אָבער אויסגעהאַלטן די פּראָבע און געבליבן ריין ווי גאָלד. ער האָט דערנאָך אין צויזמערער טורמע־קאָמער איבערגעגעבן, אַז בעת ער איז געבליבן ברוין און בלאָ, אָן קרעפטן, באַוואוסטלאָז, האָט ער געזען ווי דער אָסטראָווצער רב שטייט לעבן אים, ווישט אים זיין קאַלטן שווייס און זאָגט:

— וועסט אַריינגענומען ווערן אין רייסטער פון אַלע אידישע קדושים וטהורים...

ביי פּנחסן האָט זיך אַ טרער אַראָפּגעקייקלט אויף זיין בלאַסן פּנים. ער איז געווען שטאָלץ מיט זיינע בני־עיר, וואָס עס רוט אויף זיי דעם אָסטראָווצערס קדושה, אין זייער אפּיקורסות אפילו. ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, אַז די צוויי יונגע, פּוילישע שקצים, די אָסטראָווצער טעראָריסטן און איצטיקע שפּיאָנען, האָבן דערשאָסן דעם זשאַנדאַרמסקען פּאָלקאָווניק, דערנאָך זיינען זיי אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און געהרגעט געוואָרן אויפן שטיינערנעם טראָטואַר. פּנחס האָט דערביי באַמערקט צו זיינע בני־עיר: ווער ווייסט, צי אין זייער קידוש־השם שטעקט אויך נישט קיין ניצוץ פון דעם אָסטראָווצערס קדושה. ער האָט געדענקט די צוויי, ווען זיי זיינען נאָך געווען קליינע שקצימלעך, פלעגן זיי, ווי אַנדערע גויים, אַנידערקניען פאַרן אָסטראָווצער רב.

## דער פּסח־סדר אין טורמע

ס׳איז עטלעכע טעג פאַר פּסח. פּנחס האָט געוואוסט, אַז דער פּאָטער זיינער וועט אים באַזאָרגן מיט פּסחדיקע זאַכן. ער האָט אָבער דער עיקר געוואָלט פּראַווען אַ סדר, אַ פייערלעכן, דאָ אין דער קודלאַטע מיט אַלע זיינע חברים. ווען ער האָט דאָס איבערגערעדט מיט שלמה מאיר ליפּסקערס און אַנדערע, האָבן זיי געשטויגט איבער זיינע נייע דרכים. זיי האָבן לכתחילה

געקוועטשט מיט די פּלייצעס. ער האָט זיי אָבער מיט זיין פּייער נישט אַזוי איבערצייגט, ווי אָנגעשטעקט מיט זיין טיפן גלויבן און זיינע בייזע זוכעניש.
ער האָט פאַרפירט וועגן דעם אַ שמועס מיט די אַנדערע חברים און יענע האָבן אים געוואָלט פאַרשעלטן פאַר אַזעלכע רעאַקציאָנערע מחשבות. ס׳איז אויך געווען די מיינונג פון די דאַווידזאָנס, אַז מען זאָל רופן אַ פאַרזאַמלונג אינם קאָרידאָר פאַר אַן אָפענעם וויכוח וועגן זיין אידייע צו פייערן פּסח אין אידישן טראַדיציאָנעלן גייסט, נאָר אַריינגעבן אין דעם אַ נייעם, רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושטעלן דריי הויפּט־דיספּוטאַנטן: פּנחס, משה־שימעלעס פון „בונד” און דער עלטערער דאַווידזאָן, פון די איסקראָווצעס, און אַלע וועלן זיך קאָנען באַטייליקן אין דער דיסקוסיע נאָך דער גענעראַל־דעבאַטע. נאָכדעם זאָל פאָרקומען אַן אָפּשטימונג און ווי די מערהייט וועט באַשליסן, אַזוי זאָל זיין.

פּנחס האָט אָנגעוויזן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין סתירה צווישן פייערן דעם יום־טוב פּסח און דעם פרייען, רעוואָלוציאָנערן געדאַנק. אדרבא, היסטאָריש דריקט דער יום־טוב פּסח אויס דעם פרייהייטס קאַמף פון שקלאַפן אין עגיפּטן. אין די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון פּסח זעט ער דעם סימבאָליזם פון אייביקע בענקעניש נאָך אידישער און מענטשלעכער דערלייזונג. משה־שימעלעס האָט באַוויזן ווי רעאַקציאָנער די אַלע נאַרישע, פינצטערע זאַבאָבאָנעס זיינען. אַזעלכע פייערונגען וועלן נאָר פאַרטונקלען דעם ריינעם קלאַסן־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. די אַנדערע האָבן גערעדט אין דעם זעלביקן גייסט.

נאָך דער היציקער דיסקוסיע, איז אָנגענומען געוואָרן פּנחסעס רעזאָלוציע — צו פייערן פּסח אויפן עכטן טראַדיציאָנעלן אופן, ווי פרייע מענטשן, נישט מורא האָבנדיק פאַרן נייעם שד פון אפּיקורסות — מיט אַ קליינער מערהייט. דאָס האָט פּאַסירט נישט דערפאַר, וואָס פּנחס האָט זיי איבערצייגט, נאָר ווייל די אָסטראָוצער, וואָס זיינען געווען די מערהייט, האָבן בלינדערהייט געשטימט פאַר זייער רבינס תורה, אפילו ווען זיי האָבן דאָס נישט באַנומען.

אַ טאָג פאַר ערב פּסח האָט זיך פּנחס געוואָנדן צום נאַטשאַלניק פון דער טורמע און האָט אים געבעטן, אַז היות ווי ס׳איז פּסח (וואָס ער האָט דאָס זייער גוט געוואוסט, לעבנדיק אין ראַדאָם מיט איר גרויסער אידישער באַפעלקערונג), ווייל ער, אַז מען זאָל מעלדן דעם ראַדאָמער רב, וואָס איז אגב געווען אַ למדן און חריף און דעפּוטאַט פון געוועזענער גאָסודאַרסטווענער דומע, אַז די אידישע אַרעסטאַנטן פון דער קודלאַטע ווילן מיט אים ריידן מכוח צושטעלן דורך דער אידישער קהילה אַלע נויטיקע זאַכן פאַר אַ פּסחדיקן סדר. ער האָט דאָס אים צוגעזאָגט צו באַזאָרגן.

עס האָט זיך געעפנט די טיר פון דער קודלאַטע און דער וועכטער

האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן מיט זיין גראָבער, באַסאָווער שטימע, אַז אַלע זאָלן זיך אויסשטעלן אין אַ ריי אינם קאָרידאָר. עס זיינען אַריינגעקומען דער נאַטשאַלניק מיטן רב, אַ הויכער, אַ הדרת פּנים, מיט אַ שוואַרצער באָרד און קורצע פּיאות. פּנחס איז אַרויסגעטרעטן פון דער ריי, געגעבן שלום עליכם דעם רב, און דער רב האָט דאָס זעלבע געטאָן מיט אַלע פּאַרזאַמלטע. פּנחס האָט אים איבערגעגעבן די אָנגענומענע החלטה צו פּראַווען דעם סדר מאָרגן ביינאַכט.

דער רב, אַ צופרידענער, האָט זיך איינגעהערט און צוגעזאָגט, אַז מאָרגן אינדערפרי וועט פּנחס דערהאַלטן פון כל־טוב, חוץ וויין, וואָס איז נישט דערלויבט.

דער רב האָט אַריינגעשיקט מצות, געבראָטענע גענזלעך, הייסע יויך מיט קניידלעך, צימעס און אַפילו זרוע און חרוסת און האַרטע אייער לרוב. פּנחס איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ גענעראַל. ער מיט זיינע אַסטראָווצער האָבן צו־זאַמענגענומען אַלע שטרוי־זעק און געמאַכט אַ לאַנגן טיש, איבער דער לענג פון קאָרידאָר. ס׳איז געוואָרן אַ הויכער טיש פון די שטרוי־זעק וואָס מ׳האָט צוגעדעקט מיט אַלע ריינע האַנטוכער פון אַלע חברים. מ׳האָט אויך געמאַכט פון אַלטע שטרוי־זעק נידעריקע, לאַנגע בענק.

אין דעם בוטל טיי האָט מען אַריינגעטאָן מער טיי, כדי זי זאָל רויטער ווערן און זאָל אויסזען ווי וויין און מען האָט זי געלאָזט אָפּקילן.

ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט האָט פּנחס איינגעלאַדן די פּוילישע חברים, וואָס וואוינען אין זייער באַזונדערן צימער, אַלס געסט צום טיש. אַלע חברים פון אַלע קאַמערן אַ סך לכתחילה מיט אַ ווידערווילן, האָבן אָבער אויסגע־פאָלגט דעם אָנגענומענעם באַשלוס. פּנחס האָט געמאַכט קידוש מיט חסידישן ברען, בעת אַ צאָל חברים זיינען געשטאַנען אַרום מיט אָנגעצונדענע ליכט אין זייערע הענט און באַלויכטן דעם חושך אַרום.

פּנחס האָט אָנגעגאָסן די טיי־כוסות אין יעדנס וואַסער־גלאָז, און אָנגעהויבן זאָגן די הגדה, מיט התלהבות, ווי אַן אמתער חסיד. צוביסלעך האָט ער אָנגע־צונדן מיט זיין ברען וואָס מער פון זיינע חברים. משה שימעלעס האָט פאַרגעסן אויך זיין קלאַסנקאַמף און צעשאָקלט זיך ביים מיטזינגען די שיינע ניגונים. אַזוי זיינען אַלע אַריינגעצויגן געוואָרן, אפילו די פּוילישע חברים האָבן אָנגע־הויבן מיטצוברומען די סדר־טענער. ביי אַלעמען האָט זיך דערוועקט די קינדישע בענקשאַפט נאָך זייערע סדרים פון אַמאָל ביי זייערע פרומע טאַטעס און אין דעם חושך פון דער קודלאַטע, באַלויכטן פון די ליכט אין הענט פון חברים, האָבן זיך טרערן געשטעלט אין אַלעמענס אויגן — בעת די טענער זיינען שטילער אָבער טיפער געוואָרן.

אַלעמען האָט אַרומגענומען אַ טיפע, יום־טובדיקע פרייד. מ׳האָט גע־

געסן צוזאַמען די אַלע גוטע מאכלים, וואָס האָבן דערמאָנט אין היימישקייט, זיי האָבן געהאַט אַלע טעמים. מ׳האָט געזונגען שטיל, חסידישע און רעוואָ־לוציאָנערע לידער.

אַז מ׳האָט פאַרענדיקט דעם סדר, האָט מען פאַנאַנדערגענומען די שטרוי־זעק און אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ אַ שטילן, האַנט אויף אַקסל, גוי און איד, — בונדיסטן, פּע־פּע־עסניקעס, איסקראָווצעס, עס־עסניקעס, — אַלע אויסגעמישט מיט יום־טובדיקע הערצער, דורך דער חדוה פון נייעם גלויבן אין אַ ליכטיקער צוקונפט, וואָס וועט אויפשיינען פון דעם איצטיקן חושך.

די אַסטראָווצער האָבן געשטראַלט מיט טיפער דאַנקבאַרקייט פון דער דורכגעלעבטער יום־טובדיקייט און געטוליעט זיך צו פּנחסן, אים אַרומגענומען. די קריסטלעכע חברים — די פּע־פּע־עסניקעס, זיינען צוריק אַוועק אין זייער קאַמער, וואו זיי האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט און זיך געשאַפן אַ מין גויאישע געטאָ. די אידישע סאָציאַליסטן האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַרן שלאָפן גיין זאָגן זיי פּדום זייערע געבעטן, קניענדיק דערביי, — מיטן אויסנאַם פון ליאַסקאָווסקין און עטלעכע אַנדערע. אַזוי אויך יעדן פרימאָרגן איז זייער קאַ־מער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלויסטער־צימער. ס׳איז ביי זיי נישט געווען קיין סתירה צווישן זייערע רעוואָלוציאָנערע מעשים און זייערע פרומע גע־וואוינהייטן. פאַרקערט: לאַסקאָווסקי, זייער רבי, האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט, אַז דאָס פאַרחושכטע טורמע־לעבן האָט זיינע חברים געמאַכט פאַר פרומע. ס׳האָט אים געוואונדערט וואָס ביי די אידישע סאָציאַליסטן מאָדליעט מען זיך נישט, און דאָך זיינען נישטאָ קיין דערדריקטע געמיטער, ווי ביי אים אין קאַמער.

ליאַסקאָווסקי איז געווען דער איינציקער צווישן זיי, וואָס האָט ליב געהאַט צו זיין עטלעכע שעה אין טאָג מיט די אידישע חברים אין לאַנגן קאָרידאָר. דער קאָרידאָר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בירזשע, וואו חברים האָבן שפּאַצירט אין גרופּעס הין און קריק, זיך געאַמפּערט איבער אַלערליי פראַגן, בעת זייערע פּנימער האָבן געשטראַלט און זיי האָבן פאַרגעסן זייער טרויעריק לעבן.

***

אין דער טורמע זיינען קיין נארעס נישט געווען. אַלע זיינען געשלאָפן אויפן דיל. פּנחס איז געלעגן אין קאָרידאָר לעבן דעם אַלטן ראַדאָמער אַד־וואָקאַט גאָלדבערג.ביידע האָבן נישט געקאָנט איינשלאָפן צוליב די גרויסע מייז, וואָס זיינען געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט איבער די רייען אויסגעצויגענע

שלאָפערס אין גרופּעס. זיינען זיי ביידע געזעסן, אַ גאַנצע נאַכט געריכערט און גערעדט. בייטאָג פלעגן זיי שלאָפן עטלעכע שעה.

סטאַשעק פון דער גויאישער קאַמער, האָט ליב געהאַט יעדן פאַרנאַכט צו טשאַטעווען ביי די וועגט־לעכער, כאַפּן די מייז ביי די עקלעך און זיי וואַרפן מרוטשענדיקע דורכן פענצטער. אַלע זיינען געווען איינגעטונקט אין לייז. לכתחילה האָבן אַלע געטראָגן זייערע אייגענע העמדער און געביטן זיי עטלעכע מאָל דורך דער וואָך. אויב אין די ווייסע, גליטשיקע לייוונט־העמדער, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט האַלטן, פלעגן זיי זיך איינגעסטן אין די לייבער. די עלטערע אַרעסטאַנטן האָבן געלאַכט פון די פריצן, די נייע, און זיי געראַטן צו טראָגן די גראָבע, גראָע טורמע־העמדער, וואָס האָבן זיך פאַרבונדן מיט צוויי שטריקלעך אַרום האַלדז. די לייז האָבן זיך דאָרטן בעסער געהאַלטן אין די דיקע געוועבן. די לייבער זיינען די ערשטע צייטן געווען צעביסן, צעפּרעסן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען שוין אָבער גאָרנישט געפילט.

איין מאָל אין צוויי וואָכן פלעגט מען גיין אין דער רוסישער באָד, אין טורמע טאָקע, וואו מ׳האָט זיך אויסגעשמיסן מיט די בעזעמלעך. דורכן אויפ־העגנגען די פאַרלייזיקטע העמדער אין דער גדויסער היץ, האָבן די העמדער זיך אויסגערייניקט. מען איז אַרויס דערפרישטע, אויף איין טאָג, ווינציקסטנס און ס׳איז געווען אַ חיות. זאָל זיין אַ חיי־שעה.

אַלטער בולאק איז געזעסן מיט זיין זון אברהמטשע אין קאַמער נומער זיבן. אים האָט געמסרט אברהמעלע ראַטשימאָרע, דער פּריצישער שניידער, הגם אַלטער האָט מיט דער רעוואָלוציע קיין שום שייכות נישט געהאַט. ער איז צופיל געווען פאַרנומען מיטן אַרומלויפן צווישן די קראַנקע פון דער שטאָט בייטאָג און ביינאַכט. אויב ער האָט קיין סך נישט געוואוסט אין הלכות דאָקטאָריע, פלעגן אַלע אידן און, להבדיל, גויים, גלויבן, אַז אים באַגלייט דער מלאך רפאל. ווען ער פלעגט זיך באַווייזן פאַר די קראַנקע, מיט זיין גוטסקייט, מיט זיין ליבן שמייכל און מיט זיינע אויפמונטערנדיקע ווערטער, פלעגט ער זיי ארויסטרייבן פון די בעטן. זייער קרענק, פלעגט ער זאָגן, איז נישט מער ווי אַן איינגערעדטע לונג־און־לעבער אויף דער נאָז.

אברהמעלע ראטשימארע, אַ פּראָפעסיאָנעלער מסור, האָט דורך אַ צופאַל זיך געראַטעוועט פון די קוילן, וואָס רעוואָלוציאָנערן האָבן אין אים אַריינ־געשאָסן. שפּעטער מיט יאָרן, ווען די אָסטראָווצער פּילסודסקי־לעגיאָנערן זיינען אַריין אין זייער היימשטאָט האָבן זיי אים אַרויסגענומען אויף דער בלאָניע, אים געהייסן אויסגראָבן זיין אייגענעם קבר און דערשאָסן ווי אַ הונט.

אָט דער מסור האָט דאָס אַלטערן געמסרט, ווייל ער האָט אים נישט

פאַרגונען די ליבשאַפט, וואָס די שטאָט האָט צו אים. אַלטער האָט געהאַט עטלעכע פון זיין ווייבס משפחה אין ראַדאָם. זיי האָבן משפּיע געווען, מ׳זאָל אים אַריינזעצן אין דער בעסטער קאַמער פון דער ראַדאָמער טורמע. אַלטער האָט זיך באַמיט ביי די טורמע־באַאַמטע מ׳זאָל אַריבערברענגען אויך פּנחסן אין קאַמער נומער זיבן. נאָך לאַנגע וואָכן באַמיאונגען האָט זיך אים דאָס איינגעגעבן.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר פון דער קודלאַטע און דער גראָבער, רויטער, עלטסטער טורמע־וועכטער האָט פּנחסן געהייסן נעמען זיין שטרוי־זאַק מיטן פעקל און טאָרבע, און ער האָט אים געפירט איבער עטלעכע קאָרידאָרן, פאַרביי אַ סך שוואַרצע טירן, אַריין אין קאַמער נומער זיבן.

ביים אַריינקומען אין קאַמער האָט אים געגעבן אַ בלענד אין די אויגן די ליכטיקייט פון דער פרילינג־זון, וואָס האָט העל און פריידיק באַלויכטן די ווייסע געקאַלעכטע ווענט, דעם שיינעם, ריינעם דיל פון ווייסע, געוואַשענע ברעטער. עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע ריי הילצערנע נאַרעס ביי די צוויי פענצטער, פון איין עק וואַנט ביז צו דער אַנדערער. ס׳איז אים אַנטקעגנגעגע־קומען דער גוטער, ליבער פעלדשער אַלטער, מיט זיין גרויסן גוף און ליבן שמייכל, מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנט מיטן ברייטן שלום־עליכם. אברהמ־טשע, זיין זון, האָט פּנחסן אָנגעוויזן אַז ער זאָל לייגן זיין שטרויענעם זאַק אינם לינקן ווינקל פון דער נאָרע קעגנאיבער דער טיר, וואו די עטלעכע פּריווילעגיר־טע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן האָבן זיך אָפּגעטיילט, ווי פון קרעציקע, פון די שטענדיקע, עלטערע און קרימינעלע תושבים. פּנחס האָט באַקענט זיך שנעל מיטן בונדיסט חיימקע, דעם זון פון ראַדאָמער בעקער, וואָס זיין טאַטע האָט צוגעשטעלט אַלטע ברויטן אין דער טורמע און טיילט זיינע פאַרדינסטן מיטן נאַטשאַלניק. ער האָט באַקענט זיך מיט נאָך עטלעכע ראַדאָמער מיוחסים. זיי האָבן אים אַריינגעשעפּשעט אין אויער, אַז ער זאָל נישט דערוועגן אויסריידן אַ וואָרט צו די קרימינאַלניקעס, וואָס זיצן דאָרט אויף רעכטס פון דער נאַרע און שפּילן פאַרקאַכט אין קאָרטן. אַרום זיי איז פונדעסטוועגן געזעסן אַ קליין אידעלע מיט אַ קאָזע־בערדל, צוזאַמען מיט אַ הויכן איד און געשפּילט דאָמינע.

פּנחס האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס קאָן מען נישט לעבן בשלום אפילו מיט קרימינעלע, וואָס זיינען דאָך אויך געפּייניקטע. אדרבא, דורך דערנענטערן זיך קאָן מען משפּיע זיין און אויפקלערן, אַז אויך זיי זיינען די קרבנות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

אויף דעם האָט אים געענטפערט אברהמטשע, אַז ער זאָל אונטערוואַרטן

וועט ער זען: אַז ווי נאָר מען וועט ברענגען אַהער אַ פּאָליטישן, וועלן זיי אים אָנטאָן די גרעסטע נגישות און נאָך קייכן פון געלעכטער.

— מיר האָבן זיך שוין גענוג געקריגט מיט זיי, — האָט געזאָגט אברהמטשע — און ס׳האָט שוין געהאַלטן שיעור ביי אַ געשלעג. האָט זיך מיין טאַטע אַדיינגעמישט און געפּועלט, אַז מיר זאָלן לעבן ווי צוויי מחנות. זיי לעבן אויף רעכטס פון דער נאַרע און מיר אין דער לינקער זייט. און זאָלן זיי דאָרט איינגעזונקען ווערן ווי קורח. ביינאַכט דעקן מיר זיך צו מיט אונזערע קאָלד־רעס איבערן קאָפּ, כדי נישט צוצוזען זייערע געמיינע שטיקלעך.

פּנחס האָט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. נאָך האַלבער נאַכט, האָבן זיך געהערט וועכטער־שליסלען לעבן דער קאַמער. די טיר האָט זיך געעפנט און מ׳האָט אַריינגעלאָזט אַ יונגנמאַן, אַ הויכן מיט אַן אײדל, טונקל פּנים און אַ שוואַרצן קאַפּעליוש. מען האָט אים צוגעוואָרפן אַ שטרוי־זאַק. איינער פון דער רעכטער זייט איז צו אים צוגעגאַנגען צו אים און אים דערקענט: דאָס איז געווען אַ ראַדאָמער בוכהאַלטער. ער האָט אים געוויזן וואו אַוועקצולייגן זיין שטרוי־זאַק.

דער יונגערמאַן איז געווען דערשראָקן, פאַרזאָרגט. ער האָט זיך נישט גע־ריכט אויף אַזאַ אומגליק. יעקב־הערשעלע דער שפּיאָן האָט אים געמסרט, כאָטש ער איז נישט שולדיק. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אַרומגעשלעפּט מיט דער חברה. יעקב־הערשעלע אָבער האָט געדאַרפט האָבן קרבנות פאַרן זשאַנדאַרמ־סקען נאַטשאַלניק, וואָס קען זיך נישט אָנזעטיקן מיט זיינע אַרעסטן, ווי עשו מיט די אַרבעס. אַזוי איז ער אַריינגעפאַלן אין גיהנום.

ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אין די קליידער אויף דער נאַרע, ווי אויף דערוויל. ער איז זיכער געווען ביי זיך, אַז אַזוי שנעל ווי מען וועט איבערקוקן די פּאַפּירן זיינע, וועט מען גלייך איינזען דעם טעות און מ׳וועט אים באַלד באַפרייען.

בעת ער האָט אַזוי געטראַכט, האָט זיך שטיל צוגעשלייכט איינער פון די גנבים אינם עק ווינקל. פּנחס האָט געזען, ווי ער שלעפּט זיך מיט אַ שטיוול און ער שרייט אַריין אין דער כאָליעווע, וואָס קלינגט אָפּ מיט אַזאַ מאָדנער טעמפּ־קייט, ווי אַ שטימע פון יענער זייט טיר:

— קאַצענעלנבויגן (דאָס איז געווען דער נאָמען פון דעם ניי־געקומענעם), דאָ דאָמו! אַהיים! נעם מיט אַלע דיינע זאַכן!

קאַצענעלנבויגן האָט אַ שפּרונג געגעבן, ווי אַן אונטערגעשאָסענער, פון דער נאָרע. אַ דערפרייטער, האָט ער זיך שנעל אָנגעטון זיין רעקל מיטן קאַפּע־ליוש, געשלעפּט מיט זיך דעם שטרוי־זאַק און געלאָפן צו דער טיר. ער האָט אָנגעבויגן זיין אויער גרייט צו הערן די שליסלען פון דער טיר. דערוויל האָט זיך

אַראָפּגעגליטשט אַן אַנדערער פון דער רעכטער זייט נאַרע און שטילערהייט, כלומרשט ניט אויפצואוועקן קיינעם, געבעטן אים, ער זאָל מיטנעמען מיט זיך עטלעכע זאַכן פאַר זיין ווייב, אויף וואָס ער האָט מסכים געווען. אַז גאָט האָט אים שוין יאָ געהאָלפן מיט אַזאַ שנעלער באַפרייאונג, איז אדרבה ואדרבה, זאָל ער אים אָנשרייבן אַ צעטעלע צו וועמען ער זאָל דאָס איבערגעבן. און אַזוי האָט מען אים געברענגט עטלעכע אויסגעטאָנענע פאַר שטיוול, וואָס זיינען אים אָנגעהאַנגען געוואָרן אויף ביידע אַקסלען. אַן אַנדער גנב האָט זיך צוגעשאַרט און אים געגעבן עטלעכע טעפּ, הויזן, וועסטן. ער איז שוין געווען באַהאָנגען פון קאָפּ ביז די פיס. זיי האָבן זיך אומגעקערט אויף זייערע נאַרעס און גע־קייכט פון געלעכטער, קוקנדיק אויף דעם באַלאָדענעם יאָלד, וואָס שטייט ביי דער טיר אַ גרייטער אַהיים צו גיין. אַלע זיינען איינגעשלאָפן.

אַז מען איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי, איז נאָך דער אָרימער קאַצענעלנ־בויגן געשטאַנען, אַן אויסגעמאַטערטער מיט די פּעק. אברהמטשע האָט אים געהייסן דאָס אויסטאָן און אַוועקלייגן. ער האָט אים געזאָגט, ער זאָל קיין פּריץ נישט זיין, און זיך נישט לאָזן אָפּנאַרן פון דער באַנדע. ער האָט זיך בשעת מעשה געווענדעט צו פּנחסן:

— אַנו, האָסטו שוין געזען דאָס געמיינע שטיקל טעאַטער זייערס, ווי זיי מאַכן זיך פריילעך איבער אונזערע חברים? איך האַלט, אַז מ'מוז דאָס באַקעמפן, נאָר מיין טאַטע לאָזט נישט. ער האָט מורא, אַז מ'וועט מיך אַרויס־וואַרפן פון דאַנען און מיך מיט אים שיקן אין דער קודלאַטע. איך האָב פאַר דער קודלאַטע קיין מורא נישט. איך טו עס בלויז אים צוליב.

פּנחס האָט מסכים געווען מיט אים. נאָר ווי ביז ער איז נישט געווען אויף דער אָפּנאַרעריי, האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער. ער האָט געזאָגט אברהמטשען, אַז דער וועג פון רייסן זיך און קריגן זיך מיט די גנבים, וואָס זיינען אַליין דאָ ליידנדיקע מענטשן, איז נישט דער בעסטער וועג. דאָס חוזק מאַכן זייערס מיט די שטיפערייען איז ביי זיי אַ מיטל צו פאַרטרייבן און לינדערן זייער אומגליקלעכן מצב און גורל צו ליגן דאָ גאַנצע יאָרן. מיט גוטן וועט מען בעסער מאַכן. אָנשטאָט קריגן זיך, איז בעסער זיי מקרב זיין. דער עיקר דאַרף מען זיך באַקאָנען מיט זיי און וויסן וועלכע קאַפּיטאַליסטישע אומשטענדן האָבן זיי דאָ אַהער געבראַכט.

## הערשעלע שפּיריט

פּנחס האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן און אויסגעפינען ווער עס זיינען די קרימינעל־פאַרמשפּטע אויף דער רעכטער זייט פון דער נאַרע,

אין דער שיינער, העלער קאַמער נומער 7. די קליינע גרופּע פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן האָט געלעבט אָפּגעזונדערט פון די קרימינעלע, אָבער יענע האָבן דאָ געלעבט ווי תושבים. די פּאָליטישע זיינען אין זייער באַוואוסטזיין געווען ווי צופעליקע געסט. דער מאָרגן וועט זיי ברענגען באַפרייאונג, פאַרשיקונג אין סיביר אָדער פּראָצעסן.

די קרימינעלע האָבן געדאַוונט יעדן אינדערפרי אין זייערע טליתים און תפילין און האָבן צוגערעכנט צום מנין די עטלעכע פּאָליטישע, וואָס כאָטש זיי האָבן נישט מיטגעדאַוונט, — און זיי האָבן פּרינציפּיעל נישט אָנ־געטאָן זייערע היטלען, אָדער קאַפּעליושן, בעתן דאַוונען — דאָך האָט מען זיי גערעכנט אַלס אידן צום מנין. דער שטענדיקער בעל־תפילה איז געווען הערשעלע שפּיריט, אַ קליין, קוועקזילבערדיקער, דאַר, שוואַרץ אידעלע מיט אַ שמאָל פּנים און אַ ציגן בערדל. ער איז געווען דער וואויל־לערנער ביי די איבעריקע גנבים. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע ביז צו דער ערד, אַ סאַמעטן היטל און אַ גרויסן טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית, וואָס האָבן בעת זיין אַרומלויפן געקלאַפּט אויף די כאָלעוועס פון זיינע שטיוול.

אָט דאָס שפּיריטל האָט געקראָגן דריי יאָר אַרעסטאַנטסקע ראָטע און געדאַרפט גיין זיצן אין דער שווערער טורמע אין סטאַשעוו. ער האָט אָבער דורך פּראָטעקציע געפּועלט מען זאָל אים לאָזן אָפּזיצן די דריי יאָר אין דער ראַדאָמער טורמע. געקומען איז ער פון שטעטל קאָנסק, וואו ס׳האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ פּאָלק רוסישע סאָלדאַטן. דאָס האָט געגעבן דער שטאָט פּרנסה. ער, אַ מעל־סוחר, האָט פאַרקויפט מעל צו די בעקערס. זיין בעסטער קונה איז געווען דער דייטש, וועלכער האָט געבאַקן די בעסטע געבעקסן. אַז דער דייטש איז געשטאָרבן, האָט שפּיריטל געמאָנט ביי דער אלמנה און טעכטער אַ חוב פון עטלעכע הונדערט רובל; ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַן אונטערגעשריבן וועקסל, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט אים געגעבן. די אַלטע אלמנה האָט אים געגלויבט און געוואָלט באַצאָלן דעם חוב. די קינדער האָבן אָבער געזאָגט, אַז זייער פאָטער האָט פאַרן טויט דעם חוב נישט דערמאָנט, לכן זיינען זיי זיכער, אַז ס׳קומט אים גאָרנישט. ער, שפּיריטל, האָט זיך דאָס געערעכטפערטיקט, מחמת דער דייטש האָט אים אָנגעזעצט פיל מער בעת זיין באַנקראָט.

ווען די אלמנה, ווי איר שטייגער איז געווען, פלעגט גיין אויפן צמענ־טאַרזש מיט בלומען אויף קבר־אָבות צו איר מאַן, האָט ער, שפּיריטל, איין מאָל, ווען קיינער אויסער אים איז נישט געווען אויפן צמענטאַרזש, זיך געלייגט הינטער אַ ווייטן שטיין און אַריינגעשריגן אויף פּויליש מיט אַ וויל־דער שטימע אינם חלל אַריין:

— גיב אָפּ שפּיריטלען דעם חוב, וואָס איך קום אים, כדי איך זאָל קאָנען רואיק ליגן אין מיין קבר.

זי האָט אין שרעק געענטפערט, אַז זי גייט אים גלייך באַצאָלן דעם חוב. ווען זי האָט דאָס דערציילט אירע טעכטער, האָבן זיי נישט געלאָזט זי באַצאָלן. זיי זיינען אַוועק צום געריכטס־אויספאָרשער, וועלכער איז געווען זייערער אַ שכן, פרעגן וואָס צו טאָן. יענער האָט געבעטן זיך וויזן דאָס וועקסל, וואָס האָט זיך אַדויסגעוויזן צו זיין געפעלשט. דערפאַר האָט ער גע־קראָגן דריי יאָר אַרעסטאַנטסקע ראָטע.

די אַנדערע גנבים זיינען געווען מייסטנס מאַרעוויכערס, קעשענע־גנבים, מיט לייכטע פינגער, וואָס פלעגן גנבענען אויף אַלע ידידים, אויך ביי אידישע באַלעבאָסטעס ערב שבת, פון די יאַטקעס און ביי די פישער. מ׳פלעגט זיי אַלעמאָל פּאַקן און זיי פלעגן מער זיין אין טורמע ווי אויף דער פריי.

## דער פערד־גנב

איינער פון זיי, דער מיטן רויטן, ברייטן קאַרק, איז געווען אַ גיבור מיט שטאָלענע הענט. ער איז געווען אַ פערד־גנב מיט אַן אַלטן סטאַזש. דאָס איז ביי די אַנדערע גנבים געווען פאַררעכנט ווי אַ העכערער ראַנג, אַ העכערע מדרגה. ער פלעגט זיי אַלעמאָל דערציילן, ווי ער פלעגט געוואַגט ברעכן די שטאַלן אין די פּריצישע הויפן, וועגן די ווילדע, נאַכטיקע געשלעגן מיט די היטער, און ווי ער איז אַלעמאָל אַרויס דער זיגער, ביז איינמאָל אין אַ פינצ־טעדער נאַכט האָט מען אים נאָכגעשאָסן. ער האָט געמוזט זיך אונטערגעבן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט זיינע קינדער זאָלן בלייבן אָן אַ טאַטן, ווי ער איז געבליבן, ווען ער איז אַלט געווען צוויי יאָר.

ער האָט דערציילט, אַז זיין טאַטע איז נאָכן פריזיוו, ווען מען האָט אים צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט, אַנטלאָפן קיין גאַליציע. פון דאָרט איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן און דערנאָך אויף אַ קוילן־שיף זיך דערקליבן קיין ניו יאָרק. דאָס ערשטע יאָר האָט זיין טאַטע געשריבן, אַז ער אַרבעט ביי הויזן און מאַכט אַ לעבן.

— ער פלעגט שיקן — האָט ער פאַרגעזעצט — דער מאַמען עטלעכע דאָלער, וואָס האָט נישט געסטאַיעט צום לעבן, קוים געננוג געווען אויף וואַסער אויף קאַשע. האָט די מאַמע געמוזט עפּעס טאָן צו דערנערן זיך און מיך. זי איז געוואָרן אַ זיצערין אינם מאַרק. מיטאַמאָל האָט דער טאַטע אויפ־געהערט צו שרייבן. ער איז ווי אין וואַסער אַריין. די מאַמע האָט זיך אויס־

קוקט די אויגן פון קאָפּ. שטענדיק נאָכגעלאָפן ישראליק דעם בריוו־טרעגער נאָך אַ בריוול פאַר איר. זי האָט פּאַרווייַנט די קישנס בייַנאַכט אינם אַלקער, וואו מיר האָבן געוואוינט אין דער שול־גאַס. איך בין שוין דעמאָלט געגאַנגען אין דרדקי חדר ביי חאַשע־זאַק, אַ בייזער איד, וועלכער האָט אויסגעגאָסן זיינע צרות און נויט אויף אונז, די פּערציק אָרימע אינגלעך, וואָס האָבן גע־לערנט ביי אים. ער פלעגט אונז קאַטעוועון מיט זיין לעדערנעם קאַנטשיק. מיך פלעגט ער ממיתן מער פון אַלעמען — צי פאַר דעם, וואָס איך פלעג שטענדיק צוגנבענען די פרישע פלעצלעך און די שטריצלעך מיט יאַגעדעס; אָדער דערפאַר וואָס איך האָב געהאַט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, — סיי ווי סיי האָט מיך די מאַמע צו צען יאָר אָוועקגעגעבן צו לערנען זיך פאַר אַ שניידער ביי יאָסל צוויק. איך האָב דאָרט אויך נישט געלעקט קיין האָניק. שרהלע, די מייסטערין, אַ מרשעת, פלעגט מיט מיר פאַרשטעקן אַלע לעכער. איך האָב געאַרבעט עבודת־פּרך ווי ביי פּרעה מלך מצרים. נאָכן ערשטן יאָר לערנען, האָב איך נאָך אַלץ געהאַלטן ביים אַרויסציען די ווייסע פאַסטריגעס.

דער פערד־גנב האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און דערציילט ווייטער:

— ווען ס׳איז געווען אַ מאַרק־טאָג אין שטאָט, פלעגט עס מיך ציען ווי מיט אַ מאַגנעט. כ׳האָב זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פונם קאַטערינשטשיק, וועלכער פלעגט שפּילן אַזעלכע שיינע לידער און פון דעם שיינעם גרינעם פויגל מיטן לאַנגן שנאָבל, וואָס איז אַ רואיקער ווי אַ סטאַטיק, געשטאַנען מיט זיינע דינע, לאַנגע פיסלעך און שיינע נעגל אויפן קאַטערינשטשיקס קאָפּ, אויף דער האַנט זיינער, און אַרויסגעצויגן מיטן שנאָבל מזלדיקע גורלות פאַר אַלע פּוערים. טיילמאָל פלעגט אָנקומען אַ קאַטערינשטשיק מיט אַ מאַלפּעלע, וואָס האָט געמאַכט אַזעלכע קונצן און געקנאַקט ניסלעך מיט די לאַפּעס, גאָר ווי אַ מענטש. פיל מאָל פלעגן קומען ציגיינער און וואַרפן קאָרטן, אַמאָל טאַנצן אַזוי ווילד מיט זייערע פייקעלעך מיט די גלעקלעך.

— איינמאָל, ווען מיין מייסטערקע, שרהלע, האָט מיך געשיקט אינדער־פרי נאָך מילך, ווי דער שטייגער אירער איז געווען, און געגעבן מיר אַ גרויסן טאָפּ, האָב איך מיטאַמאָל דערזען דעם קאַטערינשטשיק שפּילן אַזוי, אַז ס׳איז זיך צעגאַנגען אין יעדן אבר. פאַרגעס איך אָן דער מילך, מיטאַמאָל כאַפּ איך זיך, אַז ס׳איז שפּעט. לויף איך און קריג מילך, לויף ווידער און ווען איך קום צו דער טיר, הער איך די מרשעת שרייען, אַז ס׳איז שוין פיר שעה זינט איך בין אַוועק ברענגען מילך. איך לויף אין הויז אַריין, און אַזוי לויפנ־דיק פאַל איך מיטן טאָפּ מילך. אַז כ׳הויב זיך אויף מיטן ליידיקן, צעבראָכענעם טאָפּ אָן מילך, זאָג איך צו שרהלען: זעט, אַלץ קומט פון איילעניש, פון איילע־

ניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס! האָט זי געעפנט איר מענה לשון אויף מיר און מיך אַרויסגעיאָגט פון הויז.

— איך האָב מיך אַזוי אַרומגעשלעפּט פון שטעטל צו שטעטל. די מאַמע האָט נישט געוואוסט, וואו איך בין אַהינגעקומען. כ'האָב אָנגעהויבן גנבענען פון די שטאַלן, פון די קעשענעס, ביז איך האָב מיר באַקענט מיט אַ באַנדע ציגיינער, וואָס האָבן מיך מיטגענומען אויף זייער וואָגן.

ער האָט דערביי געוויזן זיין געלעכערט אויער־קנעפּל דורך וועלכן זיי האָבן אים אָנגעטאָן אַ רינג אַזוי ווי זיי טראָגן. ביי זיי האָט ער זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון ברעכן שטאַלן און גנבענען פערד.

נאָך לאַנגע יאָרן מיט די ציגיינער, — האָט ער ווייטער דערציילט זיין מאָ־נאָלאָג — האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך מיין מאַמען און איך בין צוריקגעקומען קיין באַגריע, וואו זי האָט אויסגעוויינט אירע אויגן נאָך מיר. זי האָט מיך לכתחילה נישט דערקענט. איך בין אויסגעוואַקסן אַ יונג מיט ביינער. איך האָב צוגעזאָגט צו פאַרבלייבן מיט איר. איך האָב אויסגעטאָן דעם אויער־רינג און געוואָרן אַ משרת ביי לייבל באַטש, דעם בעל־עגלה. די פערד זיינע זיינען אין מיינע הענט געפלויגן ווי אָדלער. די מאַמע האָט געשיינט פון שמחה און זי האָט גאָט געבעטן מיך צו דער חופּה פירן. און טאַקע פון איר מויל אין גאָטס אויערן — איך בין אַ חתן געוואָרן מיט רחלע לאהס, דאָס דינסט־מיידל, וואָס האָט געדינט ביי ישראלקע דעם שניט־סוחר.

— אין איר, רחלען, מיט די שעלמישע אויגן, וואָס זעט אויס ווי אַן עכטע ציגיינערקע, האָב איך זיך פאַרליבט ביז איבער די אויערן. איר באַלעבאָס האָט געמאַכט די חתונה. איר געגעבן אַן אויסשטייער, ווי מ'גיט אַן אייגן קינד. ווען מ'האָט מיך געפירט צו דער חופּה, האָב איך זיך באַ־נאַרישט. בעת איך בין אַזוי געשטאַנען אונטער דער חופּה, מיט דער פאַטשיילע פאַרדעקט די אויגן מיינע, ווי דער מנהג איז, און מ'האָט אַרונטערגעפירט רחלען אונטער דער חופּה, אויך אירע אויגן פאַרדעקט מיט אַ ווייס טיכל, און איר געשטעלט לעבן מיר, נעם איך, לייבקע דער ציגיינער־יונג אַוועק די פאַטשיילע פון מיינע אויגן, און גיב אַזוי אַ הויב אויף איר באַדעקנס און ציגיינעריש־שטיפעריש קוק איך איר אַריין אין די אויגן און זאָג: רחלע — קו־קו!

— אַלע אַרום האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. די מאַמע אָבער, אַ צעפלאַמטע, האָט שנעל אַ נעם געטאָן די פאַטשיילע, מיך פאַרדעקט די אויגן און מיר אַריינגעברומט אין אויער: לייבקע, קינד מיינס, פאַרשעם נישט די כלה! איך בין שוין נאָכדעם געשטאַנען ווי אַ סטאַטיק און אויסגע־

פאַלגט אַלץ וואָס מען האָט מיר געהייסן. כ׳האָב צעבראָכן דאָס גלאָז מיטן פוס מיט אַזאַ קנאַק, אַז ס׳איז צעריבן געוואָרן ווי זאַמד.

— נאָך דער חתונה האָבן מיר געוואוינט מיט דער מאַמען. איך און רחלע האָבן זיך געליבט ווי צוויי טויבן. ווען זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָב איך זי נישט געלאָזט זיך איינבויגן צו דער ערד. איך האָב אויך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ תכלית, ווי צו ווערן אַ באַלעגאָלע פאַר זיך. איך בין אַוועק יענע נאַכט, גאָרנישט זאָגנדיק רחלען, קיין באזעכעוו, אינם הויף, צו גנבענען די פערד. דאָס האָט געזאָלט זיין מיין לעצטע גנבה. איצט, האָט פאַרענדיקט לייבקע, אַז כ׳וועל אַרויס פון דאַנען, וועלן מיר אַלץ פאַרקויפן און כ׳וועל פאָרן קיין אַמעריקע. אפשר וועל איך נאָך געפינען דעם טאַטן מיינעם און איך וועל ווערן אַן ערלעכער אַרבעטער. ווען איך וועל אָפּשפּאָרן די ערשטע פאָר דאָלער, וועל איך מיר אַריבערברענגען מיין שיינע רחלע מיטן קינד, — הלואי, ליבער גאָט, זאָל עס זיין אַ אינגל!

## משה־וואָלף

די אַנדערע מאַרעוויכערס, וואָס זיינען געזעסן אויף די נאַרעס אַרום לייב־קען, האָבן דערציילט ענלעכע מעשיות. אַלע האָבן געהאַט דעם זעלביקן פאַר־לאַנג פּטור צו ווערן פון זייער פינצטערן גורל און אַוועק קיין גאַלוועסטאָן, וואָס איז אין יענער צייט געווען דאָס אָרט וואוהין מען האָט געהאָלפן מענטשן אויסוואַנדערן.

איינער אין קאַמער נומער זיבן, וואָס האָט נישט אויסגעזען ווי קיין מאַר־וויכער, איז געווען דער הויכער איד משה־וואָלף מיטן קיילעכיקן פּנים און קורצן בערדל און פּיאות. ער האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס, איז געווען אַ רואיקער, פאַרטראַכטער, צוגעלאָזטער מענטש. ער פלעגט אַלעמאָל אַריינקוקן אין אַ חומש מיט עברי־טייטש, און פלעגט לייענען פאַר די גנבים אינם רעכטן ווינקל פון דער נאַרע מעשיות פון חומש. זיי האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אים — ספּעציעל פאַר דעם פאַל, וואָס האָט אים דאָ געבראַכט אין טורמע אַריין.

שטייענדיק אין זיין שפּייז־געוועלבל אין ראַדאָם, האָט משה־וואָלף אין אַ געוויסן פרימאָרגן דערהערט אַ געשריי: ראַטעוועט! איז ער אַרויסגעלאָפן פון געוועלב און דערזען ווי צוויי שיכורע סאָלדאַטן וואַרפן זיך מיט אַ אידן, אין לאַנגע פּיאות און אַ בעקעשע, ווי מיט אַ פּילקע. דער איד ליגט שוין אויפן טראָטואַר. איז ער צוגעלאָפן, אָפּגעשטויסן די זעלנער, און אויפגעהויבן

דעם איד. האָבן די זעלנער פאַרפירט אַ געשלעג, און בעתן געשלעג האָט משה־וואָלף אויסגעשריגן:

— שיינע העלדן זייט איר אָנצופאַלן אויף אַ שוואַכן מענטשן! ביי די יאַפּאַנטשיקעס זייט איר אויך געווען אַזעלכע העלדן?

פאַר אָט די ווערטער, מיט וועלכע ער האָט באַליידיקט די רוסישע אַרמיי, האָט ער געקראָגן אַ יאָר מיט אַ טאָג אַרעסטאַנטסקע ראָטע. ס׳האָבן דערביי נישט געהאָלפן זיינע אַפּעלאַציעס דורך די גרעסטע ראַדאָמער אַדוואָקאַטן. ער האָט קוים געפּועלט מען זאָל אים לאָזן אָפּזיצן דאָ אין זיין היימשטאָט ראַדאָם.

אַז ס׳איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט, האָט זיך דאָס רעכטע ווינקל פון קאָמער געגרייט צו באַגעגענען דעם שבת. די פרילינג־זון האָט זיך געזעצט און געוואָרפן אַ רויטלעכע ליכט אויף די ווענט און דער סטליע. שפּיריטל האָט זיך שוין אַרומגעוואָשן לכבוד שבת און איבערגעטאָן זיך אין זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע. משה וואָלף האָט אָנגעטאָן זיין געהאַקטע קאַפּאָטע מיטן זיידענעם גאַרטל. די גנבים האָבן זיך געוואַשן און ראַזירט מיט אַ שטיק אייזן, וואָס זיי האָבן אַרונטערגעריסן פון אַ רייף אויף אַ פאַס, ווען זיי זיינען געגאַנגען שיילן קאַרטאָפל אין דער טורמע־קיך, און זיי האָבן דאָס פאַרשאַרפט אויף אַ שטיין. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מלבושים צו בייטן אויף שבת, האָבן זיי געביטן די העמדער און אויסגעשאָקלט זייערע מאַרינאַרקעס.

שפּיריטל איז געשטאַנען ביים עמוד — ער איז געווען דער בעל־תפילה. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט און געהאָלפן זינגען דעם לכה־דודי מיט איינגעהאַלטענע שטימען. נאָכן דאַווענען האָט שפּיריטל געמאַכט קידוש איבער דער חלה, וואָס מען האָט אים באַזאָרגט יעדן פרייטיק. זיי האָבן זיך געטיילט מיטן עסן, וואָס מ׳האָט זיי אַריינגעשיקט יעדן פרייטיק פון דרויסן. זיינען זיי געזעסן אויף די נאַרעס און געזונגען שטילערהייט די שבתדיקע זמירות.

פּנחס, וואָס איז געזעסן מיט זיינע עטלעכע חברים אויף דער נאַרע, אויף לינקס, האָט באַטראַכט דאָס אַנדערע ווינקל. ער האָט געזען ווי ס׳שיינען זייערע פּנימער מיט שבתדיקער חדוה. ער האָט געטראַכט וועגן כוח פונם שבת, גראָדע אין געפענגעניש. און ער מיט זיינע חברים, וואָס ווילן ברענגען דעם יום שכולו שבת, זיצן דאָ וואָכעדיקע, בענקענדיק נאָכן חלום זייערן, דעם דערוויל דערשטיקטן. דאָס געזאַנג, וואָס איז געקומען פון יענעם ווינקל, האָט זיך אויסגעמישט מיטן שטילן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער פון ליבקן ווינקל. פּנחס האָט געטראַכט, אַז אפשר, ווען ס׳וועט קומען דער יום שכולו שבת וועט מען דאַרפן איינפירן אינגאַנצן אַ נייעם שבת.

נישט לאַנג איז פּנחס געבליבן אין קאַמער נומער זיבן. ער איז צוריק־געבראַכט געוואָרן אין קודלאַטע צוליב אַ מסירה פון איינעם, וועמען פּנחס האָט אומגערן אָנגעטראָטן אויף די הינער־אויגן. דאָס האָט פּאַסירט איינמאָל אין אַ שבת נאָכמיטאָג, ווען שפּיריטל האָט געלערנט פּרקי־אָבות מיט די גנבים. ער האָט געשפּילט די ראָליע פונם למדן ביי זיי, וועלכע פלעגן אַריינ־קוקן אין פּרק ווי הענער אין בני אדם. דער ראדאָמער משה־וואָלף האָט זיך יאָ געקענט אין די דריבנע אותיותלעך איז אים ביים קומען צו אַ ראשי־תיבות נישט געפעלן געוואָרן שפּירידלס אויסלייג. ער האָט געפילט, אַז ס׳איז עפּעס סענקעוואַטע. האָט ער זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט, ביז ס׳וועט אים קלאָר ווערן די ראשי־תיבות.

אַלטער בולאַק, וועלכער איז געזעסן דערביי אויף דער נאַרע, האָט געזאָגט משה־וואָלפן:

— גייט צו פּנחסן, וואָס ליגט דאָרטן מיטן בוך. מען האָט אין אָסטראָווצע גערעכנט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער רב, איצט ליגט ער מיט דער חברה. דער קאָפּ איז אים אָבער נאָך נישט אויסגעדאַרט.

משה־וואָלף האָט דאָס דערהערט, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין נאַרע, צוגעלאָפן צו פּנחסן און געפרעגט ביי אים וועגן די ראשי־תיבות. פּנחס האָט עס אים באַלד געזאָגט, איז ער צוריקגעלאָפן צום פאַרזאַמלטן בינטל און אויסגעשריגן: אָט דאָס איז עס!

שפּיריטל האָט פאַרקוועטשט זיינע שמאָלע ליפּן און געלערנט ווייטער. די גנבים, וואָס האָבן גרויס דרך ארץ פאַר תורה, האָבן אָנגעהויבן זיך אַרום־דרייען אַרום פּנחסן און דווקא געוואָלט אים מיט עפּעס מהנה זיין. פּנחס האָט אויסגענוצט זייער צוגעלאָזנקייט צו פּועלן ביי זיי נישט צו מאַכן זייערע שטיק־לעך מיט די נייע אַריינגעקומענע, ווי אויך זיי געשטאַרקט אין זייערע באַגערן פּטור צו ווערן פון זייערע ביטערע מערכות און ווערן ערלעכע אַרבעטער.

שפּיריטל האָט פּנחסן פאַרמסרט ביים נאַטשאַלניק, אַז ער בונטעוועט אַלעמען אינם קאַמער. מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אויף צוויי טעג אין פינצטערן קאַרצער, וואָס די ווענט זיינען דאָרט געווען אויסגעשמירט מיט סמאָלע. לכתחילה, אַז ער האָט דאָרט געוואָלט גיין, האָט ער געמוזט האַלטן די הענט אויסגעשטרעקט, טאַפּן די ווענט, כדי ער זאָל נישט אַריבערפאַלן איבערן קובל. דאָס שטיקל ברויט האָט ער אַריינגערוקט אין קעשענע.

נאָך די ערשטע עטלעכע שעה האָט ער שוין עפּעס געזען, אַ סאָרט פינצטערע ליכטיקייט. ער האָט אָנגעהויבן זינגען אַלע אַמאָליקע ניגונים פונם מאָדזשיצער רבין, די נייע שטיקלעך פונם נייעם חזן משה וואָלמאַן, דורכגעפלאָכטן מיט עטלעכע רעוואָלוציאָנערע לידער.

געשלאָפן איז ער זיצנדיק אויפן קובל, מיטן קאָפּ אָנגעלענט אויף דער שוואַרצער וואַנט. פונם קאַרצער האָט אים אַ וועכטער אַרויפגעפירט צו זיינע בני־עיר אויף דער קודלאטע, וועלכע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים ווי מיט אַן אבן טוב. אַ טייל פון זיינע בני־עיר זיינען שוין געווען פאַרשיקט קיין סיביר, אַ טייל באַפרייט. עטלעכע ראַדאָמער האָבן זיך געגרייט צו זייער פּראָצעס. דער יונגער, דאַרער סטודענט פעליקס האָט פּנחסן דערציילט ביים שפּאַצירן אין לאַנגן קאָרידאָר, אַרומנעמענדיק זיך מיט די הענט אויף די אַקסלען, אַז מען גרייט זיך אים שיקן קיין וואַרשע אינעם צענטן פּאַוויליאָן, אפשר געהאָנגען צו ווערן. ער איז נישט געווען פאַרצווייפלט דערביי. אדרבה, ביים אַדיינקוקן אים אין די אויגן, האָט פּנחס באַמערקט ווי זיי שטראַלן מיט עפּעס אַ מאָדנעם באַגייסטערטן שטאָלץ. אַזוי אויך שפּעטער ביים געזעגענען זיך, האָט ער זיך געשיידט מיט חדוה און אַ געהויבענעם קאָפּ. שפּעטער איז טאַקע געקומען אַ ידיעה, אַז ער איז געהאָנגען געוואָרן.

דער זומער איז דורכגעגאַנגען אין אַ געהויבענער שטימונג. ס׳איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג בנוגע די אָסטראָוצער. וויפיל אויספאָרשונגען די זשאַנדאַרמעריע האָט נישט געמאַכט, וויפיל מען האָט זיי נישט געפּייניקט, און שפּעטער אויך באַנוצט אַלערליי פאַלשע מיטלען מיט דער הילף פון דעם טורמע נאַטשאַלניק, ווי זיסע ריידעלעך — האָט עס אַלץ נישט געהאָלפן. די אָסטראָווצער זיינען געבליבן עקשנים, געלייקנט שטיין און ביין און זיך נישט אונטערגעגעבן.

משהל פּנחסעס איז געלאָפן דורך פּראָטעקציע צום פּאָלקאָווניק פאָן קלוק זיך משתדל זיין פאַר זיין זון פּנחס. דער פּאָלקאָווניק האָט אים געזאָגט:

— זאָג דיין זון, דעם בונטאָווטשיק, ער זאָל זיך מודה זיין, וועלן מיר זיין גוטהאַרציק צו אים. אויב נישט, וועל איך אים האַלטן אין דער טורמע, ביז ער וועט דאָרט פאַרפוילט ווערן.

ס׳האָט פּנחסעס פאָטער אַ ריס געטאָן אין האַרצן. ער איז אַרויס שוואַרץ ווי די ערד און האָט קוים די פיס זיינע געשלעפּט. אָבער פּנחס האָט זיך שוין געהאַט איינגעלעבט מיט אַלעמען אין דער טורמע. ער איז שטענדיק געווען אַ דערהויבענער און האָט אָנגעשטעקט מיט זיין התלהבות אַלע זיינע חברים. נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעשאַפט אַלע אויסנאַם־געזעצן אין גאַנץ פּוילן, מ׳האָט שוין נישט געקענט פאַרשיקן קיין סיביר דורך אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר, ווי פריער — דעמאָלט האָט משהל פּנחסעס געהערט, אַז דורך כאַבאַר קאָן מען עפּעס מאַכן ביים גובערנאַטאָרס געהילפן צו באַפרייען זיין זון. נאָך פּורים האָט מען פּנחסן גערופן צו זיין לעצטער אויספאָרשונג. מען האָט אָנגעהויבן מיט גוטע ווערטעלעך און דערנאָך אים געשראָקן מיט ווילדער

רציחה, לויפנדיק צו אים מיט אויסגעשטרעקטע, שטאַרקע פויסטן, גרייטע אים דורס צו זיין. זיי האָבן אָבער געזען, אַז זיי וועלן מיט אים גאָרנישט מאַכן, און האָבן אים מיט אַ וואָך שפּעטער באַפרייט. ער האָט אָבער געמוזט בלייבן אין אָסטראָווצע אונטער פּאָליציי־אויפזיכט און נישט געטאָרט אַרויס־פאָרן פון דער שטאָט.

דער טאַטע זיינער האָט אים אָפּגעוואַרט ביים שווערן, שוואַרצן טורמע־טויער. ער איז אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז און באַגאָסן מיט ביטערע טרערן געמישט פון פרייד און שרעק איבער פּנחסעס אויסגעפּייניקט, ווי פאַרמעט געלן פּנים. פּנחס האָט גלעטנדיק זיין טאַטן אים אָפּגעווישט די טרערן און געבעטן ביי אים עטלעכע קערבלעך אויף אַרויפצושיקן עטלעכע פּעקלעך עסן צו די געבליבענע חברים זיינע אין דער טורמע.

ווען דער זון איז אַהיימגעקומען, האָט משהל פּנחסעס געפּראַוועט אַ גרויסן שבת פאַר דער גאַנצער משפּחה און די מאַדזשיצער חסידים. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז היות ס׳איז דאָ אַ געפאַר, מען זאָל אים ווידער אַרעס־טירן, מוז ער גלייך אַנטלויפן איבער דער גרענעץ. זיין ווייב, פּעסעלע, וועט דערווייל אַלץ פאַרקויפן. איר ברודער קלמן, וועלכער איז שוין געווען אין ניו יאָרק אַ שניידער ביי הויזן, האָט איר געשריבן, אַז ער שיקט אַרויס שיפסקאַרטן באַלד ווי איר מאַן ווערט באַפרייט פון דער טורמע. פּנחס, האָט ער געשריבן, וועט דאָרט ווערן אַ שטעפּער, אַזוי ווי ער, ביי הויזן. זיין מלאכה, זייגערמאַכעריי, טויג דאָרט אויף כפּרות, ווייל זייגערס ווערן אין אַמעריקע געמאַכט מיט מאַשינען, און אַלע אין אַמעריקע זיינען שניידערס.

פּנחס האָט געשמייכלט, לייענענדיק דעם בריוו, אָבער ער האָט סיי ווי סיי זיך איינגעפּאַקט, האָט אָפּגעמאַכט זיך צו באַרגן אַ פּאַס ביי איינעם פון דער משפּחה, וואָס זעט אויס אַזוי ווי ער. איינער אַליין, מיט אַ קליין פּעקל, איז ער אַרויף אויף אַ שיפל, וואָס האָט קורסירט פון צווזמער אויף דער ווייסל אויף דער אַנדערער זייט קיין גאַליציע. דאָרט, אויף יענער זייט, האָט ער געזאָלט איינשטיין אין זשיקעוו, ביי זיין שטיפמוטער דאָכעס משפּחה, וועל־כע האָט דאָרט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף זאַלץ און דאָרטן וואַרטן ביז זיין ווייב פּעסעלע וועט קריגן די שיפסקאַרטן, אַריבערקומען צו אים, און פון דאָרטן צוזאַמען אָפּפאָרן קיין אַמעריקע.

אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים שווער אין צווזמער. זיי האָבן זיך אַריינגע־כאַפּט שטיל, מ׳זאָל זיי נישט באַמערקן. מ׳האָט זיך געזעגנט מיט פּנחסן, וועל־כער פאָרט אַוועק מעבר לים, און איין גאָט ווייסט, אויב מ׳וועט נאָך דערלעבן זיך צו זען.

אין שטוב ביים שווער זיינען אַלע געווען פאַרטרויערט, ווי ביי אַ לויה, און פנחס איז דער לעבעדיקער מת, וואָס מ׳באַגלייט אים אין זיין אייביקער רו אַריין. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט פאַרשטיקטע געוויינען, און ווען ער איז צו צו דער טיר און זיך אויסגעגלייכט צום אַרויסגיין, האָט אים נאָך באַגלייט אַ וויינענדיקע העשעריי, אַן אימהדיקע. אויף דעם שיפל איז ער דורכגעגאַנגען אַ רעוויזיע פון זיין פּאַס. און ווען דאָס שיפל איז אָפּגעשוואומען פונם ברעג, האָט זיך פנחס אויפגעהויבן פון זיין געזעס און אַ לעצטן בליק געטאָן אויף פוילן — זיין היים אין רוסישער צאַרישער קנעכטשאַפט, וואָס וועט דאָך אַמאָל דערלייזט ווערן. ער האָט אין זיין דמיון געזען: די צוויזמערער תפיסה; דעם אָסטראָווצער רב, זיין רבין; זיין מאַמעס ווייסע מצבה מיטן „האשה מרת חנה פייגע״; די טרערן פון זיין ליבן טאַטן; און זיין טרייע שטיפמוטער, וואָס האָט אים מיט אַזויפיל צערטלעכקייט דערצויגן.

פנחס האָט געקוקט אויף די זילבערנע, שיינע פאַליעס פון דער ווייסל, אויף די פאַרבייגעפאָרענע ישובים, בערג און גרינ־רויטלעכע וועלדער. און ער האָט ווייטער געשפונען זיינע מענטשלעכע חלומות...

## אָפּטייטש פון לאָקאַליזמען און פּאָלאָניזמען אין בוך :

אַ גאָרשט — אַ פולע האַנט.
קראַקאָווסקע וועסעליע — קראָקאָ־
וועך חתונה.
זשאַלאָוואַניע — געהאַלט.
פּאָווסטאַניעץ — אויפשטענדלער.
נאַראָד — המון־רב, פאָלק.
דזשאַדעס — בעטלער.
דאָ פּאַלעסטיני — „קיין ארץ־יש־
ראל !"
דזשעדזשיץ — גוטס־באַזיצער,
פּריץ.
וויאַניקעס — קרענץ.
סלוזשבע — דינסט.
מייסטערסקאָיע — ווערקשטאַט.
טשינאָווניקעס — באַאַמטע.
פּיאָקעס — וואָרצלען, שטאַמען.
טשאָטשקע — פאַרשפּיצטע נאָז.
גאַיאָווע — וואַלד־וועכטער.
כאַטע — הייזקע
אָליע באָגאַ — גאָטעניו !
בריטשקע — קאָטש, קאַרעטע.
שטאַפּעט — שליח.
דזשאָנצע — פאַרוואַלטער.
סאַליע — זאַל, סאַלאָן.
סטאַרי־זאַקאָני — אַלט־טעסטאַ־
מענטלער, איד.
פורנאַל — פערד־אַנטרייבער, קו־
טשער.
צעוויטעט — באַגריסט מיט האַנט־
דרוק.
מאַטקע באָסקעס — הייליקע מו־
טער'ס.
נאַגראָדע — אויסצייכענונג, מע־
דאַל.
פּאַרוויאַנעט — פאַרוועלקט.

ביסקופּ — גלח, בישאָף.
קאָזשיאָל — באָק.
צמענטאַזש — גויישער בית־עולם.
ליעזשעלקעס — קליינע הערבסט־
בערלעך.
קסיאָנדוז — גלח, פירשט.
פּאָדפּאָרע — אונטערשפּאַר.
טאָ נאַ לונגאַ, טאָ נאַ צונגאַ —
וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף
דער צונג.
פּלומפּ — ברונעם.
קראָליקעס — קיניגלעך.
דאָזאָר, דאָזאָרצער — פּרנסים.
דזשען דאָברי — גוט מאָרגן !
קורטקע — קורץ רעקל.
סאַדאָווניקעס — ארענדארן פון
סעדער.
פּיאַק — שיכור, ליבהאָבער פון
ביטערן טראָפּן.
נאַזדראָוויע נאַש זעליקל — צום
געזונט פון אונזער זעליקל.
אָסיען — הערבסט.
פּאַלטונדל — מאַנטל.
סטראַזשניק — פייערלעשער, פּאָ־
ליציי־מאַן.
מאַרינאַרקע — רעקל.
סטאַוו — טייך.
באָבעלע — לאַטקע, כרעמזל פון
קאַרטאָפל.
קאָלבאַס — וואורשט.
פּאַראַסאָל — שירעם.
סאַגאַנעס — גרויסע טעפּ.
טאַשמע — פּאַסעקל.
שפייער — רעוואָלווער.